# שטערן

7-8

ליטעראריש־קינסטלערישער
און פאָליטיש־וויסנשאפטלעכער
כוידעש־זשורנאל. מינסק
2 3 9 1 י אָ ר

אינהאלט

פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 7—8 ═══ אכטער יאָרגאנג ═══ —אווגוסט 1932

ה. קאמענעצקי.

## לידער

(פראגמענטן פון א פּאָעמע)

1

פעווראל. א מארק און זיבעצנטער יאָר.
אינ מארק א האָנ. א דארע ציג און גאָר.
נאָר ניינ, ניט גאָר—אָט ווײַזט זיך אָנאזײַט
דער בלאסער מענדל פריילעכ און צעשטרײַט.
אינ האנט—א בינטל ציבעלע, א קאָרב
און אפנ פלייצע—א פארשפּיצטער האָרב.

---

אליינ איז מענדל ווי א שטעקנ דינ
און ס'איז דער פּאָנעם זײַנער געל און גרינ.
דערצו איז ער א לאפּעטניק א שוסטער
און איז דערבײַ א ליגנער א באוווסטער.

---

גאנצ אָפּט, ווי נאָר עס גיט א בליאסק אפ טאָג
איז מענדל אופ און שטייט שוינ אפ א ראָג
און ניט געשטויגענע
און ניט געפלויגענע
דערציילט ער מײַסעס קונציק און געשווינד
און לאָזט זיך ווידער לויפנ מיטנ ווינט.

---

נאָר הײַנט האָט מענדל זיך אינ מארק באוויזנ
מיט נײַס גאָר אנדערע ווי ביז אהער.
אָט גיט ער האסטיק זיך א דריי, א קער,
א קלאָרע שײַנ פונ זײַנע אויגנ ריזלט,
פונ יעדנ קער זײַנעם אנ אומרו טראָגט,
פונ בריטנ מויל זײַנעם א פארע יאָגט.

ער גיט א צופ די אײַנגעדרייטע באָרד
און צו א רעדל גיט ער זיך א וואָרפ:
„וואָס שטייט איר אלע דאָ און קראצט די בערד,
איר האָט געהערט די נײַס, איר האָט געהערט?
א סאָפ. אנ עק צו ניקאָלײַענ,
עס איז גאנצ פעטערבורג אינ פײַער.
ראסיי איז פרײַ
און איך בינ פרײַ
און איר זײַט פרײַ
און אלצ איז פרײַ".
און מענדל האָט געגעבנ זיך א קער,
ער האָט זיך אָפגעעטעמט מאָדנע שווער,
דערנאָך זיך אָפגעהוסט נאָך צענ מאָל שווערער
און ס'זײַנענ אלע שטראלנדיק און ליכטיק
אוועק צו מיילעכנ דעמ שערער
די נײַס דערוויסנ זיך אפ ריכטיק.

---

ס'איז אָט דער מיילעך נידעריק און ברייט
און פעסט איז ער און מעכטיק אינ די אקסלענ,
און ס'איז דער שטערנ זײַנער פעט און רויט
און איז מיט האָר געדיכט ארומגעוואקסנ.
דער קארק בא אימ פונהינטנ איז געגאָרנט,
דער גיידער זײַנער האָצקעט זיך פונפאָרנט.
ס'איז יעדע האנט זײַנע א שטאבע אײַזנ,
די אויגנ—קליינ און פרעך ווי בא א מײַזל
און טראָגנ אפ די פינגער האָט ער האָלט
וואָס מערער פינגערלעך פונ ריינעמ גאָלד.

---

אמאָל, אמאָל, ווענ יונג איז ער געווענ,
האָט ער א הײַזל אינ אָדעס געהאלטנ
און ס'האָט אפ אלצ אינ הײַזל אופגעזענ
זײַנ מאמע—די שארמאנשטשיצע די אלטע.

---

נאָר איינמאָל אינ א ווינטערדיקער נאכט
האָט ער זיך שווער און אומרויִק פארטראכט.
ער האָט אינ פענצטער זיך ארײַנגעהאקט
און ס'האָט דער ווינט געהאקט ווי מיט א האק.
איז ער געזעסנ און געהערט דעמ ווינט,
געבענקט נאָך היימלעכקײַט און נאָך א קינד.
דערנאָך האָט ער זיך אופגעהייבנ שווער

אונ רעווענ אָנגעהייבנ ווי א בער,
די טרייסטלעכ אומדערבארעמדיק צעטריבנ
אונ ס'איז די שענסטע נאָר פאר אים געבליבנ.
אזוי איז דורכ א יאָר אונ צוויי אונ דרײַ,
ער האָט זיכ אויסגעלערנט שערערײַ.
אונ צוליב לײַטישקײַט אונ צוליב שטאט
האָט ער גענומענ אויסשרײַבנ א בלאט.
אונ איינמאָל אינ א זומער אינ א הייסנ
איז ער ארײַנגעפאָרנ מיט זײַנ טרייסטל
אינ אָט דער היימלעכער אויעזדנער שטאָט
איז אָט—
אינ זאל בא מיילעכנ איז איצטער פול
ער האָט זיכ ברייט צעוואָרפנ אפ א שטול,
די הענט האָט ער פארלייגט אפנ זשילעט
אונ זיצט אונ רעדט:
„עס זײַנענ אָנגעקומענ שווערע טעג,
אפ יעדנ טראָט—זאָגט ער—איז בלוט אונ שרעק
אונ אומעטום, ווו ס'איז נאָר בלוט אונ שטרײַטנ,
דארפ יעדער ייִד זיכ האלטנ פונדערווײַטנ".
דערבײַ האָט ער געלאסנ זיכ געשטעלט,
זיכ אויסגעגענעצט אפ דער גאנצער וועלט,
א פאפיראָס גענומענ אינ די ציינ
אונ האָט געייצעט בעסער זיכ צעגיינ...
איז אלעמענ א שטומעניש באפאלנ,
די קעפ צום דיל געבויגנ האָבנ אלע
אונ ס'איז דער אוילעם שווײַגנדיק אינ שרעק
פונ מיילעכנ אוועק
אונ—
ש־שא, ש־טיל. מאכט ניט קיינ גערידער—
ניקאָלײַ דער צווייטער קיניגט ווידער.
אונ די קעפ געבויגנ נידעריק צום דיל—
ניקאָלײַ איז קייסער—ש־שא. ש־שטיל!...

2

ניט ווײַט פונ מענדלענ שפרייט זיכ די בעריאָזע
אונ אקוראט בא דער בעריאָזע ליגט
א פאבריקע פונ שוועבעלעכ אונ דיקט.
דאָ שטייט באם פאבריקע א דארע לאָזע,
דערנעבנ רוט אינ שניי א ברייטער לאנ
אונ הייסנ הייסט די פאבריקע: „מאָנבלאנ".
איז ווענ ס'האָט מענדל זיכ אהיימ געלאָזנ
אונ האָט צו דער בעריאָזע זיכ פארקערט

האָט ער א טומל מיטאמאָל דערהערט.
ער גיט א כאפ פונוויַטנ מיטנ בליק
אונ זעט ווי ס׳ציט זיכ א האמוינ צום בריק.
אונ
מע
שפארט
אונ
מע
לויפט
אינ פאבריטשנעם הויפ
אונ
אינ
הויפ—
אזא
ראש
אונ אזא מישמאש.
אפ א הויכער קופע דראָט
שטייט דער גאָלאָווא פונ שטאָט.
שטייט אונ רעדט אונ רעדט אזוי,
רעדט אונ דראָט מיט פאָליציי.
נעמט באפוילנ דעמ האמוינ
טייקעפ, טייקעפ זיכ צעגיינ.
נאָר דער אוילעמ דאָ אונ דאָרט
שטייט אונ רירט זיכ ניט פונ אָרט.
טרעט ארויס א גענעראל,
רעדט קימאט דיזעלבע זאכ.
טרעט ארויס א ליבעראל,
רעדט אונ רעדט אזוי אסאכ.
האָט זיכ אופגעהויבנ האסטיק
אפ א הויכנ־הויכנ קאסטנ
א געשטופלטער סאָלדאט
אונ אינ האנט—א פרישע בלאט.
ס׳איז זיַינ רעדע פול געווענ
מיט א שטורעמדיקנ ברענ
ס׳האָט דער קאָל זיַינער אינגלופטנ
די פארזאמלטע גערופנ
ניט צום אָנווערנ דעמ מוט
ביזנ לעצטנ טראָפנ בלוט.
האָט א פלאסקעריַי פונ הענט
טייקעפ, טייקעפ זיכ צעברענט.
אונ אנ ארבעטער א בלאסער
האָט זיכ טייקעפ אופגעהויבנ

אפֿן זעלבן הייכן קאסטן.
— הערט ניט! — האָט ער אָנגעהייבן, —
הערט ניט קיינער, וואָס זיי בריִען,
וואָס זיי היצן זיך און שרייַען,
טרייַבט זיי, טרייַבט זיי, ווי די הינט,
ראמט זיי אויס פֿונדאנעס פֿלינק
אָט די אַלע גענעראַלן
מיט די אַלע ליבעראַלן.
איז געוואָרן א הורא,
איז געוואָרן א הוהא.
א מינוט איז נאָר אוועק —
און עס ליגט שוין אפֿן וועג
דער געוואגטער גאָלאָווא
א צעמיימעסטער אזא.
איז געוואָרן גרויס דער טומל
און דער אוילעם האָט גענומען
און א גאָרדאָווי געפּאקט
און א וואָנצ אים אָפּגעהאקט
און אריַינגעזעצט אים באַלד
אין א קאדעשקע פֿון קאַלך.
און דערנאָך אוועקגעגאנגען
אין די גאסן מיט געזאנגען.
אָט אזוי א גאנצן טאָג
האָט געראַשט אפֿ יעדן ראָג.
און אזוי איז ווי א רייַטער
דורכגעפֿלויגן אָט דער פֿרייַטיק.

3

א טאָג נאָך א טאָג און עס לויפֿן די טעג,
א טאָג נאָך א טאָג און די צייַט גייט אוועק.
ס'איז פֿרילינג, און ווארעם איז אומעטום.
ס'איז גילדיק באהעלט דער גאנצער אָרום.
דערצו איז הייַנט שאבעס אין יעטווידער שטוב,
א שטילקייַט אזא האָט באלאגערט די געסלעך.
ס'איז טומלדיק נאָר אין בונדישן קלוב
און ס'ווערט אָט דער טומל ביסלעכווייַז גרעסער.
דער בונדישער קלוב איז בריים און הייך
און האָבן האָט ער צימערן נייַען.
פֿאראן איז אין קלוב א שוימערטע אויך —
די גרויע, די בלייכע גוטמוטיקע פּייַע.
אין ערשטן צימער פֿון ערשטן טאָג אָן
געפֿינט זיך דער בונדישער קאָמיטעט.

עס שטייט אויך אין ווינקל א רויטע פאָן
און פול איז אין צימער פון פרי ביז שפעט.
דער פאָרזיצער האָט דאָ א שרײַבטיש, א שטול,
א טינטער מיט טינט, אָנגעגאָסן פול.
ס'איז שטענדיק דער צימער אין ליכט, אין זון
און —
אין א רעמל א באנאלער
פון אלטמאָדישן באגעט
צווישן מארקסן אין לאסאלן
הענגט דער גאנצער קאָמיטעט.
און דער פאָרזיצער, פארכמארעט,
ווי אן אלטער־אלטער האָן,
מיט א פאָנעם פון א סקנארע,
מיט אן אָפּגעלעבטער מארע
זיצט אין רעכטן אויבנאָן
דאר און טרוקן ווי א שפאָן.
און דערבײַ—פון רעכטן זײַט
שטאָלץ און ווירדיק זיצט א קרעטער.
ס'איז זײַן קראגן ווײַס ווי קרײַט
און די ליפן—אײַנגעשטשעמעט.
יעדער וואָנץ איז ווי א ווײַזער
און דער אָנבליק—הארט ווי אײַזן.
ער האָט ליב פון שטענדיק אָן
שיין און ריין זיך אָנצוטאָן
און ער האָט אויך ליב דערצו
פוילקײַט, לאנגזאמקײַט און רו.
נאָר באזונדערס ליב איז אים
מיט געלאסנקײַט אין שטים
פירן שמועסן גאנץ פּוסטע
אין א שאבעסדיקן טאָג
מיט א גאנצער רעדל שוסטער
און נאָר דאפקע אפן ראָג.
מיינען מיינט ער, אז מיט דעם
שענקט ער יעדערן דאָס לעבן.
האָט מען אים אין שטאָט א שעם
פון א דעמאָקראט געגעבן.
און עס ארט קימאט ניט קיינעם,
ס'ארט די בונדאָווצעס גאנץ ווייניק,
וואָס אין קאָמיטעט פון „בונד"
קען ארײַנגיין הונט און שפונט.
נאָכמער—ס'האָט זיך אָט דער הענדלער
ניט געפילט אין „בונד" אָפּהענגיק:

ס׳האָט דער קאָמיטעט אינגאנצנ
אָנגעטרויט אימ די פינאנצנ.
ס׳איז צו גלייבנ טאקע שווער,
נאָר אינ קאָמיטעט איז ער
דער באגלויבטער קאזנאטשיי.
אָכ
אונ
וויי...
גוטער פרײַנט, ס׳איז מיטנ הענדלער
דער פאָרטרעט נאָכ גיט געענדיקט.
ס׳גייענ ווײַטער שוסטער דרײַ
אונ בא איינעמ פראנק אונ פרײַ
האָט א לאָק זיכ אויסגעצויגנ
אקוראט איבער די אויגנ.
נאָכדעמ גייענ שנײַדער צוויי
אונ עס שטייענ הינטער זיי
דרײַ מוליארעס אונ א קלעפער
אונ א שמייכלענדיקער שטעפער.
נו, אונ איצט אינ אָט דעמ קראנצ
גייט צומ לעצטנ זימל טאנצ.

4

א שטיבל א קליינע מיט גרויקײַט פארוועבט
אונ איבערגעצאמט מיט א ווענטל פונ ברעטלעכ.
ס׳האָט רייזל די שטיבל אליינ אויסגעקלעפט
מיט צוואנציק פארשיידענע שטיקלעכ טאפעטנ,
מיט אלטע שוינ לאנג דורכגעלייענטע בלעטער.
דאָ ליגט די סטעליע קימאט אפנ קאָפ,
די פענצטער—אינ דר׳ערד ביזנ האלדז פארזונקענ.
דער שוועל אונ די שויבנ—דאָס אלצ גיט אָפּ
מיט פינצטערער דאכקעס, מיט בייזנ הונגער.
אפ איינער א וואנט, וו ס׳הענגט א פליג,
וואָס איז נאָכ געפייגערט מיט דרײַ יאָר צוריק,
איז אײַנגעפאסט מענדלס זונ אינ א רעמל,
זײַנ עלטערער זונ, דער קירזשנער אוורעמל.
עס טראָגט אוורעמל א פעלערינע,
א העמדל א שווארצע אונ א קוטאס,
ער קוקט פונ רעמל אראָפּ מיט א מינע,
וואָס טראָגט אינ זיכ ליבשאפט אונ קלאָרנ האס.
באמ פענצטער זיצט מענדל פארקלערט, געבויגנ,
אינדרײַענ געבויגנ אונטערנ האָרב,
אימ מאָלט זיכ אמעריקע פאר די אויגנ,

ער זעט אוורעמלען אינ רייַכנ ניויאָרק.
איז אָבער אמעריקע ווייַט פונדאנענ
אונ מענדל איז אלט אונ מיד אונ מאט,
אונ זינט די מילכאָמע איז אָנגעשטאנענ
האָט ער פונ אוורעמלענ קיינ בריוו ניט געהאט.
נאָר אָט נעמט מענדל אונ שטעלט זיכ אופ,
דער בליק הייבט אָנ בא אים ווערנ פרייַער,
א גרינגקייַט דערפילט ער אינ דארנ גופ
אונ לאָזט זיכ אינ קאמער צו דער כאוורייַע.
אזוי איז מענדל אריַינ אינ קאמער,
א ווערטל א לוסטיקנ דורכגעשטאמלט
אונ ס'האָבנ זיכ אלע פריילעכ צעלאכט
אונ טייקעפ אנ אָרט פאר מענדלענ געמאכט.
— איכ זע, ס'איז אומעטיק דאָ אָנ מיר—
האָט מענדל געגעבנ א זאָג לעמ טיר—
אונ וויַיל איר זייַט אלע גוטע אונ ווילע,
איז ווער איכ דערפאר אייַכ עפעס דערציילנ.
— אָט דאָס איז א סייכל אפ מייַנ ערנוואָרט,
דערציילט עפעס טאקע—האָט יאנקל געזאָגט.
— אווּאדע, אווּאדע—האָבנ פונ אָרט
קוסיעל אונ בערעלע אָפּגעבראָקט.
— איז זאָל זייַנ שטילער, נאָר ניט געטומלט—
האָט מענדל אינ האנט די באָרד גענומענ:
— געוועג איז שוינ מיר דעמלט א יאָר צענ
(אזוי האָט ער די מייַסע אָנגעהייבנ)
אונ ס'איז א טאָג א ווארעמער געווענ.
די זונ אינ הימל האָט זיכ אופגעהייבנ.
ס'איז העל אונ זומערדיק. די לופט איז פריש.
בינ איכ אוועקגעגאנגענ כאפּנ פיש.
אזוי בינ איכ צומ טייַכ געקומענ,
א פליט א ליידיקנ פארנומענ,
איכ נעמ די וועטקע אונ פארווארפ
אונ זיצ
אונ ווארט.
איכ זיצ א שאָ אונ צוויי אונ דרייַ
אונ ס'קליאָוועט ניט, כאָטש נעמ אונ שרייַ.
עס גייט די צייַט, עס ווערט שוינ אָוונט
אונ מיטאמאָל—
איכ זע:
עס קליאָוועט.
איכ גיב א צי ארויס די וועטקע
אונ בלייַב פונ פרייד אזוי אָפּהענטיק—

א יאָז, א מוירעדיקער יאָז.
האָב איך עם אײַנגעדרייט אין גראָז,
עם אָנגענומען פארן עק
און אָפּגעוואָרפן ווײַט פון ברעג.
דערווײַל איז טונקעלער געוואָרן,
איך טשעפע אָן אפסנײַ א וואָרעם,
איך נעם די ווענטקע און פארוואַרפ
און זיץ
און ווארט.
עס גייט די צײַט, די זון פארזינקט,
און מיטאמאָל —
איך הער:
מע זינגט
איך גיב א דריי זיך און א קער,
איך גיב א קוק אהין אהער —
ארום איז שטיל. די זון פארזינקט
און ס'ליגט דער יאָז
און זינגט
און זינגט.
בין איך געבליבן שטיין אזוי פארגאפט,
איך האָב א בלײַפעדער ארויסגעכאפט,
אפ נאָטן דאָס געזאנג אראָפּגענומען
און ס'איז א מארש אזא ארויסגעקומען,
וואָס זינט איך לעב און אָטעם אפ דער ערד
האָב איך א מארש אזא נאָך ניט געהערט.
— אײַ, טאטע, גענוג שוין מיט דײַנע מײַסעס —
האָט רייזל געגעבן א זאָג פארשעמט.
נאָר דאָ האָט א מיידל אינגאנצן א ווײַסע
צו רייזלען שטיל און מילד זיך געווענדט:
— א דײַגע דיר, רייזל, ביזט פונקט ווי א קינד.
און ס'האָט די כאווריײַע א ליד פארצויגן.
ס'איז שטיל רונד ארום. די כאווריײַע זינגט
און ס'האָט זיך אין שויבן די נאכט אָנגעבויגן.
דער בלעכענער לעמפל פינקלט, פינקלט
און וויקלט אין שימער די גרויע ווינקלען.
אפ יענער זײַט טיר — א ווינטל נעמט קילן,
ס'הייבט אָן די כאווריײַע אין פאנדן שפּילן.
אין שטיבל איז טיר און פענצטער אָפן
און מענדל איז זיצנדיק אײַנגעשלאָפן.
ס'איז שטיל און ס'איז שפּעט,
ס'נעמט אײַנדרימלען צאלקע אין רייזלס בעט.
דערנאָך האָבן אלע פארלאָזן די שטיבל

און צאלקע איז נעכטיקנ דאָ געבליבנ.
נאָר רייזל האָט צאלקענ ניט געוועקט,
זי האָט זיכ אפ שטולנ געמאכט א געלעגער,
מיט אירנ א מאנטל זיכ צוגעדעקט,
געלעגנ מיט אָפענע אויגנ א רעגע,
דערנאָכ זיכ פארדרייט אינ די אייגענע גלידער
און איז אײַנגעשלאָפנ שטארק און צופרידנ.
מע שלאָפט. האלבע נאכט. ס'האָט א שטילקײַט פארנומענ
די שטיבל, די געסל, די גאנצע ארומענ.
און דאָרט, וווּ די הויכ איז מיט רו באלאָדנ
פארלירט דער מוילעד א זילבערנעם פאָדעם.

ב. אָרשאנסקי

# מילשטיינער

## דראמע אין פיר אקטן

**פערזאָנען:**

פאנאָח
רײַנדאָן — מיטגלידער פון צ.ק. פון די מענשעוויקעס.

וואסילי גריגאָריעוויטש אָרעשניקאָוו (וואסיא
אינא,
סערגײעוונא, — גרופע באָלשעוויקעס.
דײַטשמאן,
מיקאָלא.

וואַניוסקע, קאָמיוגיסט.

ניקיפאָר
„סערגי פאָפ“ — ארבעטער.
זשאָרזשיק

גענעראל וואסילטשיקאָוו, שעף פון קאָנטר־ראזוועדקע בא קאָלטשאקן.
פאָפאָוו, זײַן אדיוטאנט,
פראָפעסער שטשעפקין.
איוואן, דינער אין קאָנטר־ראזוועדקע.

וויקענטי
סקאקאנדאָוו — מיטגלידער פון צ.ק. פון די עס־ערן.

לע־קאָק—פאָרשטייער פון דער אנטאנטע.

רויטארמייער, ארבעטער, רויטגווארדייער, אָפיצערן און א. וו.

---

# ערשטער אקט

## ערשטע בילד: דער קרעמל איז געפאלנ

נאכט.

שטיל. סומנע. אָנ דער געדיכטער אָנטאפנדיקער שטילקײַט, אָנ דער צאפלדיקער סומ־נעקײַט קלאפנ זיכ פונערגעצ אָפּ שטילע, ווי דערשטיקטע, קלאנגענ פונ „אינטערנאציאָנאל“.

אָפּגעקלאפט זיכ אונ אינ דער שטילקײַט ערגעצ דערוואָרגנ געוואָרנ.

אונ אָט פונ ערגעצ א ווינקעלע האָט זיכ ארויסגעריסנ א דינינקער, פארלאָרענער קלונג פונ א גלאָק, אונ, ווי אינ א שטילנ וואלד וואָלט זיכ אנ עכאָ צעטראָגנ, האָט דער קלונג ערגעצ א ציטער געטאָנ אונ איז א צעצאפלטער פארפאלנ געוואָרנ.

ווידער שטיל אונ ווידער סומנע.

נאָר נאָכנ ערשטנ פארלאָרענעם קלונג, ווי ער וואָלט געווענ אנ אויסשפּירער, האָט זיכ דערהערט א צווייטער,* א מער דרייסטערער, אימ גלײַכ איז פארלאָפנ א דריטער, שוינ נאָר א פעסטער.

אונ מיטאמאָל האָט זיכ א כוצפּעדיקער גלאָקנ־קלונג פונ קרעמל געלאָזנ אינ לויפ אונ נאָכ אימ האָבנ זיכ פונ אלע זײַטנ, פונ גאנצ מאָסקווע געגומענ טראָגנ גלאָקנ־קלונגענ, זיי האָבנ זיכ פרעכ אונ שטורעמדיק צעווירבלט אונ אינ אטאקע זיכ געלאָזנ.

פערציק מאָל פערציק.

פויזע.

פאָרהאנג.

א סקלעפּנארטיקער צימער אינ קרעמל.

א היפשע גרופּע באוואָפנטע ארבעטער.

---

גרופּע רויטגווארדייער:

— צעקלונגענ זיכ, צעהוליעט זיכ, ווי בעסטיעס אינ בענעמ!...

— פינצטערע פּאָפּעס! עס ציטערט אופ אינ זיי דאָס בלוט פונ פרייד. זיי קענענ שוינ ניט רוענ.

— נאָר אפּ איינ ווײַלע האָבנ מיר זיי די הלאָטקעס פארשטאָפּט.

— געדארפט דערווערגנ זיי, ווי שפּיאָנעס אפנ שלאכטפעלד.

אינא: נאָר ניט פארלירנ זיכ, כאווײרים. מירנ זיכ שלאָגנ ביזנ לעצטנ.

סערגייעווונא: ווידער א הארבסט־טאָג... אפּ פרעסניע איז אויכ א הארבסט־טאָג געווענ... צומ ווענטל אונ דערשאָסנ... צוועלפ יאָר.

עס לויפט ארײַנ נאָכ א גרופּע באוואָפנטע.

גרופּע רויטגווארדייער:

— די לעצטע געסעלעכ פארנומענ!

— די וואנט פונ מאָסקווע־טײַכ איז שוינ באלאגערט!

— ארומגערינגלט פונ אלע זײַטנ!

— ווו איז וואסיא? מע דארפ צוגרייטנ די מאסע.

— ער איז באם טעלעפאָן.
— ווער ווייס, עפשער זיצט דאָרט עפּעס א שפּיק?
— נר־נו! געפונענ דעמ נאר... איכ וואָלט וועלנ זענ דעמ זשוליק, וואָס וועט אויס־נארנ וואסיענ.

אינא: פונדעסטוועגנ מוז מענ זײַנ פּאָרזיכטיק. זיי האָבנ געניטע שפּיקעס די ווײַס־גוואַרדייער; זיי איז איצט צוגעקומענ א געניטע כעוורע קאָנספּיראטערנ—עס־ערנ, מענשעוויקעס.

נאָכ א גרופּע רויטגוואַרדייער לויפט ארײַנ.

גרופּע רויטגוואַרדייער:
— געשטעלט אנ אולטימאטומ: אונטערגעבנ זיכ! אז ניט וועלנ זיי צעשיסנ ביז איינעמ.
— א האלבע שאָ.
— א פערטל שאָ איז שוינ פּאָריבער.
— די לעצטע מינוט פונ אונדזער מאכט.

אינא: ווער זאָגט—די לעצטע? קוילנ זײַנענ נאָכ פאראנ, קוילנוואַרפערס אויכ. ווער קרעצכט דאָס אונ ווער זאָגט—די לעצטע?...

גרופּע רויטגוואַרדייער:
— איכ זאָג! אלע פארבינדונגענ זײַנענ איבערגעריסנ געוואָרנ. די ארמיי וואקלט זיכ.
— די ארמיי וועט צושטיינ. זאָל נאָר לעניג זאָגנ איינ וואָרט וועגנ ערד. זאָל ער זאָגנ—אויס מילכאָמע, אלע וועלנ צושטיינ!

אינא: ריכטיק! די ארבעטער זײַנענ אפ אונדזער צאד, די פּויערימ זײַנענ אפ אונדזער צאד, מע טאָר ניט ארויפלאָזנ די נאָז.

סערגייעוונא: פארגעסט ניט—פּעטערבורג איז אינ געפאר. אפ פרעסניע זײַנענ מיר געווענ אליינ, איצט ווילסטו לאָזנ פּעטערבורג אליינ?

גרופּע רויטגוואַרדייער:
— ריכטיק.
— באבוסיע איז גערעכט.
— איכ וויל ניט לאָזנ אליינ, נאָר אונדזער שלאכט איז איצט א פארשפּילטער.
— וואָס שלאָפט דאָרט די אָרגאניזאציע?

סערגייעוונא: זי שלאָפט ניט. ס'איז איר דאָרט אויכ ניט גרינג. מאָסקווע איז גרויס, אומעטום דארפ מענ זײַנ, מענטשנ זײַנענ ווייניק.

עס לויפט ארײַנ וואסיע. איבערנ אוילעמ האָט זיכ דורכגעטראָגנ:

— וואסיא!
— נו, וואסיא, וואָס הערט זיכ?
— דאיאָש, וואסיא!
— דו גיב זיכ ניט אונטער.

וואסיא: ווער רעדט וועגנ אונטערגעבנ זיכ? באָלשעוויקעס גיבנ זיכ ניט אונטער.

גרופּע רויטגוואַרדייער:
— אָ־אָ! אָט דאָס איז ווערטער!
— איר הערט, באָלשעוויקעס גיבנ זיכ ניט אונטער.
— גיב איבערנ היטל, וואסיא. פּאכדאָנימ פינצטערע.

וואסיא: באָלשעוויקעס שלאָגן זיך ביזן לעצטן. באָלשעוויקעס קענען אמאָל זײַן גענייט אָפּצוגעבן איין פּאָזיציע, קעדיי צו ראטעווען די גאנצע לאגע. אזא מאָמענט איז בא אונדז איצט...

גרופּע רויטגווארדייער:

— הא, וואָס איז דאָס פאר א רייד!

— אונטערגעבן זיך?...

— איך האָב געזאָגט! „אזא מאָמענט איז בא אונדז איצט"...

— דו אויך, וואסיא?...

וואסיא: נאָר ניט בעטומלט זיך, כאווײרים. א באפעל אזא פון שטאב.

גרופּע רויטגווארדייער:

— אויך מיר א באפעל.

— איך לייג מײַן קאָפּ, אויב דאָרטן זיצן באָלשעוויקעס.

אינא: און מיר דארפן ענטפערן דעם שטאב, אז מיר זעצן פאָר אונדזער שלאכט, שטארבן—איז שטארבן ווי העלדן.

וואסיא: אינא! פויזע. טומל זיך ניט!... פאר דיר האָט דער שטאב באשטימט אַן אנדער ארבעט, ס'טבאלד הערן! כאווײרים, זיי ווייסן דאָרט די לאגע פיל בעסער פאר אונדז. אין אזא פאראנטוואָרטלעכן מאָמענט באשטימט דעם גוירל פון ניצאָכן די אײַזערנע דיסציפּלין. גיט א וואָרפּ די אויגן אין דער מאסע. דײַטשמאן!

דײַטשמאן: גערעדט!

וואסיא: שטעל צענויף באדינגונגען. קלײַב אויס פארלאמענטיאָרן. ווארפּ ארויס א ווײַסע פאָן. די בעסטע ביקסן באהאלט, די בעסטע קוילנווארפערס אויך. לאָז זיי א פּאָר הייזעריקע. צו דער מאסע. א גרופּע פון א מענטשן פערציק—פופציק בלײַבן אין קרעמל. דינער, קעכנס, לאקייען, סאָלדאטן. אין טומל וועט דאָס דורכגיין: טרײַ געבליבן דעם קייסער, אָפּגעהיט די הייליקײַטן... פלינק אף די ערטער, גרייט צו די מאסן. אָבער, כאווײרים, געדענקט—אָן פאניק. אינא און סערגייעוונא בלײַבן דאָ. פלינק ווערט ליידיק דאָס צימער. איז אָט, אף אונדז ליגט איצט א קאָלאָסאלע פאראנטוואָרטלעכקײַט און זייער א שווערע אויפגאבע. ערשטנס, מוזן מיר אומבאדינגט צעלייגן זייערע יונקער־רישע אָטריאדן, דעזאָרגאניזירן זיי. אונדזערע גרופּן דארפן צודערצײַט קריגן די נייטיקע דירעקטיוון. צווייטנס, די קאָנטער־רעוואָליוציע אָרגאניזירט זיך און מיר מוזן אומבאדינגט וויסן אלע זייערע פּלענער. מיר דארפן זײַן צווישן זיי, מיר דארפן זיך צוהערן צו זיי... דער קאמף איז ניט אף א טאָג און ווײַט ניט קיין לײַכטער. אונ־דזער רעוואָליוציע דארף געבן א קלאפּ איבער דעם וועלט־קאפּיטאליזם און אונדז וועט אויסקומען אויסצושטיין א קאמף מיט דער גאנצער וועלט. בעראָש פון דער גאנצער באנדע גייט איינער א מענשעוויק—פאנאָוו.

אינא: פאנאָוו?

וואסיא: יאָ, דאָס איז איינער פון די יונגע מענשעוויקעס, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן „אויסגעהאלטענער" טאקטיק אינדערצײַט פון דער מילכאָמע. ער איז געווען א פארביסענער אָבאָראָנעץ, און דער מענשעוויסטישער צעקא האָט אים ארײַנגענומען צו זיך. אמאָל בין איך מיט אים צוזאמען אף קאטערגע געווען. ער האָט שוין דאמאלט געשמעקט מיט...

**אינא:** פאנאָוו, גאָט מײַנער...

**וואסיא:** וואָס וווּנדערסטו זיך אזוי? זיי כאָזערן איבער און פארטיפן געשמאק זייערע טעאָריעס און זייערע מײַסים פון נײַן הונדערט פינפטן יאָר. איז אָט—ער איז אַבסאָליוט, פארשטייט זיך, ניט מעכוּיעוו צו וויסן, אז איך בין א באָלשעוויק. פון אײַך וויים ער גאָרניט. איך וויים פון אײַך אוואדע גאָרניט. איר וועטביידע דארפן זײַן אין באזונדערע פונקטן. שלעפט ארויס א פאפיר פון קעשענע, שרײַבט. איך גיי זיך באגעגענען מיט פאנאָוון.

**סערגייעוונא:** וואָס? ביסט מעשוגע! אַפ דער הייסער ווײַלע וועלן זיי דיך צערײַסן.

**וואסיא:** א רעכטן אָנצוג און די איבעריקע שמאטעס, אָבער פלינק.

**סערגייעוונא:** גאָט זאָל דיך היטן.

**וואסיא:** ער וועט שוין היטן, זײַ רויִק. נו, צו דער ארבעט!

**סערגייעוונא** טוט זיך פארלאָרן א דריי אפן אָרט, טוט א פליעסק פארצווייפלט מיט די הענט: קינדער מײַנע, טײַערע, וואָס טוט ער איבער זיך דער מעשוגענער. מע וועט אים צערײַסן אַפ שטיקער.

**וואסיא:** סערגייעוונא, ביסט אַן אַלטע באָלשעוויטשקע. שרײַבט, פארענדיקט. לייגט פלינק ארײַן דאָס פאפיר אין קעשענע, פליט ארײַן אין צווייטן צימער! אינא גייט אויך ארײַן אין א צימער. סערגייעוונא שטייט איבער א קאסטן בגאָדים, קלײַבט פלינק אָפּ, ווארפט אין איין צימער, אין צווייטן. שעפטשעט.

**סערגייעוונא** ווארפט אראָפּ איין בעגעד נאָכן אנדערן, טוט זיך איבער: סערגייושקא מײַנער, טײַערער מײַנער, צוועלף יאָר שוין... אָט ווי הײַנט איז דאָס געווען. טוט זיך אָן א בונט שליסלעך, א ציילעם אפן האלדז, א טשיפּיק אפן קאָפּ. איך בין שוין פארטיק, וואסיא.

**וואסיא:** איך בין שוין אויך פארטיק, באבוסיא. קומט ארײַן. פון א ווינקל שלײַכט ארײַן אינא אין אַן אָנצוג פון רויטן-קרייץ. פון פלאַץ דערטראָגט זיך א טריִומפירנדיקער מארש, א באנריסנדיקער גלאָקן-קלונג. אָנגעשטרענגט. אינא קאָרטשעט זיך אײַן און בלײַבט אזוי האלב-אײַנגעפאלן, אָנגעשפארט אָן פענצטער. סערגייעוונא שטעלט זיך באַם טיש אָנגעשפארט אַפ אים מיט ביידע הענט, ווי זי וואָלט מוירע געהאט אוועקצופאלן. גרוויזאמע פויזע. ס'הערט זיך א קאָמאנדע: „סמירנאָ!" סערגייעוונא הייבט אָן ציטערן. וואסיא טוט זי א נעם פאר ביידע פלייצעס, שמייכלענדיק.

**וואסיא:** אַן אַלטע באָלשעוויטשקע וועט בלײַבן אַן אַלטע באָלשעוויטשקע.

**סערגייעוונא:** וואסינקע, טײַערער, מע וועט זיי צעשיסן, ווי מע האָט אונדזערע אַפ פרעסניע צעשאָסן... וואסינקע, טײַערער... סערגייעוונא הייבט אויף אַפ אים א פאָר אויגן פול מיט צאר. וואסיא קוקט ארײַן אין אירע אויגן, כאפט איר קאָפּ, קושט אים הייס און שטארק.

**וואסיא:** באבוסיא, באָלשעוויקעס וויינען ניט. באָלשעוויקעס שלאָגן זיך. מיר שטייען אַלע איצט באַם ווענטל, ווי עס איז געשטאנען דײַן סערגיי. האלט זיך, באבוסיע. פארגעס ניט, אז דו ביסט אַפ דעם פאראנטוואָרטלעכסטן און געפערלעכסטן פּאָסטן.

**סערגייעוונא:** ווייסט דאָך, געהאט אַפ מײַן לעבן געפערלעכע און פאראנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. אָבער... עס פארדריסט: יונגינקע קינדערלעך... יונגינקע הערצעלעך נאָך בא זיי.

**וואסיא:** נו, גענוג, באבוסיא. עס קומט אָן א צײַט, ווען... באבוסיא, דאָס, וואָס מיר האָבן אמאָל אין די לידער געזונגען, ווערט איצט אפן שלאכטפעלד פארווירקלעכט. דער לעצטער און אנטשיידענער, באבוסיא... גיי אויבן, גרייט צו די טישן, שטעל

אָנ נאָר וואָס מער שטארקע בראנפנ, קאָניאַק, וויַינעג, זאָלנ זיי טרינקענ אפ זייער קאָפּ. אונ אונדזערע זאָג אָנ—זיי זאָלנ זיַינ גרייט, אז עס וועט קומענ די ציַיט, זאָלנ זיי מאכנ א פאניק...

סערגייעווּנא: איכ וויס גאָרניט, ווי זאָל איכ מיט זיי ריידנ, ניט געוווינט: גענעראלנ, פּאָלקאָווניקעס.

וואסיא: וואָס דארפסטו מיט זיי ריידנ—מאכ זיכ טאמעוואטע.

סערגייעווּנא: שא, עפּשער, ווי אינ דרוקעריַי, געדענקסט? א טויבע...

וואסיא: נו, יאָ, דו וועסט שוינ דיַינס צוטראכטנ. מיט דיר, באבוסיא, בינ איכ זיכער.

פונ ווינקל הערט זיכ א געשריי.

אינא: איכ גיי צו פאנאָוונ!

וואסיא: וואָס איז?

אינא: זעסט ניט? אינ קופקעלעכ זיי צעשטעלט. די הענט אינדערהויכ. מע שלאָגט זיי.

וואסיא: איז וואָס האָסטו געמיינט, מע וועט זיי פאלנ אפנ האלדז אונ קושנ?

לויפט צום פענצטער. אינ דערזעלבער צייַט לויפט צום פענצ־טער סערגייעווּנא.

סערגייעווּנא: איינ פארטיע שוינ אוועקגעפירט... א צווייטע... מע פירט זיי צו דער שכיטע.

אינא: איכ גיי צו אים. זאָל ער פאר מיר אינ די אויגנ צעשיסנ...

וואסיא: אונ איכ הייס ניט! וואָס מיינסטו, דו וועסט אפ אים ווירקנ מיט דיַינע שיינע אויגנ. דו קענסט זיי ניט. באבוסיא, לויפ פלינק, גיב איבער אָט דאָס צעטעלע דורכ אונדזערנ א לאקיי. זע אָבער עס זאָל זיַינ גלאטיק. אָנ אָט יענעם, וואָס שטייט אפ די טרעפּ, לינקס. פלינק! אונ דו—גיי אוועק אוויַילע פונדאנענ.

סערגייעווּנא אנטלויפט.

אינא: סארא שוידער, סארא שרעק... אָפּ. שטיל. וואסיא טוט זיכ א דריי אפ אנ אָרט, גרייט זיכ אָנ, שטעלט זיכ אינ א ווינקל אינ דערווארטונג. ער נעמט ארויס א רעוואָלווער, קוקט אים ארום אונ לייגט אים צוריק אריַינ אינ טאש. עס לויפט אריַינ פאנאָוו.

פאנאָוו: וואסיא, ווו ביסטו? דאָ איז אזוי פינצטער. וואסיא טוט איינ טראָט. פאנאָוו דערזעט אים, לויפט צו אים, ווי ער וואָלט אים וועלנ ארומכאפּנ, קושנ.

פאנאָוו: אזויפיל יאָרנ, וואסיא!...

וואסיא: מאכט א טריט צוריק. קושנ וועלנ מיר זיכ שפּעטער... שטעל אָפּ דאָס צעשיסנ די ארבעטער.

פאנאָוו: דו שריַיבסט, דו ביסט שוינ לאנג אינ דעם לאגער...

וואסיא: יאָ. מיר וועלנ פירנ אנ אידייישנ קאמפ מיט די באָלשעוויקעס, אָבער צעשיסנ ארבעטער...

פאנאָוו: מיר שיסנ ניט. מיטנ מיליטער פירט אָנ גענעראל וואסילטשיקאָוו. אָבער... ווער איז אינ דעם שולדיק? זיי האָבנ אָנגעהייבנ. זיי האָבנ ארעסטירט אונדזער רעגירונג.

קערענסקי האָט געמוזט אנטלויפן... מיר האָבן קיין שום מאָראלע רעכט ניט צו פאָדערן פון זיי אַן אנדער באַציִונג.

**וואסיא:** ניט איצט איז א צײַט פאנאנדערצוקלײַבן זיך, ווער עס האָט ווירקלעך פריִער אָנגעהייבן. יעדע סעקונדע איז טײַער. הונדערטער ארבעטער דראָט טויט. לויף פלינק, שטעל אָפּ דאָס צעשיסן, אָדער... אָדער מיר צעשיידן זיך אף אייביק.

**פאנאָוו:** דו דארפסט דאָך פארשטיין—זיי צעשטערן די רעוואָליוציע... זיי צערײַסן אונ־דזער בונד מיט די דעמאָקראטישע לענדער. זיי פירן אײַן אנארכיע אין...

**וואסיא:** איוואן פעטראָוויטש! דו זעסט אָט דעם רעוואָלווער? באלד האָסטו מיך דאָ א טויטן. פלינק לויף און שטעל אָפּ דאָס צעשיסן. פארלירט זיך, קאָרטשעט זיך אײַן, וויל וואָס זאָגן, טוט א מאך פארלאָרן מיטן האנט און גייט אומבאהאָלפן ארויס פון צימער.

**פאנאָוו:** איך ווייס ניט, אויב איך וועל קענען וואָס פועלן.

**וואסיא** קוקט אים צאָרנדיק נאָך. פליט צו צום פענצטער, קוקט זיך אײַן. פויזע. טוט זיך שארף אקער: פאָדליעצ!... מיר וועלן דיר אמאָל דערציילן מיט א קויל אין שלייף, ווער עס האָט ווירקלעך דער ערשטער אָנגעהייבן!

## צווייטע בילד: דער קרעמל איז „געפאלן"...

דערזעלבער אָרט פון ערשטן בילד, פינצטער און שטיל. מע זעט ניט קיין פענצטער, נאָר אָפּט בליצן פײַערלעך פון ברענענ־דיקע פאפיראָסן און פײַערלעך פון אויגן.

א גרופּע רויטגווארדייער אָנגעטאָן אין סאָלדאטישע קליידער.

**גרופּע רויטגווארדייער:**

— אָ־אָ, ווי זיי סמאליען! ווי געהעריק!... פון אלע זײַטן!...
— אלע רײַאָנען מיט איין מאָל.
— רויטע פרעסניע צאָלט פאר אמאָל!
— וואָראָביאָוו, — גאנצ מאָסקווע, ווי אף דער דלאָניע... קנאקן זיי איבער די ציבעלקעס...
— פארנומען שוין סטראסטנוי—צוויי טריט צום קרעמל...

פון נאָך א ווינקל.

— עך, ווען זיי הייבן אָן מיט עטלעכע טעג פריִער... הונדערטער וואָלט מען געראטעוועט...
— צעשאָסן... צעטראָטן מיט די פיס...
— געשפיגן אין פּאָנעם און ניט געלאָזן אָפּווישן.
— איזדעקעוועט זיך. צו יעזוס מאמען, צו דער נעקייווע!

**סערגייעוונא:** בלוט האָט זיך מיר געגאָסן פון הארצן. עך, ווען דער גענעראל פאלט ארײַן צו מיר אין די הענט, מיט פארגעניגן וואָלט איך אים דערוואָרגן, אָט דעם פאסקודע.

**גרופּע רויטגווארדייער:**

— וואָלסט געקענט, באבוסיא?
— ביסט א ווייכהארציקע, באבוסיא, די האנט וואָלט א ציטער געטאָן.

סערגייעווגא: ס׳ווענדט זיך ווו, זינט מע האָט געשאָסן מײַן סערגייען, איז מײַן הארץ פארשטיינערט געוואָרן... פול מיט סינע איז זי צו זיי...

*פונ אנ אנדער ווינקל.*

— מירנ אונדזערס אָפּנעמען. פאר יעדנ פּאטש—א קאָפּ!
— עס בײַסנ זיך שוינ די דלאָניעס.

*נאָכ פונ א ווינקל:*

— אָבער לאָווקע דורכגעמאכט. באלד צעמישט זיך צווישנ זיי...
— „אייגענע ברידער״—כאָ־כאָ.
— פאר קערענסקינ, כי־כי־כי...
— ער מוז איצט אויסזענ מיט זײַנע פּאָדסליעפּאָוואטע אויגעלעכ, ווי א נעקייווע צו פארטאָג.
— אונ די הויזעלעכ זײַנע מוזנ זײַנ פול מיט קאָמפּאָט...
— הײַנט אונדזער אלטיטשקע!... איז דאָס א בעסטיע! טאנצט ארום ארום זיי...
— באבוסיא, ווײַז, ווי האָסטו מיט זיי גערעדט?

סערגייעווגא: שווער געווענ אויסצוהאלטנ. איכ טאנצ ארום ארום זיי, גיס פונ וועל־כער פלאש עס מאכט זיכ: „טרינקט—זאָג איכ,—קינדערלעכ, פאר דער עמונע טרינקט, זי זאָל זיכ שטארקנ אינ פאָלק, פאר אונדזער הייליק פאָטערלאנד, פארנ גאָט־גע־זאלבטנ, טרינקט...

גרופּע:

— ווײַטער. ווײַטער.

סערגייעווגא: איינער פונ זיי זאָגט מיר: די באָלשעוויקעס האָבנ אים געשאָסנ.
— הא?
— צעשאָסנ.
— דעמ קייסער? דעמ גאָט־געזאלבטנ? גייט, גייט, עס קענ ניט זײַנ.,. ווער קענ עס שיסנ דעמ קייסער אָנ גאָטס ווילנ?
— לעניג.
— הא?
— לעניג!!
— לעניג? ווער איז דאָס לעניג? עפּעס מײַנ אלטער קאָפּ געדענקט ניט אזא הייליקנ.

גרופּע באוואָפנטע *אלע שיסנ ארויפ א געלעכטער:*

— א בעסטיע!
— אנ עמעסע בעסטיע!
— לויפט אַרום, פארשארט דעם טשיפּיקל איבערנ אויער, קלוימערשט זי הערט ניט: „הא? הא״?

*איינער כאפּט זי ארום, דרייט זיכ מיט איר אויס אינ א ראָד.*

— עכ, באבוסיא, עכ, באבוסיא, ווענ דו ביסט ייִנגער, איכ צעקוש דיכ אונ צעהאלדז דיכ ביזנ טויט.

סערגייעווגא: אונ איינער א יונגער סמארקאטש זאָגט צו מיר: באָבינקע, עפּשער קענסטו מיר קריגנ א נעקייווע אפנ כעשבנ פונ פאָטערלאנד... אונ סליונקעס רינענ

באַ אים פון מויל, באַ דעם פּאַסקודע, אַז עס ווילט זיך אים אַ כראַקע טאָן אין שיקערן פּאָנעם זײַנעם.

גרופּע רויטגוואַרדייער:

— איז דאָס געווען אַ קאַרטינע!

— אַ טומאַנע קאַרטינע.

עס הערן זיך אײַליקע טריט. עס לויפט אַרײַן וואַסיאַ.

וואַסיאַ: אונדזערע האָבן אַרומגערינגלט דעם קרעמל פון אַלע זײַטן. איצט אָט וואָס, כאַווייריִם! מער צו זיי גיין ווילן מיר, נאַטירלעך, ניט. זאָלן די יונקערס פאַלן פון אונדזערע קוילן. פאַרקערט, איצט איז אַנטשטאַנען די צײַט פון אָנגריף. באַוואָפנען זיך פלינק, ניט לאָזן זיי שעדיקן. נאָכשפּירן נאָך יעדער זייער באַוועגונג.

די גרופּע צעשיט זיך. די קאַנאָנאַדע ווערט אַלץ שטאַרקער. פּויזע. עס פליט אַרײַן פאַנאַוו.

פאַנאָוו: פאַרפאַלן... דעם ערשטן שלאַכט פאַרשפּילט. זיי דיקטירן, ווי עכטע באַזיגער... דאָס ערגסטע האָבן זיי זיך אויסגעלערנט.

וואַסיאַ: ס'איז גאָרניט אַזאַ גרויסער קונץ. די אומשטענדן לערנען.

פאַנאָוו: זיי זאָגן צו קיינעם ניט טשעפּען... אין פּעטראָגראַד שיסן זיי אַף רעכטס און אַף לינקס... הינטן!

וואַסיאַ: נו, מיילע, „הינטן"... גאָרניט לאַנג האָט מען דאָ הונדערטער אַרבעטער צעשאָסן.

פאַנאָוו: ניטאָ וואָס צו פאַרטיידיקן זיי... „סאָציאַליסטן"...

וואַסיאַ: דאָ גייט ניט פון פאַרטיידיקן... מע דאַרף דאָך זײַן כאָטש וויפל עס איז אָביעקטיוו...

פון די טרעפּ קײַקלט זיך אַרײַן ריַינדאָן. ער פאַלט, הייבט זיך אויף, קאָרטשעט זיך פון ווייטיק, רעדט אײַלנדיק, לויפט איבערן צימער, קוקט אַרײַן קורצזיכטיק יעדן אין פּאָנעם אַרײַן, שפּרינגט זייער פלינק אַריבער פון איין מענטש צום צווייטן.

ריַינדאָן: פאַרטיק די דעקלאַראַציע? צעהאַרגעט זיך אַף טויט... וווּ זײַנען דאָס מײַנע ברילן, ווי אָן אַ האַנט בין איך אָן זיי... כאַווער פאַנאָוו—די דעקלאַראַציע... מע קען ניט, איר פאַרשטייט! צו וואַסיען. מיר זײַנען דאָ זיכער? דאָרט האָגלט, אַז עס איז סאַקאָנעס נעפאָשעס צו פאַנאָוון. האַ, פאַנאָוו, שוין אָנגעשריבן?

פאַנאָוו מיט גיפט: איך בין דאָך באַ אײַך דער „סאַמע רעכטער"...

ריַינדאָן: כאַווער פאַנאָוו, מיר זײַנען ניט קיין באָלשעוויקעס, מיר זײַנען ניט קיין סעקטאַנטן. באַ אונדז איז פרײַהײַט פון וואָרט אַ פּרינציפּ—פאַר אַלעמען! זעצט זיך אַוועק און שרײַבט, מע מוז היטן דעם פּרעסטיזש פון צעקאַ.

פאַנאָוו: מאַכט זיך ניט קאָמיש! „פּרעסטיזש"! „צעקאַ"! שטילינקערהייט שאַפט מען אַ פאַרייניקטע שלאַכט־אָרגאַניזאַציע: „דעם קאָמיטעט צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד און די רעוואָליוציע", און דעקלאַראַציעס דאַרף איך זיי שרײַבן פרומינקע, אולטראַ־לאָיאַלע: „מיר שלאָגן זיך ניט פאַר מאַכט, די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט באַשטימען"...

ריַינדאָן: קענט איר דאָס ניט פאַרשטיין? דיאַלעקטיק, ברודערקע... אין צווישנצײַטן דאַרף מען קענען לאַווירן. מיר נעמען דען אָן „אַקטיוון" אָנטייל אין זייערע אָרגאַניזאַציעס? מיר קומען דאָך אַהינצו בלויז צוליב אינפאָרמאַציע...

פאנאָוו: ווי עקלהאפט איר זײַט מיט אײַערע פארשיווע שפּיצלעך! איר דעזאָרגאַניזירט די מאסן, איר נארט זיי. גייט און זאָגט אָפן: לענין צעשטערט די רעוואָלוציע. ווען ניט לענין מיט זײַן צעהעצטער אגיטאציע, מיט זײַנע פארברעכערישן, מאמעש פּראָוואָקאטארישן לאָזונג פון ברידערן זיך אפן פראָנט, וואָלטן מיר שוין לאנג דערשטיקט די דײַטשישע ארמיי, וואָלטן מיר שוין לאנג געווונען די מילכאָמע! גייט צו די מאסן און זאָגט זיי אָפן און קלאָר: ניטאָ, עס קען ניט זײַן קיין סאָציאַלע רעוואָליוציע אָן א הויכ־אנטוויקלטן קאפיטאליזם! גייט און זאָגט זיי: מיר מוזן איצט קעמפן פאר דער אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם בא אונדז אין לאנד!...

וואסיא: צופיל מאָנסטו בא זיי: דאָס דארף מען קענען זאָגן.

רײַנדאָן: איך קוק אפ אײַך גאנץ אָפט און טראכט: א פייַקער מענטש אָט דער פאנאָוו, א מענטש מיט א טעמפעראמענט, מיט א רעוואָליוציאָנערן גײַסט... נאָר עפּעס פעלט אים, אָט דעם פאנאָוון... און ניט איין מאָל בין איך געקומען צו דער איבערצײַגונג— איר זײַט ניט קיין דיאַלעקטיקער, איוואן פּעטראָוויטש; איר זײַט גאנץ ווײַט אפילע פון א גוטן סטראטעג... מע דארף ריידן, זאָג איר? אוואדע דארף מען ריידן, ווי דען, ווער זאָגט, אז ניט?... מע דארף אָבער אמאָל קענען שווײַגן אויך... און דאָס קענט איר ניט. מע דארף קענען ווארפן א לאָזונג, זאָגט איר?... אוואדע דארף מען קענען. נאָר מע דארף אָבער אמאָל קענען ווארפן צוויי לאָזונגען, היפּעכדיקע לאָזונגען און אין איינער און דערזעלבער צײַט! דיאַלעקטיק, ברודערקע...

קעגן די באָלשעוויקעס, קעגן לענינען, זאָגט איר, ארויסטרעטן? איר ווייסט דען ניט, אז לענין איז שטענדיק געווען פארכאפּט פון גוואלדיק־צערייצטער רעוואָליוציאָנערישקײַט? און טאקע דערפאר איז ער דאָך דער ברענפּונקט פון דער צעפלאקערטער סטיכיע! קענט איר איצט ריידן קעגן לענינען, ווען ער זאָגט צו פון דער פולער האנט אָט דער צעבונטעוועטער מאסע פון פויגלמילך?.. וואָס קאָסט אים טײַער דאָס צוזאָגן? זײַן ציל איז דאָך בונטעווען... און די סאָלדאטן, וועלכע ער האָט פארוואנדלט אין פולשטענדיקע דעזערטירן קערט ער אום צו זייערע ווארעמע ווײַבער!... אזויפיל יאָרן ניט געהאט קיין ווארעמע ווײַב!

וואסיא: יאָ... נישקאָשע פון א ציניזם. אזוי באציט זיך עס אן עסרעק צו די ארבעטער־מאסן?..

רײַנדאָן: בא אונדז איז דער ארבעטער־קלאס קיין פעטיש ניט. די הויפּטזאך איז בא אונדז די רעוואָליוציע!

וואסיא: בא אײַך איז א שילשל אין קאָפּ, א פולשטענדיקער שילשל.

פאנאָוו: צוויַעס איז דאָס, עקלהאפטיקע צוויַעס... זיי האָבן מוירע, זיי זײַנען גוואלדיקע טרוסן.

רײַנדאָן: סטראטעגיע, ברודערקע, סטראטעגיע, ניט צוויַעס... ביז א באשטימטער צײַט וועלן מיר מוזן האלטן נייטראליטעט... און נייטראליטעט איז דאָ א צווייענדיקער— א פרײַנטלעכע און א פײַנטלעכע, איז ווו ווען און ווי צו ווענדן... די געשיכטע וועט אונדז בארעכטיקן, ווײַל זיגער מישפּעט מען ניט.

עס לויפט ארײַן א מידער גענעראל וואסילטשיקאָוו.

גענעראל וואסילטשיקאָוו: פארענדיקט.

**ריַנדאָנ:** אונטערגעשריבנ?

**גענעראל:** יאָ. ארויסגעװאָרפנ א װײַסע פאָנ... לאָמיר זאָגנ װידע. איכ בינ א מיליטער־מאנ. איכ האָב ניט איינמאָל געזענ דעמ טויט פאר די אויגנ. איכ האָב פאר אימ קיינ מוירע ניט. אָבער שטיינ א צעפּאטשטער פונ מײַנ צעבונטעװעטנ דענשטשיק, שטיינ אונ װארטנ ביז ער װעט מיכ שטעלנ צומ װענטל — ניינ, דאָס קענ דער שטאָלצ פונ מײַנ מיליטערישנ מונדיר ניט אריבערטראָגנ, איכ קענ ניט...

**פאנאָװ:** אונ איר רעכנט, אז מיר האָבנ ניט געקענט געבנ א װידערשטאנד?

**גענעראל:** קיינ באלעבאָס ניטאָ: מיט צװעלפ יאָר צוריק האָט מענ אפּ פרעסניע דערשטיקט דעמ אופשטאנד מיט איינ ראָטע קאזאקנ. ניטאָ קיינ באלעבאָס.

**ריַנדאָנ:** די גרינדונג־פארזאמלונג װעט זײַנ דער באלעבאָס. טוט א הייב די הייזנ. פונדערהייכ, פונ דער פארלאמענטארישער טריבונע װעט ריידנ זײַנ מאיעסטעט, דאָס פאָלק.

**פאנאָװ:** אונ ביזװאנענ װאָס, האָבנ די באָלשעװיקעס פארכאפּט די מאכט.

**ריַנדאָנ:** ס'איז אנ אװאנטיורע! די געשיכטע װעט זיכ מיט זיי אָפּרעכענענ!

עס לויפט ארײַנ פראָפעסער שטשעפּקינ.

**פראָפעסער:** מיר זײַנענ ארומגערינגלט, איִנגאנצנ איזאָלירט. הער גענעראל, װאָס טוט מענ?

**גענעראל:** מע װעט אונדז װײַזנ װאָס צו טאָנ—צומ װענטל.

**פראָפעסער** } (אינ איינ צײַט) נעװזשעליִ? זיי זאָגנ צו קיינעמ ניט טשעפּענ...
**ריַנדאָנ** } װאָס־ס־ס רעדט איר!... עס קענ ניט זײַנ.

עס לויפט ארײַנ װיקענטי, נאָכ אימ פאָפאָװ.

**װיקענטי:** פארנומענ דעמ צענטער. אלע װאָקזאלנ זײַנענ בא די באָלשעװיקעס אינ די הענט. פארפאלנ, פארפאלנ! א בונט! אונדזערע טרײַע יונקערס האָבנ זיכ צעבונטעװעט!

**פאָפאָװ:** עמיצער האָט פארשפרייט א קלאנג, אז די אולאנער זײַנענ צוגעשטאנענ צו די באָלשעװיקעס, אז די סעמיאָנאָװצעס האָבנ צעשאָסנ די אָפיצערנ.

**פאנאָװ:** הײַנט אינדערפרי האָבנ מיר געפונענ א בלעטל צו די סאָלדאטנ אונ די יונקערס, װו עס װערט געזאָגט, אז די באָלשעװיקעס װעלנ קיינעמ ניט טשעפּענ, אויב מע װעט זיכ פרידלעכ אונטערגעבנ. דאָס האָט זייער שלעכט געװירקט...

**װיקענטי:** אויס! אויס דעמאָקראטיע! אפּ ראָגנ פונ װעגנ הענגט זי א פארבלוטיקטע אונ געקרייציקטע! צענדליקער יאָרנ האָבנ די בעסטע זינ פונ לאנד געטרוימט װעגנ א פארלאמענט מיט אלגעמיינע, גלײַכע, געהיימע אונ דירעקטע... גרויסע זאלנ מיט פרײַע פארזאמלונגענ. רויִק שטרײַטנ זיכ פארשיידענע פאָרשטייער פונ פאָלק...

**װאסילטשיקאָװ:** „כאװער" ריַנדאָנ... עפּשער װאָלט איר געגעבנ א באפעל די צעיושעטע הינט אינ נאָמענ פונ אײַער גרינדונג־פארזאמלונג, אז זיי זאָלנ זיכ אביסעלע אײַנשטילנ?

**פאָפאָװ:** איכ האָב אנ אלטע מוטער, א בלאָנדנ קאָפּ א יונגנ. װעמענ זאָל איכ אָפּגעבנ מײַנ קאָפּ: צי די באָלשעװיקעס, צי איכ זאָל אימ װארפנ מײַנ מוטער אינ שויס ארײַנ?... זעצט זיכ מאכטלאָז אפּ א ברעג שטול.

לע־קאָק קומט אַרײַן: די שלאַכטן באַ צאַרסקאָיע סעלאָ און גאַטשינע זײַנען ענדגילטיק פאַרשפּילט. די סטאַווקע איז אָנמעכטיק. לעניג גרייט אַ סעפּאַראַטן שאָלעם מיט דײַטשלאַנד.

פּראָפעסער: דאָס וועט קיינמאָל ניט זײַן!

גענעראַל: מיר וועלן ניט דערלאָזן!

וויקענטי: קיין שום סעפּאַראַטן שאָלעם. מיר וועלן אים דערקלערן פאַר ניט גילטיק!

רײַנדאָן: פולשטענדיק ריכטיק! די גריגדונג־פאַרזאַמלונג וועט ניט ראַטיפיצירן...

פאַנאָוו: כאָוועַר רײַנדאָן, פלוידערט ניט!

לע־קאָק זאָגט צו דעם מאָנאָקל: אַ מאָדנע פאָלק דאָס רוסישע: עס פאַרלאָזט זיך אַפ ניסים, ניט אומזיסט זײַנען די באָלשעוויקעס ווײַט ניט קיין רוסישע... צום באַדויערן ווייס פון דעם ניט דאָס פאָלק און קיינער גיט אים ניט צו וויסן...

וואַסיאַ: אין איצטיקן שווערן מאָמענט האָט מען אומבאַדינגט געמוזט וויסן, וואָס וועט מען מאָרגן טאָן? אונדזערע לאָזונגען אַפ מאָרגעדיקן טאָג...

לע־קאָק באַפעלעריש. אַן איינהײַטלעכער פראָנט—איינס. שטיצן דעם מוסיקן באַשלוס פון דער גאַנצער אינטעליגענץ ניט נעמען קיין אָנטייל אין די באָלשעוויסטישע אַנשטאַלטן—צוויי. אונטערהאַלטן די אומצופרידנקײַט פון די פּויערים אין דאָרף און פון פאַרשיידענע עלעמענטן אין שטאָט—דרײַ. און פאָרזעצן צוזאַמען מיט דער אַנטאַנטע די מילכאָמע קעגן דײַטשלאַנד. מיטאַמאָל רײַסט זיך פונערגעץ אַרײַן אַ שטורמישער הורא־געשריי. וואַסילטשיקאָוו האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט אין אַ ווינקעלע אַ כמורנער. פאַנאָוו האָט זיך צוגערוקט צום וואַנט און קוקט אַפן אַרײַנגאַנג. דער פּראָפעסער און לע־קאָק האָבן זיך צוגערוקט איינע צו די אַנדערע, רײַנדאָן דרייט זיך אַרום, לויפט צו יעדן מיט אַ פראַגע־צייכן און בלײַבט ענדלעך זיצן. וואַסיע האָט זיך צוגערוקט צו פאַנאָוון און קוקט נאָך זײַן יעדע באַוועגונג. עס רײַסט זיך אַרײַן אַ גרופּע רויטגוואַרדייער בעראָש מיט אַן אָנפירער.

אָנפירער: ווער איז דאָ? די הענט אינדערהייך! צו די רויטגוואַרדייער. פלינק אין די איבעריקע צימערן. שלעפט אַלעמען אַהער. זיי צעשיסן זיך. אַלע שטייען מיט די הענט אינדערהייך. פאַנאָוו איז געבליבן אָנגעלענט אָן וואַנט מיט די הענט אין די קעשענעס, צו אים גייט פלינק צו דער אָנפירער. די הענט אינדערהייך, זאָגט מען דיר!

פאַנאָוו: ניט דו'צ זיך... ווער בין איך דיר?...

אָנפירער: אַ ווײַסגוואַרדייער!

פאַנאָוו נעמט לאַנגזאַם אַרויס די הענט פון די קעשענעס. אין איין האַנט איז באַ אים אַ רעוואָלווער. וואַסיאַ כאַפּט אים פאַרן האַנט.

וואַסיאַ: איוואַן פּעטראָוויטש, ביסט אַ באַוויגטער, גיב זיך אונטער. נעמט באַ אים אָפּ דעם רעוואָלווער. אינדערוועלבער צײַט שלײַכט אַרײַן אינאַ און עטלעכע רויטגוואַרדייער, וואָס פירן זי אַרײַן.

רויטגוואַרדייער: געפּאַקט. אַ גאַנצע גרופּע איז דאָרטן דאָ.

אָנפירער: ווער איז דאָס?

וואַסיאַ: עפּעס אַ דאָקטער פון רויטן קרייץ, שלײַעט זיך אַרום דאָ די גאַנצע צײַט. גיט אָפּ דעם רעוואָלווער דעם אָנפירער. מיטאַמאָל גיט פאַנאָוו אַ געשריי.

פאַנאָוו: אינאַ! דו ביסט דאָ!?...

אינא: ווו דען האָסטו מיך געדעכנט צו טרעפן?

אָנפירער: אָן קאָמעדיעס! איר זײַט ארעסטירט!

אינא: בארוּיִקט זיך, כאווער. ארעסטירט איז ארעסטירט צו פאנאָוו. נעכטן וואָלטן מיך דײַנע געלינטשעוועט, הײַנט קען איך דיך ראטעווען פון טויט...

פאנאָוו: גיט זיך א ריס פון אָרט. אינא ווו איז...

אינא: מײַן זון איז דײַנער א סוינע!

עס לויפט ארײַן דײַטשמאן. צום אָנפירער.

דײַטשמאן: וואָס קומט דאָ פאָר?

אָנפירער: א גאנצע באנדע פארדעכטיקע פארשוינען...

דײַטשמאן: אָן א באפעל—ווער האָט דיר דערלויבט מאכן אונטערזוכונגען? קוקט אלע־מען ארום. צום אָנפירער. פיר זיי שנעל ארויס פון קרעטשמע און לאָז זיי אָפּ. דו וועסט זײַן פאראנטוואָרטלעך פאר יעדער האָר פון זייער קאָפּ. מיר האָבן אונטערגעשריבן אן אָפּמאך! צו די איבעריקע איר זײַט פרײַ.

אלע אײַנגעבויגענע, דערשטיקטע גייען ארויס. דײַטשמאן פאר־האלט אומבאמערקט װאסיען. אז אלע פארשווינדן, נעמען זי זיך שטארק ארום.

װאסיא: נו, ברודער, איך מוז לויפן. איך טאָר אים איצט ניט לאָזן פון פלעק. לויפט ארויס.

## דריטע בילד

פראָפעסאר שטשעפּקין האלט אפּן שײַן פון אן עלעקטרישן לאָמפּ א גרויסע פאָסט-פלאטע. אפן װאנט שײַנט אָפּ:

## Союз возрождения России.

Присутсвовали: Профессор Щепкин (председатель) Панов, Райндон (Ц.К. Меньшевиков); Викентий, Брешковская (Ц.К. Эс-Эр); Дутов (Действуюшая армия), Эрлих (Бунд),

Слушали: Постановили:

פראָפעסער: אָט אזוי, פאר דער געשיכטע. עס וועט קומען אמאָל א צײַט, מיר וועלן זיך באפרײַען פון די טשעקיסטן, וועלן מיר ארויסנעמען אונדזערע ארכיוון...

וויקענטי: און מיר וועלן ווײַזן, ווי מיר האָבן געקעמפט פאר דער עמעסער, ניט גע־פעלשטער דעמאָקראטיע! וויקלט דאָס גוט אײַן, פראָפעסער. די צײַט דערנעענטערט זיך. זי איז שוין גאָר ניט ווײַט.

װאסיא: אײַנוויקלען און ווײַט באהאלטן. די טעמידרא איז טאקע בלינד, אָבער טויב איז זי דאָך ניט, וועט מען איר קענען איבערלייענען.

וויקענטי: און דאן, אז די היסטאָרישע שאָ וועט שלאָגן, אז די מאכט פון דער באָל־שעוויסטישער זעלבסטהערשונג וועט פאלן, דאן וועלן מיר ווײַזן, וויאזוי מע שפּילט זיך מיט אונדז עס־ערן, א פארטיי, וואָס האָט אזויפיל הערלעכע מײַסים און נאָך מער הערלעכע נעמען אויסגעקריצט אפ די לוכעס פון דער געשיכטע!

**רײַנדאָן** *לויפט ארום איבערן צימער. הייבט די הייזן:* אוואדע... הונדערט מאָל טשעקא, טויזנט מאָל טשעקא! עס וועט גאָרניט העלפן—מע קען קיין עפּאָכעס ניט אריבערשפּרינגען. דיאַלעקטיק! איך האָב די גאַנצע צײַט געזאָגט—פאַרייניקטע קויכעס! מיר מיט אונדזערע מיטלען, איר מיט אײַערע. מיר וועלן זיי אופרײַסן, א געלעכטער! עס איז שוין לאַנג פאַרלאָשן געוואָרן דער אַלטער פּאַרטייִשער אַנטאַגאָניזם, וואָס האָט געהערשט צווישן אונדז. אונדז האָט פאַרייניקט דאָס טראַגישע אין איצטיקן געשיכטלעכן מאָמענט. וואָס איז איצט געבליבן פון צעטיילונגען אַף קלאַסן, אַז דער נעכטיקער בורזשוי מוז הײַנט, ווי א בעטלער, אויסשטרעקן א האַנט אַף ראָגן פון גאַסן? אָט ווו עס האָט זיך געלאָזט פילן די געווינישע לערע פון קאַרל מאַרקס.

**וואַסיאַ:** א ראַכמאָנעס אַף קאַוטסקין, כאַווער רײַנדאָן. איר וועט אים באַלד אויסקאָנקורירן. איר באַגייט זיך אַזוי פרײַ מיט מאַרקסן, ווי עס דערלויבט זיך דערווײַל נאָר דער אַלטער קאַוטסקי.

**רײַנדאָן:** איר שפּאַסט, כאַווער וואַסיאַ. איר זײַט ביכלאַל די לעצטע צײַט געוואָרן סקעפּטיש. נאָר יעדער מענטש, וואָס קרענקט נאָך דערווײַל ניט אַף דער ווילדער קרענק פון באָלשעוויזם, וועט פאַרשטיין, אַז נאָר אַזאַ דעמאַגאָג, ווי לענין, קען אָנרופן קאַוטסקין רענעגאַט. פאַר אונדז איז קאַוטסקי דער, ווער עס האָט אונדז געלערנט „פרײַ" באַגיין זיך מיט מאַרקסן. *לויפט צו צו וויקענטי.* דאָס האָט איר געטאָן א גרויסן סייכל. א שאָס—און, נימאָ אוריצקי. א שאָס—און אראָפּגענומען וואָלאָדאַרסקען.

**וואַסיאַ:** אָהאָ, איר ווערט שוין באַלד א גאַנצער עס־ער. לערנט זיך אויס האַלטן א רעוואָלווער אין האַנט, איר וועט באַלד דאַרפן שיסן פון הינטער א ווינקל.

**רײַנדאָן:** עס וועט זיך שוין געפינען, ווער עס זאָל שיסן אָן מיר אויך. צופיל פולווער האָט זיך אָנגעקליבן. *לויפט צו צום פּראָפעסאָר.* איר הערט, פּראָפעסאָר, איך האָב געהאַט א זיידן, איז ער געווען א גרויסער כאָכעם, פלעגט ער זאָגן: „אַז מע שפּאַרט זיך אײַן, פירט מען אויס, און טאָמער האָט מען ניט אויסגעפירט, איז א סימען, אַז מען האָט זיך שלעכט אײַנגעשפּאַרט".

**וויקענטי** *מיט זעלבסטזיכערקייט:* מיר האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט און ניט אַף א געלעכטער. און מיר וועלן אויספירן! וואָס איז פאַר אונדז טשעקא? פאַר אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט האָבן מוירע געהאַט מיניסטאָרן. פאַר אונדזער צעקא האָבן זיך געטרייסלט קייסאָרים, קרוינען האָבן געציטערט! זאָלן זיי נאָר פרוּוון אויסשטרעקן א האַנט צו אונדזער צעקא—אין שטויב וועלן זיי צעפליִען!

**פּראָפעסאָר** *אופהייבנדיק דעם קאָפּ פון טיש.* ניקאָלײַ דעם ערשטן איז געווען געגוג אומצוהענגען איין האַלב צענדליק דעקאַבריסטן, קעדיי מע זאָל אַף איבער הונדערט יאָר באַרויִקן רוסלאַנד. וויפל הונדערטער „אָקטיאַבריסטן" וועלן מיר מוזן אויסהענגען אין דער עפּאָכע פון ניקאָלײַ דעם צווייטן?

**וואַסיאַ:** אָט בא וועמען מע דאַרף זיך לערנען ארויסזאָגן א געדאַנק: אי קלאָר, אי טיפ.

**פּראָפעסאָר:** איר זײַט הײַנט צו וויציק, כ' וואַסיאַ.

**וואַסיאַ:** ערשטנס, ניט נאָר הײַנט, און צווייטנס, שפּאַס איך אפילע אַף קיין איין האָר אויך ניט... אַגעוו, מיר איז דערלויבט—און דעם עמעס געזאָגט—זייער באַקוועם צו

שפאסן. איך שטיי דאָך אויסער יעדער פּאָליטיק, און אהער בין איך געקומען אפילע ניט צוליב אינפאָרמאציע, ווי עס קומט שטענדיק און אומעטום דער כ' ריַינדאָן. איך בין פּאָשעט פאנאָווס א כאווער און א פריַינט. גוט צו זיַין נייטראל, א פּראָפעסער? כא־כא־כא...

וויקענטי: נאָך א וויַילע—און מיר וועלן אָנהייבן אן אָנגריף פון אלע זיַיטן.

פּראָפעסער: דאָס זיַינען נאָך אלץ דערווייַלע, צום באדויערן, קליינע פיסעלעך.

ריַינדאָן: וואָס רעדט איר—דער קאָפּ פון „גאָראָכאָווע" נומער צוויי! [1] א געלעכטערל אויסצורײדן „צוויי ארבעסלעך". אין פּעטערבורג שרעקט מען דאָך דערמיט די קינדער אין די וויגן!...

וואסיא צו ריַינדאָנען. און פּאָליטישע מאמזיירים.

פּראָפעסער: ווען עס גיט זיך אײַן, איר פארשטייט—דעם קאָפּ...

ריַינדאָן אין שטארקער היספּײַלעס: א־א־א!... דאָס וואָלט גאָר געווען פּראכטפול! זיי וואָלטן באלד פארלאָרן דעם קאָפּ, ווי מײַז וואָלטן זיי צעלויפן. טוט א הייב די הויזן. ניין־ניין, מע מוז אָנעמען עקסטרע מיטלען.

וויקענטי: מיר זיַינען אלטע קאָנספּיראטערן... אונדזער צעקא שוויַיגט. דער שאָס וועט זיך אָבער הערן. גייט אוועק איבערן צימער, פיַיפט א לידל, באגעגנט זיך מיט וואסיאן, וועלכער פיַיפט אויך א לידל.

פּראָפעסער קוקט אריַין אין א פּאָטאָ־פלאטע: איז די דעקלאראציע אויך פארענדיקט. די לאָזונגען בלײַבן דיזעלבע, יאָ? גרינדונג־פארזאמלונג, פולשטענדיקע פריַיהיַיט פון וואָרט פון פּרעסע, פון פארזאמלונגען... מע וואָלט עפּשער געדארפט א ביסל דורכרעדאגירן?. ניין, איך מיין סטיליסטיש...

וויקענטי: דאפקע אָט אזוי דארף בליַיבן... הער פּראָפעסער—איר קענט זיַין גאנץ רויִק. אונדזערע כאווירים אין סאמארע האָבן, דאכט זיך, ניט געגריַיזט אין אויסטיַיטשן אונדזערע לאָזונגען. מיר ווייסן, ווער עס דארף יאָ באקומען פריַיהיַיט און ווער ניט.

ריַינדאָן שפּרינגט אוף. זיי—ניט! די רעכטע—יאָ. און זיי ניט! דיקטאטור איבערן פּראָלעטאריאט! וואָס מיינען זיי אפּ אן עמעסן!...

פּס דערטראָגן זיך פונוויַיטן דריַי טריבע שאָסן. אלע טוען א ציטער און טוען א קוק איינע אפּ די אנדערע. איינ סעקונדע איז שטיל, נאָר באלד הייבן זיך אָן דערטראָגן פונוויַיטן קלאנגען פון א דאש, וואָס דערנענטערט זיך, ווערן שטארקער און פארוואנדלען זיך אין א שטורעם. ריַינדאָן טוט זיך א דריי אפּ אן אָרט און טוט א פרעג—צעשראָקן א קוק אפּ ביידן. באם פּראָפעסער פאלט די פלאטע און צעברעכט זיך. וויקענטי טוט א טראָט צוריק און שפּארט זיך אָן אָן פּריטלקע.

ריַינדאָן: האַ?! וואָס איז דאָס?

וואסיא: וואָס האָט איר זיך אזוי דערשראָקן פאר א שאָס, כאווער ריַינדאָן? מעטושטעשע פּריזע.

---

[1]) אין פּעטערבורג אפּ גאָראָכאָווע נום. 2 איז געווען די טשעקא. די בורזשואזיע פלעגט א צעציטערטע הערן, אז זי פלעגט זיך דערמאָנען אפּ גאָראָכאָווע נום. 2. פארמאסקירט פלעגט מען די טשעקא רופן „צוויי ארבעסלעך"...

וויקענטי: פון אונדזער האנט איז געקומען די רעטונג! מיט גאָלדענע אויסיעס וועלן אפ די בלוטיקע בלעטער פון דער געשיכטע אויסגעקריצט ווערן די הערלעכע נעמען פון אונדזער צעקא! דער שאָס וועט אָפהילכן ווײַט־ווײַט איבער די גרענעצן פון רוסלאנד און וועט בלײַבן אין דער געשיכטע פיל דויערנדיקער, ווי אלע שאָסן, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען לויט דער באשטימונג פון אונדזער צעקא. אנטלויפט אפן באלקאָן.

פראָפעסער: געשען?!.. ציילעמט זיך איבער: Господи, помилуй, Господи, помилуй עס זאָל נאָר גלאט אראָפ... זיי זאָלן זיך ניט נעמען טשעפען...

רײַנדאָן אין דערזעלבער צײַט. הא?? געשען!... אי־אי־אי־אי!... אר־א, אר־א, אר־א, אר־א!... טאקע דערשאָסן... אי־אי־אי־אי... דערשאָסן... א־א־א־א!... סארא טומל, סארא געשריי... וואָס שרײַען זיי דאָרט. א?

וואסיא זייער אָנגעשטרענגט, קוקט שארף, אבער פּרוּוּוכטיק אפ יערן, הערט זיך צו, ווייל דערגייען וועמען מע האָט דאָס געשאָסן. מיטאמאָל רײַסט זיך בא אים ארויס א געשריי וועמען געשאָסן! האלט זיך באלד צוריק. שפּילט זיך פון אופגערעגטקײַט מיט א קאווקאזיש מעסערל, וואָס הענגט בא אים אפן גארטל.

רײַנדאָן לויפט צו צו וויקענטי, וועלכער גייט ארויס א בלייכער פון באלקאָן: הא? ווייסט ניט, וואָס זיי שרײַען?

וויקענטי: אן אָבלאווע... מע כאפּט אפ די גאסן!

רײַנדאָן: אזוי!... אפ די גאסן... וואָ־אָ־ס־ס רעדט איר! ווייל צוגיין צום באלקאָן, האָט אָבער מורע, טוט זיך פונוואַנען א הייב אפ די שפּיץ פינגער. אר־א, אר־א... פארשטייט.. ס'איז טאקע גאנץ גוט, נאָר... א ריזיקאלער טראָט געווען פונדעסטוועגן — דערשיסן לענינען... איינע קליניקײַט...

וואסיא גייט צו צו רײַנדאָנען, קענטיק, אז ער איז זייער אופגערעגט. ווי פארדרייט עס האָט זיך בא אײַך דער שניפּס פון שרעק גיט אים א שארפן שטעל דעם שניפּס אפ זײַן אָרט און דער מארך האָט זיך בא אײַך אויך א דריי געטאָן אָנאַוײַט... איר טרעט שוין אָפּ. נעמט פלינק ארויס דאָס מעסער פון שיידל, טוט זיך מיט אים א שפּיל און שטעקט אים פלינק ארײַן צוריק.

רײַנדאָן דערשרעקט זיך פאר וואסיען, טרעט אָפּ האכנאָעדיק, אײַנגעקאָרטשעט. איר פארשטייט, ס'איז עפּעס דאָסיק...

פראָפעסער ציילעמט זיך: Господи, спаси душу раба твоего צו זיי מיר קענען זיך שוין זעגענען מיטן לעבן. די ברודיקע כוואַליע פון די נידעריקסטע אינסטינקטן וועט אלץ אראָפּשווענקען! דער הימל לאָזט זיך אראָפּ אפ דר'ערד... עס איז א סאָף צו דער וועלט.

וויקענטי נידערגעשלאָגן: נישקאָשע... זיי וועלן זיך אביסל טומלען... זיי וועלן אופהערן...

רײַנדאָן: יאָ, אביסל טומלען... אָבער ביזוואנען זיי וועלן אופהערן, וועט דאָס אונדז דערווײַל קאָסטן דער קאָפּ. איר קענט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאר א טעראָר זיי וועלן איצט אָנהייבן! לויפט אוועק איבערן צימער. הייבט די הויזן. „גאָלדענע אייסיעס״, „בלוטיקע בלעטער״—פראזיאָרן!...

וואסיא: ס'איז עפּעס דאָסיק א, כאווער רײַנדאָן?... כא־כא־כא... סט'גענומען דאָסיקן אביטעלע אין די פיאטקעס... איר זײַט שוין קאפּאבל איצט צו פאראטן אײַערע פארבינדעטע... עס לויפט ארײַן פאנאָח א פארשוויצטער.

פאנאָו: דערשאָסן לענינען! קוים מיטן לעבן דורכגעריסן זיך אהער...

פראָפעסער: } אפ טויט? הא?
ריינדאָן: }

פאנאָו: מע ווייס ניט. ווער עס זאָגט אפ טויט, ווער עס זאָגט...

רײַנדאָן: אזוי! אפ טויט!... מע ווייס ניט, א?

וויקענטי: אפ טויט.., „קוראַרי״... [1]

פראָפעסער: ...פארסאמט!...

וואסיא: אָט איז א העלדישקייט!

רײַנדאָן: אזוי!... פארסאמט די קוילן.., דאָס איז... ס'איז, פונדעסטוועגן, א סקאנדאל! ווי קען מען דאָס נעמען און פארסאמען קוילן...

וואסיא: הער פראָפעסער, איר קענט זײַן רויִק, דער זיג איז אפ דער זײַט פון פארבאנד־צענטער. אזעלכע העלדישע פארבינדעטע האָט איר נאָך ביז אהער ניט געהאט.

פאנאָו: א צעבונטעוועטער יאם אפן גאס! איך האָב נאָך אזא ווילדע מאסע ניט געזען! א שוידער...

פראָפעסער צו פאנאָון. איך האָב ניט ליב אײַער וואסילי גריגאָריעוויטש, ער איז א יעכידנער...

רײַנדאָן איבערערזעלבער צײַט. און מע שרײַט, יאָ? וואָס שרײַען זיי, א?

פאנאָו: „א טויט די מערדער! נידער מיט די עס־ערן און מענשעוויקעס!״ וואָס קענען זיי שרײַען?...

רײַנדאָן: אזוי! מענשעוויקעס אויך?... אונדז... אונדז דארפן זיי ניט טשעפען... מיר זײַנען שטענדיק געווען קעגן טעראָר...

פאנאָו גייט צו צו וויקענטין, וועלכער שטייט א בלייכער, ווי א וואַנט. א מיטגליד פון דער אָרגאַניזאציע?

וויקענטי: יאָ... פון שלאכט־אָטריאד.

פאנאָו: אידיִאָטיזם... ניט געקענט געפינען קיין אנדערן?...

רײַנדאָן: אוואדע! וויניק הינט זײַנען דאָ... גאָרנישט—מאלע ווער עס שיסט! פארקערט, עס וואָלט נאָך געווען בעסער: מיר וואָלטן זיי געקאָנט זאָגן: „זעט, וואָס עס קומט ארויס, ווען איר איזאָלירט זיך פון די סאָציִאליסטישע פארטייען... די שווארצע מייע גרײַפט אָן!...״

וואסיא צעלאכט זיך: די אלטע טאקטיק—באהאלטן זיך הינטער יענעמס פלייצעס...

וויקענטי מיט א ציטעריקער שטים. ווער דארף עס וויסן... מיר זײַנען ניט פאראנטוואָרטלעך... מאלע וואָס א מיטגליד טוט אָפּ א פארברעכן... מיר זײַנען ניט פאראנטוואָרטלעך...

וואסיא: אהא, זיי האָבן אײַך איבערגעכיטרעוועט, כאווער רײַנדאָן?

רײַנדאָן: ...זיי וועלן טאקע ניט וויסן, יאָ! אוואנטיורע!... לויפט אוועק איבערן צימער. אן עמעסע אוואנטיורע!... פארסאמען קוילן—דאָס דארף מען קענען! מער ווי עס־ערן קענען אפ אזא אוואנטיורע ניט גיין. הא, וואָס זאָגט איר, כ' וואסיא?

---

[1]) קוראַרי איז געווען דער סאם, מיט וועלכן די עס־ערן האָבן פארסאמט די קוילן.

**וואסיא** *מיט עקל:* וואָס קען איך אײַך זאָגן, כאָווער רײַנדאָן? בעסער, ווי איר האָט געזאָגט, קען מען שוין ניט זאָגן.

**פּאַנאָוו:** איך האָב מוירע, אַז עס וועט זיך באַקומען אַ פּאַרקערטער רעזולטאַט. דאָס וועט זיי נאָכמער צעניופּשמעלצן... דער האַמוין איז גוואַלטיק אופגעבראַכט... איך האָב מוירע...

**רײַנדאָן:** אַוואַדע! דעמאַגאָגן זײַנען זיי גרויסע. זיי וועלן דאָס בעפּיירעש אויסנוצן אין קאַמף קעגן אונדז. אַז איך האָב שטענדיק געזאָגט *מיט אַ קוק אויפן פּראָפעסער, רעדט שטילער* הינטער זייערע פּלייצעס! זאָלן זיי זיך קאָמפּראָמעטירן! שפּעטער, אַז דער באָלשעוויסטישער טשאַד וועט דורכגיין, מיר וועלן זיגן, דאַן עפּענען מיר אויף די קאָרטן..

**וויקענטי** *שטיל, נירערשלאָגן, צו פּאַנאָוון.* וואָס זאָל מען טאָן, אַ?

**פּאַנאָוו:** געדאַרפט אַ בלעטל אַרויסלאָזן.

**וויקענטי:** אַ בלעטל וועט באַלד אַרויס. נאָך נעכטן געווען אָנגעשריבן.

**רײַנדאָן:** מע דאַרף בעפּיירעש שרײַבן—מיר פאַרמישפּעטן דעם פאַרברעכערישן טאַט פון איינצלנע פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס לאָזן זיך אַפּ טעראָר...

**וויקענטי** *נערוועז.* יאָ, אַן ערעך אין דעם גײַסט איז עס געשריבן געוואָרן *קאָרטשעט זיך אײַן.* אַך, ווי עס ווילט זיך נים אַרײַנפאַלן אין די הענט פון טשעקאַ...

**פּראָפעסער** *רוקט זיך צו אויך אַן אײַנגעקאָרטשעטער צו זיי. עס באַקומט זיך אַ הײַפעלע אײַנגעקאָרטשעטע מענטשן.* אַ שוידער!... זיי וועלן אונדז רײַסן די נעגל... זיי וועלן אונדז צופּן די האָר... אַ, וואָס זאָגט איר, כאָווער רײַנדאָן?...

**פּאַנאָוו:** אַן ענדע—דאָ וועלן מיר גאָרנישט מאַכן. די מאַכט איז באַ זיי, וואָס זאָלן מיר זיך נאַריש מאַכן. טשעקאַ איז זייערע, ניט אונדזערע. אײַ וואָס... „די געשיכטע“?... ביזוואַנען די געשיכטע, וועלן מ י ר ווערן מיט אַ קאָפּ קירצער... פאַרשטייט זיך, מע מוז דאָ אויך לאָזן גרופּעס כאַווײרים, וואָס וועלן פירן אַן אַרבעט, נאָר די בעסטע קויכעס מוזן מיר קאָנצענטרירן אַהין. קעגן אַ קראַפט מוז מען קעגנשטעלן אַ קראַפט! איצט איז גראָד זייער אַ גינסטיקער מאָמענט. די אַנטאַנטע איז אײַנגאַנצן אויף אונדזער זײַט, זי העלפט אונדז זייער פיל.

**וויקענטי:** יאָ, מיר האָבן בעקראָגן גאָר אַ גרויסע סומע געלט.

**רײַנדאָן:** וואָס הייסט, זי העלפט אונדז, זי פּ אָ ד ע ר ט פון אונדז! און מיר מוזן דאָס אויסנוצן. כאָווער פּאַנאָוו איז גערעכט...

**וואסיא:** ווי לע־קאָק האָט פאַראָרדנט: „פון ביידע זײַטן וועלן מיר אָנגרײַפן—פון צאָפן און פון דאָרעם: דאָרט איז ברויט, דאָרט איז קוילן, דאָרט איז אײַזן, דאָרט איז נאַפט“.

**פּאַנאָוו:** עס איז גאָרניט אַזאַ געלעכטער, וואַסיאַ, אַ פּראָנט דאַרף מען אָרגאַניזירן... אויב זיי קעמפן קעגן אונדז, וועלן מיר זיי ווײַזן, אַז מיר קענען אויך קעמפן... *עס דערהערט זיך אַ דראָענריקער, בייזע פײַפערײַ פון זאַוואָדישע סירענעס.* כאַווײרים, מיר מוזן זיך צעגיין. מײַן דירע איז ניט גאָר פון די זיכערע. אַז מע פּאַקט אונדז אַלעמען צוזאַמען דאָ, זײַנען מיר ניט זיכער מיטן לעבן.

**רײַנדאָן:** גערעכט, מיר גייען! איר גייט, פּראָפעסער?

**פּראָפעסער:** עפּשער וואָלטן מיר ניט געדאַרפט גיין צוזאַמען?

**פאנאָוו:** גייט איינציקוויַז, אָבער גיכער. גייען אוועק. פאנאָוו דרייט זיך ארום אין צימער אנ אופּגערעגטער, גלעט די האָר. ניט גאָר פריילעך... אלע האָבנ מיר געטראכט — א כוידעש צוויי...

עס גייט אריַנ סערגייעוונא זייער א בלאַסע, מאכט איינ טראָט אינ צימער, פאלט אפנ סאָפקע אונ צעוויינט זיך.

**סערגייעוונא:** מע שיסט... ראק מע שיסט... אלע טאָג שיסט מענ!...

**וואסיא** קערט זיך אָפּ צום שריַבטיש, שטייט איינ סעקונדע, מיטאמאָל גיט ער א וויש פונ טיש א טאס מיט א גלאָז, זי צעשפּרינגט זיך אינ פּיצלעכ. אוואנטיורא!

**פאנאָוו:** איצט וועט זיך ערשט אָנהייבנ... די טשעקיסטנ האָבנ דאָכ מער ניט געוואָרט, ווי אפּ עפּעס א צופאל.

**וואסיא** טוט זיך א קער מיטנ פּאָנעם צו אים, קוקט איינ סעקונדע אים אינ רוקנ אונ טוט זיך שארפ א פארמעסט מיט א בלויזנ מעסער אפּ פאנאָווס רוקנ. באלד—א קער צוריק. פאנאָוו דערפילט די באוועגונג, טוט זיך שארפ א קער.

**פאנאָוו** מעוועלוועל. וואסיא!

**וואסיא:** מאכט איינ טראָט צו אים לאָמיר אנטלויפנ פונדאנענ, אז ניט וועל איכ זיכ אָדער דיר אריַנשטעכנ א מעסער אינ הארצנ.

**פאנאָוו** גייט צו צו אים, וויל אים ארופלייגנ די הענט אפנ פּלייצע, וואסיא קערט זיך אָפּ: נו, וואסיא, מע דארפ האָבנ שטארקע נערוונ. געווינענ וועט דער, ווער עס וועט האָבנ שטארקערע נערוונ.

**סערגייעוונא:** דער שמיד, וואָס וווינט אפנ הויפ, זאָגט, אז ער איז א הייליקער... א מאלעכ פונ הימל אראָפּגעשיקט פארנ אָרעמענ פאָלק...

**פאנאָוו** גייט צו צום טיש, נעמט מארקס פּאָרטרעט אינ האנט: עס האָט זיך צעבושעוועט א מאבל, אלטער... עס האָבנ זיך אויסגעמישט אלע קאָרטנ. איכ—אנ עס־דעק, וויקענטי—אנ עס־ער, א רעכטער קאדעט — פּראָפעסער שטשעפּקינ, דער דורכגעטריבענער זשאנדארם—גענעראל וואסילטשיקאָוו, דער גרעסטער פאבריקאנט—ריאבושינסקי אונ... דער געשטופלטער פּראָוואָקאטער פּאָפּאָוו. דו האָסט איַנגעקאָרטשעט די ברעמענ, אלטער? איכ האָב דיר פארנעסנ אָנצורופנ נאָכ א פאמיליע... מיט אונדז צוזאמענ אינ נויעכס קאסטנ געפינט זיך דיינ טריַסטער שילער אונ נאָכפאָלגער קארל קאוטסקי!... זאָג... זאָג, קלוגער קאָפּ, ווער איז גערעכט: איכ, צי דער יאקאָבינער לענינ! ענטפער, צי איז ווירקלעכ געקומענ די ציַט ארויסרופנ דיַנ געשפּענסט אונ איבערשטעלנ דעמ סיידער פונ דער וועלט, אָדער לענינ איז א צווייטער מאראט אונ וועט ענדיקנ ווי מאראט? די וועלט וויל ניט, מע זאָל איר ענדערנ דעמ סיידער, דו הערסט, ליבנקאָפּ? אונ עפּשער איז דיַנ נעוויִעס גאָר קיינ נעוויִעס ניט געווענ?... א?... ענטפער, אלטער, עס פּלאצט דער קאָפּ!...

**וואסיא:** א שאָד, וואָס דו ביזט ניט קיינ אקטיאָר, דו וואָלסט אויסגעצייכנט געשפּילט האמלעטנ... גיי בעסער אונ קריג די נייטיקע פּאפּירנ אונ לאָמיר פונדאנענ נאָר וואָס גיכער אנטלויפנ, מע קענ דאָ מעשוגע ווערנ טוט א ווונק אפּ סערגייעוונא מע דארפּ זי אויכ מיטנעמענ... דאָרט וועט זי צוניצ קומענ... זי איז אביסל טויבלעכ, פארשטייסט... אנטלויפנ מונ מענ פונדאנענ!...

**פאנאָוו:** ס'איז אפנ גאס צו טומלדיק... עפּשער אָפּווארטנ?...

**וואסיא:** דער טומל איז שוינ פאָריבער. ווארטנ טאָר מענ מער קיינ איינ סעקונדע ניט. מע קענ אינ איינ שיינעם פרימאָרגנ אונדז אלעמענ ארעסטירנ.

**פאנאָוו:** דאָס איז ריכטיק. ווערסט מיכ דאָ ווארטנ?

**וואסיא:** אויב איכ וועל דאָ ניט זײַנ, וועסטו מיר אָנקלינגענ. פאנאָוו אָפּ.

**סערגײעוונא** טוט פלינק א הייב דעם קאָפּ. קלינג אָנ, וואסינקא, גיכער... פאָטערל מײַנער טײַערער... וואָס האָבנ זיי מיט דיר געטאָנ...

**וואסיא:** וועג ניט דער באשלוס צו פאָרנ מיט אים אהינ, וואָלט שוינ מײַנ מעסער איבערגעגעכטיקט בא אים אינ הארצנ... לויפט צו צום טעלעפאָנ. וועטשעקא. דײַטשמאנס קאבינעט. דײַטשמאנ? וואָס הערט זיכ מיט איליטשנ? איכ האָב געדארפט היטנ דעם הונט... יאָ... א? שטארק פארווונדעט? גייט אָפּ מיט בלוט? די עס־ערנ, פארשטייט זיכ!.. איכ גיי גלײַכ צו דיר. פאנאָוו איז נאָר וואָס ארויס פונ צימער, זאָלנ זיכ אָפּ־קילנ זײַנע טריט.

**סערגײעוונא:** איכ לויפ!..

**וואסיא:** וואוהינ?

**סערגײעוונא** פארלירט זיכ. אהינ... נאָר עפשער בינ איכ שוינ צו אלט אונ מײַנ בלוט...

**וואסיא:** באבוסיא, עס וועלנ זיכ געפינענ טויזנטער יונגע, קרעפטיקע ארבעטער, וועלכע וועלנ מיט פארגעניגנ אָפּגעבנ זייער בלוט אונ—אז מע וועט דארפנ—זייער לעבנ פאר אונדזער איליטשנ... מיר וועלנ נאָכ זענ, ווער נערוונ וועלנ זײַנ שטארקער אונ וועמעס נערוונ וועלנ מער אויסהאלטנ. קום לאָמיר גיינ! מיר דארפנ איצט זײַנ מיט די מאסנ. אפנ גאס!..

פאָרהאנג.

סאָרע קאהאן

# דערמאָנונג

ס׳דערמאָנט זיך גלײַך א דערפעלע
פארוואָרפן אָן א זײַט,
ווײַט פון שטאָט און אײַזנבאן,
פון וועלט און מענטשן ווײַט.

צווי געסלעך שמאָלע, קויטיקע,
מיט דעכעלעך פון שטרוי
הויפן, שטאלן, שײַערן,
מיט פינצטערניש און ווײ.

א פאזשניע. קויטיק און קלעפיק געדיכט,
שיטער און שטעכיק די גראָזן,
איז וויפל מאסאָעס געטראָגן אף זיך,
וויפל טעג אין די בלאָטעס געלאָזן.

איז וויפל טעג, וויפל מי, וויפל נויט,
ליגן דאָרט הינטער די פלייטן?

און ברויט? ווער קען טראכטן פון ברויט,
אז די פעלד איז אינגאנצן א דלאָניע די ברייט.
אז די פעלד איז אין פאסן אף וויאָרסטן צעשפרייט.
און ס׳לעבט דאָ נאָר ווייטיק אף ווייטיק.

פיבערט ווײַסרוסלאנד, מײַן לאנד דאָס פארהלושעטע
מיט וועלדער זומפיקע און געדיכטע.
אונטער יעדן בוים, אונטער יעדן קוסטיקל
ליגט פארטײַעט א געשיכטע.

האָט דאָ ארומגעדרייט, האָט דאָ ארומגעכאפט,
א שקוואל א בלוטיקער דאָ קאָכט אונ שרייַט,
אפ יעדער סטעזשקעלע ליגנ אויסגעקלאפט
די טריט די בלוטיקע פונ שווערנ שטרייַט.

עס ברענענ דערפעלעכ. שטעטלעכ פלאקערנ.
אינ סרייפעס יאָגט זיכ דאָ ארום דער פאנ.
ס'הערט אופ דער פויער דאנ צו קאָסיענ, אקערנ
אונ לויפט אינ וואלד—א פארטיזאנ.

אונ כעוורע, וואָס האָבנ אינ קאמפ זיכ צעשאָטנ,
קלייַבנ זיכ ביסלעכווייַז אופ,
פארמאטערט פונ פראָגנ, פונ רויבער, פונ בלאָטעס
אפ ארבעט! אפ ארבעט!
אינ פאריינ אונ אינ קאָמיוג.

זיצנ די יאטנ באמ הילצערנעמ טיש,
גיבנ זיכ לעפל אינ שיסל א מיש,
גיט דער מעזיניק פונ אָרט זיכ א הייב.

גיט ער דעמ צימער א מעכטיקנ מעסט,
פרייט זיכ אינ ציינער א פאפיראָס.

דרייט זיכ דער רויכ איבער צימער פארטראכט,
איינ אויג איז אָפנ, די צווייטע פארמאכט.

— עכ, ברידער, ווענ מע גיט דאָס איצטער מיר
פונ באנדע דער גרינער דעמ קאָמאנדיר.

דאנ וואָלט איכ געפרעגט אימ: דו האָסט מיכ דערקענט?
האָסט געריסנ פונ מיר דאנ די הויזנ, דאָס העמד,
אונ מיכ צוגעבונדנ צומ צעשאָסענעמ דעמב.

הארבסט. קוילנ. באנדעס. וואלד. ווינט.
אינ מאָכיקע בלאָטעס אונדזער געזינד.
ווער עס בעט עסנ, ווער—ברעכט די הענט,
עס האָט דאנ די געגנט אינ קאמפנ געברענט.
נאס, נאכט, בלאָטע, שטיל.
אינ וואלד, אינ געדיכטנ פונ גראפ ראדזיוויל.
— — — — — — — — — — —

האָט זיכ די מיטעלע שוועסטער פארטראכט
אונ שטיל מיט דער האנט קוימ געגעבנ א מאכ.
א דאמפערל—א קליינינקער בוקסירל,
עטלעכע זעקלעכ קאָרנ אָפּגעדעקט אונ פריי,
ס׳לאָזט פונ הינטער וואלד א טאָג זיכ גיינ שפאצירנ
ווי ס׳גיט איינ א טאָג אינ סאָפּ פונ כוידעש מיי.

די טייכ איז אזא רויִקע א גלאטע,
אונ אינ גרינעמ סאמעט וויקלט זי דעמ טאָג,
ס׳וואַרפט זיכ אומ א שוימיקייט א הילכיקע־קודלאטע
פונ אונטער רעדער רוישיקע פונ „פאראכאָד״.

ס׳איז פרי, ס׳וואַכט אופ צוביסלעכ די „קאיוטע״,
מע בינדט פאנאנדער עסנ, מע רוט זיכ אפּ באראָט.
איכ שטיי אונ האלט די קינדער אונ צייל שוינ די מינוטנ,
ווענ וועט מענ שוינ אָנקומענ אינ שטאָט.

אונ פּלוצלונג—א טומל, א געלאפּ, א געשריי,
מע טופּעט, מע ליארעמט, געדריי אפּ געדריי,
— שטעלט אָפּ זיכ! אהערצו! טר־אכ טארא־ראכ.
ס׳פּליִענ שוינ קוילנ אינ אָפענעמ דאכ.

ס׳האָבנ ווערטער מיט ביקסנ
צוזאמענ געקנאלט.
ס׳האָבנ באפאלנ אונדז
„גרינע״ פונ וואלד.

בלייב איכ דאנ שטיינ
מיט אנ אָפענעמ מויל,
פּונקט ווי דערשלונגענ
א זודיקע קויל.

גיט מענ א כאפּ מיינ צוויי־יאָריקנ זונ,
צעשטעלט קינד מיינס אויגעלעכ פארוווּנדערט אונ שטומ,
ווייס דענ א קינד פונ באנדיטישע רייד,
האלט ער זיכ אָנעט פעסט אָנ מיינ קלייד,

נאָר ס׳גיט אימ א לאפּע א הייב אונ א ריס
אונ ס׳קלאפּנ זיכ פיסלעכ אָנ מערדערשע פיס.
אָט איז דער פענצטער אונ אָט איז די טייכ,
אָט שטייט דאָס וואסער פארגליווערט אונ רוט,

איך זע דאָרט א רויטקײַט פון קינדערשע בלוט...
— — — — — — — — — — —

האָט די מעזינקע זיך געגעבן א הייב
געגוג וועגן דעם, וואָס איז לאנג שוין פארשטויבט...
א שאָ צײַט פארבראכט דאָ אפ וואָס און אפ וועג
מײַסעס דערציילן? געווען איז געווען!

פערצן יאָרן זודיקע
ליפן דורך פארבײַ,
פערצן יאָרן זודיקע
שטייען אפ געבײַ,
פערצן יאָרן זודיקע
זאָגן אונדז הײַנט אָן:
עס האָט דאָס לאנד
פארמויערט זיך
אין בוינג, און בעטאָן.

צ. דאָלגאָפאָלסקי

# א שווערער טאָג

## (א קאפיטל פונעם בוכ „זײַדי")

„... לאָמיר פארהאָפנ, אז דער אויטאָ־זאוואָד וועט אינ דער נאָענטסטער צײַט קענענ געבנ דעמ לאנד טויזנטער אונ הונדערטער טויזנטער נײַע מאשינעס, וואָס זײַנענ נייטיק פאר אונדזער פאָלקווירטשאפט, ווי לופט, ווי וואסער".

י. סטאלינ (פונ זײַנ באגריסונג' דעמ ניזשעגאָראָדער אויטאָזאוואָד).

די פארזאמלונג איז צונויפגערופנ געוואָרנ אינ דער צײַטווײַליקער פאבריק־קיכ, ניט ווײַט פונ קלוב, וועלכער איז פארשטעלט מיט א געדיכטער נעצ רישטאָוואניעס אונ איז ארומגעלייגט מיט בוי־מאטעריאַלנ, מיט ליידיקע פעסער פונ צעמענט, אָנגעשטעלט איינע אפ די אנדערע. דער דרײַשטאָקיקער ארבעטער־קלוב דארפ ווערנ פארטיק סאָפ יאָר, אונ די דעלעגאטנ פונ דער פאבריק־קאָנפערענצ האָבנ זיכ צעזעצט ארומ די אײַלנדיק־אָפגעווישטע פיראָרטיקע קוואדראטנע טישלעכ, וועלכע האָבנ זיכ נאָרוואָס באפרײַט פונ די עסער. אייניקע ארבעטערנס האָבנ מיט שטיקלעכ צײַטונג־פאפיר אָפגעווישט די נײַע צעראטענע טישטעכלעכ פונעמ איבערגעבליבענעמ כיילעוו אונ פעטקײַטנ, קעדיי אָנלייגנ זיכ מיט די נאקעטע עלנבויגנ אפ די טישנ. ארבעטער זײַנענ געקומענ צו די טישנ מיט פלעשלעכ אלערלייִקע וואסערנ, וואָס זיי האָבנ באקומענ פונעמ אָפענעמ בופעט, וועלכנ דער פאָרזיצער פונ פארזאמלונג האָט אָקאָרשט פאראָרדנט צו מאכנ. דער טאָג איז געווענ א הייסער, אונ פונעמ וואָרמעס האָט שטארק געדאָרשט.

מע האָט געקוקט אפ דער פארזאמלונג, ווי אפ אנ אומפארמײַדלעכער אָנלאָדונג. דער פאָרטראָג פונ שטאָסאָוועט האָט ניט איבעריקס אינטערעסירט. די ארבעט פונ שטאָסאָוועט האָט מענ גענוג באלויכטנ אונ אגעוו שטארק קריטיקירט אינ דער פילטיראזשקע, אינ דער אָרטיקער אונ צענטראלער פרעסע. מע האָט גיכער געווארט אפ די דעבאטנ, איידער אפנ פאָרטראג גופע. וואָס קאָנ שוינ צוגעבנ צו דעמ אלצ, וואָס איז שוינ לאנג באוווּסט, אָט דער מענטש מיטנ פאנאנדערגעשפילטנ קראגנ פונ דער שווערער טוכענער העמדל. אינ ערגסטנ פאל וועט ער זוכנ אָביעקטיווע סיבעס, לעמײַ עס ארבעט שלעכט דער שטאָסאָוועט. אינ בעסטנ פאל וועט דער רעדנער „אָנערקענענ די פעלערנ", וועט מודע זײַנ, אז די ארבעט טויג אינ דרערד.

דאָס וואָרט „רעגלאמענט" האָט שוינ ארויסגערופנ פריילעכע באמערקונגענ מיצאד די דעלעגאטנ. עס האָבנ זיכ איבערגערופנ ארבעטער פונ די טישלעכ.

— מע דארפ עס מאכנ בעקיצער.

— גענוג פאר אימ פופצנ מינוט.

— ער בעט א שאָ? בעשומויפנ ניט!

— זאָל ער ריידנ לויט די פונקטנ פונ אָנזאָג...

— דער אָנזאָג, דער אָנזאָג, ווו איז דער אָנזאָג...

מע האָט זיכ בארויִקט, אונ ליאשקאָ, דער פאָרזיצער פונ שטאָטסאָוועט, האָט מיט מאזל, אונטערהוסנדיק, אָנגעהייבנ צו ריידנ. עס האָט זיכ פונ אָנהייב ניט געקלעפט, אונ וועלקע ראטינסקי האָט ארײַנגעשריבנ בא זיכ אינ נאָטיצ־ביכל:

„די רעדע פונ פאָרטרעגער פלאָנטערט זיכ, ווי עס פלאָנטערט זיכ בא אונדז אינ שפינער־צעכ א פארבראקירטער שפול אָדער קוילעטש, ווענ די וויסקאזע פעדימער גייענ אָנ א סיידער, גרײַזלענ זיכ, האלבירנ זיכ, אונ דער שפינער איז ווילנדיק, ניט ווילנדיק גענייט איבערײַסנ דעמ פאָדעמ, אויסרייניקנ אינגאנצנ דעמ שפינער־מעכאניזמ אונ אָנהייבנ פונדאָסנײַ די שפינערײַ, ארויסבאקומענדיק פונ דער אויסעסנדיקער פליסיקײַט א נײַעמ פאָדעמ אונ איבערגעבנ די פאָדעמ אינ רעשוס פונ צענטראפוגע”.

וועלקע האָט א צופרידענער איבערגעלייענט דעמדאָזיקנ זאצ. אימ האָט געפרייט, וואָס ער האָט שוינ באהערשט די טערמינאָלאָגיע פונ שפינער־צעכ. וועלקע האָט באשלאָסנ אויסנוצנ דידאָזיקע לענגלעכע באמערקונג, ווענ ער וועט אָפגעבנ א באריכט אינ צעכ וועגנ דער קאָנפערענצ. וועלקע איז רויט געוואָרנ, באמערקנדיק, ווי כאווער מארשינ, דער געהילפ־דירעקטער, האָט הינטער זײַנ פלייצע ארײַנגעקוקט אינ זײַנ, וועלקעס, בלאָקנאָט אונ האָט זיכ גוטמוטיק צעשמייכלט. מארשינ האָט מיט אימ, וועלקענ, געוואָלט, קאָנטיק, ארײַנ אינ א געשפרעכ, נאָר דערזעענדיק, ווי ראטינסקי רויטלט זיכ אונ איז בייזלעכ, האָט ער זיכ אָפגעקערט פונ אימ אונ האָט זיכ קלויִמערשט פארטיפט אינ ליאשקאָס פאָרטראג. וועלקענ האָט דאָס פארדראָסנ, אונ צוליב דעמ איז ער אריבער צו א צווייטנ טיש, ווײַטער פונ פאָרפרעזידיוּם. וועלקעס איבערוואנדערונג האָט נאָכמער ארויפגעשלאָגנ פונ טאָלק דעמ פאָרטרעגער. טאָמער האָט ער, ליאשקאָ, געהאט כאָטש איינ אופמערקזאמענ דעלעגאט, איז ער אויכ אוועק. דעמ קאָמיוגיסט האָט מאשמאָעס אוואדע דערעסנ זײַנ פאָרטראג. קיינ כידעש ניט—דעמ פאָרטרעגער אליינ האָט דער פאָרטראג אויכ שוינ גענוג דערעסנ: ניט געווענ זיכ מיט וואָס צו ווײַזנ פארנ אוילעמ. דער רעדנער האָט באשײַנפערלעכ דערזענ, אז די דעלעגאטנ־פארזאמלונג הייבט אימ ניט אָנ צו הערנ. די דעלעגאטנ זײַנענ פארטאָנ אינ זײַטיקע זאכנ. יונגע ארבעטער כאָכמענענ זיכ מיט ארבעטערנס. מע רעדט צווישנ זיכ, מע שרײַבט צעטעלעכ, מע וויצלט זיכ, מע דרעמלט, מע גענעצט, אונ אנדערע קליגערע ראַטעווענ זיכ ארויס געגאנוועטערהייט אפ דער פרײַער לופט, צו די רישטאָוואניעס פונעמ דרײַ־שטאָקיקנ קלוב. ליאשקאָ האָט זיכ אָנגעהייבנ צווײַלנ, איבערהויפנ פונקטנ פונ זײַנ פאָרטראג אונ האָט זיכ אָנגעריסנ אפ דער געוועזענער שטאָטישער פערד־קאָנקע. ליאשקאָנ האָט א בליצ געטאָנ אינ מויעכ—ער וועט אָנהייבנ פונ קאָנקע. ליאשקאָ האָט זיכ ניט אָפגענארט. ער האָט נאָכ ניט באוויזנ ארויסריידנ פונ מויל דאָס וואָרט קאָנקע, ווי די גאנצע פארזאמלונג האָט אופגעלעבט.

געפאקט די פארזאמלונג, האָט ליאשקאָ זיכ דערמונטערט, קראצנדיק כיטרע מיטנ גראָבנ פינגער זײַנ הויכנ שטערנ: איצט וועט עס גיינ.

— קלאָר, כאווירימ,—האָט ליאשקאָ געזאָגט,—אז מיט אונדזער פערד־קאָנקע וואָלטנ מיר ווײַט ניט אוועק. דעריבער האָבנ מיר די פערדישע ליניע פאנאנדערגענומענ, די גאסנ אומ־

געגלײַכט, די הויפט־גאס, לענינ־גאס, אויסגעזעצט מיט ציגל אונ אָנשטאָט דער פערד־קאָנקע אײַנגעפירט די אווטאָבוס־באוועגונג...

מע האָט זיכ פאנאנדערגעלאכט. דער געלעכטער איז געגאנגענ כוואליעסווײַז פונ אײנ ווינקל צום צווייטנ, פונ אײנ טיש צום צווייטנ. די ארבעטער האָבנ דערמאָזיקנ געלעכטער ניט געוואָלט ארויסלאָזנ פונ זאל. מע האָט נעקאָמע גענומענ פונעמ כאווער ליאשקאָ. מע האָט געקלונגענ מיטנ גלעקל, אונ דער פאָרטרעגער האָט אָנגעהויבנ מיט העכערע טענער.

... וואָרעמ איכ זאָג, אז די אווטאָבוסנ באפרידיקנ די פאָדערונגענ פונ די ארבעטער?.. איכ זאָג דאָס ניט אונ קאָנ דאָס ניט זאָגנ, אָבער ביכלאל דארפט איר וויסנ, כאווײרימ, אז דער אווטאָבוס האָט די מײַלע, וואָס ער לויפט שנעלער אפילע פונ טראמווײַ, וואָס ער איז ניט פארבונדנ מיט א באוווסטנ מארשרוט. ער גייט אינ די צענטראלע גאסנ, אָבער ער קאָנ אויכ פארקירעווענ אינ די זײַטיקע גאסנ, לאָמיר זאָגנ אינ באריאנקע...

— אָהאָ, ווו ער איז פארקראָכנ... אזש אינ באריאנקע.

באריאנקער ארבעטערנס האָבנ געלאכט.

— פאריכט דעמ בריקל פריִער...

— אינ באריאנקע וועט דײַנ אווטאָבוס ניט דורכקריכנ,—האָט ליאָנעווע אויסגעשריִענ פונ מיטנ זאל, אונ ליאשקאָ האָט פאָרגעזעצט.

— עמעס איז, אז אונדזערע אווטאָבוסנ זײַנענ אָפגעניצטע. מיר האָבנ זיי אזעלכע באַקומענ, אָבער אווטאָבוסנ זײַנענ זיי פאָרט. זיי גייענ, כאווײרימ, אונ כוצדעמ דארפ מענ ניט פארגעסנ, אז צו ענדע 1933־טנ יאָר האָבנ מיר אינ שטאָט אנ עלעקטרישנ טראמווײַ.

דאָ האָט ליאשקאָ ניט פארגעסנ אויסצורעכענענ אלע מײַלעס, וואָס אנ עלעקטרישער טראמווײַ גיט דער באפעלקערונג.

— ווענ מיר גיבנ צו צו אונדזערע אווטאָבוסנ דעמ עלעקטרישנ טראמווײַ, באקומט דער שטאָטסאָוועט א פולע מעגלעכקײַט טראנספאָרטירנ אלע ארבעטער צו דער ארבעט... דער טראנספאָרט איז דאנ בעקויעכ...

נאָר באמ סאמע אינטערעסאנטנ אָרט האָט דעמ פאָרטרעגער איבערגעריסנ דער שפּי־נער אנדראָנ, וואָס ארבעט אינ אײנ בריגאדע מיט וועלקענ אונ האָט פריִער געארבעט אלס טרײַבער פונ דער ליקווידירטער קאָנקע. אנדראָנ האָט זיכ אויסגעגלײַכט, אוועקגעשטעלט זיכ אפ זײַנע לאנגע פיס אונ האָט אויסגעשריִענ:

— דער פאָרטרענער דערציילט אונדז א בײַקע. די אווטאָבוסנ גייענ נאָכ ערגער פונ דער קאָנקע.

אנדראָנס אבסורדישע ארויסטרעטונג האָט מענ, אפצעלאָכעס דעמ פאָרטרעגער, ווארעמ אופגענומענ, אונ ליאשקאָ, איבערגייענדיק צו די ווײַטערדיקע פונקטנ פונ זײַנ פאָרטראג, האָט זיכ געמוזט פארענטפערנ, לעמײַ דער שטאָטסאָוועט האָט זיכ צוגעײַלט ליקווידירנ די קאָנקע.

— דאָס איז ריכטיק, — האָט ליאשקאָ באשטעטיקט: אנדראָנ איז גערעכט, כאווער אנ־דראָנ איז גערעכט. דאָ איז שולדיק די פריִערדיקע אָנפירונג, וועלכע האָט באקומענ אי־בער די הענט פאר ניט דערשאצנ די באדײַטונג פונ באנוצנ זיכ צײַטווײַליק מיטנ לעבעדיקנ טראנספאָרט.

ליאשקאָ האָט פאנאנדערגעוויקלט די ווײַטערדיקע פלענער פונ שטאָטסאָוועט, אונ וועלקע איז געזעסנ באמ טיש אונ האָט זיכ פארטראכט גאָר וועגנ זײַטיקע איניאָנימ, וואָס האָבנ ניט קײנ שײַכעס צומ באריכט פונ שטאָטסאָוועט. וועלקע באגעגענט שוינ דעמ

וויפלטן מאָל אפן דירעקטערס מאשינע מאניע גריך. זי איז א שאָפער, און טרײַבט די מאשינע מעשוגענערווײַז. מאנקע האָט איינמאָל מיט א באַליידיקטן ברום פון דער סירענע אראָפגעטריבן וועלקען פון שאָסיי. זי זאָל אים כאָטש באמערקן. סטײַטש, זיי זײַנען ביידע פון איין שטאָט, זיי האָבן געוווינט ביידע אין איין גאס. זי זאָל אים ניט דערקענען—דאָס קאָן ניט זײַן. אין אירע בלוטן רינט די גרויסהאַלטערישע בלום פון דעם טאטן דעם קאָדעטניק, וואָס האָט געהאט אַלעמאָל אן אייסעק מיט פריצים, מיט טײַערע קארעטעס, האָט אַלעמאָל באדעקט מיטן בעסטן לעדער די פריצישע קארעטעס, האָט אפילע געארבעט אפן מארשאַל ענגערגאט, האָט ניט נאָר געקאָנט קונציק דעקן לעדערנע בײַדלעך פון די בעסטע קארעטעס, נאָר האָט אויך געקאָנט האַלטן אין די הענט די לייצעס פון דרײַ און פיר פערד און טרײַבן זיי איבערן שטאָט מיט א מעשוגענעם אימפעט.

„אז זי האַלט אין האנט דעם רודער פון דער מאשינע, איז זי דער טאטע מיט די ביינער. דעם טאטנס קנייטשעלעך אין די זײַטן מאָרדע. גריך, גריך... אַלע גריכס זײַנען ווי אויסגעגאָסן... ווו געפינען זיי זיך איצט? ווען איז דאָס מאנקע א שאָפער געוואָרן? פארוואָס קערט זי אָפ דעם קאָפ פון אים? ניט אָפגעלעבט די קינדער־יאָרן אין איין שטאָט, ניט געבאָדן זיך אין דערזעלבער טײַך"...

אנדראָן האָט ארופגעלייגט זײַן שווערע האנט אפ וועלקעס מאָגערע פלייצע.

— וועגן וואָס טראכסטו,—האָט אנדראָן געפרעגט: דו בענקסט נאָך דער מאמען.

— ניט נאָך דער מאמען,—האָט וועלקע זיך צעלאכט.

— אהא, ניט נאָך דער מאמען, איז נאָך וועמען בענקסטו,—און האָט אים געגעבן א קיצל אין זײַט.

מע האָט זיך געריכט אפ אסאך ארויסטרעטונגען פון די ארבעטער, נאָר פארענדיקט האָט זיך די פארזאמלונג אזא אָפגעקילטע. אין זאַל זײַנען פארבליבן ווייניק דעלעגאטן. מע האָט געשלעפט פאר דער צונג, און קיין באלאָנים אפ ריידן זײַנען ניט געווען. וועלקע האָט יאָ געוואָלט ארויסטרעטן, נאָר האָט כאראָטע באקומען. ער איז געווען פארמאטערט פון דער ארבעט, און גריכס באדלעס האָט אים געדריקט און געערגערט. וועלקען האָט אופגערעגט דער עצעם געדאנק וועגן גריכן, וואָס האָט זי זיך אײַנגעקליאפעוועט בא אים אין קאָפ. ווייניק וויכטיקערע פראגן זײַנען דאָ, ווייניק פראגן, מיט וועלכע ער, וועלקע, דארף זיך פארנעמען.

מע האָט געהייבן די הענט, און וועלקע האָט ניט געוווּסט פארוואָס מע שטימט.

אנדראָן האָט אים ווידער א טרייסל געטאָן:

— די פארזאמלונג שטימט, און דו וואָס—דו שלאָפסט?

ליאשקאָ האָט זיך געסוידעט מיט רומינאָוון, מיטן דירעקטער, מיט די פאבריק־דעלעגאטן פון שטאָטסאָוועט. מע האָט געפרוווט ווירקן, אז די רעזאָליוציע זאָל באגיטיקן די ארבעט, נאָר די ארבעטער זײַנען ארײַן אין אזארט. מע האָט געשריען פון די ערטער. הענט האָבן זיך געצויגן צום פרעזידיום: אַלעמען האָט זיך ריידן פארוואָלט. עס איז ארויסגעטראָטן דער סעקרעטאר פון דער פילטיראזשקע, כאווער באראשאָוו. אים, באראשאָוון, איז שווער צו ריידן, ער שטאמלט אונטער, דערפאר ווערט אַלעמאָל די פארזאמלונג זייער שטיל, אז ער טרעט ארויס. באראשאָוו האָט געזאָגט:

— דיפ... לאָמאטיע וועט דאָ ניט העלפן. ווי מע גרייט צום ט־טיש, אזוי עסט מען... מיר וועלן די ארבעט ניט באגיטיקן... די פאבריק פאָדערט פון שטאָטסאָוועט טראנספאָרטממ... מיטלען.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרצויגן און האָט זיך פאַרענדיקט מיט א סקאַנדאַל. די ארבעט פון שטאָטסאָוועט איז אָנערקענט געוואָרן פאַר ניט באַפרידיקנדיק, און ליאשקאָ האָט זיך אָפּגעטראָגן פון פאַבריק א פאַרשוויצטער און א פאַרמאַטערטער.

די פאַבריק־קאָרפּוסן זײַנען דאָ אויסגעוואַקסן אין ווײַטע, שטילע, נידעריקע קוואַרטאַלן, צווישן סעדער און גערטנער איז מיטאַמאָל געוואָרן שטויביק, קאַלכיק, זאַמדיק און טומלדיק. אַלע אכט שאָ קומען אָן אהער צופוס פונעם בײַשטאָטיקן געגנט יונגע דאָרפישע מיידלעך, ברוסטיקע, דיכיקע, מיט דורכזיכטיקע זומערשפּרינקלעך אַף די גראָבע באַקן, אין אָפּגעטראָגענע סאַנדאַלן אַף באָרוועסע גראָבע פיס, און פון שטאָט קומען אָן אין אווטאָבוסן יונגע מיידלעך אין מײַקעס, וועלכע טרעטן אײַלנדיק און הילכיק איבער די פאַרקאַלכטע, שטויביקע, שמאָלע הילצערנע בריקלעך, קלאַפּן שטיפעריש מיט די מאָדישע הויכע הילצערנע קאָרקעס, יאָגן אריבער איינע די צווייטע, אײַלנדיק צום טויער פון פאַבריק, צו די קאָרפּוסן. דאָ דרייען זיך אויך ארום שטעטלדיקע ייִנגלעך, וואָס שלעפּן אײַנגעמאַטערטע די פיס איבערן גרויסן מיט בוי־מאַטעריאַלן פאַרלייגטן הויף. דער גאַנצער געגנט זעט אויס, ווי נאָך אַן ערדציטערניש — גריבער און גראָבנס און שטיינער און רישטעוואַניעס און טורעמס צווישן פאַרבלײַבענע, געזעצטע, אַלטע עפּל־ביימער, פאַרפּלייצטע מיט ניטצײַטיקע, פון זון און שטויב־צוגעטריקנטע גרינע עפּל.

אהיים איז וועלקע אוועק צו פוס. ער האָט זיך געשלעפּט מיטן שאָסיי. ער האָט זיך געײַלט. ער האָט זיך געפילט הײַנט זיכער און האָפערדיק. דער ארבעט־טאָג איז הײַנט דורכגעגאַנגען גוט. די לעצטע טעג גיט זײַן מאשין זייער ווייניק בראַק, און הײַנט האָט דער בראַקירער קיין איין פאַרבראַקירטן שפּול ניט פאַרצייכנט. דאָס איז אייגנטלעך דער ערשטער טאָג פאַר אכט כאָדאָשים ארבעט אין שפּינער־צעך. אכט כאָדאָשים שוין אַף דער פאַבריק. אכט כאָדאָשים פונדערהיים. אכט כאָדאָשים האָט ער ניט אָנגעזען דאָס שטילע שטעטל, דאָס לויפּיק טײַכל, דעם נײַעם שטאָטגאָרטן, וואָס דער שטאָטסאָוועט האָט מיט דרײַ יאָר צוריק פאַרפּלאַנצט און וואָס האָט זיך פאַר די דרײַ יאָר פאַנאַנדערגעוואַקסן.

וועלקע האָט ליב געהאַט זײַן שטאָט. ער באַליידיקט זיך, ווען כאַווירים רופן אָן זײַן שטאָט שטעטל. דאָ אַף דער פאַבריק איז דער אויער שוין צוגעוויינט צו הערן שטעטל. די ערשטע צײַט אָבער האָט „שטעטל״ באַליידיקט. ציילט דאָך אָן זײַן שטאָט צען טויזנט נעפאשעס. וועלקע האָט זיך דערמאָנט אַף פאַרשריבענע צוויי שורעס אין זײַן בלאָקנאָט. ער האָט זיי דאָ איבערגעלייענט אַף אויסנווייניק. ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס איז דער אָנהייב פון זײַן שטעטל באַראַשאָווג ניט געפעלן.

מײַן שטעטל קוקט אַף מיר מיט טויזנט אויגן —
מיט וואָס, מײַן שטעטעלע, האָסטו מיך צוגעצויגן.

עס האָבן זיך דערהערט פונדערווײַטן סירענעס — סיגנאַלן. דאָס איז געגאַנגען אים אנטקעגן דעם דירעקטערס מאשין א ליידיקע. וועלקע האָט פלינק זיך דערנעענטערט צום שאָסיי. יאָ, זי, גריכ, האַלט אין האַנט דעם רודער. איצט האָט זי אים געזען. אײַנגעקוקט זיך אין אים מיט אירע זשוליקעוואַטע גרויע לאַכיקע גריכישע אויגן. זיי האָבן זיך ניט באַגריסט, זיי האָבן דורכגעלאָזן איינע די צווייטע, ווי פרעמדע, ווי ניט באַקאָנטע. וועלקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף איין סעקונדע. און גריכ האָט פונדעסטוועגן א דריי געטאָן איר געשאָרענעם קאָפּ אַף צוריק, דערזען וועלקען א פאַרכאָלעמטן, אַן אָפּהענטיקן.

וועלקע האָט אופגעצאפּלט, ער האָט אין טאקט מיט זײַנע טריט פאַרגעזעצט זײַן „שטעטל“.

מײַן שטעטל קוקט אפ מיר
מיט טויזנט אויגן
א קינד פון פרײַע מי,
א קינד פון פרײַע מי...

וועלקע איז בא זיך אין צימערל געזעסן שפּעט איבער זײַן „שטעטל“. דער ערשטער ליכט־סיגנאל האָט אים דערמאָנט, אז עס איז שוין איינס דער זייגער, אז עס איז שוין צײַט צו שלאָפן, אז מע דארף זיך אויסשלאָפן און מע טאָר ניט פארשפּעטיקן מאָרגן גאנץ פרי צום אווטאָבוס.

וועלקע האָט זיך אופגעכאפּט פון שלאָף, איז אראָפּגעשפּרונגען א דערשראָקענער פון בעטל, האָט ארײַנגעקוקט אין פענצטער—די זון האָט זיך נאָרוואָס באוויזן אפן דריטן שטאָק פון מויער, וואָס איבערן צווייטן הויף. שפּעט. עס איז פארבליבן צײַט נאָר אפ אָנטאָן זיך און לויפן צום אווטאָבוס. ער האָט פלינק אפ זיך ארופגעכאפּט די קליידער, ארײַנגעשטופּט די פיס אין די שיך, אָנציִענדיק די צעפּרייעטע, פון דער נאכט ניט גענוג אויסגעטריקנטע שקארפּעטקעס און איז צום אווטאָבוס אוועק. שוין אפן ראָג האָט ער דער־זען, אז בא דער ריי וועט ער ניט באווײַזן קומען איינער פון די ערשטע. פון די גאסן האָבן זיך ארבעטער און ארבעטערנס געײַלט צום אווטאָבוס־סטאנציע, אייניקע אײַלנדיקע מענטשן האָבן געפּרוּווט איינער דעם צווייטן אויסכיטרעווען, פארשטעלן דעם וועג, מאכן אן אָנשטעל, אז זיי אײַלן זיך ניט צום אווטאָבוס, אנדערע ווידער האָבן ניט געוווּסט פון קיין קונצן און זײַנען געלאָפן אָנגעשטרענגט, קעדיי נאָרוואָס פריִער פארנעמען אן אָרט באם אָפּשטײַג. וועלקען איז פּאָשעט ניט אָנגעשטאנען לאָזן זיך לויפן אין וועג. ווי לעכערלעך און מיִעס עס זעט אויס אָט די ארבעטערן, וואָס לויפט מיטן פאריסן קליידל צום ראָג, און לויפנדיק, ציט זי אלעמאָל ארופ די אראָפּגעפאלענע זאָקן. זי ארבעט, דאכט זיך, אין בראקיר־צעך. ער וועט ניט לויפן. ער האָט געשטעלט ברייטע טריט, געקריצט מיט די ציין און אײַנגעכאזוערט: „איך וועל ניט לויפן“.

די ארבעטער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א ריי. מענטשן זײַנען צוגעקומען. די ריי איז געוואקסן און געשלענגלט זיך. די פּאקערקע האָט אָנגעקוואָלן, וואָס זי האָט זיך ארײַנגע־כאפּט אין ריי איינע פון די ערשטע. די ווארטנדיקע ארבעטער האָבן מיט אומגעדולד צוגעקוקט זיך, צי באווײַזט זיך פון הינטערן בארג דער אווטאָבוס. די זון האָט פארכאפּט דעם ציפער־בלאט פון שטאָט־זייגער, און האָט מיט יעדער סעקונדע פארנומען אלץ נײַע שטיקער פון טורעם. דער מינוטנווײַזער איז כוצפּעדיק געשפּרונגען פון מינוט צו מינוט, און דער אווטאָבוס זעט זיך ניט. מע האָט זיך ניט געוויצלט, די ארבעטער האָבן שווײַגנ־דיק נערווירט. עס האָט דערעסן זידלען זיך, עס האָבן זיך אויסגענומען בײַסנדיקע און סארקאסטישע באמערקונגען. אנדערע ארבעטער האָבן, אויסשפּײַענדיק און ארײַנוואַרפנדיק א שארף ווערטל, פארלאָזן די ריי און מיט ברייטע טריט זיך געלאָזן צו דער פאבריק. מע האָט געזוכט אין ריי די שולדיקע. מע האָט זיך סאָפּקאָלסאָפּ פאנאנדערגערעדט.

— דער שעדיקער ארבעט קלוג.
— קליגער פון אונדז.
— פריִער צעשטערט מען די קאָנקע און דערנאָך נעמט מען בויען די פאבריק.
— באַט מען דען ניט געקאָנט אויסקלײַבן אן אָרט אין שטאָט גופע.

— וואָס שווײַגט די אדמיניסטראציע.

— איך וואָלט אויך אוועק צופוס, בלײַב איך אָן קויכעס.

— ניט די ארבעט—דאָס ווארטן און דער גאנג וועט אונדז פארמאטערן.

— פאר וועמענ ארבעטנ די אווטאָ־פאבריקנ?

— מע דארפ עפעס טאָנ.

עס האָט זיך דערזענ דער אווטאָבוס. ער האָט זיך לאנגזאם דערנעענטערט צום אָפשטעג, ווי אנ אײַנגעשפארטער ברייטער אָקס מיט אָפגעהאקטע הערנער. די ארבעטער האָבנ זיך אופגעשטעלט, האָבנ זיך צעשאָטנ טייקעפ אינדערברייט פונ גאס. עס האָט זיך געקאָנט דוכטנ, אז אָט באלאגערנ זיי דעמ אווטאָבוס פונ אלע זײַטנ. אייניקע ייִנגערע און פלינקערע ארבעטער זײַנענ געלאָפנ דעמ אווטאָבוס אנטקעגנ, האָבנ אונטערגעשפרונגענ און ארופגעכאפט זיך אפנ טרעפל.

דער אווטאָבוס האָט נאָך ניט באוויזנ אויסצוקערעווענ זיך, ווי אפנ טרעפל זײַנענ שוינ געהאנגענ ביז אָנדערהאלבנ צענדליק ארבעטער. זיי האָבנ זיך געטשעפעט איינער אָנ דעמ צווייטנ, ווי א בלאָנדזשענדיקער אָפגעריסענער בינענ־רוי. קעפ האָבנ זיך ארײַנגעריסנ צווישנ אָרעמס, הענט האָבנ זיך געהאלטנ פאר די פיס, איינ פוס איז געהאנגענ אינדערלופטנ, די צווייטע האָט געזוכט א ברעקל אָרט פאר די שפיצ פינגער אפנ גאנעקל. איינער האָט זײַנ היטל פארלאָרנ, נאָר ער האָט אפילע ניט געטראכט אָפטרעטנ און לאָזנ זיך נאָכ איר.

דער אווטאָבוס האָט זיך אָפגעשטעלט נאָכדעמ, ווי ער האָט זיך פריִער גערירט פונ אָרט. די איבערגעבליבענע אינ ריי האָבנ פראָטעסטירט און געפאָדערט פונדאָסנײַ אײַנשטעלנ די צעשטערטע ריי. ארבעטער האָבנ אינ איינ קאָל געשריִענ:

— מיר וועלנ פארשפעטיקנ צו דער ארבעט.

— פארבליבנ נאָר פערצנ מינוט.

— פארשפעטיקט.

— אוודע פארשפעטיקט.

— דער אווטאָבוס האָט אונדז אונטערגעפירט.

דער אווטאָבוס האָט זיך גערירט פונ אָרט און פלוצלונג האָבנ זיך עטלעכע הענגענדיקע ארבעטער געגעבנ א קוליע אפ צוריק. און בא איינעמ אינ האנט איז פארבליבנ דאָס הענטל פונ אווטאָבוס. די מאשינ האָט זיך ווידער אָפגעשטעלט. מע האָט געזוכט די שולדיקע. די הענגענדיקע ארבעטער האָבנ געשטעלט פיס.

וועלקע איז געלאָפנ צומ פאבריק צופוס, ער האָט ניט אופגעהערט צו קאָנטראָלירנ די צײַט, ציילנדיק די אייגענע טריט. אויב ער וועט שטעלנ אזעלכע ברייטע טריט, אויב ער וועט אזוי גיכ די טריט ציילנ, וועט ער קומענ צודערצײַט אפ דער ארבעט, דאָס הייסט, ניט נאָר צו דער צײַט, נאָר ער וועט פארשפעטיקנ אפ פינפ מינוט—נאָכ איידער מע וועט פארשליסנ דעמ טויער.

וועלקע האָט פארגעסנ אפ אלצ. זײַנ גאנצער וועזנ האָט איצט געדארפט דינענ, קעדיי צו שטעלנ ברייטע מעטערדיקע פלינקע טריט, קעדיי צו קומענ צומ פאבריק־הויפ צודערצײַט.

— ניט פארשפעטיקנ. איכ וועל ניט פארשפעטיקנ. איכ וועל בעשומויפנ ניט פארשפעטיקנ,—האָט וועלקע אײַנגעכאזערט... ניט־פאר־שפע־טיקנ. ארויסריידנדיק יעדנ זילב פונ די צוויי געוויינלעכע ווערטער, וואָס שפילנ איצטער אזא גרויסע ראָלע, האָט ער פאר דער

צײַט דורכגעמאכט מעטערדיקע טריט, דער יונגער אקשאָנעסדיקער אָרגאניזם האָט ניט געפילט קיין אײַנגעמאטערטקײַט. ער קומט דער ערשטער צום טויער. ער קומט דער ערשטער צום פיניש. פונהינטן האָבן זיך קלאָגעדיק געשלעפט ארבעטער און ארבעטערנס. זיי זײַנען אָפגעשטאנענע ווײַט פון אים, זייער ווײַט.

ער איז דער ערשטער און דער אייגציקער געקומענע צום טויער. נאָר א רויִקע ניט אײַנגעמאטערטע האנט האָט שוין געהאלטן דעם ריגל פון יענער זײַט. וועלקע האָט דער־זען אינדערשפיץ פון א בריגאדע ארבעטער מאנקע גריך.

— עפנט!—האָט וועלקע מיט גוורע א שפאר געטאָן דאָס טירל, נאָר קיינער האָט פון יענער זײַט אפילע ניט א קוק געטאָן.

— עפנט! האָט וועלקע זיך געבעטן,—מיר דראָט די שווארצע ברעט.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

— עפן,—איך בין א שלאָגלער.

קיינער ענטפערט ניט.

— עפן! איך בין געקומען פאר זיבעצן מינוט.

דאן האָט זיך דערהערט א ברייטע יונגע זאפטיקע פרויען־שטים פון יענער זײַט און טייקעף האָט זיך די טירל אָפגעעפנט.

— פלינקער קריך... א שלאָגלער דארף ניט שלאָפן שפעט... א שלאָגלער דארף זיך אפ קיינעם ניט פארלאָזן.

וועלקע האָט זיך דורכגעריסן דעם קאָרידאָרל, ניט א קוק געבנדיק אפ גריכן, און איז ארופ אפן פאבריק־הויף.

פון טויער ביז זײַן שפינער־קאָרפוס איז ניט אזוי נאָענט. ווען מע מעסט דעם מעהא־לעך מיט דער מאָס פון שטאָט, וועט דאָס כאפן ביז צוויי גאסן. נאָר וועלקע האָט זיך דאָ ניט אזוי געײַלט. ער האָט אין הויף באגעגנט כעוורע פון דער פערטער סמענע. זיי האָבן אים אָפגעגעבן א גרוס, אז זײַן מאשין איז אין אָרדענונג. וועלקע האָט זיך ארומ־געווישט, האָט הויך פארקאשערט די פארהארטעוועטע, פון זויערשטאָף און זאלצן אויסגע־דריבלטע ארבל ביז די פאכוועס, האָט זיך דערנעענטערט צום שפינער־קאָרפוס. באם ארײַנ־גאנג איז געשטאנענע א וואך און האָט פארשריבן די פארשפעטיקטע, א צווייטער סיורפריז פאר הײַנטיקן פרימאָרגן. א צווייטער באריער, א צווייטע וואך... וואָס טוט זיך דאָ הײַנט. אזא וואך שטייט באם ארײַנגאנג אן ערשטן מאָל.

כעוורע האָבן פארצייכנט די געקומענע ארבעטער. זיי האָבן זיך ניט ארײַנגעלאָזן אין לאנגע שמועסן מיטן פארשפעטיקטן אוילעם. וועלקע האָט אביסל כשאדיק באמערקט:

— געקומען פון שטאָט צופוס פאר זיבעצן מינוט.

— מיר זײַנען דערבײַ ניט געשטאנען,—האָט געענטפערט דער בוייט־פענעמדיקער יונ־גער שפינער מירקין.

— איך בין געקומען צופוס,—האָט וועלקע אקשאָנעסדיק איבערגעכאזערט.

— יאָ, עפעס צופיל ארבעטער גייען צופוס. אקוראט, ווי די פינף אווטאָבוסן, וואָס קורסירן אינדערפרי, בויקאָטירן אונדזערע שפינער.

וועלקע האָט הײַנט ניט געהאט וואָס אויסצוטאָן פון זיך. ער איז לעכאטכילע געקומען פונדערהיים אין אָפגעטראָגענע הויזן, נאָר אפ זיך ארופגעכאפט די ספעץ־שיך, די ספעצ־מאנזשעטן און צו דער ארבעט צוגעטראָטן. ער האָט פלינק ארומגעכאפטביידע זײַטן פון זײַן שפינער, האָט דורכקאָנטראָלירט, ווי עס גייען די פעדימער, אלץ אין אָרדענונג.

ער האָט זיכ אָפּגעקערט אינ קאָרידאָר, קעדיי צו באקומענ זייַנ פּלעשל מילכ. עס האָט שטארק געדאָרשט, אונ אינ מויל איז נעווענ ביטערלעכ אונ טרוקנ, ער האָט פונ העלדזל אַרייַנגעקוליעט אינ זיכ די גאנצע מילכ מיט איינ אָטעמ, אונ האָט זיכ געייַלט צוריק צו דער מאשינ. נאָר דאָ האָט אנ ארבעטער אימ א צופּ געטאָנ פארנ גומענעמ מאנזשעט.

— גיי אַרייַנ אינ לעניני-ווינקל,—וועסטו עפּעס זענ.

וועלקע האָט זיכ צוטומלט. וווּהינ גיינ, צו די שפּולנ, צו די זעקס אונ נייַנציק שפּולנ, אָדער אראָפּכאפּנ זיכ אונטנ אינ לעניני-ווינקל. ער איז נאָכאמאָל דורכגעגאנגענ די מאשינ זייַנע פונ ברעג צו ברעג אונ האָט זיכ אייַלנדיק אראָפּגעלאָזנ אראָפּ די טרעפּ. לעבנ רויט-שווארצנ טאָוול איז געשטאנענ מירקינ. זייַנע העל-וואסערדיקע אויגנ האָבנ זיכ פאנאנ-דערגעשפּילט אינ א שמייכל. די פולע פוכלע באקנ האָבנ זיכ נאָכמער אָנגעבלאָזנ. ער האָט מיט א שטיקל קרייַט פארצייכנט די פאמיליעס פונ די פארשפּעטיקטע.

— אז מע וואָלט דערמאָנט מאָשיִעכנ, האָט ער געזאָגט. דו האָסט הייַנט פארשפּעטיקט אפ אכט מינוט. אגעוו, וואָס טוסטו דאָ, מייַנ פרייַנט. ווער האָט דיכ אינ טויער אַרייַנגעלאָזנ, אָדער דו האָסט זיכ פארהאלטנ אינ בופעט.

— איכ האָב נאָכ געטראָפנ דעמ טויער אנ אָפענעמ.

— בימכילע א ליגנ.

— בינ איכ איבערנ פארקאנ אריבערגעשפּרונגענ. גוט?

— ניט גוט, גאָרניט גוט. זייער ניט גוט.

— וואָס ביסטו דאָ פאר א באלעבאָס?

— א-א... איכ האָב פארגעסנ, אז דו ביסט א דיכטער. נו, יאָ... איכ האָב רעכט צו מאכנ אנ אָנפלי אינ מייַנ צייַט... ווי מיינסטו, כאָשעווער כאווער וואָלף ראטינסקי, איכ האָב רעכט אופצושטיינ פינפ אינדערפרי, אָפּזאָגנ זיכ פונ שלאָפ, גיינ צומ אווטאָבוס, שטיינ באמ אווטאָבוס, ווארטנ באמ אווטאָבוס, זיצנ אינ אווטאָבוס, לויפנ פונ אווטאָבוס צומ פאבריק, קומענ צודערצייַט אונ דערנאָכ פארנאָטירנ אפ דער שווארצער ברעט די צייַטרייַבער, די פּאָפּער, די ליידיקגייער, די פּאָעטנ, וואָס פלאדערנ, אָט אזא ווי דו, וועלקע ראטינסקע... וואָס זאָגסטו עפּעס אפ דייַנ האנטשריפט? ווי פארצייכנט מענ דיכ: ראטשינסקי, ראטינסקי אָדער ראצינסקי?

כאָטש וועלקע האָט נאָר וואָס אויסגעטרונקענ א האלבנ ליטער ווארעמינקע מילכ, האָט ער דערפילט אינ מויל דעמ טאמ פונ פעכ געמישט מיט ריצנאייל. ער האָט ניט געקאָנט אויסהאלטנ מירקינס אינ גרונט גענומענ גאנצ זאכלעכע רעדע. שפּעטער אוויַלע האָט ראטינסקי זיכ געיאדעט ביז אינ ביינ אַרייַנ, לעמיַ האָט ער אזוי שלעכט רעאגירט אפ מירקינס ארויסטריט. דאָס איז געווענ שפּעטער, ווענ ער איז געשטאנענ בא דער מאשינ. נאָר איצט האָט וועלקע ניט אויסגעהאלטנ. ער האָט ניט געקאָנט אָנקוקנ מירקינס פּאָנעמ. וועלקע געדענקט, ווי מירקינ אליינ פארשפּעטיקט טאָג איינ, טאָג אויס צו דער ארבעט. אונ נאָר אפּאָנעמ, קעדיי צו פארגלעטנ זייַנע אייגענע זינד, איז ער הייַנט געקומענ דער ערשטער אלס פרייַוויליקער קאָנטראָליאָר-בריגאדיר. וועלקע האָט געזוכט אונ האָט געפונענ א בייזנ וואָרט, מיט וועלכנ ער וואָלט געקאָנט גוט דערנעמענ אָטאָ דעמ אָפּגעקאָרמעטנ רויִקנ ארבעטער, נאָר ער האָט זיכ אייַנגעהאלטנ. דאנ האָט מירקינ איבערגעכאזוערט:

— וואָס זאָגסטו, רעב וואָלף, אזוי אָנגעשריבנ?

— אָט ווי מע דארפ שרייַבנ, — האָט וועלקע ארופגעלייגט זייַנ צעעפענטע דלאָניע אפ זייַנ אָנגעשריבענער פאמיליע, — אָט ווי מע דארפ שרייַבנ. אונ האָט אראָפּגעווישט

ניט נאָר זיכ אַלײנ, נאָר האָט אויכ פאַרכאַפּט א טײל פונ די אונטערשטע אָנגעשריבענע שורעס.

דאָס האָט געווירקט נאָכ בעסער, אײדער די שאַרפסטע זידל־רײד. ווע̇לקע האָט, אופ־הײבנדיק זיכ אפ די טרעפּ, דערזענ, ווי מירקינס פולער פּנים האָט זיכ איבערגעקרימטע. שוינ זײַענדיק אפ די אויבערשטע טרעפּלעכ, האָט ער דערהערט מירקינס שטימ:

— כאַוײרימ! צווײ מאָל שרײַבנ בינ איכ ניט מעכוײעו... ווו איז אונדזער פּאָטאָ־קרײַזל... מיר דאַרפנ דאָס אָפּאָרטערטלענ... דאָס איז אַנ איניענ. דאָס איז אַנ אינטערעס.

אַז ווע̇לקע איז צוריק אינ שפּינער־אָפּטײלונג אַרײַנ, האָט ער געטראָפנ באַ זײַנ מאַשינ גענאַסע קראַוזע. ער האָט א ווונק געטאָנ צו ווע̇לקענ מיטנ פינגער. ווע̇לקע איז צוגעגאַנ־גענ, אונ זײ בײדע זײַנענ זיכ דורכגעגאַנגענ איבער בײדע זײַטנ פונ שפּינער־מאַשינ.

— שלעכט... זײער שלעכט.

אינדערעמעסנ האָבנ זיכ א רײ ווערעמלעכ פאַרקאַפּריזעט. אײנ פּיליער איז געווענ פאַרשטאָפּט, אונ שטיקער וויסקאַזע, ווי מילכ פונ הערינג, איז אופגעשווומענ אפנ אויבער־פלאַכ פונ וואַנע. צווײ שפּולנ האָבנ זיכ געדריבלט.

— בראַק, בראַק, פּיל בראַק, — האָט קראַוזע זיכ געבײזערט אונ איז אריבער צו די איבעריקע מאַשינעס.

ווע̇לקע האָט זיכ צעטומלט. די האַנט האָט אופגעהערט צו פאָלגנ. וויפל ער האָט זיכ ניט געסטאַרעט, האָט ער ניט געקאָנט אַרײַנטרײַבנ דורכ דער לײקע צוריק אינ צענטראָפוגע דעמ איבערגעריסענעמ פאָדעמ, אײַנשטעלנ די לײקע. אונ אָט באַווײַזט שוינ דער זײגער האַלב אכט אונ מע מוז שוינ די שפּולנ אַראָפּנעמענ.

„בראַק, בראַק, פּיל בראַק“—האָט געקלונגענ אינ די אויערנ, אונ דאָ רוקט זיכ אונטער מירקינ אונ טורקעט אַרײַנ ווע̇לקענ אינ אויער:

— דאָס איז אַנ אינטערעס, גענאָסע.

— גײ, גײ, גײ אינ אַלדע שוואַרצע יאָר.

— מע קאָנ גײנ, מע דאַרפ גײנ... אָבער דאָס איז אַנ אינטערעס... גענאָסע, דאָס איז א אינטערעס... מע דאַרפ דיר העלפנ, עס יאַכלט זיכ עפּעס באַ דיר ניט.

מירקינס רײדעלעכ, אונ ניט אַזוי די רײדעלעכ זײַנע, ווי די פּאַקטישע הילפ, האָט צעווײטיקט ביז טיפ אינ מאַרכ פונ די בײנער. עס האָט זיכ געוואָלט אַראָפּשלײַדערנ מיר־קינענ פונ דעמ שמאָלנ דורכגאַנג, א פּליאָכע טאָנ מיט גיפּטיקער פליסיקײַט אינ דעמ ברײט־פאַנאַנדערגעעפנטנ האַלדז, וועלכער האָט מײדלש־קאָקעטיש אַרויסגעקוקט פונ דער סאַטינע־נער העמד. וואָס מער ווע̇לקע האָט באַנומענ, אַז מירקינ האַנדלט דאָ פאָרמעל, ווי א שלאָג־לער, אַז מירקינ איז אַפּילע געקומענ אימ איצט צו הילפ, אַז אומגערעכט איז ער, ווע̇לקע, אַלץ מער האָט ער ניט געקאָנט אָנקוקנ אָטאָ דעמ ניטגעבעטענעמ גוטנ פרײַנט. פאַרוואָס קאָנ איכ ניט אָנקוקנ, פאַרוואָס האָב איכ אימ אַזוי פײַנט, ווי דעמ גרעסטנ סוינע, ווי דעמ קלאַסנ־סוינע, אינדערצײַט, ווענ מירקינ טוט א גוטע זאַכ. ער האָט געזוכט אַנ ענטפער אונ האָט ניט געקאָנט געפינענ. ער מוז זיכ דורכרײדנ מיט באַראַשאָוונ. ער וועט דערצײלנ באַראַשאָוונ וועגנ אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט פאַר הײַנטיקנ פרימאָרגנ. באַראַשאָוו וועט געווימ געפינענ א ריכטיקע דערקלערונג.

ראַטינסקי איז געשטאַנענ באַ דער שפּינער־מאַשינ מיט א פאַרקלעמט האַרצ. צו וואָס האָט ער דאָס אַלץ געדאַרפט... צו וואָס האָט ער ביכלאַל אויסגעקליבנ די זײַד־פאַבריק. מע האָט געזאָגט, אַז אויב ער קומט אָנ אַהער, לערנט מענ זיכ כעמיע, מע כאַפּט זיכ

ארופ אפ קענטעניש, מע ווערט אנ אופגעקלערטער מענטש, מע גייט אפנ וועג פונ ארבעטער־אינזשענער, באזונדערס אינ זײַנ שפינער־צעכ, וועלכער איז טאקע דאָס הארצ פונ דער גאנצער פאבריק, ווײַל טאקע זײַנ צעכ מיט די איבער הונדערט מאשינעס ווארפט ארויס אלע מעסלעס ביז הונדערט טויזנט קילעטשנ, וואָס אפ דער פראָסטער שפראכ רופנ זיי זיכ שפולנ. פונוואנעט האָבנ די שפולנ באקומענ אזא היימישנ נאָמענ קילעטשנ?

אָט האָט א פאָדעמ זיכ אָנגעהייבנ קרײַזלענ, דריבלענ, אָט פראוועט ער בעסער אײַנ די לייקע, אונ דער פאָדעמ דרייט זיכ שוינ ווידער נאָרמאל. ווער דרייט איר די צענטראָפוגע? זי דרייט זיכ איבער אינ א מינוט זעקס טויזנט מאָל. וואָס פאר א קויעכ דרייט זי, ווער האָט געציילט זעקס טויזנט?

ער, וועלקע, ארבעט שוינ אפ דער פאבריק דעמ נײַנטנ כוידעש, אונ ער איז נאָכ ניט געווענ אינ די איבעריקע צעכנ. מע בויט, מע שטעלט אײַנ נײַע מאשינעס, טורעמס אונ אלערליי קונציקע אײַנשטעלונגענ אונ ער קאָנ ניט באנעמענ, וואָס דאָ טוט זיכ. בא מירקינענ קלעקט האָזע צו דערקלערנ יעדנ נײַעמ מענטשנ, וואָס קומט ארײַנ אינ דער פאבריק, וואָס דאָ אונ דאָרט טוט זיכ. פרעמדע מענשטנ רופנ אימ אָנ אינזשענער. עפעס אנ עקסקורסיע האָט זיכ טאקע צו אימ, מירקינענ, איינמאָל געווענדעט אזוי—דער כאווער אינזשענער וועט אונדז עפשער דערקלערנ, פארוואָס גייט די וויסקאָזע פונ דער גלעזערנער טרײַבל.

מירקינ האָט פארשוויגנ, אז ער איז ניט קיינ אינזשענער, נאָר אזא ארבעטער ווי אלע ארבעטער, ער האָט בעריעש אָנגעבלאָזנ די פולע באקנ אונ געהאלטנ אינ איינ דערקלערנ.

— א מיִעס בילד, — האָט וועלקע אויסגעשריִענ אונ האָט דערפילט אפ זײַנ פלייצע א הארטע האנט. וועלקע האָט זיכ א קער געטאָנ אונ האָט דערזענ נאָראָוונ. וועלקע האָט זיכ דערפרייט—אָט איז א מענטש, וואָס פאר אימ קענ מענ אויסריידנ דאָס ביטער הארצ. נאָר הײַנט איז אויכ נאָראָוו, וואָס איז דער בעסטער מענטש צווישנ די ספעציִאליסטנ דער בעסטער כאווער, עפעס ניט צופרידנ. נאָראָוו האָט הינטער די מוסקולנ אונ קנייטשנ פונ די באקנ באהאלטנ אזא פרעמדנ שמייכל. נאָראָווס אויגנ קוקנ נאָכ איצט אויכ ווארעמ־כאוועריש, אָבער דער, וואָס קענ נאָראָוונ, וועט זאָגנ, אז נאָראָוו איז בייז.

— וואָס איז מיט דיר הײַנט, ראטינסקי—האָט נאָראָוו געזאָגט:—א לאטע אפ א לאטע. וועלקע האָט זיכ דערמאָנט אפנ דורכפאל אינ לעניני־ווינקל. אָט הייבט זיכ עס אָנ.

— ווו איז דאָ, כאווער נאָראָוו, א לאטע אפ א לאטע?—האָט ער געפרעגט.

— ביסט הײַנט, וועלקע, א פארפאלענער... גיכער, גיכער, גיב זיכ א דריי... דו האָסט הײַנט פונ קאָלטווו... האלעווײַ זאָל געשענ א נעס אונ איכ זאָל האָבנ א טאָעס. פונ הײַנטיקער פארטיע ווערסטו האָבנ קרײַזעלעכ אונ ליפעלעכ אונ מאפעלעכ...

נאָראָוו האָט עטוואָס ארופגערוקט די ארבל אונ האָט אויסגערעגולירט די ארבעט פונ עטלעכע שפולנ. ער האָט געארבעט פלינק אונ האָט דערבײַ צוגעגעבנ:

— נו, וועלקע... איצט זעסטו שוינ.

עס איז אונטערגעגאנגענ קראַוזע מיט א פארגליווערטנ שמייכעלע אפ די דינע ליפנ.

— גענאָסע נאָראָוו,—האָט ער געזאָגט—די שפינער ווערנ אויסגעלאסנ...

נאָראָוו האָט ניט געענטפערט, האָט נאָכ טיפער אינ די קנייטשנ פונ די באקנ פארבאהאלטנ זײַנ גוטנ שמייכל אונ האָט זיכ אראָפגעלאָזט פונ די טרעפלעכ.

וועלקע איז געוואָרנ מונטערער אונ האָט געזאָגט:

— נאָראָוו העלפט באהערשנ די טעכניק.

— טוראק—האָט קראַוזע געענטפערט אינ רוסיש אונ צוגעגעבנ.—פונ אזא ארבעט קענ מענ אלע וועלדער פארניכטנ אונ קיינ גוטע זײַד וועט זיכ ניט באקומענ.

— מע לערנט אונדז ניט,—האָט וועלקע געענטפערט.

— לערנענ זיכ בא דער מאשינ,—האָט קראַוזע געענטפערט אינ דײַטש, אונ וועלקע האָט דאָס גוט פארשטאנענ: לערנ זיכ בא דער מאשינ, הער זיכ צו צום אָטעמ פונ דער מאשינ, מאכ ניט קיינ בראק—אָט דאָס וועט זײַנ טעכניק.

א מאָדנער טאָג איז הײַנט בא וועלקענ געוועג. ער האָט זיכ געקײַלט ניט אזוי ווי אלע טעג. ער האָט זיכ אזוי שווער אָנגעהייבנ אונ האָט זיכ אזוי שענדלעכ פארענדיקט. אראָפּנעמענדיק די שפּינ־קריגלעכ, האָט ער ערשט געמוזט אָנערקענענ, אז דער עמעסער דורכפאל הייבט זיכ ערשט איצט אָנ. ניט די שווארצע ברעט שרעקט אימ אונ ניט דאָס ארופלייגנ די פינגער אפ די אופשריפטנ פונ דער שווארצער ברעט, ניט דאָס בעטנ זיכ בא גריכנ, זי זאָל אימ אפּנ הויפ ארופלאָזנ, ניט דאָס אָפּוידלענ פונ קראַוזענ—אָט די שפּינ־קריגלעכ ריידנ פאר זיכ, אונ אימ איז איצט מיִעס אופהייבנ דעמ קאָפּ פאר די איבעריקע ארבעטער. ער, ראטינסקי, איז די לעצטע וואָכנ געוואקסנ פונ גדולע. ער גייט אָנ בראק, ער איז צופרידנ, וואָס די לינקע זײַט פונ טאבעלע איז בא אימ שטענדיק א פּוסטע, וואָס ארבעטער מיט א גרעסערנ סטאזש זײַנענ בעפיירעש מעקאנע, אפילע קראַוזע מוז פרײַנט־לעכ שווײַגנ. אונ איצט... נאָראָוו דרייט זיכ עפּעס ארומ מיט אָנגעקומענע עקסקורסאנטנ. אָט הייבט ער זיכ אופ אפ זײַנע טרעפּלעכ. אָט גייט ער צו צו זײַנע קעסטלעכ. בא וועלקענ פאלט פונ די הענט, אונ נאָראָוו דערקלערט די עקסקורסאנטנ:

— אײַכ אינטערעסירט, וואָס רופט זיכ אָנ בראק. אָט אָ דאָ, צומ באדויערנ, געפינענ מיר פונ אלע מינימ בראק, וואָס איז ארויסגערופנ געוואָרנ צוליב דעמ, וואָס דער ארבע־טער איז ניט גענוג אופמערקזאמ צו זײַנע פליכטנ. איר זעט, אז אָט דער צײַל פאָדעמ גייט ניט ארומ קרײַז, נאָר ווערט געקרייצט. אָט אזוי געפינט איר שטיקער, צופלאָנטערטע שטיקער זײַד. די מאשינ פאָדערט די גרעסטע אופמערקזאמקײַט צו זיכ אונ נאָר דאנ גיט זי די בעסטע רעזולטאטנ.

איינער אנ עלטערער עקסקורסאנט האָט זיכ געווענדעט צו ראטינסקענ, ער זאָל אימ זאָגנ, ווי לאנג ער ארבעט. ווי עס שײַנט, איז ער נאָכ א לערנ־ייִנגל. וועלקע האָט אײַלנ־דיק דאָסמאָל זייער ניט געלונגענ ארײַנגעטריבנ דורכ דער לייקע דעמ איבערגעריסענעמ פאָדעמ. ער האָט ניט געענטפערט אפ דער פראגע. ער איז געווענ בייז אפ נאָראָווג, האָ־לעמײַ ער איז געקומענ אהער מיט די געסט. נאָר נאָראָוו האָט אויכ אפ דער פראגע מיט א שמייכל געענטפערט.

— ער איז בא אונדז שוינ אנ אלטער ארבעטער, אונ א גוטער ארבעטער אונ אנ איבערגעגעבענער ארבעטער. נאָר הײַנט איז בא אימ א שווערער טאָג.

— די מאשינ איז עפּשער ניט אינ אָרדענונג?

— גראָד פארקערט. ערשט נעכטנ איז פאָרגעקומענ א גענעראלער קאָנטראָל איבער איר... יאָ, בא אימ גייט ניט... וואָס האָב איכ דיר געזאָגט, וועלקע.

די זײַטיקע מענטשנ האָבנ פארלאָזנ וועלקעס מאשינ. ראטינסקענ איז שווער געווענ צו דערוואַרטנ זיכ די מינוט, ער זאָל קענענ פונ דער ארבעט אוועק. ער איז אוועק דער לעצטער. בא אימ האָט דאָסמאָל זיכ פארצויגנ דאָס אראָפּנעמענ די שפּינקריגלעכ. ער האָט זיכ צוגעײַלט, קעדײַ ניט אָנטרעפנ זיכ מיטנ בראקירער. אבי אראָפּ פונ די אויגנ. ער האָט

מיט קלעמעניש אויסגעלייגט די לעצטע קעסטל שפינקריגלעך, איז אוועק אין קאָרידאָר, אראָפגעוואָרפן פון זיך די ספּעצקליידער, אריין אין זיין אָפּגעטראָגענעם פּידזשאַק און האָט זיך געלאָזן צום ארויסגאנג, אריינרוקנדיק דעם קאָפּ אין לעניג־ווינקל. דאָרט האָט ער דערזען אפן ברעט די צייכנס פון זיינע פינגער. די ברעט איז ניט געווען אָפּגעווישט, אָט אזוי ווי ער האָט זי איבערגעלאָזן, אזוי האָט ער זי געטראָפן.

ער איז אוועק צום טויער, וווּ עס איז געשטאנען א הויכער ניטבאקאנטער מיליציאָנער. גריך איז דאָ ניטאָ. זי האָט דאָ ניט וואָס צו טאָן. ווי־אזוי איז זי אריינגעפאלן אין דער בריגאדע, וואָס פאר א שייכעס האָט א שאָפער צו פאבריק־ארבעטער. און פארוואָס טאקע ניט...

וועלקע האָט קוים געשלעפט די פיס. אין הארצן האָט גענאָגט. דער קאָפּ איז געווען שווער. ער איז געגאנגען צום אווטאָבוס איינער פון די לעצטע. ער האָט זיך דערפרייט, וואָס אים האָט אָפּגעגליקט און עס וועט ניט אויסקומען לאנג צו ווארטן. ער איז אריינגעקראָכן אינעווייניק, פארנומען אן אָרט אן איינגעמאטערטער און א פארזאָרגטער.

וועלקע איז געשלאָפן לאנג און שווער. אים האָט זיך געדאכט אין שלאָף, אז ער איז געשמידט, אז די הענט און פיס זיינען ווייטיקדיק איינגעפרעסט, אז ער שטרענגט אָן אלע זיינע קויכעס און קאָן דעם קאָפּ ניט אופהייבן. כאפט ער זיך אוף און דערזעט לעבן זיין שמאָלער אייזערנער בעטל זיין אלטע סיוועס באלעבאָסטע. זי איז עקלדיק אין איר באנאכטיקער ווארהאפטיקייט. זי בייזערט זיך.

— אָדער דו ווייִנסט, אָדער דו לאכסט. דאָס איז אפּאָנעם פון שוועבל, — באמערקט די באלעבאָסטע.

וועלקע צעלאכט זיך און ענטפערט:

— ניט שוועבל, באלעבאָסטע, נאָר סולפיט און אָלים, נאָר דייגעט ניט — מיר פארגיסן אלע טאָג די שעדלעכע שטאָפן מיט מילך.

וועלקע האָט זיך געפייעסטעט אף זיין געלעגער. ער האָט זיך אומגעקערט צום אינצידענט מיט מירקינען. צי איז ער גערעכט וועלקע, וואָס האָט נעכטן אזוי קרענקלעך רעאגירט אף מירקינס כאָכמעס. ער, וועלקע, איז ניט גערעכט. אָבער צי איז מירקין גערעכט? ניין, ניט גערעכט. דאָס איז ניט נייער שטייגער, דאָס איז ניט כאוועריש, דאָס איז ניט פּראָלעטאריש, דאָס איז פרעמד, דאָס מוז זיין פרעמד אין דער ארבעטער־געזעלשאפט. מירקין האָט געמוזט ברענגען זייער פיל פון א פרעמדער סוויווע. ער, וועלקע, ווייס ווער מירקין איז. מירקין האָט דערפירט אים, וועלקען, צו א פארברעכן. ער וועט אף דער ערשטער קאָמיוגישער פארזאמלונג שטעלן די פראגע וועגן אזא באציִונג צווישן אייגענע ארבעטער.

ער איז אראָפּ פון געלעגער, פארקייטלט די טיר און האָט דורכגעמאכט די אינדערפריִקע גימנאסטישע איבונגען. ער האָט באשלאָסן פונדאָסנײַ רעגולער פארנעמען זיך מיט אינדערפריִקער גימנאסטיק. א נאקעטער ביזן גארטל, איז וועלקע ארויס צום פּלומפּ, וועלכער איז געשטאנען אינמיטן באוואקסענעם הויף. וועלקע האָט זיך דערפילט גאָר קרעפטיק און פריש.

היינט איז בא וועלקען אן ארויסגאנג־טאָג. ווי נוצט מען אים אויס? וווּהין גייט מען? יאָ, היינט קומט פאָר אף דער פאבריק א פארט־ און פראָפ־אקטיוו. די זיצונג איז אין אָפּענע. ער איז אוועק צום אווטאָבוס. פאר אים איז געווען אומדערווארטעט, וואָס איצט

קומט ניט אויס צו שטיין אינ ריי, וואָס אינ אוטאָבוס איז איצט גראם. ער איז געקומענ אפ דער זיצונג, ווענ דער פּאָרטרעגער האָט שוינ גערעדט.

וועלקע האָט זיכ ארומגעקוקט, אָט זיצט כאווער באראשאָוו, דער סעקרעטאר פונ דער פּילטיראזשקע. באראשאָוו לאָזט ניט אראָפּ די אויגנ פונ פּאָרטרעגער אונ שלינגט יעדע פראזע. אָט זיצט אינ פרעזידיום דער געהילפ־דירעקטער מארשינ. ער האָט אים, וועלקענ, באלד באמערקט. קיינ זאכ גייט ניט פארבײַ מארשינענ. אָט זיצט אנ אָנגעבלאָזענער רומינאָוו, דער דירעקטער פונ פאבריק. ער שלאָפט, דאכט זיכ—שווער צו וויסנ, צי ער הערט צי ער הערט ניט. האָט אָנגעהויבנ שארנ די פינגער איבער די שיטערע האָר פונ קאָפּ, אונ אײַנגעגראָבנ דעמ בליק אינ פּוסטנ טיש. ניינ, ער הערט יאָ. אָט האָט ער פויל עפּעס פארנאָטירט, ניט ווײַט פונ וועלקענ זיצט נאָראָוו, דער אינזשענער פונ שפּינער־צעכ. זײַנ גוטער פּאָנעם איז הײַנט קארגער אונ טרוקענער, מארשינ איז אויכ אָנגעשטרענגטער אונ ערנסטער, ווי אפ דער באריכט־פארזאמלונג פונ שטאָטסאָוועט.

עס האָט גערעדט טשערניגאָווסקי, דער הויפּט־אינזשענער, וואָס פירט אָנ מיט דער בויונג אונ מיט דער גאנצער אויסשטאטונג פונ פאבריק. וועלקע האָט געקענט טשערניגאָווסקענ נאָר פונווײַטנ. איצט האָט וועלקע די מעגלעכקײַט גוט דערלערנענ טשערניגאָווסקענ. באזונדערס איז דאָס באקוועמ צוליב דעמ, וואָס טשערניגאָווסקי האָט די גאנצע צײַט אראָפּגעלאָזנ די אויגנ אונ פירט מיט די פינגער לאנגזאמ איבער א שמאָל אויסגעשריבענעמ פּאפּירל. טשערניגאָווסקי רעדט זייער שטיל, אונ ריידנ רעדט ער וועגנ גאָר וויכטיקע זאכנ. קענטיק, אז ארײַנקוקנדיק אינ פּאפּירל, האָט דער הויפּט־אינזשענער א קלאָר בילד, וואָס עס טוט זיכ אפ דער גאנצער טעריטאָריע פונ פאבריק. אז טשערניגאָווסקי האָט דערמאָנט דעמ שפּינער־צעכ, האָט וועלקע געגעבנ א ציטער. אָבער לאנג האָט זיכ טשערניגאָווסקי ניט פארהאלטנ אפנ שפּינער־צעכ, דער אינזשענער האָט נאָר בלויז דערמאָנט, אז דער פונדאמענט פאר די נײַע שפּינער־מאשינעס וועט ווערנ פארטיק צודערצײַט. די בוי־קאָנטאָר איז באזאָרגט מיט צעמענט. וואָס איז שײַכ די וואסער־באסיינענ, איז די לאגע אויכ געלייזט, אפ וויפל זיי וועלנ לאָזנ אינ גאנג פײַערשטאנדהאפטיקע ציגל. מער האָט ער מיט איינ וואָרט ניט דערמאָנט וועגנ זײַנ צעכ, אינ וועלכנ עס ארבעטנ טויזנט מאנ, צו צוויי הונדערט מאנ אינ א סמענע, פיר סמענעס אינ א מעסלעס אונ איינע אנ ארויסגאנג־סמענע.

אָט רעדט שוינ טשערניגאָווסקי וועגנ איינער א מעכטיקער טורבינע. אָט ווײַזט ער אָנ אפ א שמאָל אָרט—עס פעלנ בוי־מאטעריאַלנ. אָט איז ער גאָר אריבער אינ מאָנטאזשאָפּטיילונג, אָט איז ער אינ קראפט־אָפּטייל.

— איצט וועגנ קליינִיקײַטנ... אינ דער ערשטער ריי פארענדיקנ די ווענטיליאטאָרנסיסטעמ. דאָ לייזנ מיר די פראגע ראדיקאל: מיר שטעלנ א קוימענ פופציק מעטער די הייכ ציגל איז דאָ... ווײַטער גייענ פראגנ, ווי א דירע פאר. דער קאָנטאָר, פאר דער קיכ א שפּײַכלער פאר רוי־מאטעריאַלנ. דער קלוב ווערט פארענדיקט צו די אָקטיאבער־יאָנטויוויִמ.

דער פּאָרטרעגער האָט קיינ איינמאָל דעמ קאָפּ ניט אופגעהויבנ צומ עולמ. עס האָט זיכ געקאָנט דוכטנ, אז ער איז פארטיפט אינ א קאָמפּליצירטער שאכמאטנ־שפּיל. אז ער האָט געענדיקט דעמ באריכט, האָט ער ערשט אופגעהייבנ דעמ קאָפּ אונ באטראכט דעמ עולמ. וועלקע האָט דערזענ, אז באמ אינזשענער זיצנ די אויגנ טיפ אינ מויעכ, אז זיי זײַנענ עטוואָס פארמאטערט אונ דורכזיכטיק, דער פּאָנעמ—אנ אָפּגעצערטער, ניט קיינ אויסגעפּאשעטער. וועלקע האָט זיכ געוווּנדערט, וואָס דער אינזשענער איז אָנגעטאָנ אינ

א פראָסט סאטינאָווער העמדל, שוין אן אָפּגעקראָכענע און אן אָפּגעטראָגענע, מיט צוויי גאנצ ברייטע ביינערנע, פארגעלטע און איבערגעקאָכטע קנעפּלעך. די האָר אפנ קאָפּ האָבנ אָנגעהייבנ שוינ עטוואָס אויסקריכנ. וועלקע האָט זיך אָנגעשטרענגט, ער האָט געוואָלט זיך דערמאָנענ, ווו און ווענ האָט ער שוינ אמאָל געזענ אָנ א היטל טשערניגאָווסקענ. ער האָט אָנגעשטרענגט זײַנ זיקאָרנ און האָט זיך דערמאָנט. דער שארבנ און די שיטערע האָר, וואָס העכער דעמ שטערנ, מאכט אימ ענלעך אפ נאפּאָלעאָנענ, כאָטש זײַנ קוק איז מילדער און צוגענגלעכער. וועלקע האָט פארגליכנ טשערניגאָווסקעס פּאָנעמ מיט די פּענעמער פונ די איבעריקע פאראנטוואָרטלעכע טוער, וואָס זײַנענ געזעסנ ארומ טיש פונ פרעזידיומ. רומינאָוו, דער דירעקטער, מארשינ, דער נײַער סעקרעטאר פונ פארטקאָלעקטיוו און נאָך צוויי ניטבאקאנטע כאווײרימ. אינ פארגלײַך מיטנ אינזשענער, האָבנ זיי געהאט שטריכנ, וואָס פארייניקנ זיי צו איינ טיפּ מענטשנ, פּראָסטע און פארהארטעוועטע, וואָס שיידנ זיך אָפּ פונ טשערניגאָווסקעס פּאָנעמ און אזעלכע, ווי טשערניגאָווסקעס, וואָס זײַנענ אפ די בענק געזעסנ. אפ דידאָזיקע כאווײרימ איז געלעגנ א שטעמפּל פונ לאנגיאָריקער שווערער פראצע, פונ אָנגעשטרענגטנ דענקענ, פונ פּאָרזיכטיקנ באנעמענ. דער דירעקטער האָט גענומענ פארצייכענענ אייניקע שטעלנ פונ טשערניגאָווסקעס פּאָרטראג. ער האָט געקאשורעט די קליינע אייגעלעך, האָט זיך אָפּגעשטעלט, קעדיי צו דערמאָנענ עפּעס וויכטיקס און צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ ניצאָכנדיק—ער האָט זיך דערמאָנט. דער שטערנ רומינאָווס האָט זיך געקנייטשט אינ שווערע געדיכטע פאלדנ. בא דעמ געהילפּ־דירעקטער מארשינ איז, פארקערט, דער שטערנ געווענ א קורצער, א פארוואקסענער און אנ אײַנגעשפּארטער. די בלויע אויגנ האָבנ געקוקט זיכער, אָפּנ און כאווערישׂ. ער האָט זיך איבערגעבויגנ צו וועלקענ און געפרעגט:

— א שלאָגלער אינ דער ליטעראטור?

— א קאָמיוגיסט,—האָט וועלקע בערייגעו געענטפערט און איז רויט געוואָרנ. דאנ האָט דער געהילפּ אײַנגערוימט א סאָד דעמ נײַעמ סעקרעטאר פונ פארט־ביוראָ. ער האָט א קוק געגעבנ אפ וועלקענ און אפּאטיש צוריק אָפּגעקערט דעמ קאָפּ, אקוראט, ווי וועלקע וואָלט ניט ווערט זײַנ וועלכע ניט איז אופמערקזאמקײַט פונ אזא פאראנטוואָרטלעכנ מענטשנ.

טשערניגאָווסקי האָט פארענדיקט זײַנ באריכט. עפּעס צו שטיל און ניט באמערקבאר האָט ער אופגעהערט צו ריידנ, מע האָט געקאָנט מיינענ, אז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, קעדיי צעגויפקלײַבנ זײַנע געדאנקענ פאר ווײַטערדיקע מיטיילונגענ. ער האָט פלינק דורכגעקאָנטראָלירט דאָס שמאָלע אויסגעשריבענע פּאפּירל און האָט שטיל געמאָלדנ:

— דאָס איז פּאָרלויפּיק נאָר, עפּשער שפּעטער...

— פראגנ,—האָט רומינאָוו זיך געווענדעט צו דער פארזאמלונג, פארצייכענענדיק אינ העפט א באמערקונג. עפּעס צו שטיל גייט דאָ אלץ צו, צי מע שעמט זיך דאָ איינער פארנ אנדערנ,—האָט וועלקע זיך געכידעשט. אָט אזוי קומענ פאָר זיצונגענ און באראטונגענ פונ פאראנטוואָרטלעכע פארטייִשע טוער. איינער האָט פּאָרגעלייגט אויסהערנ פריִער די מיטיילונגענ פונ די בוי־אָרגאניזאציעס, פונ די טורבינע־אײַנשטעלער, אויסהערנ דעמ אָפּטייל פונ רוי־מאטעריאל־באזאָרגונג. די פּאָרשלאגנ זײַנענ אויך ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ מיט דערזעלביקער רויִקײַט און גלײַכמעסיקײַט, מיט וועלכער עס איז אויסגעהערט געוואָרנ דער פּאָרטראג.

— אינ אָרדענונג פונ פירנ די פארזאמלונג,—האָט זיך רומינאָוו אופגעהייבנ... מיר האָבנ נאָרוואָס אויסגעהערט די מיטיילונג פונ הויפּט־אינזשענער, כאווער טשערניגאָווסקי. מע

דארפ רעכענען, אז דאָ זיצנ ניט קיינ שול־קינדער. דער פּאָרטרעגער האָט מיט א קיוונ ניט געמאכט קיינ אויספירנ. כאווער טשערניגאָווסקי האָט רעכט צו פאָדערנ פונ יעדערנ פונ אונדז, מיר זאָלנ אליינ מאכנ די געהעריקע אויספירנ, פונדעסטוועגנ וועל איכ אינקורצנ אייניקע אויספירנ יאָ אונטערפירנ. וואָס דערציילט אונדז די מיטיילונג? די מיטיילונג זאָגט אונדז, אז די בוי־ארבעט דארפ זיכ פונדאָסנײַ פאנאנדערוויקלענ מיט דיזעלבע טעמפּנ, ווי ביז איצט. אז די פאבריק אונדזערע איז נאָכ פּאָרלויפיק אינמיטנ דער ארבעט. אונ נאָר באַזויע מענטשנ קאָנעג מיינעג, אז מיר האָבנ שוינ די פאבריק א פארטיקע. ניינ, מיר האָבנ זי נאָכ ניט. עס קומענ אנטשיידנדיקע כאדאָשים, [ווענ מיר מוזנ ליקווידירנ די אזוי־גערופענע שמאָלע ערטער אינ דער בויונג. מיר וועלנ אפ אזא אויפנ אויסהערנ אלע בוי־ אונ מאָנטאזש־אָרגאניזאציעס אונ ערשט נאָכדעם אריבער צו די דעבאטנ אונ פאָרשלאָגנ.

עס האָט באקומענ א וואָרט ריינער, א בויער־ספּעציאַליסט מיט א פארשארפטנ פּאָנעם. ער האָט פונ אָנהייב געשטאמלט, געכאפּט, גערעדט האלבע ווערטער אָנ א סיידער, נאָר באלד האָט ער זיכ ארופגעכאפּט. אונ זײַנ שטימ האָט באקומענ זיכערע אונ דרייסטע טענער. מע פארשפּעטיקט אלע מאָל, האָט ער געזאָגט, מיט קלאָרע אויסגעהאלטענע פּלענער. עס איז שלעכט מיט די נייטיקסטע בוי־מאטעריאלנ, איבערהויפּט מיט דינע סאָרטנ אײַזנ אונ טשוהונ. די בוי־קאנטאָר איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ צוליב דעמ אינ א שווערער לאגע. שלעכט איז אויכ, וואָס די בויער ווערנ ניט באפרידיקנדיק באזאָרגט מיט דערנערונג.

— דערפאר דארפ רינענ פונ דאכ, וואָס די בוי־קאנטאָר האָט אופגעשטעלט? — האָט איינער פונ אָרט אופגעוואָרפנ.

דער פאָרשטייער פונ בוי־קאנטאָר האָט פונדאָסנײַ אָנגעהויבנ אויסרעכענענ, וואָס עס רײַסט אראָפּ די בוי־ארבעט. ער האָט זיכ פאנאנדערגעשפּילעט אונ צעהיצט. ער האָט גע־מאָלדנ קאטעגאָריש:

— עס פעלט ארבעט־קראפט, עס פעלנ בוי־מאטעריאַלנ, עס פעלט פּלאנמעסיקײַט מיצאד דער הויפּט־אָנפירונג, קאָנקרעט מיצאד דעמ כ׳ טשערניגאָווסקי.

דער כאווער ריינער האָט גערעדט מיט א פּראָסטער פארשטענדלעכער שפּראכ. אלע, קאָנטיק, האָבנ אימ פארשטאנענ. וועלכע האָט ניט פארשטאנענ די שפּעטערדיקע מיטיילונ־גענ פונ די איבעריקע קאָרעפּערענטנ: קראפט־אײַנשטעלונג, טורבינענ, מאגיסטראל... ניט פארשטענדלעכע ווערטער.

איינער א הויכער מענטש אינ לעדערנע הויזנ אונ אינ טיפע הויכע שטיוול האָט אָנ־געהייבנ ריידנ:

— טשערניגאָווסקי האָט אבסאָליוט ניט באַרירט די פּראגע פונ מענטשנ־מאטעריאל. דאָט איז בעפּיירעש א בלויז אינ זײַנ באריכט. לאָמיר נעמענ דעמ בויער. אינ אונדזערע באדינגונגענ איז שוינ צײַט איינמאָל פאר אלעמאָל אָפּזאָגנ זיכ פונ דעמ טערמינ סעזאָנער. דער בויער ארבעט א גאנצנ יאָר קימאט. זאָל מענ מיר אופוארפנ, זאָל מענ מיכ באַ־שולדיקנ אינ וועלכנ אָפּנייג מע וויל, נאָר מיר, דאָ אפ די ערטער, דארפנ באקאָנענ די גע־העריקע אנשטאלטנ מיט דעמ מעהוס פונ די נײַע בויער. ער האָט זיכ שוינ אָפּגעזאָגט, אָדער ער זאָגט זיכ שוינ אָפּ פונ זײַנ כאטקע. ער איז א פּראָלעטאריער, אונ וויבאלד ער איז א פּראָלעטאריער, דארפ ער ווערנ באזאָרגט ווי א פּראָלעטאריער. אָט דאָס עס מוז גענומענ ווערנ אינ באטראכט.

דער דירעקטער האָט גערוועז פארנאָטירט אינ זײַנ בלאָקנאָט. די פאלדנ פונ זײַנ בלאָסנ שטערנ זײַנענ געוואָרנ שטײַפער אונ האָבנ זיכ אויסגעלייגט, ווי קרוטקעס.

וועלקע האָט זיכ פונ דער ארויסטרעטונג דערפילט ניט היימלעכ. אים האָט זיכ נאָרוואָס געדאכט, אז אפ דערדאָזיקער פארזאמלונג פונ פאראנטוואָרטלעכע און פארטייִשע טוער, וועט מענ ריידנ אפ א שפראכ, וואָס איז ניט אינגאנצנ פאר אים פארשטענדלעכ. ערשט איינער האָט איבערגעריסנ די צאמ, און האָט אָנגעהייבנ וועגנ וואָכעדיקע פראגנ, וועגנ צוקער אפאָנים, וועגנ ברויט. וועלקענ האָט ניט אזוי באוואונדערט די רעדע פונ די בויער, ווי די ארויסטרעטונג פונ איינעמ א ספעציִאליסט, וועלכער האָט שוינ גערעדט נאָכ פאָשעטער. ער האָט אופגעוואָרפנ די דירעקציע, אז זי פארשווענדט צײַט בא אזא ספעציִאליסט, ווי ער אלײנ. ניט אלעמאָל באקומט ער צודערצײַט א פור אינ שטאָט. ניט אלעמאָל בלײַבט פאר אימ אנ אָרט אינ אווטאָ, אינ דער צײַט, ווענ פאָשעטע קאנטאָר-אָנגעשטעלטע, ניט ספעציִאליסטנ, פארגינענ זיכ ארײַנ אינ אווטאָבוס פונ פאָרנסטנ ארײַנגאנג, און ער בלײַבט צומ נאר.

וועלקע האָט זיכ געפילט ניט היימלעכ פונ אזא ארויסטרעטונג. ער האָט זיכ דערפילט, ווי א מענטש, וואָס דערזעט קלײנלעכע מידעס פונ א גרויסנ מענטשנ. אזוי שלעכט האָט ער זיכ געפילט, ווענ ער האָט איינמאָל געלייענט די ביִאָגראפיע פונ א גרויסנ, גאָר א גרויסנ טאלאנטפולנ קינסטלער, וועלכער האָט געהאט מידעס פונ קלײנלעכקײַט און קלײנבירגערלעכקײַט אינ זײַנ טאָגטעגלעכנ לעבנ. פאר גרויסע מענטשנ פאסט עס ניט. א גרויסער מענטש דארפ זײַנ אינ אלע זײַנע טאטנ א מוסטער פאר קלענערע פונ זיכ, פאר פאָשעטע מענטשנ.

וועלקע האָט באשלאָסנ, אז ער נעמט א וואָרט, אז ער וועט ריידנ וועגנ דער שלעכטער ארבעט פונ די אווטאָבוסנ. ער וועט ריידנ וועגנ שווערע פרימאָרגנס.

וועגנ א שווערנ טאָג.

א. פיאטיגאָרסקע

# ארום שאכטע

געווען איז פון שטענדיק
אין שאכטע אַן אַלטע לעגענדע,
און באוואכט האָט פון שטענדיק
דעם אַרײַנגאַנג אין שאכטע
די אַלטע לעגענדע.
האָבן פּאָטערס די זין זי דערציילט—
זין זאָלן הערן,
און פון ווערטער פון שווערע
א מײַסע געשיילט,
אַז:
באַהיט און באוואָרנט זאָל ווערן די שאכטע,
אַז א פרוי זאָל ניט קומען מיט איינער א וואכטע.
ס'זאָל דער נײַגיר קיין פרויען אהערצו ניט ברענגען
אין אונטערערד שווארצן, אין שטרעקן אין ענגע.
ניט צו גאַסט זאָל זי קומען, ניט אַף שטענדיקער אַרבעט,
און דאַרף מען—איז זאָגן מיט ווערטער, מיט האַרבע:
ס'זאָל א פרוי צו אונדז קומען זיך גאָרניט דערוועגן,
ניט אין א זון, און ניט אין א רעגן.
די שאכטע—זי איז נאָר פאַר מענער צעגראָבן,
די פרוי בלויז פונויבן אונדז שענקט אירע גאָבן.
און ווען זיך נאָר איינע א דרייסטע געפינען,
און קומען אהערצו זי וועט זיך פאַרגינען—
אַן אומגליק אַף זיכער אין שאכטע וועט טרעפן:
ס'וועט די ערד פאַר שאכטיאָרן זיך געבן אַן עפן,
עס וועט קומען אַן אופרײַס, ס'וועט דאָס וואַסער א פלייץ טאָן,
א שיכט וועט פאַרקלעמען שאכטיאָרישע פּלייצעס,
און דאַן וועט די שאכטע א קײיווער גאָר ווערן,
מוז מען שטרענג דעם אַרײַנגאַנג פאַר פרויען פאַרווערן!
אַזוי האָבן זיידעס און פּאָטערס דערציילט
און פון ווערטער פון שווערע די מײַסע געשיילט.

זײַנען צענדליקער, הונדערטער יאָרן אוועק
און ס'איז די לעגענדע ניט געוואָרן פארמעקט.
מ'האָט די שאכטע פון אָנקום פון פרויען געהיט,
מע האָט זי געהיט און מע האָט זי פארהיט.
נאָר אן אומגליק אין שאכטע פלעגט אָפטלעכ זיכ טרעפן:
ס'פלעגט די ערד פאר שאכטיאָרן זיכ געבן אן עפן,
ס'פלעגט קומען אן אופרײַס, ס'פלעגט דאָס וואסער א פלײץ טאָן,
א שיכט פלעגט פארקלעמען שאכטיאָרישע פלײצעס,
און ס'פלעגט דאן די שאכטע א קיױוער זײ ווערן.
און פרויען—זײ פלעגן דאן אָפגײן מיט טרערן,
פונויבן—באם שלונג פון דער שאכטע פון שווארצער
זײ פלעגן זיכ שלאָגן מיט פויסטן אין הארצן,
געווארט אלץ, געהיט, מע זאָל ענדיקן גראָבן,
זײ זאָלן באקומען דעם מעס צום באגראָבן.
און דער שלונג פון דער שאכטע, פון שווארצער און טיפער
האָט דעם קערפער געבראכט מיט צעבראָכענע ריפן.
זײַנען פרויען צעגאנגען פון ווײטיק און טרויער—
די פרויען,
וואָס פאר זײ האָט פון שטענדיק
דעם ארײַנגאנג אין שאכטע
פארהאנגען די אלטע לעגענדע.

---

געווען איז פון שטענדיק
אין שאכטע אן אלטע לעגענדע,
געווען איז פון שטענדיק,
און איצט
האָט זיכ אלץ אין דער שאכטע געענדערט.
איז מיט נײַע מאשינעס צוזאמען
אין פינצטערן, שמאָלן זאבוי
געקומען די פרוי.
זי איז שוואכער פון מענער-שאכטיאָרן
(אזוי איז עס פאָרט, פון געבאָרן!)
טוט זי דאָס, וואָס זי קען.
טוט א קוק—
באם ארויסגאנג פון שאכטע.
זי איז הײַנט אין באנאכטיקער וואכטע.
זי א.־בעט באם מעכטיקן הײבער,
טוט זי א דריק דאָס הענטל,
לאָדט אָן וואגאָנעטקעס אין קאָרב,
פארוקט זיכ דאָס דינע ווענטל,
טוט דער קאָרב אפ ארופ א פאָר.
און פונויבן, איבער שמאָלע רעלסן

קאטשעט אָפּ די וואגאָנעטקעס א פרוי,
פירט זיי אָפּ, וווהינ מ׳האָט געהייסנ,
פילט אויס, וואָס מע האָט איר פארטרויט.
אונ ניט לאנג, דאָ ניט לאנג איז אינ שאכטע
געקומענ א נײַער אינזשענער,
געקומענ מיט איינער א וואכטע
אונ פארבליבנ—ווי רעכנט איר, ווער?
א פרוי איז אינ שאכטע געקומענ
א באפעלער, אנ אָנפירער. דאנ—
האָט די שאכטע זי צוגענומענ
אינ די שמאָלע זאבויענ ארײַנ.
דערציילט מענ, אז אלטע שאכטיאָרנ
זײַנענ פרײַנט מיט איר נאָכדעם געוואָרנ.
אונ קלאָר—
ס׳האָט קיינ אומגליק דערפונ ניט געטראָפנ,
אונ קיינ אופרײַס, פארפלייצונג האָט זיכ ניט פארלאָפנ.
פארקערט:
אונטער דר׳ערד
אינ טיפנ זאבוי
פילט מענ—
עס ארבעט דאָ נאָענט א פרוי,
היט מענ זיכ דאָרט
מיט א גראָבנ וואָרט,
א מיִעסנ זשעסט—
מע פארגעסט.
א פרײַנטשאפט א פעסטע
ווערט דאָרט געבאָרנ.
אונ עס טרײַבנ די נײַע, די ליכטיקע יאָרנ
דעם גלויבנ דעם בלינדנ פונ די אלטע שאכטיאָרנ!

קוזמא טשאָרני

# „דאָס קאָנגרעסל“[1]

מיר זײַנען איצט צוגעגאנגענ צו יענעם מאָמענט אינ די אַלע געשעענישנ, װעלכער האָט, װי דורכ א האַרפע דורכגעלאָזנ די געדאנקענ, אָפּגערײניקט זיי, האָט זיי אוועקגעשטעלט אינ דער גאנצער שאַרפקײַט אונ דײַטלעכ באַװיזנ די מענטשנ, װאָס מע דאַרפ טאָנ אונ װעמענ מע דאַרפ פאָלגנ. דאָס איז עפּשער געװענ ניט אזוי טיפּיש פאַר דער גאנצער רעװאָליוציע ביכלאַל, אָבער עס איז געװענ נאַטירלעכ אינ אָט דערדאָזיקער אָרדענונג, אינ דעמדאָזיקנ פּריציש נעסט, װו אפילע די קנאָפּ־פאַרמעגלעכע, מע מעג זאָגנ, אָרעמעלײַט, האָבנ ניט אַלעמאָל געקאָנט פאַרשטיינ, פונ װעלכער זײַט דאַרפ זיי אופגיינ די זונ. זיי האָבנ, װי בלינדע, געקענט גיינ נאָכנ פּאָרעצ בלויז דערפאַר, װאָס דער פּאָרעצ איז א קאַטאָליקער, װי זיי. דאָ האָט די מאַשינע געאַרבעט אַפּ אַלע קיילים: די צװייקסיאָנדזנ האָבנ גלײַכ גענומענ אָט דידאָזיקע פאַרװאָרפענע מאַסע אינ דער אַרבעט אַרײַנ. זיי האָבנ באַגריסט די רעװאָליוציע, האָבנ אַגיטירט פאַר איר אפילע אינ די קאָסטיאָלנ, אָבער פאַר װעלכער רעװאָליוציע? אונ װוהינ האָבנ זיי זי געװאָלט א קער טאָנ?

אַפּ דער ראַטושע האָט געפלאַטערט א רויטע פאָנ, װעלכע עס האָט אופגעהייבנ אַדאַס הושקע. די פאָנ האָט זיכ געזענ פונװײַטנ אַפּנ גאנצנ אַרום. אונ אַפּ דער פאָנ האָט מענ פונ אומעטום געקוקט. אָבער יעדערער האָט געקוקט מיט זײַנע אויגנ. אַנדערש האָבנ געקוקט אַפּ איר די פאַראָבקעס פונ די אָרומיקע פּריצישע הויפנ, אַלע אָרומיקע קליינע פּויערים, אָט יענע טאַקע, װאָס זײַנען צוליב סורװילעס כסאָדים אַרײַנגעקראָכנ אינ קויפנ די ערד, יענע, װאָס האָבנ געװאָלט ערשט אַרײַנקריכנ, נאָר זיי האָבנ אפילע ניט געהאַט קיינ געלט אַפּ אַנ אופגאָב געבנ—מיט איינ װאָרט, די אַלע אָרומיקע דערפער. זיי האָבנ געהאָפּט, אַז די רויטע פאָנ װעט זיי געבנ דאָס, װעגנ װאָס עס האָט גערעדט אַדאַס הושקע, װעגנ װאָס עס ריידנ איצט אויכ שוינ אזוי דײַטלעכ לעאָפּאָלד הושקע אונ נעמירע. מיט זיי האָבנ מיטגעהאַלטנ אָט דיזעלבע מענטשנ פונ שטעטל, װעלכע האָבנ אַמאָל געקלאַפּט שטיינער אַפּ דער שאָסיי, װעלכע האָבנ געברוקירט די שאָסיי, אונ דערנאָכ, אַז די אַרבעט האָט זיכ אָפּגעשטעלט, האָבנ זיי געטאָנ אַלצ, װאָס עס האָט זיכ נאָר געמאַכט, אַבי א שטיקל ברויט פאַרדינענ. יענע, װעלכע זײַנען צוליב זייער עלטער ניט אװעק אַפּ מילכאָמע, זײַנען זיכ געזעסנ אינ זייער שטעטל, אלײנ ניט װיסנדיק װוהינ א לאָז טאָנ זיכ, אונ אויכ די, װעלכע האָבנ זיכ אומגעקערט איצטער פונ מילכאָמע, האָבנ איצט אָנגעהייבנ

[1] א קאַפּיטל פונעם ראָמאַנ „הײטלאַנד“, װעלכער דערשײַנט אינגיכנ.

ערנסט פאָדערנ, אז די פּראָגראם, װעלכע עס האָט ארױסגעזאָגט אדאס הושקע, זאָל טײקעפ פארװירקלעכט װערנ אינ לעבנ. עס זײַנענ צו זײ צוגעשטאנענ די געװעזענע אוג איצטיקע ארבעטער פונ זעגמיל, די ארבעטער פונ די געװעזענע פּירשטלעכע ציגעלניעס, אָבער אזא מינ אוילעמ איז דאָ געװענ ניט קײנ גרױסער: דאָסראָװ זײַנענ דאָ געװענ דאָרפלײַט. אינ שטעטל האָט איצט אלצ בעקאָכט, װי אינ א קעסל.

גאָר אנדערש האָבנ אפ דער פאָנ געקוקט אונ גאָר אנדערע האָפענונגענ האָבנ אפ איר געלײגט אזוינע, װי מאזאָװעצקי אונ סורװילע. איר מײנט, אז זײ זײַנענ געװענ קעגנ דער רעװאָליוציע? נײנ. סורװילעס זונ, צום בײַשפיל, איז איצט שוינ געװענ דער רעכטער פארביסענער רעװאָליוציאָנער אונ אפילע א רעװאָליוציאָנערער קלאל־טוער: ער האָט אינ שטעטל אָרגאניזירט די אזוי־גערופענע פאָלק־מיליציע. ער האָט זיכ אפילע געשטעלט אינדערשפּיצ פונ אָט דערדאָזיקער מיליציע אינ שטעטל. אונ א נאטשאלניק פונ דער גאנצער אױעזדנער מיליציע (דאָס שטעטל האָט מענ דערקלערט פאר אנ אױעזד) איז געװענ ניט אבי װער, נאָר טאקע דער בענאָק פונ דעמ שטאָטישנ גאלעכל,—א פארשױנ א הױכער, א בלאָנדער אונ א ביסל אנ אײַנגעהױקערטער. הײסט עס, אז סורװילעס געזינד איז ניט געװענ פרעמד דער רעװאָליוציע, דער אלטער סורװילע אָבער אלײנ פלעגט שטענדיק קלאָגנ זיכ פאר לײַטנ:

— מע האָט מיכ באװולט. אפ װאָס האָב איכ דאָס געדארפט אזױפיל האװענ, אײַנקױפנ ערד, אפ װאָס האָב איכ געדארפט אזױפיל געלט װי א הונט אינ די צײנער ארײַנשפּארנ אָט דעמ פאָרעצ, װענ איצט, פאניע, זאָגט מענ, אז די ערד װעט סײַװי זײַנ פארנ פאָלק? נײנ, דאָס װעט זײַנ ניט יושערדיק. אינ א רעװאָליוציע דארפ מענ, אז אלע זאָלנ זײַנ גלײַכע, אונ ניט אזוי, אז אײנער זאָל אָנכאפּנ ערד אומזיסט אונ דער צװײטער זאָל אָפּגעבנ פאר איר די עמעסע קאָפּיקע. די רעװאָליוציע דארפ אײַנשטעלנ רעכט, געזעצ אונ אָרדענונג, אונ ניט, װי עס איז איצט — מע האקט די װעלדער אונ מע פרעגט גאָר בא קײנעמ ניט. אויב עס איז א רעװאָליוציע, דארפ מענ, אז דער פאנ זאָל די ערד פארקױפנ דעמ פאָלק אפ ניט קײנ טײַערע מעקאָכימ, אָט װאָס מע דארפ!

אָט דיזעלבע רעװאָליוציע האָט אויכ פארטשעפעט די בימע אינ קאָסטיאָל אונ די קאַטעדרע אינ קלױסטער: די צװײ שטאָטישע קסיאָנדזנ האָבנ שטענדיק דערקלערט פארנ אוילעמ, װענ, װו אונ װעגנ װאָס עס װעט זײַנ א פארזאמלונג אונ נאָכ װעמענ מע זאָל גײנ אונ װעמענ פאָלגנ אפ דערדאָזיקער פארזאמלונג. דאָס דארינקע גאלעכל האָט דיזעלבע זאכ געטאָנ פונ דער קלױסטערישער קאטעדרע.

איז אָט, אײנמאָל, שוינ פרילינג־צײַט, האָט מענ אפ אזא אױפנ געמאָלדנ, אז באלד דארפ זיכ אָנהײבנ א קאָנגרעס פונ אלע פארטײענ, װעלכע זײַנענ פאראנ אינעמ דאָזיקנ געגנט, קעדײ צו אופרײדנ זיכ אונ אײַנשטעלנ אנ אָרדענונג, מיט װעלכער מע זאָל קענענ װארטנ ביז דער אלרוסלענדישער גרינדונג־פארזאמלונג, מאכמעס... אונ דאָ האָט מענ דײַטלעכ בעזאָגט, אז אינ שטעטל זיצט עפּעס א סאָװעט פונ דעפּוטאטנ, עפּעס א סאָװדעפּ, בעראָש מיט אדאס הושקע, װעלכער װיל ניט װיסנ, אז איבער גאנצ רוסלאנד (אזוי האָט גערעדט דער גאלעכ, דער קסיאָנדז פלעגט זאָגנ: „איבערנ גאנצנ לאנד״) איז פאראנ א צײַטװײַליקע רעגירונג, װאָס דאָס פאָלק האָט זיכ פאר איר פארפליכטעט צו דערפירנ דאָס לאנד ביז דערדאָזיקער גרינדונג־פארזאמלונג.

עס איז געװענ פרילינג. דער שנײ איז שוינ לאנג אראָפּ, װארעמע טעג האָבנ געקװיקט די ערד, דער אוילעמ האָט זיכ געקליבנ ארױסגײנ אינ פעלד. דעמ קאָנגרעס האָט מענ

באשטימט אפ זונטיק. ער האָט זיך געזאָלט אָנהייבן נאָך האלבן טאָג. אינ אָט דעם טאָג האָבן די קסיאָנדזנ אונ דער גאלעכל באוויזנ ענדיקן די טפילע פריִער, ווי אלעמאָל, קעדיי גלײַך נאָכדעם זאָל מענ קענענ א לאָז טאָנ זיך צום קאָנגרעס.

אָט דערדאָזיקער קאָנגרעס איז פארבליבנ אינ זיקאָרנ בא די אָרטיקע מענטשנ אונטערנ נאָמענ „קאָנגרעסל". אָט אזוי האָט אים א נאָמענ געגעבנ, אליינ דאָס ניט װעלנדיק, מאזאָוועצקי. מיט א וואָך פאר דעם האָט מאזאָוועצקי מיט סורווילענ אײַנגעטײַנעט מיטנ אוילעם, אז אפ אָט דעם קאָנגרעס דארפנ אלע זײַנ.

— אָט אזא, פארשטייט איר ְמיך, קאָנגרעסל, מאכט מענ אינ שטאָט,—האָט געזאָגט מאזאָוועצקי אינ דאָרפ, קומענדיק פונ קאָסטיאָל.

פונ דעמלט אָנ האָבנ עס די פויערים גערופנ „קאָנגרעסל", אונ אנדערע האָבנ עס אפילע גערופנ „מ׳זאָוועצקעס קאָנגרעסל". נאָר ווענג דעם האָט מענ שוינ גערעדט נאָכנ עצעם קאָנגרעסל, ווענ מע קאָט שוינ געוווּסט, וואַס דאָס איז פארא פויגל.

פארנ סאמע רעכטנ קאָנגרעסל איז מאזאָוועצקי געשטאנענ ,צווישנ אוילעם ארומיקע פויערים לעבנ קאָסטיאָל אונ האָט געווארט, עס זאָל זיך ענדיקנ די טפילע. ניט געקוקט אפ דעם, וואָס עטלעכע טריט פונדאנענ, אינ קאָסטיאָל, האָט מענ נאָך מיספאלעל געווענ, האָט דער אוילעם שטארק געטומלט: מאזאָוועצקי האָט דערציילט ווענג די „געשעענישנ פונ דער רעוואָליוציע אינ שטעטל", אונ אויב עס איז אפילע ניט פאָרגעקומענ אינ שטעטל, פלעגט ער פאָשעט זאָגנ, אז דאָס איז פאָרגעקומענ אינ מינסק, אינ בארנאָוויטש...

— איז אָט וואָס ס׳איז נאָך געווענ,—האָט ער זיך געײַלט ענדיקנ זײַנ דערציילונג, דערזעענדיק, אז דער אוילעם הייבט אָנ ארויסגיינ פונ קאָסטיאָל,—האָט זיך אײַנגעשפארט דעם פאָרעצס פורמאנ. איצטער, זאָגט ער, איז א רעוואָליוציע, אלע זײַנענ גלײַכע, איז דו, זאָגט ער, פאניע, זעצ זיך פאר א פורמאנ, אונ איך וועל זיך זעצנ אפ דײַנ אָרט אינ פאיעטאָנ. קנאפ האָב איך דיך ארומגעפירט? איז זײַ מויכל, פיר מיך איצטער דו. נו, דער פאָרעצ, פארשטייט איר מיך, זעצט זיך מיר רוּיִק אפ די קאָזלעס אונ דער פורמאנ קריכט זיך אינ פאיעטאָנ. ווּהינ זאָל איך פירנ?—פרעגט זיך דער פאָרעצ. אָט אהינצו, ענטפערט דער פורמאנ, ווּהינ דו, פאָרעצ, האָסט געוואָלט, אז איך זאָל דיך פירנ. האָט דער פאָרעצ א שמיצ געטאָנ די פערד. נו, זײַנענ זיי געקומענ צו פאָרנ. קריך אראָפ, זאָגט דער פאָרעצ. דער פורמאנ איז אראָפגעקראָכנ. אָט אהער גיי ארײַנ, זאָגט דער פאָרעצ. דער פורמאנ איז ארײַנ. ערשט דאָרטנ איז א מינ קאנצעליאריע. נו, זעצ זיך, זאָגט דער פאָרעצ צום פורמאנ, אונ קלײַב פאנאנדער אָט די פאפירנ. דער פורמאנ האָט אזש די אויגנ ארויסגעלופעט. נו, וואָס איז, זאָגט דער פאָרעצ, איך האָב דײַנ ארבעט אָפגעטאָנ, טו אָפ איצטער מײַנ ארבעט. איך קענ ניט, זאָגט דער פורמאנ. ניינ, טו, הינטישער זונ, זאָגט דער פאָרעצ. האָט דער פורמאנ אראָפגענומענ די היטל, האָט צוגענומענ באם פאָרעצ די בײַטש אונ א זאָג געטאָנ: האָט קיינ פאריבל ניט, פאָרעצ, מיך האָט מענ אפ דעם ניט געלערנט. אונ ער איז אוועקגעקראָכנ אפ זײַנע קאָזלעס, אפ זײַנ אלטנ אָרט.

די שליאכטע האָט געקוואָלנ. פלוצלונג האָט עמיצער א געשריי געטאָנ איבערנ רעכטנ אויער בא מאזאָוועצקענ:

— שטעל אוועק דעם פורמאנ אפ דעם פאָרעצס אָרט, וועט ער אויך זײַנ א לאמדנ.

— וואָס הייסט עס?

— גאָר פאָשעט. ווענ דער פורמאנ זאָל האָבנ אזעלכע מאיאָנטקעס, ווי דער פאָרעצ, וואָלט ער עפשער נאָך צוואנציק מאָל געבילדעטער געווענ פארנ פאָרעצ.

— אוואדע,—האָבנ אימ אונטערגעהאלטנ די איבעריקע שטימענ פונ מאזאָוועצקעס קענגער,—ער רעדט שיידימ וויסנ וואָס. א כידעש, וואָס דער פּאָרעצ איז א געלערנטער אונ דער פורמאנ ניט.

דער אוילעמ האָט זיכ א לאָז געטאָנ צומ קאָסטיאָל, איז געוואָרנ שיטערער ארומ מאזאָוועצקענ. דער אוילעמ האָט זיכ געײַלט אפּנ קאָנגרעסל. מאזאָוועצקי איז אויכ אוועק אהינ אונ איז געווענ ניט שטארק צופרידנ, וואָס ניט אלע דענקענ אזוי ווי ער.

דאָס קאָנגרעסל האָט געזאָלט פאָרקומענ אינעמ גרויסנ זאל פונ דער ראטושע. עס איז דאָרטנ געווענ אזויפיל מענטשנ, אז עס איז ניט געווענ וווּ אהינצוטאָנ זיכ. דער אוילעמ איז אויכ געשטאנענ לעבנ דער ראטושע, ווײַל ער האָט ניט געהאט וווּהינ ארײַנצוגיינ. אינ די קאָרידאָרנ, לעבנ גאנעק אונ אפּנ פלאצ איז געשטאנענ די פאָלק מיליציע: מערסטנטייל די שטאָטישע „אינטעליגענצ“—די זינדלעכ פונ די הויזבאזיצערס, פונ מיטעלע קרעמער, גימנאזיסטנ, פונ די „פּראָסטע“ יאטלעכ פונ די ארומיקע כוטאָרעס. אפ זייערע ארבל זײַנענ געווענ בענדלעכ; איבער די ציווילע קליידער זײַנענ אפ רימענס געווענ אָנגעטאָנ שווערדנ.

אינ א נײַער מיליטערישער פאָרמע (פונ די סקלאדנ פונ „זעמסקנ פארבאנד“, וואָס מע קענ זיי גאָרניט אויסשעפּנ) האָט סורווילטשיק ארומגעשפּאצירט, פארשטייט זיכ, שוינ אָנ עפּאָלעטנ, לעבנ דער ראטושע.

שוינ ארײַנגייענדיק אינ דער ראטושע, האָט מענ געקענט זענ, אז אָט דערדאָזיקער אוילעמ איז ניט קיינ געוויינלעכער. דאָ זײַנענ געווענ מענטשנ פונ אלע קאטעגאָריעס, וועלכע זײַנענ נאָר געווענ אונ האָבנ געקענט זײַנ אינ שטעטל אונ ארומ איר. נאָר דערהויפּט האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ דאָס, וואָס דאָ איז געווענ זייער אסאכ פרויענ, אונ ניט נאָר שטאָטישע אליינ, נאָר דאָסראָוו פויערטעס: נאָכנ יאריד אונ נאָכנ קאָסטיאָל אונ קלויסטער זײַנענ אלע גלײַכ אוועק אהער.

נאָכ מיט עטלעכע טעג פאר דעמ, האָט דער סאָוועט פונ די דעפּוטאטנ אויסגעקלעפּט אופרופנ וועגנ דעמ, אז דערדאָזיקער קאָנגרעס וועט זײַנ ניט מער, ווי א פּרווו אײַנצוריידנ דעמ עמעסנ ארבעטנדיקנ פאָלק אָפּנייגנ זיכ פונ דער עמעסער רעוואָליוציע, ווײַל דער, וואָס האָט אָט דעמ קאָנגרעס אויסגעטראכט, האָט מוירע פאר דערדאָזיקער רעוואָליוציע. אָבער צוגלײַכ מיט דעמ האָבנ די אופרופנ געייצעט, מע זאָל גיינ אפ דעמדאָזיקנ קאָנגרעס אונ דאָרטנ באווײַזנ טאקע, וואָס הייסט רעוואָליוציע.

אנ אוילעמ איז דאָ איצטער געווענ א פארשיידענער. דאָ איז געווענ א מינ איבערקוק פונ די קויכעס, סײַ פונ די, סײַ פונ יענע. דאָ אינ זאל זײַנענ געשטאנענ אויכ פּאָטעלנ, זיי האָבנ פארנומענ די גרעסטע העלפט זאל: פאר דער רעוואָליוציע פלעגנ דאָ די אָפיצערנ דורכפירנ זייערע פארזאמלונגענ, איצט, פארשטייט זיכ, האָבנ דידאָזיקע פּאָטעלנ ניט בעקלעקט. דער אוילעמ איז געשטאנענ אומעטומ, ווו נאָר מע האָט געקענט זיכ צושפּארנ. מע האָט זיכ געשטיקט איינער אפּנ אנדערנ, געשטיקט זיכ צו די ווענט. אָבער שוינ אינ די ערשטע רייענ פּאָטעלנ זײַנענ געזעסנ די שטאָטישע פּניי, די אָרטיקע פּריצימ, צוויי קסיאָנדזנ. עס איז אויכ דאָרטנ געזעסנ דאָס שטאָטישע גאלעכל, וואָס האָט געגלעט דעמ זײַדענעמ קאָלנער אונ די ארבל פונ זײַנ פאראדנער ריאסע. ווי אזוי האָבנ זיי זיכ אפינעס אפ די ערשטע ערטער אינ די פּאָטעלנ? זייער פּאָשעט. ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס זיי זײַנענ געקומענ שפּעטער פאר אלעמענ, זײַנענ דאָכ אָט דידאָזיקע ערטער געווענ ניט קיינ פארנומענע. דער פּראָסטער אוילעמ האָט נאָכ אפ זיכ געפילט די לאסט פונ די אמאָליקע

פאסקודנע יאָרנ. דער אוילעמ איז געווינט געווענ שטעלנ זיכ שטענדיק ערגעצ פונהינטנ, מע זאָל אים ניט באמערקנ. אָט אפ אזא אויפנ איז דער זאל פול געוואָרנ אזש ביז די רעכטע טירנ. דער אוילעמ האָט אָנגעהייבנ שפארנ אזש ביז דער סאמע עסטראדע.

ערגעצ אינ א ווינקל, דאָרטנ אונטער די אלטפרענקישע אראָפהענגענדיקע סופיטנ איז געשטאנענ צוגעשפארט צו דער וואנט לעאָפאָלד הושקע, לעבנ אים איז געשטאנענ מאַרילקע. ער האָט שווײַגנדיק געקוקט, ווי פארבײַ אים גייענ דורכ פאָרויס מענטשנ אונ פארנעמענ ערטער, ווו מע קאָנ זיכ נאָר שטעלנ. ענדלעכ האָט מענ שוינ ניט געהאט ווו צוצושפארנ זיכ. מע איז געשטאנענ אזוי אײַנגעפרעסט, אז מע האָט אפילע ניט געהאט קיינ מעגלעכקײַט א ריר טאָנ זיכ. לעאָפאָלד הושקע איז געווענ, קענ מענ זאָגנ, מיט א קאָפ העכער פונ דעמ גאנצנ אוילעמ, האָט ער געזענ פונ זײַנ אָרט, ווי לעבנ דער אנטקעגנ־דיקער וואנט זײַנענ געשטאנענ נעמירע מיטנ טאטנ, ווי נעמירע האָט עפעס געגעבנ צו פארשטיינ זײַנע דאָרפלײַט, וועלכע האָבנ אים ארומגענומענ פונ אלע זײַטנ. דערנאָכ האָט ער באמערקט זײַנ אנטאָשעג. ער איז געזעסנ אינ א פאָטעל עפעס אזוי אינמיטנ זאל. עס איז דאָרטנ געגאנגענ א לעבעדיקער שמועס. אייניקע פונ אנטאָשעס שכיינים האָט לעאָפאָלד דערקענט. דאָס זײַנענ געווענ אנטאָשעס כאווײרים פונ זעגמיל אונ גלאט שטאָטישע יאטלעכ. דער אוילעמ איז געשטאנענ אויכ אינ קאָרידאָר, האָט זיכ פאָשעט אראָפגעלאָזנ אפ די טרעפלעכ צומ פלאצ צו.

ענדלעכ האָט זיכ עס אָנגעהייבנ.

לעאָפאָלד הושקע האָט געזענ, ווי אפ דער עסטראדע האָבנ זיכ באוויזנ מענטשנ, וויאזוי זיי האָבנ אָנגעהייבנ ריידנ, ווי זיי האָבנ גערעדט איינער מיטנ צווייטנ, ווי דערנאָכ האָט איינער פונ זיי פאָרגעלייגט דעמ צונויפגעקליבענעמ אוילעמ ריידנ, וויאזוי עס האָבנ אָנגעהייבנ ארויסגייגנ פונ אוילעמ עטלעכע מענטשנ אונ דורכקריכנ צו דער עסטראדע... אָבער פונ אָנהייב אָנ האָט לעאָפאָלד הושקע גאָרנישט ניט געהערט. ער האָט זיכ שטארק פארקוקט אפ איינעמ עפעס אנ עלטערנ מענטשנ, וועלכער איז געזעסנ אינ די פאָדערשטע פאָטעלנ. זײַנ רעכטע האנט איז געלעגנ אפ א רויטנ, שיינ אויסגעטאָקטנ שטעקנ מיט מאָנאָגראמענ, די ווײַסע וואָנצנ זײַנענ אראָפגעהאנגענ אפ אראָפ. ער האָט געטראָגנ א שווארצנ סורדוט אונ דער פאלטאָ זײַנער איז געלעגנ אפ די קני. דאָס איז געווענ אָט יענער פאָרעצ, זײַנ אמאָליקער פאָרעצ, „הושקעס פאָרעצ". לעאָפאָלד הושקע האָט פאר דער לעצטער צײַט אָפגעוווינט זיכ טראכטנ-וועגנ אָט דעמ מענטשנ. אונ איצט האָט אָט דער־דאָזיקער פארצעפ אימ א באק געטאָנ אינ הארצנ. ביז איצט פלעגט ער זיכ ניט גאָר גוט פאנאנדערקלײַבנ אינ דעמ, וואָס עס איז פאָרגעקומענ א רעוואָליוציע, „דאָס פאָלק האָט גענומענ אינ זײַנע הענט די מאכט"—וועגנ דעמ האָט מענ אומעטומ גערעדט. נאָר וואָס איז דאָס אזוינס? וואָס וועט ווײַטער זײַנ? ער האָט געלייענט אויכ דעמ אופרופ, האָט אויכ געוווסט, אז אָט דעמדאָזיקנ אופרופ האָט ערגעצ אינ שטעטל, אינ דעפוטאטנ־סאָוועט, צונויפגעשטעלט זײַנ אדאס, אונ ער האָט זיכ פאָרגעשטעלט, אז אָט דידאָזיקע פארזאמלונג האָט עפעס עמעצער הײַנט מאָדנע כיטרע צוגעטראכט. אָבער קיינ קלאָרקײַט איז דאָ בא אימ אינ די געדאנקענ ניט געווענ. אימ איז דאָס ערשט קלאָר געוואָרנ באלד נאָכדעמ, ווי אפ דער עסטראדע איז ארויסגעטראָטנ עפעס איינער א רעדנער פונ שטאָט. לעאָפאָלד הושקע האָט געקאָנט דעמדאָזיקנ מענטשנ. דאָס איז געווענ איינער סטעפאנ מארצינקעוויטש, וועלכער האָט געדינט פאר אנ אופזעער אינ פירשטלעכנ שלאָס. הושקע האָט אפילע גע־וווסט, ווו ער וווינט אינ שטעטל. אינ שלאָס־פאָרשטאָט איז געשטאנענ זײַנ נײַע הויז אפ

א הויכן פונדאמענט פון געברענטע ציגל. ווי נאָר סטעפּאַן מארצינקעוויטש האָט אָנגעהייבן ריידן, גלעטנדיק אלע ווײַלע זײַנע געלע וואָנצן, דינע און לאנגע, ווי א מײַזיש עקל, האָט עמעצער פון אוילעם א געשריי געטאָן:

— וואָס וויל אָט דערדאָזיקער פירשטלעכער אונטערלעקער? וואָס מאָנט ער?

מארצינקעוויטש האָט זיך געמאכט, אז ער האָט, קלוימערשט, ניט געהערט. ער האָט נאָר א קוק געטאָן אין יענער זײַט און האָט פאָרגעזעצט ריידן:

— ... אין וועמעס נאָמען רייד איך? איך רייד אין מײַן אייגענעם נאָמען. איך בין דען א פּאָרעץ? איך בין דען א פירשט? איך בין דען א מאגנאַט? ווער קען דאָס זאָגן? איך בין דעם פּאָרעצס א דינער, קיין אייגענע גוטס האָב איך גאָרניט. איך בין, קען מען זאָגן, דער אייגענער פּאַרעבאָק...

— אָהאָ, א כידעש, וואָס דו ביסט א פּארעבאָק!—האָט מען א הוקע געטאָן פון אוילעם.

— אָרדענונג, בירגער!—האָט מען א זאָג געטאָן פון פּרעזידיום.

— וואָס-זשע מאכט ער דאָ פאר א שטיק! וואָס טומלט ער דאָ א קאָפּ! שוין וויפל צײַט, אז מיר הערן ראק אָט די באָבע-מײַסעס: אָרדענונג, אן אָרדענונג דארף מען! אָבער וואָסער אָרדענונג? אז דער פּאָרעץ זאָל זיצן, ווי פריִער, בא זיך אין מאיאָנטעק?

— ווו-זשע האָט איר געמיינט, וועט ער זיצן?—האָט זיך פּלוצלונג אָנגעצונדן סטעפּאַן מארצינקעוויטש,—אין קעסל-גרוב, אין קרוטש מיטן קאָפּ זאָל ער זיך לאָזן, צי וואָס?

— עפּשער זאָל איך דאָרטן זיצן? נישקאָשע, איך בין זיך שוין דאָרטן גענוג אָנגעזעסן אף מײַן לעבן, זאָל ער איצטער פארזוכן דעם טאַם!

לעאָפּאָלד הושקע האָט זיך ארומגעקוקט און האָט דערזען, אז דאָס ליאַרעמט פון זײַן אָרט דער אלטער נעמירע, און די פּויערים, וואָס זײַנען געשטאַנען לעבן אים, האָבן זיך צעשריִען:

— עמעס, עמעס...

— עפּשער איז דאָס עמעס,—האָט זיך געלאָזט אף א מאנעווער מארצינקעוויטש,— אָבער מיר דארפן אין אָרדענונג דערוואַרטן זיך אף דער גרינדונג-פאַרזאמלונג. דעמלט וועט דער געזעץ אײַנשטעלן, ווי זאָל מען טאָן מיט דער ערד, מיט די וועלדער, מיט די מאיאָנטקעס, וואָס זאָל בלײַבן באַם פּאָרעץ און וואָס זאָל מען לאָזן פארן פאָלק.

— אָהאָ, אָט ווי!—האָט פּלוצלונג א געשריי געטאָן א צווייטע שטים און האָט איבער-געריסן מארצינקעוויטשן, וועלכער האָט אף דעם געענדיקט, זעענדיק, אז מע וועט אים שוין ניט לאָזן ריידן.

לעאָפּאָלד הושקע האָט דערקענט פּאַוול נעמירעס קאָל און האָט דערזען, ווי ער האָט זיך דורכגעשטופּט דורכן אוילעם צו דער עסטראַדע. דאָרטן איז ער ארויף אפן ערשטן ברעטל פון די טרעפּלעך און גענומען ריידן:

— הייסט עס, אז פאַן מארצינקעוויטש מיינט נאָך, אז עפּעס וואָס דארף בלײַבן באַם פּאָרעץ און עפּעס וואָס וועט מען אוועקשטעלן פארן פאָלק? איז וואָס איז דאָס? אָט דאָס הייסט דען רעוואָליוציע? און וואָס וועסטו טאָן, אז אָט אף דער גרינדונג-פאַרזאמלונג, ווי זיי זאָגן, וועט מען מיך, צי אן אנדערן אזא ווי איך, ניט רופן און מע וועט דאפקע רופן אָט דעמזעלביקן פּאָרעץ און דערצו נאָך מארצינקעוויטשן אים צוהילף? וועט ער

שוינ, ווי מיינט איר, היפש ערד אויסטיילנ פאר מיר! וועט ער שוינ דעמלט מאכנ אזא געזעצ, אז אונדזערער א ברודער וועט אפילע ניט קענענ א פיפס טאָנ! וואָס דערציילט ער דאָ מײַסעס, אז מע דארפ דאָ אפ עפעס ווארטנ? געננג שוינ געווארט, עס איז איצטער א רעוואָליוציע! עס איז וועסנע אפנ גאס, דארפ מענ זייענ אונ מע דארפ טייקעפ א שמועס טאָנ וועגנ דער ערד אונ ניט ווארטנ דאָרטנ, ווער ווייס אפ וואָס...

פריילעכע פויערשע אויסגעשרייענ האָבנ אים ניט געלאָזנ ענדיקנ זײַנ וואָרט. נעמירע איז געשטאנענ אונ האָט באטראכט דעם גרויסנ זאל; דערנאָכ האָט ער דערזענ, אז די פויערים האלטנ אינ איינ שרײַענ: „עמעס, דעם עמעס זאָגט ער", האָט ער אליינ אָנגעהייבנ זיכ אפלאָדירנ אונ נאָכ איפּ דער גאנצער אוילעם. נעמירע האָט שוינ מער ניט גערעדט. האָט דעמלט פונ אָרט א הייב געטאָנ זיכ אביסל דאָס גאלעכל:

— מע דארפ אָפנ זאָגנ, אז ראסייע געפינט זיכ אפנ ראנד פונ אָפגרונט סײַ פארנ אויסערלעכנ, סײַ פארנ אינעווייניקסטנ סוינע. מיר וועלנ אוועקפאטערנ ראסייע, אויב בא אונדז וועט זיכ טאָנ אזוי, ווי איצטער אָט דאָ. מיר דארפנ איצטער זײַנ בירגער פונ דער פרײַער ראסייע, אונ ניט א האמוינ פונ עפעס ניט קיינ אָרגאניזירטנ ערעוורא...

ער האָט דאָס אויסגעשאָסנ, ארויסגעזאָגט עפעס מיט איינ קלאפּ אונ האָט, אפּאָנעם, דערפילט, אז ער האָט זיכ צוגעהיצט, איבערגעכאפּט די מאָס. האָט ער גענומענ ארופלויפנ אפ דער עסטראדע. אָבער מע האָט שוינ פונ אומעטום געמאכט מיט די הענט, מע האָט געשריִענ, ניט געהערט. אלע האָבנ דערהערט בלויז נעמירעס שטים:

— א כידעש, וואָס מע וועט דאָ אזוי ריידנ, אז אינ די ערשטע רייענ, אינ א פּאָטעל זיצט נאָכ איצטער אויכ דערזועלביקער פּאָרעצ, וואָס האָט שטענדיק א צענדליק פויערים געשאצט וועלוועלער איידער זײַנ איינ הינטל.

א שטארקער קאָל האָט דאָ געצווונגענ אלעמענ מיטאמאָל אנשוויגנ ווערנ. דער קאָל איז געווענ ערגעצ אינדערהייכ. לעאָפּאָלד הושקע האָט דאָ דערקענט זײַנ אדאסעס שטימ.

— כאוויירים,—האָט גענומענ ריידנ אדאס הושקע,—וואָס האָבנ מיר דאָ געהערט אונ וואָס האָבנ מיר געזענ? מיינט ניט, אז זיי ריידנ דאָ „ניט געזעצלעכ", ווי מע רופט עס אָנ. זיי ריידנ אינ נאָמענ פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג. אונ ווער רעדט דאָס? אָטאָ זע איכ דעם פּאָרעצ מיט די ווײַסע וואָנצנ אינ די ערשטע פּאָטעלנ. אָט דער פּאָרעצ האָט אפ אונדזערע מאזאָליעס געלעבט זיכ אינ זײַנ גאניידנ אפ דער וועלט. אָט האָט איר געהערט ניט לאנג, ווי אזוי דעם פירשטס אונטערלעקער, מארצינקעוויטש, וואָס איז אינ פאלעצ א לאקיי באמ פּאָרעצ, צי וואָס, וויאזוי ער איז דאָס ארויסגעטראָטנ. מיר האָבנ געהערט, ווי דאָס גאלעכל האָט לאָשנ דערלאנגט, ווי ספּריטנע ער באָמקעט דאָס צו יענעמ, וואָס וויל ניט אָפּגעבנ די ערד די פויערים, וואָס האָרעווענ אפ דער ערד. איז אָט זעענ מיר טאקע איצטער, ווער עס האָט אהער צונויפגעקליבנ אונדז הײַנט, ווער עס וויל אונדז אײַנריידנ, אז מיר זאָלנ ניט טשעפּענ די ערד, גאָרנישט ניט איבערמאכנ, אז אלצ זאָל בלײַבנ ווי געווענ. די נאפקעמינע איז נאָר, וואָס אויב פריִער האָט די פּאָליציי אונדז ניט געלאָזנ טשעפּענ די פּריצישע ערד, איז איצטער סטארעט מענ זיכ מאכנ אזוי, אז מיר זאָלנ אליינ, מיטנ אייגענעמ ווילנ ניט טשעפּענ די ערד. כאוויירים ארבעטער, פויערים, באטראקעס, סאָלדאטנ! ווער האָט אונדז געטריבנ מילכאָמע האלטנ? אָט זײַנענ זיי! זיי זיצנ איצט אינ די ערשטע פּאָטעלנ, אָט זיי טאקע סטארענ זיכ אונדז אײַנריידנ...

אדאס הושקע האָט אזוי הילכיק גערעדט, אז מע האָט ניט נאָר אינ זאל, נאָר אפילע לעבנ פאלעצ בא דער ראטושע אלצ געהערט. אינ ראטושע גופע אונ ארום איר איז געווענ שטיל, ווי קיינ איינ מענטש וואָלט דאָ ניט געווענ. דער אוילעם האָט געהערט, די פענעמער האָבנ געלעבט, די אויגנ האָבנ געברענט סײַ בא יענע, וועלכע וואָלטנ איצט אלצ געטאָנ, װאָס אדאס הושקע וועט נאָר זאָגנ, סײַ בא יענע, ווער עס האָט מיט צונויפגעשטשעמטע ציינער געקוקט אפ אָט יענעמ יונגנ סאָלדאט, וואָס אפ דער נידעריקער אלטפרענקישער גאלעריי. ער איז דאָרטנ געהאנגענ הינטערנ באריער איבערנ זאל, אלע האָבנ אימ געזענ, מע האָט פונ אימ די אויגנ ניט אראָפגענומענ. ענדלעכ האָט מענ זיכ אינ פרעזידיום אָנגעהייבנ שעפטשענ. אינ זאל, אינ די ערשטע פאָטעלנ, האָט מענ אָנגעהייבנ מאכנ מיט די הענט. סטעפאנ מארצינקעוויטש האָט זיכ אופגעכאפט פונ זײַנ אָרט, האָט זיכ ארומגעקוקט אפנ זאל, אופגעהייבנ די האנט אונ איז גרייט געווענ עפעס א געשריי טאָנ, אָבער אינ דעמזעלבנ מאָמענט איז אדאס הושקע דערגאנגענ צומ פינאל פונ זײַנ רעדע:

— ... אז מע האָט דעמ קייסער אראָפגעוואָרפנ, האָט מענ זיכ דענ מיט אימ גערעכנט? אז מע האָט געמאכט די רעוואָליוציע, האָט מענ זיכ דענ דערעדט מיט די, קעגנ וועלכע מע האָט געמאכט די רעוואָליוציע? ניינ! אונ דאָ וויל מענ, אז מיר זאָלנ זיכ דערריידנ מיט יענע, בא וועמענ די רעוואָליוציע דארפ אָפנעמענ יענע רעכט, וואָס זיי האָבנ געהאט שטענדיק, אונ איבערגעבנ דידאָזיקע רעכט אונדז, רעכט, וועלכע מיר האָבנ קיינמאָל ניט געהאט, פוילנדיק א גאנצ לעבנ, ווי אינ טורמע־קייטנ... אינ נאָמענ פונ סאָוועט פונ די ארבעטער, פאראָבקעס, פויערימ אונ סאָלדאטנ־דעפּוטאטנ דערקלער איכ דעמדאָזיקנ קאָנגרעס פאר א ניטגעזעצלעכנ אונ טייקעפ א פארענדיקטנ. כאווײרימ, פארלאָזט די ראטושע, טייקעפ גייט אוועק פונדאנענ! לאָמיר דאָ מער ניט זײַנ! מיר פאָדערנ, מע זאל אונדז טייקעפ אָפגעבנ די ערד אָנ קיינ שומ גרינדונג־פארזאמלונג. עס איז פאָרגעקומענ א רעוואָליוציע, אונ מיר דארפנ מער אפ גאָרנישט ניט ווארטנ...

דער אוילעמ האָט אָנגעהייבנ ליארעמענ, שרײַענ, האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו די טירנ. דער אוילעמ האָט זיכ א לאָז געטאָנ אפנ פלאצ. די מענטשלעכע כוואליע האָט אוועקגעטראָגנ אפ זיכ אויכ יענע, ווער עס האָט נאָכ אינ דעמזעלבנ מאָמענט בעדייע געהאט ניט צו פארלאָזנ דעמ זאל אונ אײַנגעשפארטערהייט פארענדיקנ דעמ קאָנגרעס. אינ זאל איז געבליבנ מער ניט, ווי עטלעכע מענטשנ אונ דער פרעזידיום אפ דער עסטראדע. אדאס הושקע איז אראָפּ פונ דער גאלעריי דורכ די שמאָלע טרעפלעכ, וואָס הינטער די קאָלאָנעס. דער אוילעמ, וואָס איז געשטאנענ אפנ גאס, לעבנ דער ראטושע, האָט זיכ זייער געערגערט. פלוצלונג האָט איבערנ אוילעמ א פלאטער געטאָנ א רויטע פאָנ, דערנאָכ האָט זיכ באוויזנ א פלאקאט מיט אופשריפטנ, דער אוילעמ האָט זיכ אויסגעצויגנ אינ א דעמאָנסטראציע אונ אדאס הושקע האָט זיי אוועקגעפירט איבער די שמאָלע, קרומע געסלעכ פונ שטעטל.

אינ אָט דערדאָזיקער מענטשנ־כוואליע האָט לעאָפּאָלד הושקע דערזענ ניט ווײַט פונ זיכ עדוואַרד ליאָווערנ: ער איז געגאנגענ נאָכ דער פאָנ צוגלײַכ מיט אלעמענ, אָט דער־דאָזיקער געפאנגענער סאָלדאט פונ דעמ „סויגעס״ ארמיי, אונ נאָכ אימ זײַנע געגאנגענ נאָכ עטלעכע זײַנע כאווײרימ. צווישנ אָט דידאָזיקע מענטשנ, אינ אָט דער זאכ, וואָס דידאָזיקע מענטשנ האָבנ געטאָנ, האָבנ זיי דערזענ יענע ברעגנ, צו וועלכע זיי האָבנ גע־שטרעבט פונ קינדווײַז אָנ, וועגנ וועלכע עס האָבנ געטרוימט זייערע זיידעס, זייערע עלטערנ. ביזנ רעכטנ סאָפּ פונ דער דעמאָנסטראציע האָט לעאָפּאָלד הושקע געזענ פאר זיכ עדוואַרד ליאָווערנ.

## אנ אָוונט בא הושקענ אינ שטוב

אינ יענעם טאָג שוינ, ווענ עס האָט זיכ נאָכ ניט געענדיקט די דעמאָנסטראַציע, האָט די „רעוואָליוציאָנערע מאכט“, וואָס איז געבליבנ נאָכנ קאָנגרעס אפ דער עסטראַדע, דאָרטנ צונויפגערעדט זיכ ארעסטירנ דעמ דעפּוטאטנ־סאָוועט און, פריער פאר אלעמענ, אדאמ הושקענ. אדאמ הושקע האָט שוינ דאָס געוווּסט אפנ שטעל. די דעמאָנסטראַציע איז אוועק איבער די גאסנ און ער איז אוועק אינדערשפּיצ פונ איר. ער האָט געוווּסט, אז איצט וועט מענ אימ פארנ אוילעמ אינ די אויגנ ניט טשעפּענ. אויב שוינ נעמענ, וועט מענ אימ נעמענ איינעמ אליינ ווענ עס איז באנאכט. האָט ער וועגנ דעמ דערווײַל איצט ניט געטראכט. ער האָט נאָכ געהאלטנ א רעדע פאר דער דעמאָנסטראַציע אפנ גאס, לעבנ פּלאצ, וואָס באמ קאָסטיאָל. אפנ פּלאצ, וואָס איז לעבנ דער ראַטושע, וווּהינ עס איז נאָכדעמ ווידער אוועקגעגאנגענ די דעמאָנסטראַציע, איז ער שוינ ניט געגאנגענ. ער האָט נאָר געזאָגט זײַנעמ א כאַווער, ווו און ווענ זיי וועלנ זיכ אלע צונויפקלײַבנ, און אליינ האָט ער זיכ געסטארעט אוועקגיינ פונ דער דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַציע האָט זיכ געענדיקט אָנ אימ. אנ אויפרעגונג איז אינ שטעטל געווענ ביזנ רעכטנ אָוונט, ביזוואַנענ דער אוילעמ האָט זיכ ניט אָנגעהייבנ פאנאנדערגיינ אהיימ און די פויערימ זײַנענ זיכ צעפאָרנ פונ שטעטל. מע האָט דערווײַל נאָכ ניט באוויזנ ארויסצוגעבנ א באפעל, אז מע זאָל אכטונג געבנ, וווּהינ וועט הושקע אהינקומענ ביז דער נאכט נאָכ דער דעמאָנסטראַציע. איז ער זיכ גלײַכ פונ קאָסטיאָל־פּלאצ אוועק אונטערנ שטאָט. ער איז געגאנגענ א קילאָמעטער פינפ, ביז ער איז ניט ארויס אפנ ברייטנ טראַקט און דאָ איז ער שוינ אוועקגעגאנגענ מיטנ גלײַכנ וועג. און אז דער אלטער לעאָפּאָלד הושקע איז געקומענ אהיימ,—עס איז שוינ געווענ פינצטערלעכ,—האָט ער דאָרטנ געטראָפנ אדאמענ.

— קענטיק, אז זיי פילנ זיכ דאָ שטארק. און אויב אפילע ניט, סטארענ זיי זיכ מאכנ אזא אָנשטעל און זיי וועלנ מיסטאָמע עפּעס וועלנ טאָנ מיט מיר. זיי האָפנ שטארק אפ קויעכ פונ דער צײַטווײַליקער רעגירונג.

לעאָפּאָלד הושקע האָט בלויז געענטפערט:

— זיי וועלנ ניט דערלעבנ, ניט דערהארנ.

און דערמיט האָט ער ארויסגעזאָגט אלצ, וואָס ער האָט געוואָלט. זינט ער האָט אויסגעהערט אדאמעס רעדע אינ ראַטושע, איז אימ אלצ קלאָר און פארשטענדלעכ געוואָרנ.

דערווײַל האָבנ שפּעט אינאָוונט אינ אָט דער שטוב גענומענ קלײַבנ זיכ מענטשנ. פריער פונ אלעמענ איז געקומענ אנטאָשקע און עדוואַרד ליאָווער. די געפאנגענע האָבנ איצטער געוווינט, ווו ווער עס האָט געוואָלט, און ליאָווער האָט שוינ געוווינט דאָ. אהער האָט אימ געבראכט אנטאָשקע, ווענ עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט די ארבעט אפנ זעגמיל.

דערנאָכ זײַנענ אהער געקומענ נאָכ עטלעכע מענטשנ, וועלכע לעאָפּאָלד האָט ניט געקאָנט. צוויי זײַנענ געווענ אינ סאָלדאַטישע בגאָדימ, דרײַענ אינ ציווילע. זיי האָבנ זיכ צעזעצט אינ פירעס. ליאָווער און אנטאָשקע זײַנענ געבליבנ מיט זיי און דערנאָכ איז געקומענ אהערצו אויכ לעאָפּאָלד הושקע. אזוי האָט זיכ אָנגעהייבנ די זיצונג פונ פּרעזידיומ פונעמ דעפּוטאטנ־סאָוועט. מע האָט דאָ באטראכט, וואָס זאָל מענ טאָנ ווײַטער.

„ס'איז א סאָפעק, צי עס וועט זיכ איצטער אײַנגעבנ אָפּדרוקנ נײַע אויפרופנ: איצט איז מיסטאָמע אײַנגעשטעלט געוואָרנ א קאָנטראָל איבער דער קוסטארישער שטאָטישער דרוקערײַ. מע וועט עפּשער גלאט געבנ א באפעל דעמ באלעבאָס פונ דער דרוקערײַ, ער

זאָל קיין שום אנדערע זאכנ ניט דרוקנ. אונ אז עס וועלנ ניט זײַנ קיינ אופרופנ,—איז אָנשרײַבנ זיי מיט דער האנט אונ ווידער ארויסרופנ די דערפער אונ די שטעט אפ א דע־מאָנסטראציע. זאָל דאָס פויערטום טייקעפ צונעמענ זיכ די קלויסטערישע אונ די פריצישע ערד".

די זיצונג האָט זיכ פארצויגנ ביז האלבער נאכט. די, וועלכע זײַנענ געווענ פונ שטאָט, האָבנ זיכ גלײַכ נאָכ דער פארזאמלונג אומגעקערט אינ שטאָט. דער אלטער לעאָפאָלד הושקע האָט זיי ארופגעפירט אפנ טראקט. ער האָט שוינ געוואָלט א קער טאָנ צוריק אהיים, ערשט ער האָט דערזענ, אז אינ דער ריכטונג צו אים גייט עפעס א מענטש, ער האָט זיכ אוועקגעשטעלט אונ האָט דערקענט סורווילען.

— דאָס זײַט איר, שאָכנ?

— איכ.

— אונ איכ האָב זיכ פארזאמט אינ שטאָט. נאָר־וואָס איכ גיי. אונדזערע זײַנענ אוועקגעפאָרנ פריִער אונ איכ בינ געבליבנ... אָט האָסטו א זונ! וואָס מאָנט ער, וואָס וויל ער? די רעוואָליוציע געפעלט אים ניט? דאכט זיכ, ווע מענ—וועמענ, אָבער אים האָט די רעוואָליוציע גערארפט געפעלנ ווערנ.

— קעמפט ער זיכ דאָכ טאקע פאר דער רעוואָליוציע.

— ער קעמפט! א גוטער קעמפנ! טאקע, וואָס ארט אים פאר ראסיי, פונ זײַנעטוועגנ מעגנ כאָטש די דײַטשנ פארכאפנ ראסיי, ווען אים אויכ שטארק ניט ארנ. א דײַגע איז אים! ער האָט דאָכ ניט קיינ טראָפנ רוסיש בלוט: כ'מיינ טאקע וועגנ דעם טאטנ, וועגנ דיר טאקע.

— אָט, אָט, אינ מיר איז ניטאָ קיינ רוסישע בלוט, איז אפ זײַנ א פאראָבעק, הייסט דאָס, איז אבי וועלכע בלוט גוט, אונ אפ אראָפוואַרפנ דעם יאָכ פונ קאָפ דארפ מענ זײַנ א רוסישער?

— פארפאלנ ראסיי,—האָט א זאָג געטאָנ סורווילע, דערמאָנענדיק דעם ניט לאנגאָנגענ־דיקנ שמועס אינ ראטושע אונ האָט, פארשטשעמענדיק די ציינער, געקוקט אפ הושקענ.

לעאָפאָלד הושקע האָט זיכ א קער געטאָנ אונ איז אוועק אהיים. סורווילע איז שטיינ געבליבנ אפנ וועג. ער איז אזוי געשטאנענ, ביז הושקעס געשטאלט האָט זיכ ניט באהאלטנ אינ דער פינצטערניש פונעם בידנעמ סאָסנע־וועלדל, איז סורווילע דעמלט אויכ אוועק אינ יענער זײַט, איז דורכגעגאנגענ דורכנ סאָסנע־וועלדל, נאָכדעם האָט ער זיכ ווידער אומ־געקערט, האָט אויסגעמאָסטנ מיט זײַנע טריט די ברייט פונעם פעלד, האָט געכאפט א קוק אפ הושקעס שטוב אונ האָט אָנגעהייבנ בורטשענ פאר זיכ אונטערנ נאָז:

— כאפט אים דער טײַוול מיט הושקענ אינאיינעם, זאָל ער זיכ זיצנ, איצט איז קיינ צײַט ניטאָ אפ טשעפענ אים. איכ וועל זיכ אויסצאמענ פונ אים אונ וועל די שטוב ענדיקנ בויענ. וואלד וועל איכ זיכ איצטער אָנכאפנ, וויפל מע דארפ, זאָל מענ האקנ וואלד, מיר וועט אויכ קלעקנ. אײַ, דער פאָרעצ—איז כאפט אים די כאָלערע! זאָל איכ מיר נאָר מײַנ כוטערל אויסבויענ, מעג מענ כאָטש דעמלט צענ רעוואָליוציעס מאכנ, מעג מענ כאָטש דערשטיקנ אָט די פריצים. ס'איז דענ ניט ריכטיק, וואָס? זיי האָבנ זיכ נישקאָשע געהאט מאיאָנטקעס אונ דער מושיק זיצט אזוי זיכ. זאָל זיכ הושקע אויכ אָנראבעווענ ערד אונ כאָטש אָנלעבנ זיכ א גאנצנ פולווארעק. איכ זשאלעווע אים, צי וואָס?

אָט אזוי האָט ער געבורטשעט, ביז ער איז דערגאנגענ צום דאָרפ אונ האָט זיכ אלצ ארומגע־קוקט אפ די ווענט פונ זײַנ ניטפארענדיקטער שטוב, וואָס האָט זיכ געוויזנ פארנ וועלדל.

[פונ ווײַסרוסיש נ. קאבאקאָוו.

## עליע סאוויקאָווסקי

הויכע זאנגען ווארטן שוין אפ שניט,
פולע זאנגען ווארטן שוין אפ דרעשן,
אפ וואך אפ שטורמישער אונדזער געמיט,
צו צינדן און צו לעשן.

ס'איז גרויס די קראפט פון רויטן ברעט,
און אונדזער נאָמען דארף זיך דאָרטן שײַנען.
פון פעלדער פילטערט זיך די זעט
דורך הענט און רוישיקע קאָמבײַנען.

ס'פילטערט אונדזער לאנד זיך היים
און טאָג גיסט אויס זיך אין א נײַעט פורעם.
איז ווער באגרײַפן קען ווי גרויס
ס'איז אונדזער צײַט פון קאמף און פון געווערע.

---

עליע שעכטמאַן

# פּאַראַקערטע מעזשעס

(קאַפּיטלעך פונעם צווייטן בוך)

I

טאמארע—די יונגע לערערן איז ארויס פון שול. זי האָט אראָפּגעשארט דעם שניי, זיך צוגעטוליעט צום פארענטש פונעם גאנעק, און אָנגענומען א פולן מויל פארנאכטיקן פראָסט. דער גרינגלעכער פראָסט איז איר פארגאנגען אין די ליכטיק־ווײַסע ציינדלעך, ווי זי וואָלט א ביס געטאָן א קאלטן אנטאָנאָווער עפּל.

אנטקעגן אירע אויגן האָבן זיך געקאטשעט פון די ווײַס־פּראָסטיקע דעכער סוקעוואטע ברעוונעס רויך.

צוגעפּראָרענע קינדערשע קעלעכלעך האָבן זיך געשליטלט פונעם בארג.

דער בארג הייבט זיך אָן באַם ארײַנפאָר אין דאָרף, און קריכט אראָפּ ביזקל צום סטאַווקיער טײַך.

די קעלעכלעך האָבן זיך געשאָטן פון טאמארעס אויערן אפן ווײַסן שניי.

טאמארע קוקט, ווי פויערים שפּארן זיך ארום לייבקען. ווי הארסים האָט ארויסגע־כאפּט די ליולקע פון מויל און טײַטלט מיט דער ליולקע אפּ מיטיען — אפן געלן באָכער מיטן שווארצן פליאם אפּ דער רעכטער באַק.

— אז מע קען דאָ ליכא האדינא, פארפרוירן ווערן... לייבקאָ, דו ביסט פּאָרזיצער פון קאָאָפּעראציע, צי ניין? וואָס האָסטו אים אוועקגעשטעלט מיטן מויז אפן פּאָנעם... ביז ער מעסט אָפּ א פונטל גאזע, איז כאָטש נעם און צעלייג דאָ א שײַטער און קאָך זיך דערווײַל אָפּ וועטשערע...

טאמארע האָט א שמייכל געטאָן. מיטן שמייכל איז זי אראָפּגעלאָפן פונעם גאנעק און זיך אוועקגעלאָזט מיטן שליאך. פון דער פארפרוירענער טײַך איז געגאנגען דער פראָסט. פון דער קעלט האָט געשמעקט מיט זויערע אוגערקעס און געזאלצענער קרויט.

זי האָט אראָפּגעקערעוועט מיטן שמאָלן וועגל, וואָס איז באזוימט מיט עטלעכע שלאנקע טאָפּאָלן. די שפּיצטאָפּאָלן כאלעשן אפן פראָסט, טאמארע האָט זייער ליב צו גיין אפּ אָט דעם וועג, כאָטש ס'איז אסאך ווײַטער. זי איז געגאנגען פאמעלעך, ווי זי וואָלט גאָרניט געײַלט.

— ס'איז שוין נאכט... דאָס לייענשטיבל וועט באלד ווערן פול... סע וועט ווערן א ראש, אָנגערויכערט...

מיטן סאָפּ שמייכל האָט זי פארענדיקט דעם געדאנק:

— נישקאָשע... כ'וועל זיי אָפּגעווינען...

זי איז געגאַנגען מיט פאַרלייגטע הענט אין די אַרבל. דער ווייַסער שליאַך האָט געטעמט מיט ווייַניקן פראָסט. איבערן דאָרף האָבן געסקריפּעט די טויערן. אויף א דעמבן־שטאם האָט געשפּילט א זעג. די זעג־קלאַנגען האָבן טאַמאַרען דערמאָנט:

... זומערדיקע קאַיאָרן אין דער דאָרעם־שטאָט. ס'איז פרילינג. דורכן פענצטער פונעם דריטן שטאָק זעט מען, ווי דער יאַם לויפט אַרום א פאַרפינצטער אַרום דער זון. די מע־כאַנישע זעג שרייַט אַרייַן אין צימער, — מע דערבויט די צוזאמענוווינונג... און אין א זומער־קאַיאָר ווילט זיך אַזוי שלאָפן... און די פאָרמולעס גייען אַרום איבערן קאָפּ, ווי הונגעריקע טויבן און פּיקן...

... ס'איז נאָך גאָר פרי. די זון הייבט ערשט אָן אַרופקלעטערן אויפן פענצטער פונעם דריטן שטאָק. און אַזוי פּאַוואָליע קריכט זי די זון, אויפן פענצטער, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, די זון, אַז זי וועט אַראָפּפאַלן... זי איז איינע אַליין אין צימער. די מיידלעך זייַנען אַוועק צום יאַם... ס'איז הייַנט א רו־טאָג... זי ליגט אויפן בעטל און וואַרט אויף סערגייען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— גאָט מייַנער!

א קאָל האָט איבערגעריסן אירע אַלע זיכרוינעס. דער קאָל האָט אָפּגעשטעלט די לערערן. און איידער טאַמאַרע האָט באַוויזן א פינטל טאָן מיט אַן אויג, איז אַנטקעגן איר געשטאַ־נען א נידעריקע פויערטע.

פון דער נידעריקער פויערטע האָט געטראָגן מיט צעפּריִעטער שטרוי און אויפגערודערטן מיסט. זי האָט א וויש געטאָן דאָס פאַרפּרוידערנע קירפּאַטע נעזל מיט דער גאַנצער האַנט אויף אַרויף אַזוי, אַז טאַמאַרע האָט געמיינט, אַז דאָס קירפּאַטע נעזל וועט באַלד אַראָפּפאַלן אויפן שניי. נאָר דאָס נעזל האָט זיך אַביסעלע אייַנגעקאָרטשעט און סע האָט זיך צעשריִען:

— אין אַזאַ קעלט גייט מען אָן א פאַטשיילע?... אוי ביטערלעך איז מיר..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט די נידעריקע פויערטע מיטן קירפּאַטן נעזל איז צוריק מיט א שטיקל צייַט געקר־מען צעלויפן מיט א הייזעריקן גוואַלד אין שול אַרייַן. נאָך איר זייַנען אַרייַנגעלאָפן נאָך עטלעכע פויערטעס. צווישן זיי איז געווען אַרפינאָ־יאַנקאָ, דעם מילנערס ווייַב מיט דער געקליאַרעוועטער מאָרדע.

— ווטשיטעלקאַ! אייַ־ע־רע קינדער וועט איר לער־נע־ן אַ־ז־ר־י. איר זאָלט אויפהערן מייַן וואַסילן לערנען זייַן א קאָמוניסט...

— איך האָב שוין צוויי... סע וועט שוין סטייַען פונמייַנעטוועגן...

— יאָ, יאָ, זיי ווילן זיך שוין ניט ציילעמען... סע וואַקסן אַנטיכריסטן...

— פאַרוואָס האָבן מיר ניט געהאַט קיין טייַנעס צו יענער לערערן?

— צו אַנגאַלינע פּעטראָוונען?..

— מיר וועלן אייַך פונעם דאָרף מיט קאָטשערעס פאַרטרייַבן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון פרייד האָט זיך טאַמאַרע צעלאַכט. זי האָט א טרייסל געטאָן דעם אונטערגעשאָ־רענעם קאָפּ, און פון אירע קאַשטאַנאָווע האָר האָט זיך א טרייסל געטאָן א זילבערנע ליסקע.

— ס'איז ניט קאַלט מומעניו, ס'איז געזונט צו האַלטן דעם קאָפּ אין קעלט. אָט טראָגט איר א וואַרעמען לייַביק, און אויף די פיס טראָגט איר צעריסענע שקראַבעס... די פיס דאַרף מען האַלטן אינדערוואַרעם...

טאמארע האָט זיך ניט גערירט אפ דעם.

די פויערטע האָט אופגעהייבן אירע פאַרכטע גלאַנציקע אויגן אפ דער לערערן. דער קוק איז געווען א ווארעמער און א שולדיקער. אפן צעקנייטשטן פּאָנעם האָט זיך געזומען ארומדרייען אן אומרויִקע מינע. די עטלעכע ווערטער, וואָס זי האָט צוגעגרייט נאָך פון גאנצפרי אָן, האָבן זיך בא איר איצט פארהאקט צווישן די עטלעכע ציינער, וואָס זי פאר־מאָגט אין מויל:

— ווטשיטעלקא!

— איך הער אײַך...

— ווטשיטעלקא,—האָט זי זיך מיטאמאָל א ריר געטאָן פון אָרט, ווי זי וואָלט ארויס־געקראָכן פון א בלאָטע,—איר זײַט אפ מיר ניט אינקאעס?

— ניין.

די ווערטער זײַנען שוין אליין געפאלן פון איר מויל.

— פאר דעמלט מיין איך... איך בין א בלינדער מענטש... אָט דער מיטקע האָט אונדז אָנגערעדט, נו, אָט דער מיטקע, וואָס האָט א מויז אפן פּאָנעם... ער מיט ארפינען... נו, איר פארשטייט מיך?

— איך פארשטיי אײַך גוט.

טאמארע האָט ארופגעלייגט איר האנט אפ דער פויערטעס אקסל.

— איך בין דאָך א סקאטינע אפ צוויי פיס... מע רופט מיך מארינא, מארינא באָנדא־רענקאָ, הארעסים באָנדארענקעס ווײַב... מיר זײַנען קאָמנעזאמאָוצעס... כ'האָב שוין צוויי זין קאָמסאָמאָלצעס, איינער אין דער רויטער ארמיי...

— איר וועט נאָך האָבן א דריטן זון א קאָמסאָמאָליעץ... מיר וועלן נאָך אײַך אויך ארײַנעמען אין קאָמסאָמאָל...

— זאָלאָטקע מאָיע,—האָט מארינא נאָכאמאָל א פיר געטאָן מיט דער גאנצער האנט איבערן נעזל,—מײַן אלטער וועט זאָגן: אויב שוין א קאָמסאָמאָלקע פאר א ווײַב, וויל איך שוין בעסער א יונגע...

דער פארנאכט איז געקראָכן דורך אלע ווענט אין דאָרף ארײַן. מארינא האָט אופגע־הייבן די אויגן און דערזען: די לעוואָנע שטייט שוין איבער איר כאטע. האָט זי אפגיך דערלאנגט טאמארען איר שורשעוואטע קאָרע־האנט.

— ווטשיטעלקא, זײַט מיר געזונט... איך זאָל אײַך פונדעסטוועגן מער ניט זען ארומ־גיין אפן פּראָסט מיט א היילער קאָפּ.—און א צעפּרידענע איז זי אפגיך אוועקגעלאָפן מיטן געפלאָכטענעם בוטל צו דער קאָאָפּעראציע נאָך גאזע. זי איז געלאָפן, מארינע, דערציילן איר באגעגעניש מיט דער יונגער לערערן.

---

פון אָליען איז טאמארע געגאנגען גיך. דער אפּדערנאכט איז געווען פּראָסטיק־שטיל. די האלבע לעוואָנע איז ארומגעגאנגען באם זײַט דאָרף זייער פאמעלעך. ס'האָט געדאכט: די האלבע לעוואָנע זוכט צווישן די פארשנײַטע ביימער די צווייטע העלפט...

דער הארטער בלויער שניי האָט גערעדט מיט טאמארעס טריט, און וואָס נעענטער די זינגעוודיקע טריט האָבן זיך דערנעענטערט צו דער שול, האָט זיך א געדיכטערער קנויל־געזאנג געקאטשעט פון דער הילצערנער גרויסער געבײַדע, וואָס שטייט באם אופגעבייד־נענעם שליאך.

טאמארע איז דורכגעגאנגען דאָס טאָפּאָלן־װעגל און גענומען דורכשנײַדן דעם שליאַכ. ס'איז אָנגעלאָפן א שליטן. אינעם פארוואָטן בײַכיקן שליטן איז געזעסן א מענטש. דער מענטש איז געװען אָנגעטאָן אין א געלן ראָמאַנאָװן פעלצ.

טאמארע האָט דערקענט דעם מענטשן. ס'איז געװען סטעפּאַן זיגערט.

סטעפּאַן זיגערט האָט פארהאלטן די פערד לעבן איר, זיך איבערגעבויגן איבער דער דראבינע:

— ס'א שײנער אפדערנאכט, טאמארא ניקאָלײַעװנא! דערלויבט אײַך אביסל דורכטראָגן איבערן פעלד... מײַנע פערד האָבן קײן מוירע ניט פאר קײן שנײען... סע מעג זיך אפילע באלד אופהײבן א זאװײע...

ער האָט א שמײכל געטאָן, און פאריכט דעם בלאָנדן קוטשער אונטער דער גרויס קאראקולענער היטל:

Буря мглою небо кроет
Выхри снежние крутя...

ער האָט אויסגעשריִען:

— טאמארא ניקאָלײַעװנא! סע מעג זיך אפילע באלד אופהײבן אזא מעטעליצע, װאָס איר האָט אין די ראָמאַנען ניט באגעגנט... איר געדענקט נאָך, כאװערטע אנדראָסענקאָ, יענע זאװערוכע?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָנהײב װינטער. טעג האָבן שוין אָנגעהײבן ברענען אף פרעסט. קײן שנײ איז נאָך ניט ארויסגעפאלן. איבער פאָליעסער פעלדער הודזשען װינטן. דער דעמבאָװער װאלד אפן כוטער האָט אין זיך צענויפגעקליבן די כוטעראנצעס. כוטעראנצעס שארן בלעטער אין װאלד. מע פירט אין פארשפּרײטע װעגענער בלעטער צו די כאטעס.

אף הײַטען די הײַזער פירט מען די בלעטער.

אין יענע טעג האָט מען באדארפט פאָרן נאָך דער לערערן. דער טאָג איז געװען באזוימט מיט א נעפּלדיקער זון. דער פריר־טוי אף די בײמער האָט געבלענדט אין די אויגן.

— סע װעט זײַן א שנײ, — האָט הארא‌סים געקוקט אפן הימל, — די זון זשמורעט זיך... מע טאָר זיך ניט לאָזן אין אזא פאגאָדע אין װעג אדײַן מיט א װאָגן... דו הערסט, לײבקע?

די פור איז געשטאנען לעבן דאָרפראט. טאדעוש איז געשטאנען אפן שװעל פון דער אָפענער טיר אָן דער היטל. די מאטאָװע אויגן זײַנען בא אים געװען רויט. א גאנצע נאכט האָט ער זיך געװאליעט אין די צעטלען פון די ערדן.

— לײבקאָ, דו האָסט מיטגענומען דעם פעלצ?

— מיטגענומען. האָט זיך לײבקע ארײַנגעזעצט אין װאָגן און אָפּגעדרײט די װישקעס פון דער רוטשיצע, — מיטגענומען... גײ ארײַן, טאדעוש, אין דאָרפראט... דו װעסט זיך צוקילן! װיאָ, קאשטאנ!

דער װאָגן איז אװעק מיט א טראסק איבער די כראפּעס. דער הויכער דארער קאשטאן האָט זיך אלעמאָל ספּאטיקעט. די גריװע איז געפלויגן אפן װינט. לײבקע האָט געקוקט אף די פארזײטע גרינע פעלדער, װאָס ציִען זיך פון בײדע זײַטן שליאַכ. איבערן קאָרן זײַנען ארומגעגאנגען שאָף און האָבן זיך געפּאשעט. לײבקעס קלײנינקע אויגעלעך זײַנען ארומגעלאָפן איבער די בײַכיקע גרינע פעלדער:

— װי שײן ס'איז אופגעגאנגען דאָס קאָרן! דאָס ערשטע מאָל זינט אָט די ערד ליגט דאָ, אין זי פארזײט געװאָרן מיט א זײעלקע... געאקערט געװאָרן מיט א טראקטער... זאָלן זײ־

זיכ איבערצײַגנ... מיטנ פערדל אקערט מענ אופ א פערטל דעסיאטינ א טאָג. אפ וועסנע וועלנ מיר האָבנ א קאָלווירט...

צום וואָגנ האָט זיכ דערנעענטערט א פויער—אנדריי דער ווײַסער. אנדריי האָט אָנגעקלאפּט מיט דער קרעסלע פײַער, ארײַנגעלייגט דעם קאָפּ אינ וואָגנ, פאררייכערט דעם שטיקל ציגאר, וואָס איז געלעגנ אפּ דער אונטערשטער צעשפּאָלטענער ליפּ:

— דזינ דאָברי! ווהינ פּאָרסטו עס, לייבקע? נאָכ הערינג עפּשער?

— ניינ, נאָכ דער נײַער לערערנ...

— הא־א, איכ קוק אפּ די פעלדער... זייער שיינ אופגעגאנ דאָס קאָרנ. נאָר מײַנע פעלדער זײַנענ אופגעגאנ ניט ערגער... כ׳האָב נאָכ נים באוויזנ איינגאנצנ פארזייענ, די שקאפע איז בא מיר קראנק געוואָרנ... אָבער כ׳ווייס, אז דאָס האָב איכ פארזייט, מײַנ ערד, מײַנ פראצע...

— נו, גוט. מיר נויטנ קיינעם ניט... אונדזער קאָלווירט באשטייט פונ צענ באלעבאטישקײַטנ.

— וועלכע באלעבאטישקײַטנ?—אנדריי האָט אויסגעשפּיגנ די מאכאָרקע, וואָס איז ארופּגעפאלנ אפּנ צונג, אונ די צעשפּאָלטענע ליפּ האָט א שמייכל געטאָנ,—הארעסים האָט א באלעבאטישקײַט? ראָמאנ מיט טראָכימענ האָבנ באלעבאטישקײַטנ? יוליקנ קענ מענ רעכענענ פאר א באלעבאָס? בא מיר איז א באלעבאטישקײַט...

אנדריי דער ווײַסער, וואָס איז שווארצ ווי קויל, האָט ארויסגעשלעפּט א שטרוי פונ וואָגנ, אונ גענומענ דרייענ די שטרוי ארום דעם גראָבנ פינגער:

— אפּ וועסנע וועט איר אויכ לײַענ דעם טראקטער אינ דער קאראשיער קאָמונע?

אנדריי האָט געדרייט די שטריי ארום פינגער אונ האָט געקוקט אפּ זײַנ פעלד, וואָס איז אופגעגאנ אסאכ ערגער פונ די קאָלעקטיווע פעלדער.

— דו פארשטייסט, לייבקאָ, איכ האָב א גאנצע נאכט זיכ געייצעט מיט מײַנ האפּקענ... מיר געפעלט די ארבעט... נאָר דאָס, וואָס איר שמעלט ניט צענויפּ קיינ גלײַכע באלעבאטישקײַטנ... איכ האָב צוויי פערד. א גוטנ וואָגנ, פינפּ שטיקלעכ סקאָט... אונ הארעסים? ער איז אזוי זייער א ווילער מענטש...

— כאווער אנדריי,—האָט אימ לייבקע איבערגעשלאָגנ.—קומט ארײַנ מאָרגנ אינ קאָאָפּעראציע, וועלנ מיר זיכ דורכריידנ... מיר וועלנ זיכ מיט אײַכ צונויפּריידנ...

ט׳איז שוינ געווענ נאָכ האלבנ טאָג, ווענ לייבקע איז דורכגעפאָרנ דעם טורטשינקער וואלד. דער פערד האָט אָנגעקלאפּט די פיס אָנ די כראפּעס אונ געהונקענ. אפּנ וואָקזאל האָט זיכ לייבקע ארומגעדרייט צווישנ דעם אוילעמ אונ געזוכט די לערערנ:

— גיי דערקענ זי דאָ? כײַ וואָלט זי געווענ צושיקנ איר פּאָרטרעט?...

— הע,—האָט אימ א באלעגאָלע א רופּ געטאָנ,—עפּעס א מיידל זוכט א סטאַווקיער פור... אָנאָ דרייט זי זיכ ארומ... אײַ, אײַ א מיידל,—האָבנ באמ אלטנ באלעגאָלע זיכ געקאָסעט די קאָסע אויגנ,—א צאצקע, ניט קיינ מיידל...

צווישנ די וועגענער האָט זיכ ארומגעדרייט א מיטל־ווּקסיקע מיידל. לייבקע איז צוגעלאָפנ, ארופגעלייגט זײַנ האנט אפּ איר אקסל:

— כאווערטע, מיר קענענ זיכ אזוי זוכנ ביזקל טאָג...

— איר זײַנט א סטאַווקיער?

— פונוואנענ דענ בינ איכ?

— פאָרנ מיר?

— דער פערד וועט איבערכאפנ, וועלנ מיר פאָרנ... סטאַווקיער פערד האָבנ זיכ איַינגעוויינט עסנ אַלע טאָג... סע וועט געדויערנ וויניקער פונ א יאָר, וועלנ מיר זיַינ אינ די סטאַווקעס... אָט דאָס איז דיַינ גאנצער באגאזש? אבי כ'האָב געמיינט, אז איכ וועל דארפנ צעפירנ דעמ וואָגנ...

זי האָט זיכ צעלאכט. דער געלעכטער—א פרישער, א זאפטיקער, ס'איז איר געפעלנ געוואָרנ, וואָס אָט־דער דארער באָכער מיט די קליינינקע אויגעלעכ, אויגעלעכ, וואָס איז שווער זאָגנ זייער קאָליר, איינער א שווארצער, דער צווייטער—האלב שווארצ, האלב גרוי, דער צווייטער אויג א צעבויסטעטער... די אויגעלעכ שמייכלענ צו איר ווי צו אנ אלטער באקאנטער, מיט וועמענ זיי האָבנ זיכ שוינ לאנג געוואָלט באגעגענענ.

אונ ווענ זיי זיַינענ געזעסנ אפנ וואָקזאל, אונ האָבנ געטרונקענ טיי, האָט זי אימ געפרעגט:

— דו ביסט שוינ לאַנג אינ דאָרפ?

— וואָס טוסטו דאָרטנ?

דאָס צעבויסטעטע אויג האָט געקוקט אפ אירע קאשטאנאָווע האָר אונ האָט געשמייכלט.

— אינ דאָרפ בינ איכ שוינ לאנג... איכ בינ איצט פאָרזיצער פונ דער קאָאָפעראציע, אונ סעקרעטאר פונ קאָמיוג־קעמערל... דו ביסט באפרידיקט?

אימ האָט זיכ פארוואָלט איר אלצ דערציילנ מיטאמאָל. ער געדענקט ניט, לייבקע, ווענ סע זאָל זיכ אימ אזוי גלוסטנ ריידנ. נאָר איינער מיט א וויַיסנ האנטעכל אפ דער האנט איז צוגעגאנ:

— כאווירים, פארנעמט ניט אומזיסט קיינ אָרט, ריידנ קאָנ מענ דאָרטנ אויכ...

---

ווענ זיי זיַינענ ארויסגעפאָרנ, האָט זיכ דער ראנד פונעמ טאָג געפארבט אינ א פארפרוירענעמ האָריזאָנט. דער וואָגנ האָט געטאנצט איבער די כראפעס פונ שליאכ. דער הויכער דארער קאשטאנ האָט געהונקענ.

לייבקע האָט א וויַיז געטאָנ מיטנ בײַטש־שטעקל:

— דו זעסט, דער האָריזאָנט לעשט זיכ... דער הימל ווערט בלוי ווי א מילצ. אנ עמערסער פויער נעמט מיט זיכ מיט דעמ שליטנ אפנ וואָגנ...

פונ דער ערד האָט זיכ אופגעהייבנ א שטארקער ווינט. דער ווינט האָט גענומענ בייגנ די נאקעטע ביימער אינ פעלד. דער ווינט איז ארומגעלאָפנ איבערנ פארנאכטיקנ פראָסטפעלד מיט א פּיַיפעריַי, ווי מע פאָכעט מיט דינע בעראָזעווע פרוטיעס. דער וואָגנ האָט געקרעכצט, זיכ געקריגט מיטנ שליאכ, דער וואָגנ איז געגאנגענ ווי א שיקערער.

לייבקע האָט איר דערלאנגט דעמ פעלצ.

— איצט מעגסטו זיכ שוינ אָנטאָנ, סע הייבט אָנ ווייענ.

ווענ זי האָט אָנגעטאָנ, האָט ער דעמ פעלצ איר אונטערגעגארטלט מיט א שטריקל, אונ האָט פאָרגעזעצט:

— יאָ, דאָס איז געווענ צוריק מיט פינפ יאָר. פראנעקנ זיגערט האָט מענ צעשאָסנ... אָבער זיַינ זונ גייט ארומ ווי א וואָלפ. דאָס איז א באלעגופישער אידעאָלאָג... ער האָט נאָכ אינ דעמ פירונצוואנציקסטנ יאָר געענדיקט אפ א אגראָנאָמ, אסאכ באלעגופישע זינדלעכ האָבנ אויסגענוצט אונדזערע לערנ־אנשטאלטנ. מיט אריענ וועלנ מיר נאָכ דארפנ האָבנ א לעצטנ כעזשבנ... אריע...

ס'איז געוואָרן שווער צו ריידן. דער שווארצער פארנאכטיקער פעלד האָט אָנגעהייבן אנטלויפן אונטערן ווייַסן שניי. דער שניי איז געלאָפן מיט א סווישטשערייַ אנטקעגן דער פור. די זאווייע האָט געשמיסן אין פּאָנעם אַרייַן מיט וויכטיעס־שניי. די ביימער אין פעלד האָבן זיך געריסן פון די ערטער, זיך געקאָרטשעט. די זאווייע האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פערדישע פיס. דער קאשטאַן האָט אָנגעהייבן נאָך גיין שווערער. געבויגן אַלע־מאָל דעם קאָפּ צו דעם שליאַך.

לייבקע האָט נאָכאמאָל א קוק געטאָן, צי די לערערן, איז גוט אייַנגעקוטעט, און טיפער זיך אָנגערוקט דעם שווארצן יאָלעם.

— הייַנטיקער ווינטער וועט זייַן א היסטאָרישער... מיר וועלן אפּ וועסנע פאראקערן די מעזשעס... דו קומסט אין א צייַט, ווען מיר נייטיקן זיך אין שטארקע מענטשן... דו ביסט עפּעס א שטארקע מיידל, טאמארע!

דער בוראַן האָט אראָפּגעריסן דעם שמייכל פון זייַנע ליפּן. טאמארא האָט א קוק גע־טאָן אפּ אים, און האָט גאָרניט געענטפערט. דאָס הארץ האָט זיך בא איר געוויגט ווי אפּ א הוידעלקע, אין די אויערן האָבן איר געקלונגען די ווערטער:

— דאָס דאַרף נייטיקט זיך אין שטארקע מענטשן...

זי האָט ארייַנגערוקט דעם פּאָנעם אין פוטער. זי האָט שוין לייבקען ניט געהערט. זי האָט נאָר געהערט, ווי די זאווייע לויפט מיט א רעווערייַ איבערן פעלד, שלאָגט זיך אַלע־מאָל אָפּ אין די דראבינעס, און אנטלויפט צוריק. זי האָט אפילו ניט געהערט, ווי לייבקע שרייַט, טרייַבט דאָס פערד. זי איז געזעסן מיטן פארנורעטן קאָפּ אין פוטער, מיט פאר־מאכטע אויגן און האָט געטראכט:

— דאָס דאַרף נייטיקט זיך אין שטארקע מענטשן... ניין, ניט נאָר זייַן א לערערן פאַר איך... ניין, ס'איז ווינציק צו זייַן א לערערן... איך דארף העלפן איבערבויען דאָס דאָרף... מע דארף ניט קיין לערער, וואָס זאָלן דערציילן, אז פערד עסן האָבער, אז פושקין האָט געהאט בלויע אויגן...

קיין וועג איז שוין ניט געווען. די זאווייע האָט אָנגעטריבן א פולן פעלד מיט נאכט, און די נאכט האָט געהוליעט, די רעדער זייַנען אָנגעקלאַפּט געוואָרן מיט שניי, און פּלוצים האָט זיך דער וואָגן א שטעל־אָפּ־געטאָן. דער קאשטאַן איז ארופּ אפּ א בוים. לייבקע האָט זיך געוואָלט אופהייבן, גיין א קוק טאָן, וואו זייַנען זיי פארפאָרן? נאָר די לערערן איז געלעגן צו שטארק אָנגעשפּארט אפּ זייַן אקסל:

— טאמארע! טא־א־מא־רע!

זי איז געווען מיד. די לעצטע צוויי נעכט איז זי קימאט ניט געשלאָפן, נעכטיקע נאכט האָט זי זיך אָפּגעהוידעט אין ענגן וואגאָן. עטלעכע שאָ האָט זי זיך ארומגעדרייט אפּן וואָקזאל, איבער וואָקזאל־הויפ. זי האָט געווארט אפּ דער פור... אייערנעכטיקע נאכט איז זי נאָך געווען אין די ווענט פון דער סטודענטישער צוזאמענוווינונג, שפּעט האָט מען פארבראכט די לעצטע נאכט אין צוזאמענוווינונג... דערנאָך האָט זי זיך געזעגנט מיט סער־גייען... די געדאנקען האָבן זיך בא איר געפּלאָנטערט, דאָס געזאנג פון דער צעבושעווע־טער נאכט, די ווארעמקייַט און דער רייעך פונעם שאָפּענעם פּעלץ האָבן זי גענומען איינ־שלעפערן.

— טא־מאר־ר־ע! טאמאר־ר־רע!

זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט יאָ געהערט, ווי מע שרייַט צו איר, ווי מע טרייסלט זי, אָבער ס'איז איר געווען שווער אופהייבן דעם קאָפּ, נאָך שווערער איז

איר געווען אופהייבן די וויעס... זי האָט נאָך שטארקער זיך גענומען אָנשפארן אפ זײַן אקסל.

לײבקע האָט זיך אביסל פארלאָרן. איבערן קאָפּ כוואליעט, דער קאשטאן שטייט, די נאכט איז גרוי, די זאווייע האָט אָפּגעמעקט דעם שליאך, ער פאָרט מיט א וואָגן... האָט ער זי גענומען נאָכאמאָל טרייסלען:

— טאמארע! טא־מאר־ר־רע!

סע ענטפערט אים א סוויסטש פון דער זאווערוכע.

— טאמארע!!. טאמ־א־א־רררע!!! — ער האָט איר גענומען קלאפּן איין פוס אין דער צווייטער, ער האָט איר געריבן די הענט. ער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו איר קאָפּ, און ער האָט דערהערט עטלעכע צעצויגענע ווערטער:

— טשעפּע מיך ניט... לאָז מיך אזוי...

— מע טאָר ניט... דו וועסט פארפרוירן ווערן... טאמארע!

ער האָט גענומען טרײַבן דעם פערד, דער פערד האָט זיך געריסן פון דער שלייע, געדרייט מיטן קאָפּ, זיך געטאָפּטשעט אפ איין אָרט, און האָט ניט געקענט רירן דעם וואָגן. לײבקע האָט אופגעהייבן די אויגן, ער האָט אופגעהייבן דעם קאָפּ און האָט געוואָלט זען ווו געפינען זיי זיך. נאָר די זאווערוכע האָט איט א ליאפּע געטאָן אין פּאָנעם ארײַן, האָט ער געמוזט ארײַנרוקן דעם קאָפּ אין פעלץ.

— טאמארע!

זי ענטפערט ניט.

ער האָט גענומען ציִען די וויִשקעס, נאָר דער קאשטאן האָט ארונטערגערוקט דעם קאָפּ אונטערן בוים, זיך אָפּגעשלאָגן מיטן ווידל, געבריקעוועט מיט די אונטערשטע פיס. פּלוצים האָט לײבקע אָנגעשטעלט אן אויער. ער האָט צוגעלייגט די האנט צום אויער.

עפּעס הערט ער?

דאכט זיך א קלונג?

מע פאָרט!

ניין, סע ווייעט אזוי...

מע פאָרט!

סע ווייעט!

מע פאָרט!!!

לײבקע האָט ארײַנגעלייגט דעם מויל צווישן די דלאָניעס און ארײַנגעשריִען אין דער צעבושעוועטער נאכט:

— אָ־אָ־האָ!

— סע ווייעט, ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט... ניין, מע פאָרט... גלעקער קלינגען!

ער האָט זיך א כאפּ געטאָן צו דער קעשענע:

— שוועבעלעך האָב איך... ער האָט פאמעלעך אָנגעשפּארט טאמארען אפ דער דראַבינע, ארויסגעשלעפּט אפּגיך פון וואָגן א בערעם, און מיט אומרויִקע הענט גענומען רײַבן שוועבעלעך אין דער שטריי... א געדיכטער רויך האָט אים ארומגעוויקלט. א פלאם האָט זיך ארויסגעריסן, ווי מיט גוואלד האָט זיך דער פלאם ארויסגעריסן. ווי א ניט צופרידענער האָט זיך דער פײַער פארדרייט ארום זיך אליין. דער קאשטאן האָט זיך א וואָרף געטאָן אין א זײַט. לײבקע האָט א כאפּ געטאָן דאָס סיטשקע־קעסטל, עס

ארופגעוואָרפנ אפנ פײַער. ער האָט א בראָכ געטאָנ א שטיק דראבינע אונ עס אויכ ארופגעוואָרפנ אפנ פלאם:

— מע פאָרט,—האָט ער פונ פרייד אויסגעשריִענ אונ צוגעדריקט צו זיכ די לערערנ—טאמארע, מע פאָרט, שלאָפ ניט!.. אָט איז מענ...

— ווער איז דאָרט?—האָט א קאָל ארויסגעכריפעט פונ דער צוגעיאָגטער פור.

לייבקע האָט גלײַכ דערקענט סטעפאנ זיגערטס קאָל.

— ס'איז איכ,—איז אימ לייבקע גענאנ אנטקעגנ,—סטאווקיער, פונ סעלסאָוועט...

— ווער „איכ"? מע זעט גאָרניט..,

— ס'איז איכ... לייבקאָ...

— הא־א, ס'איז דו? — האָט סטעפאנ זיגערט א זאָג געטאָנ צו זיכ אליינ, — אוועקפאָרנ... זאָל ער דאָ פארפרוירנ ווערנ ווי א הונט... ווענ כ'וואָלט געוועג וויסנ, אז ס'איז ער... וואָלט ערי געמעגט אפילע די גאנצע נאכט אונטערציינדנ, וואָלט איכ ניט צוגעפאָרנ... אָבער איצט? איכ טאָר ניט אוועקפאָרנ...

די זאווערוכע האָט געדרויכערט לייבקענ אינ פאָנעמ ארײַנ, נאָר א שווייס האָט אימ באדעקט דאָס גאנצע לײַב. ער האָט אינגאנצנ פארגעסנ אָנ דער לערערנ. א פראגע האָט געקלאפט אינ קאָפ:

— פונוואנענ פאָרט ער אינ אזא וועטער?.. ווו איז ער געווענ?..

— לייבקאָ, זאָג וואָס זאָל איכ טאָנ?

— א?... יאָ, נעמט מיט זיכ מיט א מענטשנ... זי הייבט אָנ אײַנשלאָפנ, אונ זאָגט מיר ווו געפינ איכ זיכ?

— מיר זײַנענ ניט ווײַט פונעמ סאָסנאָווונ וואלד, זאָלסט נעמענ אפ רעכטס!

לייבקע האָט נאָר געהערט, ווי סטעפאנ האָט א סמאקע געטאָנ מיט די ליפנ, ער האָט געזענ: די פערד האָבנ זיכ ארײַנגעשניטנ אינ דער ווילדער זאווייע.

— אוועקגעפאָרנ!

א כאראָטע־געפיל האָט ארומגעוויקלט לייבקענ:

— די לערערנ אָפגעגעבנ אפ סטעפאנס הענט?

— אונ וואָס וועל איכ טאָנ, אז ער וועט זי אפנ וועג דערשטיקנ? ער קענ זאָגנ: זי איז פארפרוירנ געוואָרנ... ער ווייסט גוט סטעפאנ זיגערט. מיט מיר פאָרט ניט מײַנער א פרײַנט...

ער האָט גענומענ טרײַבנ דעמ פערד אפ רעכטס. דער קאטשאנ האָט אָבער שווער בעדיכעט. דער אָנגעפאקטער שנייִקער וואָגנ איז געגאנ אזוי, ווי ער וואָלט זיכ געשלעפט אפ האלבע רעדער.

אונ די לערערנ איז געלעגנ בא סטעפאנענ אפ די קני. ער האָט זי געוועקט אונ איר „געריבנ" דאָס הארצ אונ געשמייכלט:

— סארא שטײַפע ברוסטנ בא איר... סארא גלאטער לײַב... איִכ, ווענ כ'האָב קיינ מוירע ניט, לאָז איכ זי דאָ איבער כאָטש ביזקל ווערנע... דערנאָכ מעג זי שוינ אופשטיינ...

— עפשער האָב איכ זיי באדארפט איבערלאָזנ דאָרטנ?

— עפשער זיכ אומקערנ? די זאווערוכע וועט סײַווי פארווייענ די שליטנ־סימאָנים.

— ניינ, מע טאָר ניט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינ שטוב, ווענ מע האָט גענומענ אויסטאָנ די לערערנ, איז ארויסגעפאלנ א ביכעלע. סטעפאנ האָט אופגעהייבנ דאָס גרויע ביכעלע, צוגעגאנ צו דעם אויוונ אונ אנטקעגנ פײַער איבערגעלייענט:

— אלפארבאנדישע קאָמוניסטישע פארטיי, פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ! פאמיליע—אנדראסענקאָ, נאָמענ—טאמארא, פאָטער־נאָמענ—ניקאָלײַעווונא.

— אָט אזוי!

ער האָט געבלעטערט דעם פארטיי־בילעט, געקלאפט איינ פוס אינ דער אנדערער:

— טאמארא... ניקאָלײַעווונא... אנדראסענקאָ... אהא, א קאָמוניסטקע? טאק־טאק. נאָכ־וואָס איז זי אהער געקומענ?

דער פארטיי־בילעט האָט אימ געשטאָכנ אינ די פינגער. ער האָט שוינ געהאָלט ארײַנ־ווארפנ דעם בילעט אינ פײַער ארײַנ, האָט אימ די ווײַב אָפּגעשטעלט:

— וואָס טוסטו?

ער האָט א קריצ געטאָנ מיט די ציינער. מיט שווערע טריט האָט ער זיכ אָנגעהייבנ ארומשלעפנ פונ איינ ווינקל צומ צווייטנ:

— ס׳איז עפשער בעסער, וואָס זי איז ארײַנגעפאלנ צו אונדז?...

— עפשער איז זי א מענטש? אָט איז דאָכ גרינ אויכ געווענ א קאָמוניסט... געווענ א קאָמוניסט... א שאָד!

ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט. זײַנע אויגנ האָבנ געקוקט אפּ טאמארענ. זי איז געלעגנ, טאמארע, מיט צוגעמאכטע אויגנ אונ האָט שווער געאָטעמט. אפּ איר עטוואָס לענגלעכנ פּאָנעמ האָבנ זיכ געמינעט פארבנ. אנטקעגנ דעמ פײַער פונ אויוונ האָבנ אירע קאשטאנאָווע געקנייטשטע האָר געברענט. סטעפאנ האָט באמערקט: פונויבנ, אונטער דער שווארצער דינער ברעמ איז פּאראנ א קליינינק בראָדעווקעלע...

— זי איז א שיינע, זייער א שיינע...

ער האָט זיכ אויסגעקערעוועט אונ זיכ אוועקגעשטעלט אנטקעגנ שפיגל:

כ׳בינ אויכ א שיינער באָכער...

ער האָט מיט די פינגער געקאמט די בלאָנדע קודלע אונ געשמייכלט:

— ס׳איז א אידיי... כ׳בינ א שיינער באָכער...

ער האָט זיכ אויסגעקערעוועט אונ נאָכאמאָל א קוק געטאָנ אפּ טאמארענ:

— מע וועט דארפנ צעברעכנ אלע מעניִעס!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

סטעפאנ זיגערט איז נאָכ געלעגנ איבערגעבויגנ איבער דער דראבינע אונ האָט געטראכט:

— מע מוז, מע דארפ צעברעכנ אלע מעניִעס...

נאָר טאמארע האָט אימ געזאָגט:

— איר פארשטעלט מיר דעמ וועג. פאָרט דורכ!

— אָבער טאמארא ניקאָלײַעווונא, איר געדענקט נאָכ יענע זאווערוכע, ווענ ניט איכ...

— איכ געדענק... זי טוט אײַכ באנק יענע זאווערוכע?

די פערד האָבנ געגראָבנ דעמ שניי. זיי האָבנ זיכ געריסנ פונ אָרט. נאָר סטעפאנ איז נאָכ אלצ געלעגנ איבערגעבויגנ איבערנ שליטנ.

טאמארע איז אוועק מיט דער לעוואָנע־סטעזשקעלע צומ לייענשטיבל. סע האָט איר מאָדנע געגעדעט פונ אימ. ווענ זי וואָלט געקענט ארויסנעמענ דאָס הארצ אונ עס אביסל דורכלופטערנ אפּנ פראָסט, וואָלט זי זיכ מעכײַע געווענ...

אַז טאמארא איז אוועק, האָט סטעפאנ אַזאַ צי געטאָנ די ווישקעס: די פערד האָבנ פאריסנ די קעפ אינדערהייכ אונ זײַנענ אוועק אינ גאַלאָפּ.

בא סטעפאנענ האָט געשלאָגנ אַ פּענע פונ מויל:

— מיט ליבע ווערסטו מיט זיי גאָרניט מאַכנ... מיט זיי איז גוט צו טאָנ האָבנ טויטער־הייט...

II

איבערנ לייענשטיבל האָט זיכ ארומגעדרייט אַ פארנעפּלטע שײַנ. דער לאָמפּ, וואָס הענגט אפנ אויסגעקרימטנ באַלעק, איז ארומגעשפּינט מיט אַ בלוי־אַשיקנ, צעסיטעטנ רויכ. אינ לייענשטיבל איז פארנע, ווי פאר אַ רעגנ. די טאַפּלעס שוויצנ. אינ לייענשטיבל שמעקט מיט זויערס אונ מיט שטאַל־מיסט. אונטער די פענצטער שטייט אַ הארט־פּראָסטיקע לעוואָנע־נאַכט.

פויערימ זיצנ אינ צעשפּיליעטע פעלצנ, סוויטערס. מע זויגט שמייכלענדיק די ליולקעס, קארעשקע־ציגארנ. מיט פארויכערטע אויגנ קוקט מענ אפ האראסימענ, ווי ער שטייט אָנ דאָס היטל, אָנעמ פעלצ, אונ פאָרט מיט אַ שטיק קרײַט איבערנ טאָוול.

האראסימ האָט געענדיקט. ער האָט אָפּגעווישט מיט די פיר פינגער, וואָס ער פארמאָגט אפ דער רעכטער האנט, דעמ שווייס פונעמ שווארצנ צעאַקערטנ שטערנ, אַ גלעט געטאָנ מיטנ פויסט די פּאָוויאַלעטע באָרד אונ אוועקגעלייגט דעמ קרײַט:

— ווטשיטעלקא, שוינ!

האראסימ האָט געקוקט אפ טאמארעס שמייכלענדיקנ פּאָנעמ אונ האָט געפינטלט מיט די וויִעס, ווי אַ קינד:

— אָט ליכא מאטי. אַליינ אָנגעשריבנ... כ'בינ נאָכ יונג. ערשט איינ יאָר אפנ זעקסטנ צענדליק... כ'וועל זיכ נאָכ אויסלערנענ אָנפירנ מיט דער מעלוכע...

אפנ טאָוול זײַנענ געווענ צעוואָרפנ גרויסע סוקעוואַטע אויסיעס. נאָר סע האָט זיכ קוימ אפ איר אויסגעשטעלט די כסימע:

„האראסימ באנדארענקאָ".

דער „ענקאָ" איז שוינ געווענ ארופגעשריבנ אפ דער גאנצער לענג פונ דער לײַסט־טאָוול. ער האָט אפילע געוואָלט בעטנ האראסימ:

— רוקט מיר צו דעמ צווייטנ טאָוול, סע זאָל מיר ניט זײַנ אזוי ענג...

טאמארע איז געשטאנענ אָנגעשפּארט בא דער זײַט טאָוול. איר עטוואָס לענגלעכער פּאָנעמ איז געווענ פארפאליעט. אירע פריילעכע אויגנ זײַנענ ארומגעלאָפנ איבער די ערנסטע פויערשע פּנעמער. דאָס בראָדעווקעלע האָט אפילע געשמייכלט:

— איצט וועלנ מיר, כאווער באנדארענקאָ, אביסעלע כעזשבענענ! כעזשבנט צונויפ, וויפל פארמאָגט סטעפאנ זיגערט כודאָבע?

האראסימ האָט צונעלייגט די פיר פינגער צומ שטערנ:

— סטעפאנ זיגערט?

ער האָט פארמאכט די אויגנ:

— פינפ בעהיימעס... אריבער פופצנ שאָפּ „מאטקעס"... פיר פערד. פ ע ר ד — ניט קיינ פ ע ר ד ע ל ע כ. כאַזיירימ געדענק איכ ניט...

האָט טאמארע געפרעגט:

— וויפל וועט עס זײַנ אינאיינעמ?

ראמאנ האָט זיכ אופגעהייבנ פונעמ אָרט אונ אויסגעשריִענ:

— פירונצוואנציק!

א פויער אפ דער אונטערשטער באנק האָט איבערגעכאזערט:

— פיר־אונ־צוואנציק... אָט ווי אזוי מע האָט זיכ נאזשיוועט אפ אונדזערע פלייצעס... ראָמאנ איז שוינ געשטאנענ באמ טאָוול. די סוויטקע איז געווענ אָנגעטאָנ אפ איינ אקסל:

— בא פראנעקנ איז אמאָל פארברענט געוואָרנ א שקאפע מיט א לאָשעק. פארנ טויט האָט ער געשריִענ פראנעק:

— סטעפאנ, זאָלסט איבערדעקנ אלע בודינקעס מיט טשערעפיצע!

— אונ ער האָט איבערגעדעקט, סטעפאנ, פאר אונדזער שוויס. פונעמ קליי פונ אונ־דזערע ביינער האָט ער איבערגעדעקט... ווער פלעג אימ פארזייענ? ווער פלעג אימ אראָפ־נעמענ פונ די פעלדער? אונ דו פרעגסט, טאמארע, וויפל האָבנ זיי כודאָבע?

— פרעג בעסער, טאמארע, וויפל האָבנ מיר כודאָבע? פרעג בא די מיידלעכ, וואָס פלעגנ גראָבנ פראנעקס קארטאָפליעס אָסיענ־צײַט. באָרוועסע פלעגנ זיי גראָבנ. פרעג, וואָס האָבנ זיי?

— פראנעק פלעג ארומגיינ איבער די קארטאָפליע־פעלדער, ווי א געשטאָפטע גאנדז... אוכ!

— ס׳איז קלאָר,—איז אופגעשטאנענ אנדריי דער ווײַסער, וואָס איז שווארצ, ווי קויל. דורכ די געלע ציינער האָט ער ארויסגעשאָטנ אפגיכ א בינטל רויכיקע ווערטער. אנדריי דער ווײַסער רעדט זייער גיכ, גלײַכ ווי עמיצער וואָלט אימ געקלאפט אינ האלדז אונ נאקנ, ער זאָל גיכער ארויסריידנ—ער זאָל ניט דערוואָרגנ ווערנ מיט די ווערטער.

— איכ האָב געהאָרעוועט מער פונ פראנעקנ...

א שלוקערצ. אויסער דעמ, וואָס אנדריי דער ווײַסער שלינגט די ווערטער, ווי ער וואָלט זיכ געבאקט מיט א הייסער קארטאָפליע אינ מויל, שלוקערצט ער נאָכ:

— בא מיר זײַנענ קיינ נײַמיטנ ניט געווענ... אליינ מיט דער ווײַב, מיט די קינדער געהאָרעוועט מײַנ ערד...

א שלוקערצ.

— איז געאקערט מיט שוויס... האָב איכ טאקע מער ניט, ווי א פאָר פערדלעכ מיט צוויי בעהיימעס.

טאמארע איז געשטאנענ אָנגעשפארט אָנ טיש. אינוויייניק האָט זיכ געמישט פרייד מיט אומעט.

פרייד: זי, די צווייונצוואנציק־יאָריקע, האָט געפונענ אזא פאָשעטנ וועג, וויאזוי צעבויטענ א לייענשטיבל מיט פויערימ. זיי זײַנענ גרייט איצט ריידנ ביזקל טאָג. ניינ, ס׳איז ניט גלאט קיינ רייד. זי האָט אופגערודערט דעמ פויערשנ ווײ פונ יאָרנ, וואָס גליט. דעמ פויערשנ אומעט, וואָס שטאמט פונ די קליינע שטיקלעכ פארדארטע ערד.

אומעט: זי הערט, ווי יולעק רעדט שוינ. אינ זײַנ קאָל אזויפיל ווײ. דורכ אימ ריידנ איצט טויזנטער. זי ווייסט אליינ ניט, טאמארע, זי האָט עס ביז איצט אפילע ניט געוווסט, אז איר הארצ קענ אזוי קלעמענ? אונ יולעקס רייד פאלנ איבערנ לייענשטיבל, איבער די צעהיצטע רויטע פענעמער אונ איבער איר, איבער טאמארענ. זי פילט אימ אזוי, יולעקנ... זי ווייסט, ס׳איז נארעש ראכמאָנעס האָבנ. זי ווייסט פונוואנענ סע גייט, ווער איז שולדיק אינ דעמ. נאָר איר הארצ וויל איצט ניט וויסנ פונ געשיכטע. אונ יולעק רעדט:

— איכ האָב געהאָרעוועט ניט ווייניקער פונ דיר, אנדריי...

טאמארע זעט: יולעקס אויגנ ברענענ, ווי פוילע האָלצ אינדערפינצטער. פונ אופגערעגטקייט ציטערנ די קינבאקנ. זי פילט, טאמארע, ווי סע ווערט אימ גרינגער, יולעקנ, וואָס מער ער רעדט:

— אנדריי, דייַנ שווייס ליגט כאָטש אפ דייַנ ערד. אונ מייַנ שווייס? אונ מייַנ טאטנס שווייס אונ בלוט? ס'איז אימ געווענ קארג, זיגערטנ, מייַנ טאטנס שווייס, האָט ער נאָכ באמיסטיקט זייַנע פעלדער מיט זייַנ בלוט... אונ מייַנ מאמעס שווייס? אונ מייַנ יוליעס שווייס? אונדזער שווייס ליגט אינ פראנעקס, אינ סטעפאנס ערד, אינ יאנקא דעמ מילנערס ערד, אינ מיכייַלאָ טאדאסקעס ערד... וואָס פארמאָג איכ? א סקאטינקע—א שווארצ בעהיימעלע, וואָס מע קוועטשט פונ דעמ אויסעט עפשער צענ גלעזער מילכ א מעסלעס?... איכ פארמאָג א קאבילקע אפ דריי מיט א האלבער פיס? איכ האָב זי טאקע אזוי געקויפט בא בענצעלנ. ער האָט געזאָגט, בענצעל, אז די שקאפע וועט הינקענ דריי טעג, אונ זי הינקט שוינ דריי יאָר... איכ האָב צו דיר, אנדריי, גאָרניט. דו ביסט א האָרעפאשנער מענטש. דו האָסט קיינ נייַמיטעס ניט געהאלטנ. נאָר זיי? אָט פרעג בא יאנקא דעמ מילנערס נייַמיטשקע, בא אנטאָנינענ, אָט זיצט זי! זאָל זי דערציילנ, וואָס פארמאָגט זי פונ איר האָרעוואניע?

אינ לייענשטיבל איז געוואָרנ שטיל. מע האָט געהערט, ווי דאָס ווייַנשל־בוימל, וואָס שטייט אונטערנ פענצטער, קראצט מיט די ווייַסע צווייַגלעכ אינ טאפליע. טאמארענ האָט געדאכט, אז דאָס ווייַנשל־בוימל בעט זיכ:

— נעמט מיכ אריינ אינ שטוב. כ'וועל זיכ נאָר אביסעלע אָנווארעמענ, וועל איכ שוינ נאָכדעמ קענענ שטיינ א גאנצע נאכט אפנ פראָסט.

נאָר קיינער האָט זיכ צו דעמ ביימל ניט צוגעהערט. אלעמעס אויגנ זייַנענ געווענ אפ אנטאָנינענ, גלייַכ ווי זי, אָט די נידעריקע פולע מיידל מיטנ פאריסענעמ נעזל, דארפ עפעס באלד זאָגנ זייער א וויכטיקס, וואָס קיינער האָט עס ביז איצט ניט געוווּסט...

אָבער דאָס פולע מיידל מיטנ פאריסענעמ נעזל האָט געשוויגנ.

— אנטאָנינא,—האָט יולעק א געשריי געטאָנ,—וואָס שווייַגסטו?

— א מאָדנע מיידל, קומט צו גיינ, זעצט זיכ אוועק בא דער זייַט אונ שווייַגט...

— א מאָדנע מיידל!

טאמארע איז צוגעגאנגענ צו איר:

— אנטאָנינא, וואָס זיצסטו אזוי?

אנטאָנינא האָט א קנייטש געטאָנ דעמ נידעריקנ שטערנ, זיכ גענומענ אייַנקוטענ שטייַפער אינעמ לאָסקעטענעמ לייַביק, ווי סע וואָלט איר מיטאמאָל שטארק קאלט געוואָרנ:

— מיר געפעלט דאָ, זיצ איכ!

טאמארע האָט זי ארומגענומענ באמ האלדז אונ נאקנ:

— טאָ זעצ זיכ אוועק נעענטער!... אָט דערצייל אונדז, וויאזוי דו ארבעטסט בא יאנקענ? פונוואנענ ביסטו געקומענ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

סע האָט זיכ דערהערט א קלאפערייַ פונ פיס. דאָס לייענשטיבל איז מיטאמאָל אָנגעפילט געוואָרנ מיט ראש.

— אָ, דער קאָמסאָמאָל איז שוינ דאָ!

— אָ, פאָליע איז געקומענ!

פאָליע האָט זיך געבעטנ:

— כעוורע, שטילער, איר וועט דאָך מיך פרילישענ!

לייבקע איז ארופגעשפרונגענ אפ א באנק:

— שטילער, כאוויירים! צו אונדז איז געקומענ א פאָרשטייער פונ רייאָנ... די כאוורטע פאָליע באראש... איך בעט זיך מיט איר באקענענ!

איבערנ לייענשטיבל האָט זיך א וויג געטאָנ א געלעכטער. די לופט איז געוואָרנ נאָך פארנער. די לופט איז געווענ אויסגעמישט: מיט רויך, מיט פעלצנ־רייעך, מיט שוויים. דער לאָמפ אפנ אויסגעקרימטנ באלעק האָט זיך געטוקט אינ א געדיכטנ נעפל. די שייַנ האָט אויסגעזענ: א זונ גייט אופ אינ א זומערדיקנ פארנעפלטנ קאיאָר איבער דעמ סטאווקיער טייַך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אנטאָנינא האָט דערווייַל איבערגעבונדנ דאָס שאלעכל, ארויפגערוקט דאָס שאלעכל טיפער איבער די אויגנ אונ זיך ארויסגעגליטשט פונ לייענשטיבל. דורך די גערטנער האָט זי זיך אוועקגעטראָגנ צו דעמ „וויטראק".

אפנ וועג האָט זי זיך אָבער באגעגנט מיט יוליענ.

— יוליא!

— יאָ, איך... וואָס האָסטו זיך אזוי דערשראָקנ?

— כ'לויפ... נאָך די כודאָבע ניט ארומגעפארעט... וווהינ גייסטו עס מיטנ קינד?

— אינ לייענשטיבל. דו גייסט פונדאָרטנ?

— ניינ... כ'בינ ניט געווענ...

אנטאָנינא האָט זיך פאמעלעך גענומענ אראָפלאָזנ מיט דער בארגיקער סטעזשקע, וואָס פירט צו יאנקא דעמ מילנערס שטוב. נאָר ווענ יוליע איז שוינ געווענ וויַיט, האָט זיך אנטאָנינא אָפגעשטעלט, זיך ארומגעקוקט אינ אלע זייַטנ, זיך פארקערעוועט אפ צוריק אונ איז אוועקגעלאָפנ צומ ווינטמיל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניט וויַיט פונ לייענשטיבל האָט זיך יוליע אָפגעשטעלט. דער ראש האָט זי אָפגע־שטעלט. די געלעכטערס האָבנ זיך געקייַקלט איבערנ דאָרפ. יוליע האָט פארגיכערט אירע טריט. ווענ זי איז ארייַנ, איז דאָס קינד שיר ניט אר־ויסגעפאלנ פונ אירע הענט.

— פאָליא!

— עך, יולקאָ!

פאָליא האָט בא איר איבערגענומענ דאָס קינד. זיי האָבנ זיך ביידע צעקושט:

— אנו, באוויַיז נאָר דייַנ פאצאנטשיק, סא פאמפעשקעלע!

— עך, פאָליא, קומ נאָר אהער, כ'וויל דיך גוט באטראכטנ...

ראָמאנ איז אָבער צוגעגאנ אונ אָפגעשפארט יוליענ:

— לאָז נאָר מיך... לאָזט מיר אויך מיט פאָליענ א רייד טאָנ...

פאָליע האָט געלאכט:

— מירנ זיך נאָך אָנריידנ, דיאדקא ראָמאנ! מיר האָבנ וועגנ וואָס צו ריידנ.

הארא‌סימ האָט ארייַנגערוקט דעמ קאָפ אינמיטנ רעדל:

— ע־הע. דערציילט שוינ, וואָס הערט זיך אפ דער ווייַסער וועלט! שיט אריַינ א קאָרעצ נייַס... פארזיי עפעס עטלעכע גוטע ווערטער אינ אונדזערע הארטע קעפ! ביסט עפשער געקומענ אונדז מיטהעלפנ אָרגאניזירנ דעמ קאָלווירט?

— וואָס־דען, כ׳וועל אײַך אינ אזא צײַט לאָזנ אליינ?

אנדריי דער ווײַסער האָט אַרויסגעלאָזט דעם לעצטנ מויל רויך אונ האָט זיך א קנייטש געטאָנ:

— א קאָלעקטיוו... מיט הארעסימענ א קאָלעקטיוו...

ער האָט פארשפּילעט דעם פעלצ אונ זיך געלאָזט צו דער טיר:

— דער קאָלעקטיוו, אָדער ער וועט זיך אוועקשטעלנ אפ די פיס, אָדער ער וועט זיך אוועקלייגנ אפנ רוקנ. גיי שטעל דערווײַל אײַנ די באלעבאטישקײַט... טאק, נעכײַ בודזע... מײַנ טאטע האָט אליינ געארבעט, מײַנ זיידע... גיי דערקענ אינ קאָלעקטיוו, ווו איז מײַנס אונ ווו איז יענעמס?... יולעק מיט הארעסימענ האָבנ ניט וואָס אײַנצושטעלנ... מײַנ גניאדע איז ניט קיינ פּאָר מיט יולעקס פערדל...

טאמארע האָט זיך צו פּאָליענ ניט געקענט דערשפּארנ. זי האָט געוווסט, טאמארע, פונ פּאָליענ. מע האָט איר אסאך וועגנ איר דערציילט. זי איז געזעסנ אפנ ברעג טיש אונ געזונ: א בלאָנדער קאָפּ וויגט זיך ארום צווישנ אוילעם. טאמארע האָט זיך פארבענקט; זי האָט געטראכט:

— ווענ איך קומ איצט ארײַנ צו אונדז אפנ „פּאסיאָלעק" אונ די שאכטיאָרנ דערזעענ מיך? וואָלט די פריידגעווויס ניט געוועזנ קלענער...

— פּאָליא,—האָט זיך לייבקע צוגעשפּארט צו איר,—אָבער באקענ זיך שוינ מיט אונ־דזער אגיטפּראָפּ.—ער האָט אָנגעוויזנ אפ טאמארענ.—זע, ווי זי זיצט. א שאָד, וואָס כ׳בינ ניט קיינ קינסטלער...

טאמארע איז ארויפגעשפּרונגענ אונ דערלאנגט פּאָליענ די האנט:

— אָט זײַנענ מיר שוינ באקאנט!

*

זיי זײַנענ צוגעגאנ צומ בעריאָזעווו פארשנייטנ וועלדל. לייבקע האָט זיך אָפּגעשטעלט דער ערשטער:

— נו, יוליע, ס׳איז דיר שוינ ניט ווײַט! אָט האָסטו דיר דײַנ סטעזשקעלע, וואָס וועט דיך פארפירנ ביזנ שטוב.

ער האָט א קוק געטאָנ אפ טאמארענ:

— טאמארע האָט זיך ניט אָנגעטאָנ, זי קענ זיך נאָך צוקילנ... איך בינ דאָך עפּעס א פאָרזיצער פונ א קאָאָפּעראטיוו, אונ איך בינ מעכוייעוו אכטונג געבנ אפ מײַנ באלע־באטישקײַט...

טאמארע האָט אימ איבערגעשלאָגנ:

— א פאָרזיצער פונ א קאָאָפּעראטיוו דארפ קענענ זײַנע מיטארבעטער.

— איך קענ...

— דעמ געלנ מיטקע קענסטו גוט?

— כ׳קענ.

— דו מעגסט אימ אויסוואָרצלענ פונ דײַנ באלעבאטישקײַט!

— כ׳ווייס אלצ!

— איז גוט, קענסטו ריידנ ווײַטער!

— וועגנ מיטקענ וועלנ מיר דאָ ניט ריידנ. יוליע שטייט מיטנ קינד, אונ איך קענ ניט דערלאָזנ, אז דער קינפּטיקער מיטגליד פונ דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט זאָל זיך

איבערן געלן מיטקען צוקילן... דו מעגסט שוין זײַן רויִק פאַר מיטקען. דאָס איז אַזאַ וואָרעם, וואָס האָט מוירע פאַר זײַן אייגענער בלאַס...

ווען יוליעס טריט האָבן שוין געסקריפּעט אין טיפּעניש פונעם וועלדל, האָט זי פּאָליעס קאָל אָנגעיאָגט:

— יוליאָ, עפּשער האָסטו מוירע גיין אליין?

דאָס נאַכטישע וועלדל האָט איבערגעגעבן יוליעס ווערטער:

— מאַך זיך ניט נאַריש... אַ נאָוועגע מיר...

צוריק זײַנען זיי געגאַנגען גיך. דאָס דאָרף האָט געטעמט מיט אַ שאַרפער קעלט. די נאַכט — אַ ליכטיק־פאַרפרוירענע — איז געלעגן אױפן שליאַך און געוואַרט אױף טאָג. די נאַכט איז שוין פאַרפרוירן געוואָרן פונעם פראָסט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַנטאָנינאַ איז געלאָפן גלײַך אין ווינטמיל אַרײַן. נאָר לעבן נידעריקן פאַרוויִעטן דעמב האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַנטאָנינאַ, וואָס סטעפאַן האָט איר אָנגעזאָגט:

— איידער דו לױפסט אַרײַן אין „וויטראַק“, שטעל זיך פריִער אָפּ אונטערן דעמב...

— קוק זיך גוט אַרום, צי קיינער גייט ניט...

— קיין פאַרפרוירענע פליג טאָר ניט זען דיך אַרײַנגיין אין ווינטמיל!...

און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט אױפגעהייבן דאָס ראַנד שאַליעכל, וואָס איז איר געהאַנגען איבער די אויגן, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן: די בײַכיקע שניי־פעלדער האָבן געבלענדט מיט ווײַסקייט. דאָס אַנטקעגנדיקע כאַטקעלע האָט געפינטלט מיטן פענצטערל, ווי אַ פאַרפאַראָשעטע אויג. אַראָפּצו שליאַך האָט געסקריפּעט אַ שליטן. אונטערן ווינטמיל האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט די האַלבע לעוואָנע און געזוכט איר צווייטע העלפט.

ווען די טיר פון ווינטמיל האָט זיך פאַוואָליע, נאָר זיכער געעפנט, האָט זיך סטעפאַן זיגערט איר געלאָזט אַנטקעגן:

— עכ, זאָזולקעלע מײַנע, איך וואַרט שוין אױף דיר אַזוי לאַנג!

ער האָט זי אַרומגענומען, זי צוגעדריקט, אַנטאָנינען, צו זיך:

— זאָזולקעלע, דו ווייסט, וואָס הייסט אַזוינס ליבע? פאַר אַ מענטשן, וואָס מע האָט ליב, דאַרף מען קענען אַוועקשענקען דאָס לעבן...

ער האָט זי אַוועקגעזעצט צו זיך אױף די קני:

— אַנטאָסיאַ, טײַבעלע מײַנס, נאָך וואָס גייסטו אַהינצו?

— סטעפאַנע, דו האָסט דאָך מיך אַליין געשיקט! דו לערנסט דאָך מיך וויאַזוי דאָרטן צו זיצן. צוליב וואָס שיקסטו מיך?

זי האָט אַ שמאָרע געטאָן מיטן פאַריסן נעזל:

— האַ?

קיין שײַן איז אין „וויטראַק“ ניטאָ. דורכן צעבראָכן פענצטערל, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו דער פאַרשימלטער סטעליע, רינט אַ ריטשקעלע קוועקזילבער. דאָס ריטשקעלע דרייט זיך אַרום איבערן ווינקל, וווּ זיי זיצן. סטעפאַן זיגערט דרייט אָפּ דעם פּאָנעם פון דער לעוואָנע־שײַן. ער דרייט דעם בלאָנדן קוטשער אונטער דער גרויער קאַראַקולנער היטל, און ווי דער טאַטע זײַנער, פּראַנעק, זשמורעט ער די אויגן. מיט דער האַנט האָט ער אױף דער ערד אָפּגעזוכט אַ קערנדל און עס אַרײַנגעוואָרפן אין מויל אַרײַן.

— נארעלע, איכ שיק דענ דיכ צוליב עפּעס? נו, זאזולקעלע, כ'וויל סע זאָל דיר זײַנ פרייל̄עכער... ש־ש־שא!

ער האָט ארופגעלייגט זײַנ האנט אפ אנטאָנינעס מויל, אָנגעבויגנ דעם קאָפּ צו דער טיר.

— ס'האָט זיכ מיר אויסגעדאכט, אז עמיצער דרייט זיכ ארום מיל... עכ, זאזולקעלע, ווי שווער איז, אז מע פארליבט זיכ אונ מע האָט א ווײַב... מיר דארפנ זײַנ געהיט... קיינער טאָר אונדז ניט באמערקנ! שפּילנ מיר אויס, אנטאָסיא, צעגיי איכ זיכ מיט נאטאשענ אונ מיר האָבנ כאסענע...

— וואָס שפּילסטו אויס?

— דערצייל בעסער, וואָס האָסטו דאָרטנ געהערט? וואָס האָט עפּעס הײַנט גערעדט אָט די קאשטאנאָווע שקאפּע? נו, אָט די ל̄ערערנ טאמארא...

— סטעפאנע, רופ זי ניט אזוי! זי איז דאָכ אזא ווילע, טאמארא, זי ל̄ערנט מיט די קאָמנעזאמאָוצעס... זי ל̄ערנט זיי כעזשבענענ...

אנטאָנינא האָט זיכ גענומענ שטיקנ פאר געל̄עכטער:

— זי הייסט זיי צונויפכעזשבענענ, ווער האָט מערער כודאָבע, דו מיט יאנקאָנ, צי הארא̇סים מיט יול̄עקנ? זי איז א טשודנע, טאמארא, זי פרעגט אזעל̄כע נארישקײַטנ...

אונ סטעפאנענ האָט א קאָכ געטאָנ דאָס גאנצע בלוט. מיט דער פוס האָט ער א זעצ געטאָנ אינ א ראשקע, וואָס איז געשטאנענ בא דער זײַט. די קל̄עפּקעס זײַנענ צעפל̄ויגנ געוואָרנ. דער אײַזערנער רייפ איז אוועקגעל̄אָפנ מיט א גוואלד איבערנ ווינטמיל.

אנטאָנינא האָט זיכ דערשראָקנ:

— וואָס איז?

— גאָרניט... שטשורעס ל̄ויפנ ארומ... זיי ווילנ אונדז אָפּגריזענ די קעפּ... ווענג קאָלעקטיוו האָבנ זיי הײַנט ניט גערעדט?

— ניינ.

— וואָס ווייסטו נאָכ?

— עפּעס א מיידל̄ איז אָנגעקומענ פונ רײַאָנ. אוי, ווי מע האָט זי ארומגערינגלט...

— ווי רופט מענ זי?

— כ'ווייס ניט, כ'בינ גל̄ײַכ אוועק!

די ציינער האָבנ זיכ בא אימ צונויפגעפרעסט. אימ האָט זיכ געוואָלט אזוי א נעמ טאָנ אָט די באטראטשקע, זי ארויסשלעפנ אינדרויסנ אונ פונעם גאנעק זי א זעצ טאָנ אינ דער ערד אריינ—דער שניי זאָל צעגיינ אינ איר בלוט. ער האָט זי אָבער געמוזט ארומנעמענ:

— שווארצויגיקע מײַנע, כ'האָב עפּעס הײַנט מוירע... ל̄אָמיר זיכ צעגיינ.

מיט דער פוס האָט ער א שטופ געטאָנ די טיר. א פירעקיקע שטיק ליכטיקע נאכט איז ארופגעפאלנ אפ זײַנ פּאָנעם.

אנטאָנינא האָט זיכ אופגעהייבנ אפ די שפּיצפינגער, אימ פארקוקט אונטער די אראָפּגעל̄אָזטע וויִעס:

— סטעפאנע, האָלובעצ, וואָס איז מיט דיר?

— גאָרניט... דער קאָפּ... ווי מע וואָלט ארײַנגעקלאפּט א קלינ אינ קאָפּ...

— נו, ל̄ויפ, אנטאָסיא, נאָר קיינעמ קיינ פּיפּס ניט! איכ וועל גיינ מיטנ שליאכ...

זי איז אוועק.

סטעפאנ איז ארונטער אונטערנ מיל, ארויסגעשלעפט דעם טאטנס ליולקע, פאמעלעכ זי אָנגעקלאפּט, אונ פונ אונטער זײַנע טונקל־ברוינע וואָנצעס האָט אָנגעהייבנ רויכערנ. ער

האָט איבערגעקערט דאָס היטל אפ דער לינקער זײַט, זיך אײַנגעהאָרבעט אביסל, און מיט ברייטן שפאַן, מיט די פעלדער, זיך אוועקגעלאָזט צו אריען.

* * *

זיי זײַנען אַרײַן.

אינעם סאָד, אנטקעגן פענצטער, איז אפ דער הורבע שניי געלעגן א פארמאַטערטע די איבערגעבראָכענע לעוואָנע. זי האָט, די האלבע לעוואָנע, ניט געפונען איר צווייטע העלפט. די שפיצן פון די פריר־טויִקע צווײַגן האָבן געברענט, ווי סטערנאָווע ליכט.

אין צימערל: פון טיר ביזן אײַזערנעם גרינעם בעטל איז געלעגן אן אויסגעשפּינטע טונקל-בלוילעכע סטעזשקעלע שײַן.

מיט אָט־דער־אָ סטעזשקעלע איז טאמארע צוגעגאַן, אראָפגענומען די ווײַסע לײַלעך און זיך ארײַנגעזעצט אין בעט, אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אָן וואנט. די טאָג־מידקייט איז געגאַן פון די פיס, פון די הענט. נאָר דאָס בראָדעווקעלע אונטער דער ברעם האָט געשמייכלט:

— אין סטודענטישער צוזאמענוווינונג פלעגט אָפט טרעפן די שײַן לעשט זיך אויס. מיר פלעגן בלײַבן זיצן אינדערפינצטער גאנצע שאָענווײַז. אין אזעלכע אָוונטן פלעגן מיר ארײַנרופן אונדזער פילאָסאָף. מיר האָבן אים גערופן געגעל... א יאט מיט גרויסע ביינערנע ברילן און מיט קליינינקע אייגעלעך, נאָך קלענערע, ווי בא דיר, לייבקע!

א געלעכטער האָט אָנגעפילט דאָס צימערל.

— ער פלעגט זאָגן: דער יאט; דיִאלעקטיק איז אזא זאך, וואָס מע קען עס ניט איבערגעבן מיט ווערטער. דיִאלעקטיק, פלעגט ער פאָכען מיט די הענט, ווי א גאנדז, וואָס וויל פליִען, איז א פור, וואָס פאָרט, און אייניצײַטיק שטייט זי, די פור, אפ איין אָרט.

פון יענער זײַט וואנט האָט געזשומעט א פרימוס.

פון יענער זײַט וואנט האָט מען געוואשן געפעס.

א גלאָז האָט זיך געקאטשעט איבער א שאָל,—דאָס האָט אנגאלינא פעטראָוונא זיך צוגעגרייט וועטשערע.

אנגאלינא פעטראָוונא, די געוועזענע לערערן, וואָס האָט זיך אײַנגעבעטן דאָ איבערוווינען דעם ווינטער, גייט גאנצענע טעג ארום מיט א פארבונדענעם קאָפּ. איצט האָט זי דערהערט, אין שכיינעסדיקן צימערל רעדט מען.

— טאמארע איז שוין דאָ...

זי האָט אופגעעפנט פאמעלעך איר טיר, ארויסגערוקט דעם פארבונדענעם קאָפּ—געהאָלט כאַפּן א פּאָר ווערטער, האָט די טיר א סקריפּע געטאָן אונטער איר האנט. איר נאָז איז פון שרעק לענגער געוואָרן און זי איז ארײַנגעלאָפן צוריק. אין צימער האָט זיך די נאָז באַרויִקט. דער ארומגעבונדענער קאָפּ האָט זיך צוריק ארויסגערוקט אין קאָרידאָר, זיך ארומגעדרייט אונטער טאמארעס טיר. די קליינע שפּיציקע אויערן האָבן זיך בא דעם פארבונדענעם קאָפּ באוועגט, זיי האָבן זיך אײַנגעהערט אין לייבקעס רייד:

— טו א קוק אפן טונקעלן שטרויענעם דאָרף! טו א קוק, ווי אין די כאטקעס פינטלען די קאנעצלעך! איך הער, ווי די קאָלאָוואָראָטקעס [1]) דרייען זיך ווי צוריק מיט הונדערט יאָר...

— יאָ, לייבקע, זיי דרייען זיך נאָך, די קאָלאָוואָראָטקעס, נאָר זיי קרעכצן שוין...

---

[1]) א הילצערנער שטעל, וואָס מע שפּינט.

— אויב מע וועט זיי לאָזנ, קענענ זיי נאָכ לאנג קרעכצנ. א צעבראָכענער שארבנ קענ איבערלעבנ א נײַעמ טאָפּ.

אונטערנ טיר האָט דער פארבונדענער קאָפּ א שמייכל געטאָנ:

— גערעכט... איכ, דער צעבראָכענער שארבנ... וועל אײַכ איבערלעבנ...

דער שמייכל האָט זיכ ניט געהאלטנ. די שפּיציקע אויערנ האָבנ געהערט:

— אויב מע היט אָפּ א צעבראָכענעמ שארבנ, קענ ער זיכ האלטנ. אָבער מיר צע־ברעכנ אלצ, וואָס שמעקט מיט אלטווארג...

מער האָט דער פארבונדענער קאָפּ ניט געקענט שטיינ אונטערנ טיר. איר האָט זיכ געדאכט, דאָס בלוט וועט באלד בא איר ארויס דורכ די אויגנ. זי איז צוריק מיט מאָרע־שכוירע־טריט ארײַנגעלאָפנ אינ צימער. זי האָט זיכ אוועקגעלייגט אפנ בעטל, אונ אירע דינע ליפּנ, בלאָ־געוואָרענע, מיט קנייטשעלעכ, אינ די קנייטשעלעכ זײַנענ געלעגנ עפּעס א ביטערס, האָבנ געזאָגט צו די פארפרוירענע געקווייטלטע פענצטער:

— גענוג... מײַנ שארבנ קענ איכ אליינ צעברעכנ!

אונ אינ שכיינעסדיקנ צימער האָט לייבקע גערעדט. די קליינינקע אייגעלעכ אונטער די אראָפּגעלאָזטע ברייטע ברעמענ האָבנ זיכ געשײַערט:

— דו זאָגסט, פאָליע, אז דו דערקענסט מיכ ניט? ניינ, דאָס בינ איכ, לייבקע, ס׳איז א פאקט. מיר שלאָגנ שטענדיק מיט פאקטנ. דו געדענקסט פאָליע צו גוט אָט יענעמ לייבקענ, וואָס צוריק מיט פינפ יאָר... לייבקענ דעמ שטומענ צונג... כ׳האָב דעמלט נאָר געפּילט, דו פארשטייסט, פאָליע, איכ האָב נאָר געפּילט... אונ אפ א הארצ טאָר מענ זיכ ניט פארלאָזנ. א הארצ דארפ האָבנ א קאָנטראָל...

— איצט פארשטיי איכ. פראנעק זיגערט האָט דעמלט געהארגעט פּעטרענ באזילס ניט דערפאר, ווײַל טראכימ איז געווענ א שלעכטער פאָרזיצער פונ דאָרפראט, נאָר ווײַל פראנעק האָט שוינ געזענ, זײַנע מעזשעס וועלנ מוזנ פאראקערט ווערנ...

— אינ פארטיי־שול פלעגנ זיכ בא מיר די אויערנ באוועגנ. וואָס כ׳האָב געהערט אפ די לעקציעס, האָט זיכ מיר געוואָלט ארײַנשיטנ אינ א טאָרבע, דעמ טשוב פונ דער טאָרבע האלטנ בא זיכ אינ האנט, סע זאָל גאָרניט פארפאלנ ווערנ...

טאמארע איז געלעגנ אָנגעשפארט אָנ דער וואנט. מיט צוגעמאכטע אויגנ איז זי געלעגנ. זי האָט זיכ אײַנגעהערט אינ לייבקעס רייד אונ ס׳האָט זיכ איר געדאכט:

... זי זיצט מיט סערגייענ אינעמ קליינעמ צימערל. ער זאָגט איר אויכ:

— פארשטייסט, טאמארע, איכ בינ געווענ א דאָרפישער, געפּאשעט פרעמדע כודאָבע, איז וואָס האָב איכ געקענט דעמלט פארשטיינ... אפנ זאוואָד האָט מענ מיר געמאכט אנ אָפּעראציע אפ מײַנע בלינדע אויגנ... איצט זע איכ אונ פארשטיי, לענינ איז א גוטער כירורג...

זי האָט א שמייכל געטאָנ:

— איכ טראכט וועגנ סערגייענ, ווי עפּעס וועגנ א ווײַטנ... ער איז דאָכ מײַנ נאָענט־סטער מענטש. איכ פיל אימ... כאָטש ער געפינט זיכ אפ וויאָרסטנ ווײַט...

אונ טאמארע האָט זיכ אוועקגעטראָגנ אינ דער דאָרעמ־שטאָט.

זי איז גערעכט, טאמארא. נאָכ א טאָג ארבעט, מעג זי זיכ פארגינענ צו בענקענ אונ צו לעבנ. נאָר טאמארע איז שוינ געווענ צו ווײַט. זי האָט אפילע ניט געהערט, ווי פאָליע רעדט:

— אז איכ קומ אהיימ, קענ איכ שוינ גאָרניט טאָנ. ס׳איז שווער צו זײַנ א לערערנ אינ שטעטל. מיר האָבנ נאָכ זייער ווייניק נײַע לערער... באטאָג בינ איכ א לערערנ, אפדערנאכט פיר איכ אָנ מיט א ליקבעז. אלע טאָג זיצונגענ, אגיטפראָפּ פונ קעמערל...

לייבקע האָט אָנגעריבנ א שוועבעלע, אראָפּגענומענ דאָס גלעזל פונ לאָמפּ:

— וואָס דענ האָסטו געוואָלט? מיר זײַנענ די פּוסגייער פונ דער רעוואָליוציע... פאר פּוסגייער האָט דער סוינע מוירע. עמעס, פּוסגייער גייענ שווער, אָפּט ניט רירעוודיק... א־האא!

לייבקע האָט א געשריי געטאָנ, ווײַל דאָס שוועבעלע האָט צוגעברענט ביזקל די פינגער.

פונעמ געשריי האָט זיכ טאמארע אופגעכאפּט. פּאָליע האָט געלאכט.

— די פּוסגייער זײַנענ אָפּט ניט רירעוודיק... זיי קענענ אפילע קיינ לאָמפּ ניט אָנ־צינדנ...

— ווײַז שוינ אהער!—האָט זיכ טאמארע אופגעהייבנ.—וועל איכ אָנצינדנ פײַער!

דאָס צימערל האָט ארײַנגענומענ אינ זיכ די שײַנ פונעמ אכטער לאָמפּ. ס׳איז געווענ גענוג שײַנ.

לייבקע איז געשטאנענ אנטקעגנ טאמארענ. אינ אירע זוניקע אויגנ איז געלעגנ א שמייכל. ער האָט זיכ דערמאָנט: מיט אזעלכע צוגעזשמורעטע אויגעלעכ האָט ער אמאָל געקוקט אפ פּאָליענ. ס׳איז געווענ צוריק מיט פינפ יאָר. פּאָליע האָט געיאָגט אפ דער בולאנער שקאפּע. זי האָט געוואָלט אראָפּנעמענ אוראָמענ פונ וואָגנ... נאָר נײַנ. יענער קוק איז געווענ אנ אנדערער. יענער קוק איז געווענ א שטילער—דער סטאַוואָק אינ א מיט־זומער־טאָג. איצט איז דער קוק א שארפער. פונעמ קוק בריט אימ אלײנ באמ הארצנ. דער קוק דער איצטיקער—א צעגאָסענער טײַכ אינ פרילינג־צײַט...

טאמארע האָט פארשארט די קאשטאנאָווע האָר—די האָר פלעכטנ זיכ בא איר ווי וויל־דע ווײַנטרויבנ. זי האָט דערפילט זײַנ קוק. דער קוק איז ארומגעקראָכנ איבער אירע זו־ניקע אויגנ. זי האָט אימ געפרעגט:

— וואָס קוקסטו אפ מיר אזוי?

... מע האָט אָנגעקלאפּט אינ פענצטער. ס׳איז ארײַנ אוראָמ סטאווקיער. ער איז ארײַנ, ער איז געבליבנ שטיינ באמ שוועל אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ:

— עכ, טאָכטער!... ס׳איז דאָכ שוינ באלד טאָג אונ דו, לייבקע, האָסט זי ניט געקענט שיקנ אהיימ? בא דער אַלטער פאלט דאָרטנ ארויס דאָס הארצ... קעדײַ זיכ געווענ מיט דיר ניאנטשענ.

די גרויסע באָרד האָט בא אוראָמענ א שמייכל געטאָנ:

— דערלעבט א פּאָדיאקי!

ער האָט אָפּגעגארטלט דעמ אלטנ פעלצ. ארויסגעשלעפּט דעמ קאפּשעק טוטינ:

— כ׳בינ א באלנ וויסנ, וואָס רעדט איר אזויפיל?

ער האָט ארופגערוקט העכער די געלע בארשקענע היטל, מיטנ צונג גענומענ פאר־קלעפּנ דעמ ציגאר:

— איכ האָב הײַנט גערעדט מיט וואסילנ אונ מיט אנדרייענ פונעמ קאָלווירט... זיי זײַנענ בא מיר געזעסנ דעמ גאנצנ אפדערנאכט. אנדריי פארשטייט ניט, אלעמעס ערד... אונ אלע באלעבאטימ... דעמ עמעס גערעדט, פארשטיי איכ עס אויכ ניט... איכ בינ טאקע

ארײַן אין קאָלעקטיוו, דאָס הייסט, איך פארשטיי יאָ, נאָך וואָס איך בין ארײַן, נאָר יענעם געבן צו דערקלערן, קען איך ניט...

לייבקע האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן אים:

— די קאָאָפעראציע איז גוט? איר געדענקט דאָך ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען אָרגאַניזירן די קאָאָפעראציע... מע האָט געמיינט, אז בא אריען איז בעסער.

— נו, בין איך דען דעמאָלט אויך ניט געווען פון די ערשטע? דו ווערסט דאָך ניט זאָגן, אז איך בין ניט קיין סאָזנאַטעלנער...

— ווער זאָגט דען?

— אײַ לאָז, טאָכטער, נו, גוט, אלע ערדן אינײנעם, מע וועט פאראקערן מעזשעס. נאָר אנדריי פרעגט אזא זאַך: פארוואָס קען ניט זײַן אזוי? מע זאָל טאַקע ברענגען טראַקטערס. און די טראַקטערס זאָלן אונדז העלפן באארבעטן די ערד.

— נו יאָ,—האָט טאמארע געזאָגט,—דאָס ווילן מיר דאָך!

— וושיטעלקאַ, איר האָט מיר אויך ניט פארשטאַנען. אָט האָט דער טראַקטער אין אָסיען אונדז אופגעאַקערט די ערד. אונדז פארזייט די ערד. זייער גוט. ס׳איז אונדז אלעמען זייער געפעלן, נאָר פארוואָס זאָל מען ניט קענען, נו, ניט אַקערן אלעמעס ערד מיטאמאָל... נאָר אזוי... אָט אזוי...

אווראָם סטאַווקיער האָט זיך אופגעהייבן. א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— קום, טאָכטער, מירן זיך שוין מיט דיר אינדערהיים צונויפריידן וויאזוי איך קלער..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די נאַכט—א פאַרווייעטע. דער שטערן אנטקעגן לייבקעס פענצטער האָט געציטערט. און עפשער האָט ער זיך געשפּילט אזוי דער שטערן אין קלאָרן הימל?

אפן טיש איז געלעגן צעעפנט לעניג.

די קליינינקע אייגעלעך האָבן געטרונקען מיט דאָרשט פונעם דינינקן ביכעלע:

О К. Марксе

и о марксизме

אפילע די טויבע ווענט פון קליינעם צימערל האָבן געהערט: אומרויִק קלאַפּט א צוואנציק־יאָריק הארץ.

אָבער דאָס הארץ ווייסט:

„זײַן א מיטגליד, פון יוגנט־פארבאַנד. הייסט פירן די זאַך אזוי, אָפּגעבן דײַן ארבעט, דײַנע קויכעס אפ דער אלגעמיינער זאַך. אָט אין דעם באַשטייט קאָמוניסטישע דערציִונג. נאָר אין אזא ארבעט ווערט פארוואַנדלט דער יונגער באָכער, אָדער דאָס מיידל אין אן עמעסן קאָמוניסט״.

אָבער דאָך א פארדראָס:

— פארוואָס האָט מען מיך געשיקט נאָכאַמאָל אהער?

דער פארדראָס צעשפּילט זיך בא לייבקען נאָר אין אזעלכע רעגעס:

באטאָג איז ניטאָ קיין צײַט צו טראַכטן וועגן דעם.

אָבער לייבקע ווייסט:

— פריִער צי שפּעטער וועט ער זײַן אין א גרויסער שטאָט.

פריִער צי שפּעטער וועט ער ענדיקן א הויכשול...

איצט פארשטייט ער לייבקע:

— ער ווייסט נאָך גאָרניט... ער האָט נאָך זייער ווייניק געלערנט...

... אינ צימער איז שוינ פינצטער. וויַסע פלעקנ קריכנ ארומ איבער די ווענט. לייבקע שלאָפט ניט. יונגע בלוט. ס'איז שווער עס איַינשטילנ. די זוניקע אויגנ ציִענ... די קאשטאנאָווע האָר... ס'איז ניט קיינ האָר, סע זיַינען ווילדע וויַנטרויבנ... אונ לייבקען ווילט זיכ אראָפּ. אריַינגיינ צו טאמארען, זיכ אוועקזעצנ אפנ ראנד בעט אונ איר זאָגנ:

— טאמארע, איכ בינ ניט קיינ צעקוועטשטער אינטעליגענט... כ'ווייס אפילע גוט ניט וואָס אינטעליגענט הייסט... איכ באנעמ ניט דאָס וואָרט... כ'ווייס, אמאָל פלעג מענ פאלנ צו דער מיידל צו די פיס, איר קושנ דעמ ראנד פונ דער קלייד... אָבער איכ מיט דיר?.. איכ בינ א פּאָשעטער באָכער. דו א טיַיערע מיידל. מיר טוענביידע איינ זאכ... דו פארמאָגסט מער בילדונג פונ מיר. דו האָסט געענדיקט א הויכשול. דו וועסט מיר העלפנ לערנענ...

דער געדאנק האָט זיכ איבערגעריסנ:

— טאָמער וועט זי מיר זאָגנ: איכ העלפ דענ דיר ניט?

לייבקע האָט א שמייכל געטאָנ:

— זי איז ניט קיינ נאר... זי וועט פארשטיינ... מיר זיַינענ ערדישע מענטשנ... טאמארע איז ניט אנגאלינע פעטראָוונא... איכ בינ ניט גרינ...

— וואָס האָב איכ זיכ פלוצימ דערמאָנט אָנ גרינען?

— ווו קענ ער איצט זיַינ?

— א מאָדנער מענטש אָט דער גרינ..: ער הינקט איצט ארומ איבער די פארשנייטע ייִדישע ייִשוּווימ פונ אָדעסער געגנט... א מענטש וויטיקט פארנ ייִדישנ פאָלק... ער האָט מוירע טאָמער וועל איכ פארגעסנ ריידנ ייִדיש...

סע וויַסט זיכ דער דרויסנ.

סע סקריפּענ די טויערנ. דאָס דאָרפ שטייט אופ באגעגענענ דעמ טאָג.

---

זיסקינד ליעוו

# פלאַמען איבער ווין

דעם 15 יול איז געוואָרן פינפן יאָר, זינט דעם אופשטאַנד פון ווינער פּראָלעטאַריאַט, איך בין געווען בײַ דעם אופשטאַנד. איך האָב אין אים גענומען א טייל פונעם מאַטעריאַל, וואָס איך באַאַרבעט אין א ראָמאַן, גיב איך דאָ איבער אַלס באַריכט.

דעם 14 יול 1927 אַרום 10 אזייגער באַנאַכט האָט זיך פאַרענדיקט די געריכט־פאַרהאַנדלונג קעגן דרײַ ארבעטער־מערדער. זיי זײַנען באַפרײַט געוואָרן.

אין שאַטנדאָרף, א גרויס דאָרף אין דער עסטרײַכישער בורגלענדישער פּראָווינץ, איז זונטיק דעם 30 יאַנואַר 1927 פאָרגעקומען א פאַרזאַמלונג פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שוצבונדיסטן — א רעפאָרמיסטישע אָרגאַניזאַציע פאַר ארבעטער־שוץ.

אינעם רעסטאָראַן טשאַרמאַן איז געווען די הויפּטקוואַרטיר פון דער היימווער — א פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע ענלעך צו די נאַציס (היטלעריסטן). דורכן פענצטער פונעם רעסטאָראַן טשאַרמאַן האָט מען געשאָסן אף א גרופּע שוצבונדיסטן. צוויי מענטשן זײַנען געהאַרגעט געוואָרן. די אונטערזוכונג האָט פעסטגעשטעלט ווער עס זײַנען די מערדער. פון געריכט זײַנען די מערדער, דרײַ היימווערלײַט, באַפרײַט געוואָרן.

מער פון א וואָך האָט געדויערט דער פּראָצעס. פון ערשטן טאָג אָן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער געריכט איז צוזאַמענגעשטעלט פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן. די „געשוואָרענע” זײַנען באַשטאַנען פון פיר ארבעטער און פון אַכט בירגערלעכע. דער אויסקלײַב פון די איידעס, דאָס באַנעמען זיך פון פאָרזיצער און פון פּראָקוראָר, די גאַנצע פירונג פון די פאַרהאַנדלונגען — דאָס אַלץ איז געווען צוגעשניטן אף אַן ארבעטער־פײַנטלעכן סאָף פון פּראָצעס.

דאָנערשטיק. דעם 14 יול, 10 אזייגער באַנאַכט. די אַלזערשטראַסע, ווו עס געפינט זיך דאָס געריכט, איז געווען פול מיט מענטשן. די פּאָליציי האָט פּאַטרולירט. נאָר די מענטשן אף דער גאַס זײַנען באַשטאַנען הויפּזעכלעך פון היימווערלײַט און פון נאַציס. זיי האָט די פּאָליציי דערלויבט צו דעמאָנסטרירן הינטער די פענצטער פון געריכט. זיי האָבן גערופן „הייל” און זיי האָבן אופגעפאָדערט די ריכטער צו באַפרײַען די מערדער. אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אף דער גאַס, האָט מען געהערט דײַטלעך אין געריכט־זאַל. קוים האָט זיך אָבער באַוויזן אף דער גאַס א גרופּע ארבעטער, האָט זיי די פּאָליציי באַלד פאַרטריבן, ווײַל דאָס זײַנען געווען מערסטנטייל קאָמוניסטן. די ס.ד.־ארבעטער האָט די „ארבעטער־צײַטונג” סיסטעמאַטיש צוגעגרייט צו גלויבן אין דער גערעכטיקײַט פון „דעמאָקראַטישן” געריכט און זיך צו פאַרלאָזן אף יושער.

אין געריכט־זאל איז געווען אַן „אויסגעקליבן" פּובליקום, די פּאָליציי האָט שטרענג באוואַכט יעדן איינעם ווער עס האָט געהאַט אַ בילעט אַף אַרײַנצוגיין אַף דער קאָמעדיע. דער פּאָרזיצער האָט אויפגעפּאָדערט די אודיטאָריע זיך צו פאַרהאַלטן רויִק און ניט אַרײַנצומישן זיך מיט דעמאָנסטראַטיווע אויסרופן בײַסן געריכט. ער האָט באַצײַטנס צוגעגרייט דאָס פּובליקום צום „גוטן" סאָף. ער, דער געריכט־פּאָרזיצער, האָט שוין געוווּסט פריִער, וויאַזוי דאָס וועט אויסזען... דאָס פּובליקום האָט אויך אויסגעהערט דעם מישפּט: „ניט שולדיק" „באַפרײַט" מיט גרויס גערודל—און געשוויגן.

אַנדערש איז געווען אַף דער גאַס „הײַל!" און „פּפוי!" האָבן זיך אויסגעמישט, עס איז געקומען צו קליינע געשלעגערײַען—די פּאָליציי האָט צעטריבן די מענטשן פון דער גאַס.

אַרום עלף אַזייגער בין איך געווען אַף דער עליזאַבעט־פּראָמענאַדע. די לופט איז געווען הייס און געדיכט. בײַ דער דאָנוי זײַנען געזעסן מאַסן מענטשן אַפן גראָז און געזוכט קילונג בײַם וואַסער. עקסטרא־אויסגאַבעס פון צײַטונג־בלעטלעך האָבן צעטראָגן דעם רעזולטאַט פון געריכט: באַפרײַט! באַפרײַט! באַפרײַט!

מע האָט פאַרגעסן די געדיכטע הייסע לופט, די דאָנוי און דאָס גראָז און די ליבעס. באַפרייט? אַף אַלעמעס ליפּן איז פאַרגליווערט געוואָרן די פראַגע. די אַרבעטער־מערדער באַפרײַט?...

די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַרשטאַנען וויאַזוי אײַנצורײדן די אַרבעטערשאַפט, אַז אין עסטרײַך איז זי דער באַלעבאָס, אַז די שטאָט ווין איז אַ רויטע, אַז די רעוואָליוציע וועט קומען אין דעם קליינעם לאַנד אַרײַן אַף אַ באַזונדערן אויפן, מיט באַזונדערע וועגן—עסטרײַכיש־סאָציאַל־דעמאָקראַטיש... די עסטרײַכישע רעוואָליוציע ווערט געבויט אײנײנעם מיט די ווינער געמיינדע־הײַזער, אײנײנעם מיט דער שטײַער־פּאָליטיק פון געמיינדע־ראַט ברייטנער, אײנײנעם מיט די זומערדיקע קינדער־בעדער אין די פּאַרקן, אײנײנעם מיט די ווינטערדיקע וואַרעם־שטיבער פאַר אַרבעטלאָזע—נאָר פּאַוואָליע, פּאַוואָליע און שטיל... אַזעלכע „ראַדיקאַלע" פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי באַוער, זייץ, רענער, אַדלער, האָבן גוט פאַרשטאַנען צו דיסציפּלינירן די עסטרײַכישע אַרבעטערשאַפט... שאַ! עס וועט זײַן... עס וועט קומען... צי דו זעסט ניט, ווי עס בויען זיך די געמיינדע־הײַזער?

נאָר אויך די רעאַקציע האָט זיך געהאַט איר אייגענע דיסציפּלין. זי איז געווען געשטיצט דורך די באַוערס און די זייצעס, זי האָט זיך פאַרן „ווילדן" אַרבעטער ניט געדאַרפט שרעקן. די רעאַקציע האָט געהאַט אַן אויסגעגלײַכטן וועג און אַף דעם וועג איז זי בעגאַנגען אַלץ ווײַטער און ווײַטער... די פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געוואַקסן, אויסגעשפּרייט זיך איבער דאָרף און איבער שטאָט. אַרבעטער־מאָרדן האָבן זיך פאַרמערט—און די געריכטן האָבן די אַרבעטער־מערדער באַפרײַט איינעם נאָכן אַנדערן באַפרײַט.

די נאַכט פון פערצנטן אַפן פופצנטן יול איז געווען אַ רויִקע. ווי אַלע אַנדערע אַזעלכע נעכט נאָך די באַפרײַונגען פון אַרבעטער־מערדער.

מע האָט זיך געפרעגט: באַפרײַט? איז דאָס מעגלעך? זײַנען אַרבעטער אין עסטרײַך ווילדע פייגל? נאָר די „אַרבעטער־צײַטונג" וועט ווידער שרײַבן: „דאָס איז דאָס לעצטע מאָל! די אַרבעטערשאַפט וועט זיך ניט לאָזן פּראָוואָצירן! דאָס בירגערטום וועט ניט מער וואַגן אַ צווייטן מאָל אַרויסצוגעבן אַזאַ מישפּט! מיר שטייען אַף דער וואַך!".

אַזוי שרײַבט די „אַרבעטער־צײַטונג" יעדעס מאָל בײַ אַזאַ ענלעכן פאַל און אַזוי וועט זי אויך מאָרגן שרײַבן... לאָמיר גיין שלאָפן...

ווײַזט אָבער אויס, אז די ארבעטערשאפט פארמאָגט אויכ גרענעצנ. אינ איר געדולד. אויכ די עסטרײַכישע ארבעטערשאפט. ווײַזט אויס אז דער ארבעטער־קלאס האָט גאָר אייגענע גאנצ באשטימטע געזעצנ—רעגולירט אונ ארויסגערופנ דורכ א טיפער אינעווייניקדיקער קראפט—וועלכע פרעגנ אמאָל אויכ ניט קיינ אייצע בא אָטאָ באוער אָדער בא קארל זייצ.

דעם אנדערנ טאָג, דעם 15 יול, איז די ווינער ארבעטערשאפט ארויס אינ א בונט, אינ אנ אָפענעמ אופשטאנד.

ווער האָט אָרגאניזירט דעם אופשטאנד אינ ווינ? ווער האָט מיט אים אָנגעפירט?

די בירגערלעכע פרעסע שרײַבט, אז דער פראָצעס האָט ניט צו טאָנ מיט קיינ פאָליטיק. טשארמאנס הויז איז באפאלנ געוואָרנ פונ די שוצבונדיסטנ, אונ די מענטשנ, וואָס זײַנעג געווענ אינעווייניק אינ רעסטאָראנ, זײַנענ געווענ געצוווּנגענ זיכ אָפּצוּווערנ פונ די איבערפאלער. דערפאר, זאָגט די בירגערלעכע פרעסע, זאָל דער פראָצעס זײַנ א צייכנ אפ פרידנ. פרידנ צווישנ די פארטייענ אונ צווישנ אלע מענטשנ. זאָל דער פראָצעס ברענגענ אנ אויסגלײַכ צווישנ אלע שטרײַטערס. אונ זאָל מער קיינמאָל ניט געפירט ווערנ קיינ קריג קעגנ דער אייגענער באפעלקערונג...

די „ארבעטער־צײַטונג" איז פונפאָרנט אָנגעבלאָזנ רויט, ווי אנ עמעסער אינדיקאונ פונהינטנ ווערט זי אלצ בלאסער אונ בלאסער. פונפאָרנט שרײַבט די „ארבעטער־צײַטונג": דאָס איז דאָס לעצטע מאָל! די ארבעטערשאפט וועט זיכ ניט לאָזנ פראָוואָצירנ. דאָס בירגערטום וועט ניט וואגנ א צווייט מאָל ארויסצוגעבנ אזא מישפעט! מיר שטייענ אפ דער וואכ!—אונ פונהינטנ שרײַבט זי: רויִק בלוט, גענאָסנ! האלט אָנ אײַער בארימטע דיסציפלינ אינ אײַערע רייענ! פירט ניט אויס קיינ שום אקציע אפ אייגענער פויסט! האָט פארטרויען צו דער אויסגעפרווּווטער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פירונג! האָט געדולד, גענאָסנ! מיר וועלנ פאָדערנ רעכנשאפט פונ די שולדיקע...

די „ראָטע פאנע" פאָדערט אופ די עסטרײַכישע ארבעטערשאפט צו א באלדיקער אקציע—צומ שטרײַק!

אָבער וויפל ארבעטער האָבנ דעמלט געלייענט די „ראָטע פאנע"? די קאָמוניסטנ האָבנ דעמלט געהאט גאָר א שוואכנ אײַנפלוס אינ די פאבריקנ. די ס. ד. „באטריבסראטנ" האָבנ פאָשעט ארויסגעוואָרפנ פונ דער פאבריק יעדנ קאָמוניסט, וועלכער האָט זיי געשטערט אינ זייער רויִקער באלעבאטישער טאָלערירונג. די קאָמוניסטנ האָבנ אינ די פאבריקנ ניט געהאט קיינ אײַנפלוס. אָבער די ארבעטערשאפט האָט אליינ פארשטאנענ קאָמוניסטיש צו ענטפערנ אפ אנ אָפענער פראָוואָקאציע פונ דער בורזשואזיע.

די ארבעטער זײַנענ געגאנגענ פארטאָג אינ די פאבריקנ פויל אונ נאכלעסיק—זיי האָבנ ניט געהאט קיינ כיישעק אָנצוהייבנ ארבעטנ. ניט אינ די אוטאָמאָביל־פאבריקנ, ניט אינ די מאשינ־פאבריקנ, ניט אינ די שיכ־פאבריקנ, ניט אינ די מעבל־פאבריקנ—אינערגעצ ניט. אונ וווּ מע האָט אָנגעהייבנ צו ארבעטנ, איז דאָס געווענ בלויז ווי פאר אנ אָפּקומעניש... מע האָט דיסקוטירט, מע האָט געשאָלטנ, אונ מע האָט געארבעט... אינ אנדערע פאבריקנ האָט מענ אָפּגעהאלטנ פארזאמלונגענ.

די פאבריק־דירעקציעס זײַנענ געשטעלט געוואָרנ פאר א רעטעניש: א מישפעט וועגנ צוויי דערהארגעטע מענטשנ, איינ אינוואליד אונ איינ קינד—מאכט מענ דערמיט אזעלכע גוואלדנ?... די בעאמטע האָבנ זיכ געפרווּווט צו באמיִענ, די טעלעפאָנענ האָבנ געקלונגענ, עס האָט ניט געהאָלפנ.

די ס.ד.־פונקציאָנערנ האָבנ זיכ אָנגעשטרענגט צו בארויִקנ. עס זײַנענ ארומגעפאָרנ זײערע לײַט אפ אווטאָמאָבילנ, אפ מאָטאָציקלענ, פונ פאַבריק צו פאבריק מיט שטרענגע פארטײ־באפעלנ. די לינקע ווינצײלע, הויפט־ביוראָ פונ דער ס.ד.־פארטײ, האָט געקלאפט אפ אלע טעלעפאָנענ, געשריִענ מיט א מאסע קוריערנ: ארבעטנ! ארבעטנ! בארויִקנ אונ ארבעטנ! עס האָט ניט געהאָלפנ.

די ערשטע גרופע ארבעטער האָט מארשירט איג שטאָט ארײַנ. די צווײטע גרופע. די דריטע. פונ אלע עקנ האָבנ זײ אָנגעהײבנ צו מארשירנ. געלאָזנ די ארבעט אונ מארשירט.

ווי אנ עלעקטרישער שטראָם האָט זיכ געצויגנ דער קאמפווילנ פונ פאבריק צו פאבריק—אָנ פיל ווערטער האָבנ אומעטום די ארבעטער אוועקגעלײגט די ארבעט אונ מארשירט אינ שטאָט ארײַנ. שטיל, פארביסנ, אָנ לידער, אָנ לאָזונגענ—זײ זײַנענ געגאנגענ שווער אונ אנטשלאָסנ. אונ דער „רינג פונ צוועלפטנ נאָוועמבער" האָט זיכ אלץ מער אָנ־געפילט מיט ארבעטער־פיס אונ מיט ארבעטער־פויסטנ.

איכ בינ געגאנגענ מיט מײַנ גרופע. אפנ וועג האָבנ מיר זיכ צונויפגעמישט מיט אנדערע גרופעס. פונ אלע זײַטנ זײַנענ אָנגעקומענ ארבעטער. פונ אלע 21 באצירקנ האָבנ זײ מאר־שירט אפנ רינג. ווער האָט זיכ מיט זײ אָפגערעדט? ווער האָט זײ גערופנ? אונ געקומענ זײַנענ קימאט לויטער מענער. פארביסנ, בײז. פארכמורעט. וואָס איז געווענ זײער ציל? איכ האָב עס נישט געוווּסט. אונ קײנער פונ אונדז האָט עס נישט געוווּסט. אָבער איכ אונ מיר אלע האָבנ עס געפילט: מיר זײַנענ שולדיק אנ ענטפער!

## די ערשטע רײַטער־אטאקע

פלוצים האָט זיכ באוויזנ פאָליצײ אפ פערד. קלאָר, מע האָט פארגעסנ אָנ דער פאָלי־צײ. מע האָט זיכ ניט פארשטענדיקט. אז מע גײט ארויס אפ דער גאס אונ מע האָט ניט געבעטנ בא איר קײנ דערלויבעניש דערופ. אזוינס טאָר אינ דער דעמאָקראטיע ניט פאָר־קומענ. איצט איז די פאָליצײ געקומענ פרעגנ וויאזוי דאָס איז געשענ. זי האָט געפרעגט מיט די פערד, מיט די פאָדקאָוועס פונ די פערד, אונ מיט בלאנקע שווערדנ.

אינדערפרי איז דער הימל געווענ אביסל פארכמארעט. עפעס אזא מינ נעפל איז ארומ־געקראָכנ אינ דער לופט. איצט, ווענ די רײַטער־פאָליצײ האָט זיכ באוויזנ, איז שוינ ניט געווענ קײנ אָנצײכעניש פונ קײנ כמארע אונ ניט פונ קײנ נעפל. די זונ האָט געשײַנט. די לופט איז געווענ ווײַס אונ קלאָר. עס איז געווענ ארומ צענ אזײגער. אונ די בלאנקע שווערדנ האָבנ געגלאנצט אפ דער זונ...

מיר זײַנענ אנטלאָפנ אינ אלע זעכציק עקנ, אונ אפנ רינג זײַנענ געבליבנ ליגנ די ערשטע פארוווּנדעטע.

די געשעפטנ אונ ביוראָענ אינ דער גאנצער געגנט ארומ האָבנ זיכ שנעל צוגעמאכט.

די פאָליצײ האָט ווײַטער געטריבנ, ווילד—ווי אינ די אלטע צײַטנ די קאזאקנ אינ רוס־לאנד. זײַנענ זײ משוגע געוואָרנ? אפ זײַטיקע גאסנ האָט מענ איבערגעבויט די טראָטוארנ. דאָרט זײַנענ געלעגנ גרויסע פירקאנטיקע שטײנער. אזא שטײנ, ווענ ער טרעפט אינ קאָפ ארײַנ, קאָנ ער נאָכמער שאָדנ אָנטאָנ, ווי א בלאנקער שווערד. עס האָבנ אָנגעהײבנ צו פליִענ די שטײנער פונ אלע זײַטנ. שנעלער ווי די פאָליצײ־פערד. אונ אינ גאס האָט מענ אויסגעפאָרירט א גרויס הויז. זײַנענ דאָרט געשטאנענ רישטעוואניעס איבער דער גאנצער ברײט אונ ביז ארופ. ווי לאנג האָט געדויערט ביז מע האָט צענומענ די רישטעוואניעס?

איכ ווייס ניט אויב עס האָט געדויערט מער פונ צוויי מינוט. אזא ארבעט האָב איכ נאָכ ניט געזענ. איידער דאָס אויג האָט געכאַפּט—זײַנענ שוינ געווענ אופגעשטעלט באַריקאַדנ.

דאָס איז געווענ דער אָנהייב.

מע האָט די פּאָליציי פאַרטריבנ. די ארבעטער האָבנ זיכ ווידער געזאַמלט. פרישע פּאָליציי־אָפּטיילונגענ האָט מענ נאָכ שנעלער פאַרטריבנ ווי פריער. ארבעטער זײַנענ אלצ אָנגעקומענ מער און מער פונ די ווײַטסטע באַצירקנ. עס זײַנענ געקומענ אויכ ארבעטער אפ לאַסט־אויטאָמאָבילנ מיט פּיקעס, מיט לאָפּעטעס, מיט אײַזנשטאַנגענ.

## די פּאָליציי שיסט

אינ דער ליכטענפעלס־גאַס, הינטערנ ראַטהויז, האָבנ פּאָליציאַנטנ פונ זייער קאַסערנ געשאָסנ אפ די ארבעטער. עס איז געפאַלנ דער ערשטער טויטער, עטלעכע פאַרוווּנדעטע. ניינ! איצט וועט שוינ קיינער מער ניט אנטלויפנ. אָנ א קאָמענדאַנט, אָנ א יעטווידער פירונג האָבנ די ארבעטער געשטורעמט דעמ פּאָליציי־קאַסערנ. די פּאָליציאַנטנ האָבנ ניט אופגעהערט צו שיסנ. די ארבעטער האָבנ ניט אופגעהערט צו שטורעמענ. עס זײַנענ שוינ דאָ מער טויטע, מער פאַרוווּנדעטע. די טויערנ פונ פּאָליציי־קאַסערנ האָבנ זיכ צוגעמאַכט. הויכע, גראָבע, פעסטע טויערנ. די טויערנ זײַנענ שנעל צעבראָכנ געוואָרנ. אײַזערנע שטאַנגענ, אײַזערנע פּיקעס האָבנ געטלוקעט און געריסנ שטיקער. א לאָכ נאָכ א לאָכ א י געוואָרנ גרעסער. די ארבעטער האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ אינעמ קאַסערנ, ליידיק. די פּאָליציאַנטנ זײַנענ אנטלאָפנ דורכ הינטערטירנ. אָבער אפ דער גאַס ארויס האָבנ זיי ניט געקאָנט אנטלויפנ. זיי האָבנ זיכ געמוזט באַהאַלטנ אינעמ הויז. און דאָס גאַנצע הויז איז געשטורעמט געוואָרנ פונ די ארבעטער. זיי זײַנענ ארײַנ אינ אלע ווינקלענ, זיי זײַנענ ארויפ אפנ בוידעמ און אראָפּ אינ קעלער. עס האָט זיכ אָפּגעשפּילט א קאַמפ מיט איינציקע פּאָליציאַנטנ. צוויי האָבנ זיכ באַוויזנ אפנ דאַכ. זיי האָבנ זיכ באַהאַלטנ הינטער די קוימענס.

עס איז ניט געבליבנ קיינ איינציקע זאַכ אינעווייניק גאַנצ. און די רעזערוו־מונדירנ, וואָס מע האָט דאָרט געפונענ, האָט מענ ארויסגעטראָגנ און מע האָט זיי צעהאַנגענ אפ לאַמטערנעס איבער די גאַסנ. אינ איינ קורצער צײַט האָבנ הונדערטער לאַמטערנעס איבער די גאַסנ ארומ ראַטהויז און אפנ רינג אויסגעזענ ווי פּאָליציאַנטנ—מיט היטלענ און מיט לאַנגע מאַנטלענ...

## שטורעמ אפנ יוסטיצ־פּאַלעצ

דער מענטשנ־שטראָמ האָט זיכ געטראָגנ איבער די גאַסנ, ווי אנ איינציקע, ריזיקע כוואַליע. דער מענטשנ־שטראָמ האָט זיכ געוויגט, צעגויפגעדריקט, צענויפגעבאַלט אינ קאָכעדיקנ ברויז. געשרייענ האָבנ זיכ געטראָגנ ווילדע, ניט פאַרשטענדלעכע, הייזעריקע געשרייענ. פּלוצימ זײַנענ ארבעטער אויסגעוואַקסנ אפ פּלייצעס און גערעדט צומ מענטשנ־שטראָמ. צומ ערשטנ מאָל האָבנ מיר געהערט קלאָרע ווערטער וועגנ דעמ, וואָס מיר ווילנ. די רעדנער זײַנענ ניט געווענ קיינ צוגעשיקטע פונ קיינ פּאַרטייענ—זיי זײַנענ ארויסגערוקט געוואָרנ פונ דער מאַסע. דאָס, וואָס זיי האָבנ גערעדט, איז געווענ אונדזער אלעמעס מיינונג. עס איז געווענ דער הונדערטפּראָצענטיקער אָנגענומענער באַשלוס פונ אונדז אלע, שטילערהייט, אָנ יעטווידער באַראַטונג:

— גענוג מיט דער פארשלעפונג פון אונדזערע פירער! די איניציאַטיוו האָבן מיר אליינ איבערגענומען. מיר פירן די אקציע ווײַטער!

— פראָלעטן ווערן איבערן גאנצן לאנד טעראָריזירט! מע שלאָגט אונדז, מע מאָרדעט אונדז, מע ווארפט אונדז ארויס פון די פאבריקן אומעטום, ווו די היימווער-לײַט באַקומען די מאכט. די היימווער—דאָס איז די פאָליציי פון דער עסטרײַכישער בורזשואזיע! דער געריכט איז זייער טריבונאל! מיר מוזן אליינ זיך העלפן. מיר מוזן איבערנעמען די מאכט!

— די גאנצע מאכט די ארבעטער און פויערים!

פראָלעטן! פאָרווערטס! שטורעמט דעם פארלאמענט! באזעצט דעם מיניסטעריום!

דער מענטשן־שטראָם האָט זיך געוויגט. איבער די קעפּ האָבן זיך געהייבן האָלץ־לאטעס, דרענגער, ברעטער, אײַזנשטאנגען, עטלעכע שווערדן, עטלעכע געווערן. פון די לאמטערנעס האָבן אראָפּגעקוקט די אופגעהאנגענע פאָליציי־מונדירן און זיך גערייצט מיט אונדזער בלוט.

קימאט אין דערזעלבער צײַט איז אָנגעגאנגען דער שטורעם אפן יוסטיץ־פאלעץ. א ריזיקע געבײַדע מיט פיר פרײַע פראָנטן. דער יוסטיץ־פאלעץ שטייט אין שכיינעס מיטן פארלאמענט. א קליינער גאָרטן שטייט צווישן.ביידע טויערן פארשלאָסן. דער קאמפּ ארום יוסטיץ־פאלעץ איז געווען א שווערער און פארביטערטער. די פאָליציי האָט ארויסגעשאָסן דורך פילע פענצטער. די ארבעטער האָבן צוערשט געוואָרפן שטיינער און צוריק געשאָסן. דערנאָך האָבן זיי גענומען די געבײַדע מיט שטורעם. דאָס איז ניט אזוי לײַכט צוגעגאנגען. פון אינעווייניק האָט מען ניט אופגעהערט ארויסצושיסן — און בא די ארבעטער איז אויסגעגאנגען די אמוניציע. פונדעסטוועגן האָט מען ניט אָפּגעלאָזט דעם שטורעם, כאָטש מיטן הוילן לײַב, מיט האָלץ־לאטעס, מיט אײַזן־שטאנגען, אונטער א האָגל פון קוילן. עס זײַנען געפאלן טויטע און פארוווּנדעטע. מע האָט געשטורעמט איינמאָל, נאָכאמאָל און נאָכאמאָל. די טויערן האָבן געקראכט—מיר זײַנען ארײַן אינעווייניק. די פאָליציי האָט זיך געוואָרפן מיט שווערדן, מיט רעוואָלווערן, מיט באגנעטן. אזא בלוטיקע פארביסנקײַט האָבן אפילע די פארשיקערטע סאָלדאטן אין קריג ניט באוויזן. קוים איז געלונגען צו שטורעמען א שוצגרוב, האָט זיך די אנדערע פארטיע באלד אונטערגעגעבן. כאָטש די פאָליציי־אָפיצערן האָבן געזען, אז זיי האָבן פארלאָרן, האָבן זיי נאָך אלץ ווײַטער געקעמפט. געלאָפן איבער שטיגן, איבער שטיבער, געשפרונגען איבער טישן, איבער באריערן—און געשאָסן און געשטאָכן. און געקעמפט... דער קאמפּ האָט לאנג געדויערט. מיר האָט מען איינמאָל דערלאנגט מיט דער פארקערטער זײַט פון א ביקס אין ברוסט — און איך בין צוריק געפאלן אפן רוקן און אראָפּגעפאלן פון אלע שטיגן, עס איז מיר גאָרנישט געשען. פון די פאָליציאנטן איז קיין איינציקער ניט ארויס לעבעדיק פון יוסטיץ־פאלעץ.

די ווענט פון די זאלן זײַנען באהאנגען מיט בילדער פון קייסער פראנץ יאָזעף, מיט בילדער פון אלטע קייסאָרים, אלטע קרוינפרינצן, פירשטן, באראָנען, גראפן, אדל־לײַט, מיט פארביקע בענדער איבער די ברוסטן, מיט זילבערנע און גאָלדענע מעדאלן. דאָס אלץ אין דער רעפובליק? אין „רויטן“ ווין? אראָפּ דערמיט! די זאכן האָבן אראָפּגעטראסקעט אפ דער גאס. פון אלע פענצטער האָט מען ארויסגעוואָרפן די קעניגן מיט די פירשטן. דערנאָך זײַנען געפאלן אקטן, מעבל־שטיקער און פאָליציי־אוניפאָרמען. (עטלעכע פאָליציאנטן האָבן געפרווּוט איבערטאָן זיך אין ציוויל—דערנאָך ווען זיי האָבן שוין געהאט צעשאָסן א פּאָר טוץ פראָלעטארישע קעפּ...).

און אונטנ האָט מענ צוזאמענגעטראָגנ אלצ אינ איינ קופע.

דאָס איז צוגעגאנגענ שנעל. און די קופע האָט מענ אונטערגעצונדנ. דאָס פייער איז אריינ אינ קעלער, אינ קעלער זיינענ געשטאנענ בענזינ־פעסער. און די גאנצע געביידע האָט אָנגעהייבנ צו ברענענ.

## פלאמענ איבער ווינ

ס'האָט ניט לאנג געדויערט, האָבנ ריזיקע רויטע צונגענ ארויסגעבוכעט פונ אלע פענצטער, פונ אלע לעכער, פונ אלע עקנ. דאָס הויז איז הייכ און די פלאמענ שטייגנ נאָכ אסאכ העכער. די פלאמענ וויקלענ זיכ ארום דער געביידע, הילנ איינ די פילע פענצטער, די ווענט, דעמ דאך. פלאמ און רויכ שטייגט אופ הייכ איבער ווינ. איבער דעמ רויטנ ווינ...

דאָס רויטע ווינ האָט צוגעגרייט און געשאפנ די סיטואציע פונ דער ברענענדיקער געביידע און פונ די „טויטע, וואָס ליגנ ארום אונדז. נאָר דער קאמפ טראָגט זיכ ווייטער, דער מענטשנ־שטראָמ וויל ניט שטיינ בלייבנ. דער מענטשנ־שטראָמ טראָגט זיכ ווי א צעברויזטע כוואליע.

## צומ פארלאמענט!

וידער שטייענ רעדנער אפ אקסלענ און ריידנ. איצט זיינענ שוינ אויכ דאָ סאָציאל־דעמאָקראטישע פונקציאָנערנ.

— מע זאָל זיכ בארויקנ...

— מע זאָל אופהערנ צו ווילדעווענ...

— עס וועט זיינ שלעכט...

נאָר מע פארטרייבט זיי.

דער מענטשנ־שטראָמ פליסט צומ פארלאמענט. דער פארלאמענט איז ארומגערינגלט מיט א פאָליציי־קאָרדאָנ. דער פאָליציי־קאָרדאָנ איז ארומגעריגלט מיט סאָציאל־דעמאָקראטישע שוצבונדיסטנ. עס גייט א שטורעמ אפ די שוצבונדיסטנ. זיי שלאָגנ אָפ דעמ שטורעמ מיט גומענע שטעקנס און מיט רעוואָלווערנ.

א נאצי באווייזט זיכ. ער פראָוואָצירט. א ריב אינ פיסק, ער פאלט, מע צעטרעט אימ.

עס באווייזנ זיכ סאָציאל־דעמאָקראטישע פארטיי־פירער אפ פארשיידענע ערטער, און צו עטלעכע מאָל אויכ אָטאָ־באוער, אָבער טאָמיד פארשווינדט ער באלד ווידער, ער קומט ארומגערינגלט מיט עטלעכע קיטנ שוצבונדיסטנ — ער האלט א קורצע רעדע, ווארפט עטלעכע רעוואָליוציאָנערע לאָזונגענ, עטלעכע בארויקנדיקע לאָזונגענ — און ער פארשווינדט שנעל. אזוי אויכ אנדערע פירער. דער מענטשנ־שטראָמ פארטרייבט זיי!

נאָכ א שטורעמ אפ די שוצבונדיסטנ. דער שטורעמ ווערט ווידער אָפגעשלאָגנ. די פאָליציאנטנ שטייענ פונהינטנ, הארט ארומ דעמ מויער פונ פארלאמענט און זיי ציטערנ.

די פייערלעשער קומענ צופאָרנ. גאנצע קאָלאָנעס, איינ וואָגנ נאָכנ אנדערנ.

— צוריק!

זיי מוזנ פארקערעווענ.

די פייערלעשער קומענ ווידער. אפ די פייערלעשער־וועגענער שטייענ שוצבונדיסטנ.

— צוריק!

פאר זיי שטייט א מענטשנ־יאמ, הארט ווי א צענויפגעוואקסענער פעלדז. אינ אזא הארטנ פעלדז קאָנ מענ ניט ארײַנפאָרנ.

זיי מוזנ פארקערעווענ.

א נײַער שטורעמ אפנ פארלאמענט ווערט פונדאָסנײַ צוריקגעשלאָגנ. פארוואָס? ווײַל דער שטורעמ ווערט דורכגעפירט נאָר פונ איינ טייל ארבעטער אונ יעדנס מאָל אפ אנ אנדער אָרט. ווענ דער שטורעמ איז אנ איינהײַטלעכער, אזויווי באמ יוסטיצ־פּאלעצ—וואָלטנ הונדערט אזעלכע קאָרדאָנענ, ווי דער פונ די שוצבונדיסטנ אונ פּאָליציאנטנ, דורכגעבראָכנ געוואָרנ. אָבער דערווײַל איז שוינ געלונגענ די ס.ד.־פירער זיכ אביסעלע מער ארויסצוּוואגנ אונ צו האלטנ אביסעלע לענגערע רעדעס. אונ ווענ מע פארטרײַבט זיי פונ איינ אָרט, שווימענ זיי ארויס—מיט אנדערע פּענעמער—אפ אנ אנדער אָרט.

אינצווישנ באווײַזנ זיכ ווידער די פײַערלעשער.

אפנ ערשטנ וואָגנ שטייט קארל זייצ. ווער אינ ווינ קענ ניט קארל זייצ, דעמ בירגערמײַסטער פונ „רויטנ" ווינ? ווער אינ ווינ קענ ניט דאָס גרויסע שפּיציקע בערדל אפנ שיינעמ „דאָסטאָינעמ" פּאָנעמ פונ קארל זייצ דעמ „רויטנ" בירגערמײַסטער? ער איז געשטאנענ אפ איינ זײַט וואָגנ—אפ דער אַנדער זײַט זײַנענ געשטאנענ שוצבונדיסטנ מיט א רויטער פאָנ...

דאָס זײַנענ פײַערלעשער פונ דער רעוואָליוציע מיט א רויטער פאָנ...

— צוריק!

קארל זייצ הייבט אופ א האנט. ער וויל עפּעס ריידנ. ניינ! מע וויל אימ ניט הערנ. מע לאָזט אימ ניט ריידנ.

— צוריק!

דאָס פּאָנעמ פונ „רויטנ" בירגערמײַסטער ווערט בלייכ. זײַנ „דאָסטאָינע" בערדל ציטערט. ער וויל נאָכאמאָל פּרוּווּנ עפּעס זאָגנ. ער הייבט ווידער אופ א האנט—נאָר די ארבעטער הייבנ פויסטנ. די פויסטנ קומענ צו אלצ נעענטער צו אימ... אונ די אויסרופנ זײַנענ דראָענדיקע...

— צוריק!

— צורי־יק!

— אראָפּ מיט אימ!

— זאָל ער אופהערנ צו קוואקנ מיט ליגנס!

— ער וואגט זיכ נאָכ צו אונדז?

— דער געמיינער...

— אראָפּ מיט אימ!

די געשרייענ פאדשטארקנ זיכ, ווערנ אלצ העכער, אויסגעמישטער, געפערלעכער... פּלוצימ איז קארל זייצ, דער „רויטער" בירגערמײַסטער פונ „רויטנ" ווינ, פארשוווּנדנ.

די פײַערלעשער פארקערעווענ.

דער מאנעוור איז א קלוגער אונ א טאָפּלטער: אי מע וויל דינענ דער בורזשואזיע מיט דעמ, וואָס מע ווײַזט איר, אז מע איז דער פײַערלעשער פונ דער רעוואָליוציע—אי מע וויל אָפּהאלטנ די ארבעטער פונ אנטשיידענעמ שטורעמ אפנ פארלאמענט.

אונ ווידער באווײַזנ זיכ די פײַערלעשער פונ דער רעוואָליוציע—דאָסמאָל פונ אנ אנדער זײַט,—אונ דאָסמאָל מיט יוליוס דויטש אָנ דער שפּיצ, דער אָרגאניזאטער אונ פאָרזיצער פונ עסטרײַכישנ שוצבונד.

— יאָ, אים געלינגט עס צו פארבינדן די וואסער־קישקעס און צו לאָזן לויפן דעם וואסער־שטראָם. נאָר באלד ווערן די קישקעס איבערגעשניטן. יוליס דויטש ארבעט סטראַטעגיש. מע זע ניט ווו און ווען, די קישקעס ווערן פארבונדן, און די וואסער־שטראָמען לויפן ווידער, נאָר די קישקעס ווערן ווידער איבערגעשניטן.

## זאלפן...

די שפיל פון די סאָציאַל־דעמאָקראטן איז געלונגען. פון איין זייט האָט מען אופגעהאלטן די ארבעטער—פון דער אנדער זייט האָט מען פארהאנדלט מיט דער פאָליציי—איצט קומען די ערשטע זאלפן...

דאָס ראטהויז און דער פארלאמענט זיינען ארום פארשטעלט מיט ביימער. די פאָליציי האָט מען ניט געזען, נאָר די זאלפן האָבן געקראכט פון אלע זייטן. איין זאלפ נאָכן אנדערן. מיר זיינען צעשטויבט געוואָרן אין אלע עקן. אין אלע עקן האָט מען אָפּ אונדז געשאָסן. עס זיינען געפאלן טויטע און פארוואונדעטע. מיר זיינען געלאָפן, אנידערגעלייגט זיך, ווידער געלאָפן, ווידער אנידערגעלייגט זיך—און ווידער געלאָפן... די זאלפן האָבן געקראכט... דער גאנצער רינג, דער גרויסער פלאץ פארן ראטהויז. פארן בורג־טעאטער, איז געווען פארזייט מיט מענטשן—טויטע, פארוואונדעטע, דערשראָקענע.

אין די הינטערגעסלעך האָבן מיר געהערט די ערשטע אויסרופן אונדזערע נאָכן ערשטן שרעק:

— ניט אנטלויפן!

— שטיין בלייבן!

— צוריק!

— שטורעם אף דער פאָליציי!

מיר האָבן זיך געזאמלט. מיר זיינען ארויס צוריק אפן רינג. די זאלפן האָבן אונדז פארטריבן...

מיר האָבן זיך ווידער געזאמלט. מיר זיינען ווידער ארויס אפן רינג. די זאלפן האבן אונדז ווידער פארטריבן...

מיט וואָס זאָלן מיר שטורעמען די פאָליציי? מיט די הוילע הענט? קיין געווער האָבן מיר ניט. מיר האָבן פריער פארזאמט צו באזעצן די קאסערנס און זיך צו באוואָפענען. די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פירערשאפט האָט אונדז געזוכט אָפּצונארן און אָפּצוהאלטן.

די פאָליציי האָט אונדז פארטריבן אויך פון די הינטערגעסלעך.

אָן יעדער וואָרענונג האָט די פאָליציי געשאָסן אף רעכטס און אף לינקס.

אפן אָרט זיינען פארבליבן ארום הונדערט טויטע און ארום פינפהונדערט פארוואונדעטע.

## גענעראל־שטרייק און אונטערוועלט...

אין שטאָט האָט געהערשט באלאגערונג־צושטאנד. צענדליקער טויזנטער פאָליציאנטן און סאָלדאַטן האָבן געהאלטן באזעצט אלע גאסן. און די ארבעטער־באצירקן האָבן זיי געהאלטן אין איינע ארומשיסן. עס זיינען צוגעקומען פרישע טויטע און פארוואונדעטע.

די רעפאָרמיסטישע געווערקשאפטן האָבן דערקלערט א גענעראל־שטרייק. דאָס איז געווען אן אויסגעצייכנט מיטל, קעדיי די דערהיצטע געמיטער פון דער ארבעטערשאפט

אָפּצוקילן. אָט—מיר זײַנען רעוואָליוציאָנער! מיר ווען ווײַזן דער בורזשואַזיע! מיר וועלן
מיט זײ לערנען! מירן שטיין אפ דער וואַך!
גוט...

פון דער אנדער זײַט האָט די „ארבעטער־צײַטונג", אָרגאַן פון דער ס.ד. געוואָרפן די נידעריקסטע און געמיינסטע זידלערײַען אפ דער גאַנצער ארבעטערשאַפט. די רעוואָליוציאָנערן פון נעכטן זײַנען הײַנט געוואָרן—באַנדיטן, גזלנים, האַמוין, גאַנאָווים, אונטערצינדער, מערדער, דאָס לעצטע פון לעצטן, סאַמע אונטערוועלט־מענטשן...
ניט אנדערש...

— וואָס? האַנס, ביסט אַן אונטערוועלט־מענטש?

האַנס, מײַן פרײַנט, איז א סטאָליער, און דעמלט איז ער שוין געווען פּאַרטיי־מיטגליד בא דער ס.־ד. פערצן יאָר. אין די קאַמפן האָט ער אָנטיילגענומען צוגלײַך מיט מיר.

— ניין.— האָט האַנס געזאָגט—אויב איך בין אַן אונטערוועלט־מענטש, געהער איך ניט אין זייער פּאַרטיי.

איך בין מיט האַנסן געגאַנגען צו דער „ראָטער פאַנע" און מיר האָבן דאָרטן איבערגעגעבן די מיינונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אונטערוועלט־מענטשן...

האַנס איז געוואָרן א קאָמוניסט. אָבער ניט אַלע ארבעטער פון ווין הייסן האַנס. די „ארבעטער־צײַטונג" האָט געוואָלט אײַנריידן די ארבעטער, אַז ניט זיי האָבן געקעמפט פארן יוסטיץ־פּאַלעץ, אין דער ליכטענפעלס־גאַס און פארן פּאַרלאַמענט. ניט זיי זײַנען דאָס געווען—גאָר סאַמע אונטערוועלט־מענטשן... דאָס האָט די „ארבעטער־צײַטונג" אַזויפיל מאָל געזאָגט און איבערגעכאַזערט, ביז דער אָנשטענדיקער ווינער ס.ד.־ארבעטער האָט זיך אָנגעהייבן אַליין אײַנצורעדן, אַז אויב ער איז געווען באַם קאַמף — איז ער פּאַשעט געווען מיטגעשלעפּט פון דער אונטערוועלט...

און נאָך האָט די „ארבעטער־צײַטונג" געשריבן:
עס איז א מוירע פאַר אַן אינוואַזיע...
איטאַליע דראָט...
אונגאַרן דראָט...
יוגאָסלאַוויע...
טשעכאָסלאָוואַקיע...
די „טײַמס" און דער „טעמפּס" דראָען מיט אינטערווענץ...
אַן אומרויִקע שטימונג ארום עסטרײַך...
מאָסקווע פּאָדערט אויף...
פּאָליצײַ...
זשאַנדאַרמעריע...
מיליטער...
היימווער...
פאָטערלאַנד — — —
דאָס איז בענעגייע דערציִונג...
און די היץ איז צעשוווּמען געוואָרן.
דער גענעראַל־שטרײַק איז געבראָכן געוואָרן.
און די ס.ד.־פירער האָבן געמאַכט מיט איין קלאַפּ צוויי כאַפּ:
זיי האָבן צוריק אַרײַנבאַקומען די ארבעטערשאַפט אין זייערע הענט — —

זיי האָבנ באוויזנ דער בורזשואזיע, אז אונטערוועלט־מענטשנ זײַנענ זיי ניט. שלוס...

אָבער די הונדערט טויטע האָט מענ געמוזט באגראָבנ. אונ צווישנ די הונדערט טויטע! זײַנענ געווענ אסאכ ס. ד.־מיטגלידער אונ עלטערע קאָמוניסטנ. וואָס טוט מענ מיט אזעלכע אונטערוועלט־מענטשנ? מע מאכט זיי א שיינע לעווײַע...

גאנצע וואגאָנענ מיט קרענצ.

גאנצע עמערס מיט רעדעס.

שיינע ווערטער.

זיסע ווערטער.

אונ עס פאלט א טרער...

אינ נאָמענ פונ די קאָמוניסטנ האָט גערעדט קאפלעניק.

מע האָט אים ניט געלאָזטריידנ.

זײַנע לעצטע ווערטער זײַנענ געווענ:

— מיר, קאָמוניסטנ, זײַנענ די יאָרשים פונ פופצטנ יול נײַנצנ־הונדערט־זיבנ־אונ־צוואנציק

---

י. קוליט

# 31 יול און 1 אווגוסט

1

דעמ 31־טנ יול זײַנענ אינ דײַטשלאַנד פאָרגעקומענ די רײַכסטאַג־וואַלנ, די פּאָליטישע באַדײַטונג פונ דידאָזיקע וואַלנ באַגרענעצט זיכ ניט מיט דײַטשלאַנד אַלײנ, דידאָזיקע וואַלנ האָבנ א צווישנפעלקערלעכע באַדײַטונג.

דעמ ערשטנ אווגוסט האָט דער פּראָלעטאַריאַט פונעמ גאַנצנ ערדקויל רויט־פאָניק דעמאָנסטרירט קעגנ דער צוגרײטונג פונ אַנ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און א באַוואָפנטנ אָנפאַל אױפנ סאָוועטנפאַרבאַנד. דער ערשטער אווגוסט איז קוידעמקאָל אַנ אינטערנאַציאָנאַלע דערשײַנונג.

אויבנאויפיק געפינט זיכ דער 31־טער יול אינ קײנ שומ צוזאַמענהאַנג מיטנ ערשטנ אווגוסט. אויבנאויפיק זײַנענ דאָס צוויי פּאָליטישע געשעענישנ, וואָס יעדער פונ זיי פאָדערט זיכ זײַנ באַזונדערנ פּאָליטישנ אַנאַליז. אינ גרונט איז עס אָבער ניט אַזוי. אינ גרונט איז פאַראַנ זײער פיל קרויוױשעס צווישנ די סאַכאַקלענ פונ דעמ 31־טנ יול און דעמ ערשטנ אווגוסט.

בײדע, סײַ די רײַכסטאַג־וואַלנ אינ דײַטשלאַנד, סײַ דער צווישנפעלקערלעכער אַנטי־מילכאָמע־טאָג, האָבנ אײנ גרונט־סאַכאַקל — דער רעוואָליוציאָנערער אויפשטײַג וואַקסט, ברײטערט זיכ מיט אײַליקע טעמפּנ. טאַקע פונ דעמדאָזיקנ שטאַנד־פונקט איז ניטאָ קײנ שומ נויטווענדיקײַט צו איזאָלירנ דעמ אַנאַליז פונ 31־טנ יול פונעמ אַנאַליז פונ ערשטנ אווגוסט.

דער טעראָר פונ די היטלער־באַנדיטנ ערעוו און בײס דעמ 31־טנ יול האָט דערגרײכט א רעקאָרד־פאַרנעמ. דאָס פּראָלעטאַרישע דײַטשלאַנד געפינט זיכ צוליב די היטלערישע מאָרד־טעג און מאָרד־נעכט אינ א פּערמאַנענטנ טרויער נאָכ זײַנע קאָרבאָנעס, געפאַלענע אינ קאַמפ. די איצטיקע פאַרהעלטענישנ פונ קלאַסנקאַמפ אינ דײַטשלאַנד האָבנ אומפאַרמײַדלעכ געשאַפנ אַנ אײגנאַרטיקע פאָרמ פונ פּראָלעטאַרישנ קאַמפ—די קאַמפ־לעװײַעס, די לעװײַעס־דעמאָנסטראַציעס, וואָס מיט זיי איז אַזוי רײַכ דער ערעוו פונ 31־טנ יול. פּאַפּענ־שלײַכער־רעגירונג האָט אַלצ מעגלעכעס געטאָנ, קעדײ פּאַראַליזירנ די וואַל־אַגיטאַציע פונ דער דײַטשישער קאָמפּאַרטײ.

דער טעראָר פונ דער וועלט־פּאָליציי קעגנ די אַרבעטער־קאָלאָנעס ערעוו און בײס דעמ ערשטנ אווגוסט האָט איבערגעשטיגנ אַלע רעקאָרדנ. אַנ איבעריקע מאָל איז באַוויזנ געוואָרנ, אַז דער פאַשיסטישער טעראָר—איז ניט בלויז די סאַמע אָפענע פאָרמ פונ קאַפּי־

טאַליסטישן אָנגריפ אפנ פראָלעטאַריאַט, נאָר אויכ א רונג אינ דער אַלגעמײַנער צוגרייטונגקייט פונ אנ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אונ אנטיסאָוועטישער אינטערווענצ.

אונ פונדעסטוועגנ, ניט געקוקט אפנ טעראָר אונ צעלאָכעס דעמדאָזיקנ טעראָר,— האָבנ געבראַכט סײַ דער ערשטער יול, אזוי דער ערשטער אווגוסט, נײַע ניצכוינעס פונ רויטנ פראָלעטאַרישנ אײנהײַט־פראָנט, נײַע ניצכוינעס אפנ געביט פונ דעראָבערנ די ארבעטער־מערהײַט אפ דער זײַט פונ דער קאָמפּאַרטײ, נײַע ניצכוינעס פונ פראָלעטאַרישנ קלאסנקאמפ בכלאַל.

דער ווײַטערדיקער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג פונ די מאסנ, וואָס וועגנ אים זאָגנ באשײַנפּערלעכ אײדעס דער 31־טער יול אונ ערשטער אווגוסט, איז א רעזולטאט פונ דער אויסעראָרדנטלעכער פארשארפונג פונ קריזיס פונ קאפּיטאַליזם אונ אנ ענטפער אפנ ווּקס פונ טעראָר פונ דער בורזשואַזיע, וועלכע קעמפט פארביטערט פאר א קאפּיטאַליסטישנ אויסוועג פונ קריזיס. אונ ווירקלעכ: דער 1932 י. האָט געבראַכט די ווײַטערדיקע פארטיפערונג אונ פארשארפונג פונ קריזיס.

לויטנ פארנעמ פונ דער פּראָדוקציע איז די קאפּיטאַליסטישע וועלט צוריקגעוואָרפנ געוואָרנ שוינ ווײַט הינטער דעמ פארמילכאָמעדיקנ פעריאָד. לויט די ידיעס פונ בערלינער קאָניוקטור־אינסטיטוט געפינט זיכ נאָכ די פּראָדוקציע פונ די צאָפנ־אמעריקאנישע פארײניקטע שטאטנ אפ דער מאדרייגע פונ 1913 י., די פּראָדוקציע פונ פראנקרײַכ באטרעפט 95 פּראָצענט פונ פארמילכאָמע־פעריאָד, פונ ענגלאנד—83 פּראָצ. פונ דײַטשלאנד—63 פּראָצ. אונ די פּראָדוקציע פונ פוילנ דערגרייכט בלויז 46 פּראָצ. פונ פארמילכאָמעדיקנ צושטאנד!

די פּראָדוקציע פונ קוילנ אינ אמעריקע פארנ ערשטנ קווארטאַל פונ 1932 י. געפינט זיכ אפ דער מאדרייגע פונ 1906 יאָר, פונ טשוהונ—אפ דער מאדרייגע פונ 1898־טנ יאָר, פונ שטאָל—אפ דער מאדרייגע פונ 1905־טנ יאָר. די פּראָדוקציע פונ קוילנ אינ דײַטשלאנד געפינט זיכ אפ דער מאדרייגע פונ 1890־טנ יאָר. פונ טשוהונ—אפ דער מאדרייגע פונ 1891־טנ יאָר, פונ שטאָל—אפ דער מאדרייגע פונ 1895 יאָר. אזוי ארומ: די גרונט־צווײַגנ פונ דער קאפּיטאַליסטישער אינדוסטריע זײַנענ צוריקגעוואָרפנ געוואָרנ אפ צענדליקער יאָר צוריק!

כאראקטעריסטיש פאר דער ווײַטערדיקער פארטיפערונג פונ קריזיס זײַנענ די ציפער וועגנ דער קאטאסטראָפאַלער פארקירצונג פונ דער בוי־טעטיקײַט אינ די קאפּיטאַליסטישע לענדער. לויט די ידיעס, וואָס זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ פונ קאָניוקטור־אָפּטײלונג פונ אינסטיטוט פונ דער וועלט־ווירטשאפט בא דער קאָמאקאדעמיע, באטרעפט די נײַע בויונג אינ אמעריקע פארנ 1932 יאָר אפילע אינ פארגלײַכ מיטנ 1931 יאָר בלויז 27 פּראָצ. אינ דײַטשלאנד וועט די נײַע בויונג פארנ 1932 יאָר באטרעפנ בלויז 50 פּראָצ. פונ דער בוי־טעטיקײַט אינ 1931 יאָר.

ניט ווײניקער כאראקטעריסטיש פאר דער ווײַטערדיקער פארברייטערונג פונ קריזיס איז די פארשארפונג פונ קאמפ פאר מערק, דער ווּקס פונ פּראָטעקציאָניסטישע מאָסמיטלענ. לויט די אָנגאבנ פונ אמעריקאנער האנדל־מיניסטעריום האָבנ בלויז פארנ פעריאָד פונ ערשטנ יול 1931 יאָר, ביזנ ערשטנ מײַ 1932 י. 76 לענדער געהעכערט זייערע צאָל־טאריפנ. לויטנ זעלבנ קוואַל זײַנענ אינ 34 לענדער אײַנגעפירט געוואָרנ באגרענצונגענ פונ אימפּאָרט, פולקומער פארבאָט פונ אימפּאָרט, מעלוכע־מאָנאָפּאָליעס אפנ ארײַנפיר פונ געוויסע סכוירעס א. א. ו. קימאט אינ אלע לענדער זײַנענ אײַנגעפירט געוואָרנ באדײַטנדיקע

באגרענצונגענ פאר וואליוטע־אָפּעראציעס. וואָס איז די אורזאכע פונעמ דאָזיקנ ווּקס פונ די פּראָטעקציאָניסטישע מאָסמיטלענ, וועלכע רופנ פונ זייער זײַט ארויס א קאטאסטראָפאַלע פארקירצונג פונ וועלט־האנדל? דער קאמפ פאר מערק פארורזאכט דעמ ווּקס פונ פּראָטעקציאָניזמ; און דער עצעמ קאמפ פאר געברויכער ווערט ארויסגערופנ און פארשארפט פונ דעמ אגראר־קריזיס, פונעמ פאלנ פונ די פּרײַזנ אפ לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ, פונעמ אײַנרײַס צווישנ די פּרײַזנ אפ לאנדווירטשאפטלעכע און אינדוסטריעלע סכוירעס, פונעמ שארפנ פאלנ פונ נאָכפרעג אפ געברויכ־זאכנ, וואָס איז פארבונדנ מיטנ מעכטיקנ ווּקס פונ דער ארבעטסלאָזיקײַט און פארקירצונג פונ ארבעטלוינ.

לויט די ידיעס פונ אינסטיטוט פונ וועלט־ווירטשאפט און וועלט־פּאָליטיק בא דער קאָמאקאדעמיע זײַנענ פארנ ערשטנ האלב יאָר פונ 1929 י. געווענ אינ ענגלאנד 1 מיליאָנ מיט 275 טויזנט ארבעטלאָזע, און פארנ ערשטנ האלב יאָר פונ 1932 י. — 2 מיליאָנ מיט 785 טויזנט; אינ דײַטשלאנד, פארנ ערשטנ האלב־יאָר 1929 י.—2 מיליאָנ 118 טויזנט, פארנ ערשטנ האלב יאָר 1932 י.—5 מיליאָנ 900 טויזנט; אינ אמעריקע פארנ ערשטנ האלב יאָר 1929 י.—2,5 מיליאָנ און פארנ ערשטנ האלב יאָר 1932 י.—14 מיליאָנ! אינ די צפונ־אמעריקאנישע פארייניקטע שטאטנ האָט, לויט אָפיציעלע ידיעס, דער ארבעטלוינ פונ די אינדוסטריעלע ארבעטער פאר 5 כאדאָשימ פונ לויפנדיקנ יאָר אינ פארגלײַכ מיט די 5 כאדאָשימ פונ 1929 י. זיכ פארקלענערט אפ גאנצע 53 פּראָצענט. אינ דײַטשלאנד איז די דורכשניטלעכע האכנאָסע פונ אנ אינדוסטריעלנ ארבעטער פארנ זעלבנ פּעריאָד געפאלנ מער, ווי אינ צוויי מאָל.

„גיט א קוק, ווי די קאפּיטאליסטנ ווילנ ארויסגיינ פונ קריזיס. זיי פארקירצנ מאקסימאל דעמ ארבעטלוינ פונ די ארבעטער, זיי פארקירצנ מאקסימאל די פּרײַזנ אפ רויִשטאָפ און דערנערונג־פּראָדוקטנ. אָבער זיי ווילנ ניט פארקירצנ כאָטש אפ וויפל ניט איז די פּרײַזנ אפ אינדוסטריע־אויסארבעטונגענ. דאָס באטײַט, אז זיי ווילנ ארויסגיינ פונ קריזיס אפנ כעזשבנ פונ די גרונט־געברויכער פונ די סכוירעס, אפנ כעזשבנ פונ די ארבעטער, אפנ כעזשבנ פונ די פּויערימ, אפנ כעשבנ פונ די ארבעטנדיקע פונ יענע לענדער, וועלכע פּראָדוצירנ רויִשטאָפ און דערנערונג. די קאפּיטאליסטנ האקנ אונטער יענעמ סוק, אפ וועלכנ זיי זיצנ. און אָנשטאָט אנ אויסוועג פונ קריזיס באקומט זיכ זײַנ פארטיפערונג, באקומט זיכ אנ אָנזאמלונג פונ נײַע פּאָרבאדינגונגענ, וועלכע פירנ צו א נײַעמ נאָכ מער גרויזאמענ קריזיס" (סטאלינ).

וואָס מער עס פארטיפערט זיכ דער קריזיס—און אז ער פארטיפערט זיכ, איבערצײַגנ די אויבנגעבראכטע ציפער—אלצ רעאלער ווערט די געפאר פונ נײַע אימפּעריאליסטישע צוזאמענשטויסנ, פונ אנ אנטיסאָוועטישער אינטערווענצ, אינ דער ערשטער ריי. און אײַנצײַטיק: וואָס מער עס ווילדעוועט דער קריזיס און די אומפארמײַדלעכ מיט אימ פארבונדענע פארערמונג פונ מיליאָנענ ארבעטנדיקע,—אלצ מער ברייטערט זיכ דער רעוואָליוציאָנערער רויטער פראָנט, וואָס קעמפט פאר א פּראָלעטארישנ אויסוועג פונ קריזיס. דער 31־טער יול אינ דײַטשלאנד און דער ערשטער אווגוסט אינ גאָר דער וועלט—באווײַזנ עס מיט דער גאנצער שארפקײַט.

דעמ ערשטנ אווגוסט האָבנ די פּראָלעטאריער און ארבעטנדיקע זיכ ניט גערעכנט מיט דער קאפּיטאליסטישער געזעצלעכקײַט, און ניט געקוקט אפנ פארבאָט דעמאָנסטרירט מיט אנטימיליטאָריסטישע לאָזונגענ. און דעמ 31־טנ יול האָבנ מיליאָנענ דײַטשישע ארבעטער און אר־

בעטנדיקע, כאָטש מיטן געזעצלעכן שטימצעטל, אין טאָג געגומען, געשטימט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער געזעצלעכקייט, פֿאַרן רעוואָליוציאָנערן אויסוועג פֿון קריזיס.

2

צערגיבעל, דערדאָזיקער כאָשעווער סאָציאַל־פֿאַשיסט און דער געוועזענער בערלינער פּאָליציי־פּרעזידענט (אָנפֿירן מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי גאַראַנטירט די קאַריערע פֿון א פּאָליציי־הונט), האָט אין מיי 1929 י. פֿאַרגאָסן אַרבעטער־בלוט, קאָמוניסטן־בלוט. אין דעם איז גאָרניט אויסטערלישעס. איז דאָך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דער הויפּט־סאָציאַלער אָנשפּאַר פֿון דער בורזשואַזיע. און טאַקע פֿאַר די בלוטיקע מײַ־פֿאַרדינסטן ווערט צערגיבעל אַזוי געשעצט און טאָלערירט פֿון פֿאָן־פּאַפּען: צערגיבעל איז הײַנט רעגירונג־פּרעזידענט פֿון דיוסעלדאָרף.

שענפֿעלדער—איז א קאָלעגע פֿון צערגיבעלן: אויך א כאָשעווער סאָציאַל־פֿאַשיסט און אויך א פּאָליציי־פּרעזידענט, פֿון האַמבורג. דעם 17־טן יול האָט שענפֿעלדער פֿאַרגאָסן אין האַמבורג־אַלטאָנע אַרבעטער־בלוט. דאָסמאָל ניט בלויז קאָמוניסטן־בלוט, נאָר אויך בלוט פֿון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער. אין דעם איז דער וועזנטלעכער אונטערשייד פֿון שענפֿעלדערס טעטיקייט אין פֿאַרגלײַך מיט צערגיבעלס. און אויך אין דעם איז גאָרניט אויסטערלישעס. וואָרעם קאָלזמאַנג די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־מאַסן האָבן געברויזט און געבונטעוועט אין די רייען פֿון דער פּאַרטיי גופֿע, האָט מען פֿאַר זיי צוגעגרייט די „לינקע" פֿראַזן פֿון זײַדעוויץ און ראָזנפֿעלד, האָט מען אַף די קאָנגרעסן פֿאַר דער „גאַליאָרקע" געקוועטשט אַף די „לינקע" פּיעדעסטאַלן און גאַמעס. ווי נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־מאַסן האָבן אָנגעהייבן ברויזן און בונטעווען צוזאַמען מיט זייערע קאָמוניסטישע ברידער אויך אויסער די רייען פֿון דער פּאַרטיי, אַפֿן גאַס,—האָט מען זיי באַשאָנקען מיט שענפֿעלדערס קוילן אַף רעכטס און אַף לינקס. אַזאַ איז די לאָגיק פֿון קלאַסנקאַמף, אין דעם פֿאַל—פֿון סאָציאַל־פֿאַשיסטישן קלאַסנקאַמף. שענפֿעלדער ווערט פֿאַר און פֿאַרפֿולקומט צערגיבעלן. דאָס באַווײַזט שוין קלאָר און דײַטלעך, אַז דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער פֿון 1932 י. איז ניט דערזעלבער, וואָס אין 1929 י. דער רויטער אײַנהײַטלעכער פֿראָנט פֿון אונטן האָט געמאַכט באַדײַטנדיקע שריט פֿאָרויס.

זעווערינג—איז אַוודע א כאָשעווער סאָציאַל־פֿאַשיסט און ניט קיין ווייניקער כאָשעווער בורזשואַזער אינערן־מיניסטער. זעווערינג האָט ניט איין נומער „ראָטע פֿאַנע" קאָנפֿיסקירט און ניט איין רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פֿאַרמאַכט. אין דעם איז אַוודע גאָרניט אויסטערלישעס. זעווערינג האָט אויך אָבער קאָנפֿיסקירט. און פֿאַרמאַכט אַף פֿינף טעג דעם... „פֿאָרווערטס", יאָ, יאָ—דעמזעלבן „פֿאָרווערטס", וואָס צייכנט זיך אַזוי אויס אין אַנטיקאָמוניסטישער און אַנטיסאָוועטישער העצע. און ווי עס זאָל ניט קאָמיש קלינגען,—און אויך אין דעם איז גאָרניט אויסטערלישעס. קעדיי מאַכן נאָך פֿרײַער דעם וועג פֿאַר נאָך ווילדערע רעפּרעסיעס קעגן די „ראָטע פֿאַנעס", איז נייטיק אָפּטמאָל אויך מאַקריוו זײַן מיטן אייגענעם אָרגאַן. נאָכמער, בייס די קאָמוניסטישע פֿראַקציע אין פּרײַסישן לאַנדטאָג האָט געמאַכט אַן אָנפֿראַגע וועגן דערדאָזיקער קאָנפֿיסקאַציע פֿון „פֿאָרווערטס", — האָבן ניט קיין אַנדערע, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן געשטימט... קעגן דער אָנפֿראַגע! עס איז ניט קיין מיספֿאַרשטייעניש, ניט קיין קוריאָז, עס איז די לאָגיק פֿון קלאַסנקאַמף. און אויב הײַנט איז זעווערינג, ניט געקוקט אַף זײַנע „היסטאָרישע" פֿאַר־

דינסטנ, באַזײַטיקט,—איז אויכ נאָר דערפאר, ווײַל דער געגעבענער עטאפּ פונ פאָנ־פאפּענישנ קלאסנקאמפּ האָט געפאָדערט נאָכ א שטארקערע טעראָר־האנט, ווי די זעווערינגישע: די האנט פונ א גענעראל־דיקטאטער.

אונ גאָרנישט אויסטערלישעס איז אויכ ניט אינ דעם, וואָס בריונינג, כאָטש ער האָט אזוי קאָנסעקווענט דורכגעפירט די פאָליטיק פונ פאשיסטישער דיקטאטור, איז פארביטנ געוואָרנ מיט פאָנ־פאפּענ, גענעראל שלײַכער אונ באראָנ פאָנ־הײַל. פאָנ־פאפּענ איז בלויז א העכערער עטאפּ פונ פאשיזאציע, ווי בריונינג. פאָנ־פאפּענ איז די נאטירלעכע אונ אָרגאנישע פאָרזעצונג פונ בריונינג, פונקט אזוי ווי די איצטיקע טאָלערירונג־פאָליטיק פונ א קלוימערשטער אָפּאָזיציע לעגאבע פאָנ־פאפּענ מיצאד דעם דײַטשישנ סאָציאַל־פאשיזם, איז די נאטירלעכע אונ אָרגאנישע פאָרזעצונג פונ דער פריִערדיקער פולקומער טאָלערירונג־אונ אונטערשטיצונג־פאָליטיק לעגאבע בריונינגנ. בריונינג האָט ניט אָנ דער אקטיווער שטיצע פונ וועלס אונ ברײַטשייד פרײַ געמאכט דעם וועג פאר פאפּענ. בריונינג האָט באטײַט—אָרדנטלעכע אונ אויסעראָרדנטלעכע דעקרעטנ קעגנ ארבעטספאָלק אונ קעגנ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, בעהאדראָגעדיקע אָבער אויסגעהאלטענע ליקווידאציע פונ דער נאָיאבער־רעפּובליק אונ פונ איר ווײמאר־קאָנסטיטוציע. פאָנ־פאפּענ באטײַט — נאָכ שארפערע אנטיפּראָלעטארישע דעקרעטנ, נאָכ אָפענערער טעראָר, וואָס גרענעצט זיכ מיט בירגערקריג, קעגנ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, פולקומע פאקטישע ליקווידאציע פונ דער בלוט־אָרעמער ווײמאר־קאָנסטיטוציע. אוואדע וואָלט געווענ פאלש צו מיינענ, אז פאָנ־פאפּענ שעפּט שוינ אינגאנצנ אויס די פאשיזאציע, איז שוינ דער מעגלעכ־העכסטער פונקט פונ פאשיזאציע. אינ יעדנ פאל איז אָבער פאָנ־פאפּענ־שלײַכער א העכערע פאשיזאציע־פונקט, ווי בריונינג אונ אזא, וואָס זיכערט די ווײַטערדיקע, נאָכ העכערע פאשיזאציע פונ דײַטשלאנד, אויב דער ארבעטער־קלאס זאָל ניט אָפּהאלטנ מיט זײַנ היסטאָרישנ „סטאָפּ”.

אונ פונדעסטוועגנ,—זײַנענ דעם 31־טנ יול פאָרגעקומענ רײַכסטאג־וואלנ. נאַיווע אינ פאָליטיק קענענ זאָגנ: עס לעבט נאָכ אינ דײַטשלאנד די ווײמאר־קאָנסטיטוציע! אונ ניט נאָר נאַיווע, נאָר טאקע געניג דערפארענע אינ פאָליטיק אונ פאראט. דער דײַטשישער סאָציאַל־פאשיזם האָט דאָכ געפּרוווט אײַנשמועסנ דעם דײַטשישנ ארבעטער, אז ער זאָל פארמאכנ טיר אונ פענצטער אונ רויִקווארטנ אפנ 31־טנ יול, וואָס וועט עס אלצ לייזנ. עס זײַנענ ווירקלעכ ניט נאַיוו זעווערינג־וועלס אונ פאפּענ־שלײַכער—פארוואָס זאָל מענ ניט פאראלעל מיט דער קויל אונ מיטנ גומי־שטעקנ פּרוּווּנ אויכ זייענ פארלאמענטארישע אילויזיעס מיטנ 31־טנ יול?!? פארוואָס זאָל מענ ניט פאראַרעל מיט פאקטישע פאשיסטישע איבערקערענישנ אינ פרײַסנ פּרוּווּנ מיט דער הילפ פונ 31־טנ יול פארלאמענטאריש „פארגעזעצלעכנ” די פאפּענ־דיקטאטור?!? דערפאר איז ניט אויסטערליש דער 31־טער יול אינ באדינגונגענ פונ ווילדנ פאשיסטישנ מאָרד אונ טעראָר, ווײַל פאשיזם שליסט גאָרניט אויס רעשטלעכ אונ פורים־ברעקלעכ פונ בורזשואזער דעמאָקראטיע. רײַכסטאג־וואלנ אינ באדינגונגענ פונ פאפּענ־רעגירונגענ זײַנענ אנ איבעריקע באשטעטיקונג פונ דעם עמעס, אז ווי דער פאשיזם, אזוי די בורזשואזע דעמאָקראטיע—זײַנענ צוויי פאָרמענ, צוויי עטאפּנ פונ איינ דיקטאטור, פונ דער דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע.

מאטעריעל־עקאָנאָמיש זײַנענ געקומענ די דײַטשישע ארבעטנדיקע מאסנ צו די רײַכסטאג־וואלנ פאופּעריזירט, פאראָרעמט, אויסגעהונגערט. אפילע די בורזשואזע צײַטונג „לײַפּציגער נײַסטע נאכריכטענ” איז געצווונגענ צו קאָנסטאטירנ, אז אינ דער הײַנטיקער

דײַטשלאנד זײַנענ 17 מיליאָנ מענטשנ פארורטײלט צו א הונגער־ אונ האלב־הונגער־עקזיסטענצ. די האכנאָסע פונ דידאָזיקע 17 מיליאָנ באטרעפט אינ דורכשניט אפ א מענטשנ פונ 13 ביז 16 מארק כוידעשלעכ. „ניט װײניקער פונ א״פערטל פונ דער באפעלקערונג פונ דײַטשלאנד שטײט אפנ גרענעצ פונ פולקומענ הונגער״, קרעכצט דידאָזיקע צײַטונג. אפילע לויט די אָפיציעלע יעדיעס זײַנענ צומ ערשטנ יול 1932 י. אינ דײַטשלאנד געװענ 5 מיליאָנ מיט 276 טויזנט ארבעטלאָזע, עס הײסט, מיט העכער אָנדערהאלבנ מיליאָנ מער, װי אינ יול פאָריקנ יאָר. העכער א מיליאָנ רעגיסטרירטע ארבעטלאָזע באקומענ ביכלאל קײנ אונטערשטיצונג ניט. בלויז א קנאפער מיליאָנ באנוצט זיכ מיט דער שטיצע פונ דער סאָציאלער פארזיכערונג אונ די איבעריקע באקומענ פעניגנ אינ אָרדענונג פונ צײַטװײַליקער „קריזיס־אונטערשטיצונג״ אונ „סאָציאלער פארזיכערונג״, איז נאָכ געקומענ די פאפענ־רעגירונג אונ האָט אײַנגעפירט נײַע שטײַערנ אפ קעגנשטאנדנ פונ דער ערשטער נויטװענדיקײט (זאלצ־שטײַער א. א. װ.). די הונגעריקע „שטעמפל־שטעלע״ (ארבעט־בירושע) האָט ניט געקענט לײגנ איר שטעמפל אפ דעמ אויסגאנג פונ די װאלנ דעמ 31־טנ יול.

פאָליטיש־רעכטלעכ זײַנענ געקומענ די דײַטשישע ארבעטנדיקע מאסנ צומ 31־טנ יול גערוידעפטע פונ סאָציאל־פאָליצײַשנ גומי־שטעקנ פונ די היטלערישע מאָרד־טעג אונ פונ פאפענ־שלײַכער טעראָר. „8 טעג—8 טויטנ״, האָט מיט אײניקע װאָכנ צוריק געשריבנ אפ אירע שארבלעטער די „אילוסטרירטע ארבעטער־צײַטונג״. אצינד איז אָבער דער טעראָר פונ דער „ברוינער פעסט״, פונ די „ברוינע זאלצ־שטײַער־נאקנ״ (װי עס רופנ די ארבעטער די פאשיסטישע שטורמאָװיקעס), טאָלערירט פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטישער אונ פאפענישער פאָליצײַ, נאָכ גרויזאמער אונ שרעקלעכער, װי מיט אײניקע װאָכנ צוריק. עפנט אופ א „ראָטע פאנע״, א „בערלינ אמ מאָרגנ״, א „װעלט אמ אבענד״, א „זאקסישע ארבעטער־צײַטונג״,—גאנצע בלעטער זײַנענ אינ טרויער־ראמקעס, יעדע זײַט אונ שורע רעדט װעגנ אומבאשטראָפטע מאסנ־הארגעס, אָרגאניזירט פונ די היטלער־באנדיטנ. די פאָנ־פאפענ־רעגירונג האָט זיכ ארויסגעװיזנ פאר אומפײַיק צו דערשלאָגנ זיכ פאר דײַטשלאנד אויסנפאָליטישע דערפאָלגנ, א פארװײכערונג פונ דער װערסאל־סיסטעמ. די פאפענ־רעגירונג האָט זיכ ארויסגעװיזנ פאר אומפײַיק צו פארטעמפנ די סטירעס פונ דער בורזשואזיע צוליב דער פארטײלונג פונ די רעװאָכימ. די פאפענ־רעגירונג האָט אָבער באװיזנ אונ באװײַזט פענאָמענאלע פײַיקײַטנ אינ גראָמירנ די קאָמפארטײ אונ די גאנצע רעװאָלוציאָנערע באװעגונג אינ לאנד. מיט דראָונגענ, מיט טעראָר, מיט נײַע דעקרעטנ, מיטנ לעגאליזירנ די קריג־אָרגאניזאציעס פונ די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ, מיט נײַע שטײַערנ, מיט פארקירצנ די ארבעטלאָזע־אונטערשטיצונגענ, מיט פאקטישע איבערקערענישנ אינ פרײַסנ, מיט אײַנפירנ קריג־ אונ באלאגערונג־צושטאנד, גענעראליטעט־דיקטאטור אונ טויטשטראָפ, — האָט די פאָנ־פאפענ־רעגירונג ביז גאָר פארשארפט די פאָליטישע סיטואציע אינ לאנד, ארויסגעטראָגנ דעמ קלאסנקאמפ אפנ גאס, פארשטארקט דעמ װוקס פונ די עלעמענטנ פונ בירגערקריג אונ פארגיכערט די פראָצעסנ פונ קאָנצענטראציע פונ די קויכעס פונ דער רעװאָלוציע. דער 31־טער יול האָט עס באזונדערס בולעט באװיזנ.

פאָליטיש־אָרגאניזאציאָנעל זײַנענ די דײַטשישע פראָלעטנ אונ ארבעטנדיקע געקומענ צו די רײַכסטאג־װאלנ מיט דער „אנטיפאשיסטישער אקציע״. די פאָרװאל־אגיטא־

ציע פון דער דײַטשישער קאָמפּארטײ איז געװעזן בלױז א באשטאנד־טײל פון דער אנטיפאשיסטישער אקציע. „די לױפנדיקע װאל־קאמפּאניע שטעלן מיר אין דינסט פון דער אנטיפאשיסטישער אקציע. דאָס באטײַט, אז מיר נוצן אױס דידאָזיקע װאל־קאמפּאניע פולקום און אינגאנצן פארן אױסערפּארלאמענטארישן מאָביליזירן די מאסן צום קאמפּ אפן סמאך פון קאָנצענטרירן אונדזערע קױכעס אפ די אונטערנעמונגען און ארבעט־בירזשעס“ (ערנסט טעלמאן—„אונדזער סטראטעגיע און טאקטיק אין קאמפּ קעגן פאשיזם“, אינטערנאציאָנאלע פּרעסע־קאָרעספּאָנדענץ, דײַטשישע אױסגאבע פון 8־טן יול).

דער פירער פון דער דײַטשישער קאָמפּארטײ, כ׳ טעלמאן, האָט אין זײַנע לעצטע שריפטלעכע און מונדלעכע ארױסטרעטונגען פאָרמולירט פיר גרונט־אופגאבן, װעלכע עס פארפאָלגט די אנטיפאשיסטישע אקציע.

די ערשטע אופגאבע—מאסן־קאמפּ קעגן דער פּאפּען־רעגירונג מיט דער הילפ פון עקאָנאָמישע שטרײַקן, ארבעטלאָזע־קאמפּאניעס, פארטײדיקונג פון דער סאָציאַלער פארזיכערונג, װאָס זאָל אריבערװאקסן אין פּאָליטישע מאסן־שטרײַקן און ענדלעך אין גענעראל־שטרײַקן פון גאנצע באצירקן אָדער פון גאנצן לאנד. „דורך דעמדאָזיקן מאסן־קאמפּ אלײן קענען מיר פארהאלטן די װײַטערדיקע פאשיסטישע אנטװיקלונג“ (טעלמאן).

די צװײטע אופגאבע פון דער אנטיפאשיסטישער אקציע—אָפּקלאפּן, צוריקשלאָגן דעם היטלער־פאשיזם. ניט מיטן לאָזונג „שלאָגט די פאשיסטן, װו איר באגעגנט זײ נאָר“, ניט מיטן אָנװענדן אינדיװידועלן טעראָר, נאָר מיטן אָרגאניזירן די רױטע מאסן־זעלבסטשוץ, מיטן דעמאסקירן די נאציאָנאל־סאָציאַליסטישע דעמאגאָגיע אין סאָציאַלע און נאציאָנאלע פראגן, מיטן אופקלערן די ברײטע מאסן דעם קאָמוניסטיש־רעװאָליוציאָנערן װעג און קאמפּ קעגן װערסאל־יאָך, מיט אן ערנסטן אידעאָלאָגישן און פּאָליטישן מאסן־קאמפּ.

די דריטע אופגאבע—צעשטרײַען יעטװידע אילױזיע װעגן דעם, אז די סאָציאַל־דעמאָקראטיע שטעלט מיט זיך קלױמערשט פאָר אן אנטיפאשיסטישן קױעך, איזאָלירן דעם סאָציאַל־פאשיזם פון די מאסן.

די פערטע אופגאבע פון דער אנטיפאשיסטישער אקציע—מאָביליזירן די מאסן צום פארטײדיקן די קאָמוניסטישע פּארטײ, פארװאנדלען דעמדאָזיקן פארטײדיקונג־קאמפּ אין א זאך פון גאנצן ארבעטער־קלאס און דורכפירן אים (דעם קאמפּ) ניט בלױז אין די ראמען פון אגיטאציע און פּראָפּאגאנדע, נאָר אפן גרונט פון פירן מאסן־קאמפן, זעלבשטענדיק אָנפירן מיט עקאָנאָמישע שלאכטן דורך װאָס הײבן דעם אװטאָריטעט פון דער פּארטײ אין די מאסן, דעם צוטרױ פון די מאסן צו דער פּארטײ, פארשטארקן די װירקונג פון דער פּארטײ אפ די אונטערנעמונגען און ארבעט־בירזשעס און דערמיט קעמפן פאר דעראָבערן די ארבעטער־מערהײַט.

דידאָזיקע אופגאבן פון דער אנטיפאשיסטישער אקציע און פון דער דײַטשישער רעװאָליוציאָנערער באװעגונג ביכלאל זײַנען עס אױך געװען די אופגאבן פון דער קאָמוניסטישער פּאָרװאל־קאמפּאניע. טאקע אין דעם באשטײט די גרױסע אױסערפּארלאמענטארישע באדײַטונג פון די רײַכסטאג־װאלן דעם 31־טן יול.

די אנטיפאשיסטישע אקציע אין דײַטשלאנד—דאָס איז אײגנטלעך אן אקציע פארן רעװאָליוציאָנערן אָנװענדן די טאקטיק פון אײנהײַטלעכן פראָנט. פארװאָס? דערפאר װײַל „מע קען ניט שלאָגן דעם סאָציאַל־פאשיזם, װען מע מאָביליזירט ניט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּארטײ אין

קאַמפּ קעגן פֿאַשיזם". דערפֿאַר, ווײַל "די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער וועלן קאָנען פּאָטער ווערן פֿון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע בלויז דורכדעם, וואָס זיי וועלן אַרײַנגעצויגן ווערן אין אַנטיפֿאַשיסטישן מאַסן־קאַמפּ קעגן פֿאַפּען און היטלער, אין אַנטיפֿאַשיסטישן קאַמפּ פֿאַר טאָג־פֿאָדערונגען און פֿאַר די פּראָלעטאַרישע קלאַסן־צילן דורך אָנווענדן די טאַקטיק פֿון איינהייט־פֿראָנט אין דעם געמיינזאַמען קאַמפּ־פֿראָנט מיט די רעוואָלוציִאָנערע אַרבעטער פֿון דער קאָמפּאַרטיי און רויטער פּראָפּאָגאַזיציע" (טעלמאַן). זײַנען טאַקע די דערפֿאָלגן פֿון דער אַנטיפֿאַשיסטישער באַוועגונג אין גרונט גענומען דערפֿאָלגן פֿון אָנווענדן די טאַקטיק פֿון איינהייטלעכן פֿראָנט פֿון אונטן. דער פּראָצעס פֿון מאַסן־ברידערונג צווישן די קאָמוניסטן און די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער האָט זיך שוין אָנגעהייבן דעם ערשטן מײַ און האָט אָנגענומען אַזאַ גרויסן פֿאַרנעם בײַם דער איצטיקער אַנטיפֿאַשיסטישער אַקציע. ניט געקוקט און אַפּצעלאָכעס דעם סאַבאָטאַזש פֿון די סאָציִאַל־פֿאַשיסטישע לידערס מאַרשירן אַלץ מער די עסדעקישע מאַסן אין פֿוס מיט די קאָמוניסטן, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די קאָמוניסטן, אַ קאַמפּ קעגן פֿאַשיזם. ניט אומזיסט איז איינער פֿון די לעצטע נומערן פֿון "אַרבעטער־אילוסטרירטע צײַטונג" דערשינען מיטן פּאָטאָ־בילד, ווי דער רײַכבאַנער־אַרבעטער גיט די האַנט דעם רויטן פֿראָנטאָוויק אין געמיינזאַמען קאַמפּ־פֿראָנט קעגן פֿאַשיזם. און ניט אומזיסט, ווי ס'איז שוין אויבן באַמערקט געוואָרן, שיסט דער סאָצדעמישער פּאָליציי־פּרעזידענט ניט נאָר אין קאָמוניסט, נאָר אויך אין סאָצדעמישן אַרבעטער. דאָס פּרוּווט דער סאָציִאַל־פֿאַשיסטישער פּאָליציי־הונט שיסן אין רויטן איינהייטלעכן פֿראָנט פֿון אונטן. אָבער אומזיסט!

טאַקע דער אויסגאַנג פֿון די רײַכסטאַג־וואַלן דעם 31־טן יולי זאָגט איידעס וועגן דערפֿאָלג פֿון דער טאַקטיק פֿון רויטן איינהײַטלעכן פֿראָנט אין דײַטשלאַנד!

די דײַטשישע קאָמפּאַרטיי האָט דעם 31־טן יולי צונויפֿגעקליבן 14,4 פּראָצ. פֿון אַלע שטימען, עס הייסט 5,278,000. פֿאָלגנדיקע ציפֿער מאַכן באַזונדערס בולעט דעם דערפֿאָלג וואָס עס האָט אָפּגעהאַלטן די קאָמפּאַרטיי בײַס די לעצטע רײַכסטאַג־וואַלן.

1. בײַם די רײַכסטאַג־וואַלן אין 1920 י. האָט די קאָמפּאַרטיי באַקומען 598.000—שטימען
2. בײַם די רײַכסטאַג־וואַלן אין אַפּרעל 1924 י.—3.700.000 שטימען.
3. " " " " " " דעקאַבער 1924 "—2.700.000 "
4. " " " " " " 1928 "—3.200.000 "
5. " " " " " " 1930 "—4.590.000 "
6. בײַם דעם ערשטן טור פֿון די פּרעזידענט־וואַלן אין מאַרטש 1932—4.982.900 שטימען.
7. " " צווייטן " " " " " אַפּרעל 1932—3.706.000 "
8. דעם 31־טן יולי 1932 י.—5.278.000 שטימען.

די דײַטשישע סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט דעם 31־טן יולי צענויפֿגעקליבן 7.951.245 שטימען אַנטקעגן 8.575.699 שטימען בײַם די רײַכסטאַג־וואַלן אין 1930 י. עס הייסט פֿאַרלאָרן 624.754 שטימען.

די נאַציִאָנאַל־סאָציִאַליסטן האָבן באַקומען 13.700.000 שטימען אַנטקעגן 6.406.000 שטימען אין 1930 י. און 13.400.000 שטימען בײַם דעם צווייטן טור פֿון די פּרעזידענט־וואַלן. עס הייסט: אין פֿאַרגלײַך מיט די פּרעזידענט־וואַלן האָבן די נאַציִאָנאַל־סאָציִאַליסטן געוווּנען בלויז 300 טויזנט שטימען.

אפ וועמעס כעזשבנ גייט דער געווינס פונ די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ? אינ גרונט אפנ כעזשבנ פונ די אלטע בורזשואזע פארטייענ (פאָלק־פארטיי, מעלוכישע, קריסטלעכ־סאָציאלע, ווירטשאפטלעכע א. אנד.) אונ אינ אסאכ א קלענערער מאָס אפנ כעזשבנ פונ געוויסע אָפגעשטאנענע טיילנ פונ די ארבעטנדיקע, באזונדערס ארבעטלאָזע. די אלטע בורזשואזע פארטייענ האָבנ דעמ 31־טנ יול קאטאסטראָפאל פארלאָרנ אונ פאקטיש אופגעהערט צו עקזיסטירנ אלס גרויסער פאָליטיש־ווירקנדיקער קויעכ. אזוי ארומ שטעלט מיט זיכ פאָר דער וווּקס פונ די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ אנ אויסדרוק פונ דער קאָנצענטראציע פונ די בורזשואזע קויכעס אונ א רעזולטאט פונ דער נאציאָנאל־סאָציאליסטישער דעמאגאָגיע קעגנ ווערסאל אונ ווײמאר.

ווער האָט צוגענומענ די פארלאָרענע שטימענ פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע? אינ גרונט — די קאָמפארטיי. אונ טאקע דער דאָזיקער אומשטאנד איז איינער פונ די וויכטיקסטע פאָליטישע סאכאקלענ פונ 31־טנ יול, איינער פונ די סאמע כאראקטעריסטישע שטריכנ פארנ דערפאָלג פונ דער קאָמפארטיי בײס די רײַכסטאג־וואלנ, וואָס האָט א קאָלאָסאלע באדײַטונג פארנ קעגנווארט פונ די פערספעקטיווג פונ פראָלעטארישנ קלאסנקאמפ קעגנ דער בורזשואזיע. אָפרײַסנ נײַע הונדערטער טויזנטער ארבעטער אונ ארבעטנדיקע, וואָס האָבנ זיכ געפונענ אונטער דער סאָציאל־פאשיסטישער האשפאָע, אונ אײַנשליסנ זײ אינ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ, — איז א דערפאָלג פונ רויטנ אײנהײַטלעכנ פראָנט! ווענ מיר נאָכ דערבײַ צוגעבנ, אז אינ משעכ פונ א יאָר צײַט האָט זיכ די מיטגלידערשאפט פונ די רעפאָרמיסטישע דײַטשישע פראָפאריינענ (לויט די ידיעס פונ דער „געווערקשאפטצײַטונג“) פארקלענערט אפ 12,3 פראָצ., — איז קלאָר: דער קאמפ פונ דער דײַטשישער קאָמפארטיי, פארנ דעראָבערנ די ארבעטער־מערהײַט גייט, ווענ אפילע נאָכ ניט מיט די נייטיקע טעמפנ דאָכ דערפאָלגרײַכ.

באזונדערס באדײַטנדיק איז געווענ דער דערפאָלג פונ דער קאָמפארטיי בײס דעמ 31־טנ יול אינ די אינדוסטריעלע געביטנ פונ לאנד. אינ בערלינ, אינ דאָרעמ־וועסטפאליע, אינ קעלנ־אאכענ, אינ דיוסעלדאָרפ־אָסט, אינ דיוסעלדאָרפ־וועסט, אינ מערזערבורג האָט די קאָמפארטיי באדײַטנדיק געהעכערט דעמ ווײלער־צאָל אונ געוואָרנ שטארקער, ווי די סאָציאל־דעמאָקראטיע אונ אינ אייניקע פונ די דאָזיקע רײַאָנענ, — שטארקער אויכ פאר די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ. אינ בערלינ האָבנ פאר דער קאָמפארטיי געשטימט 382 טויזנט ווײלער, פארנ סאָציאל־פאשיזמ — נאָר 319 טויזנט אונ פארנ נאציאָנאל־סאָציאליזמ — בלויז 280 טויזנט. אינ קעלנ־אאכנ האָט די קאָמפארטיי צענויפגעקליבנ 210,4 טויזנט שטימענ, די סאָצדעמענ — בלויז 179,2 טויזנט. אינ דיוסעלדאָרפ־אָסט האָבנ פאר דער קאָמפארטיי געשטימט 331,3 טויזנט, פארנ סאָציאל־פאשיזמ — בלויז 154,9 טויזנט א.א.וו.

פונ וויכטיקער פאָליטישער באדײַטונג איז שוינ דער פאקט, וואָס אינ די פעסטונגענ פונ דער „לינקער“ סאָציאל־דעמאָקראטיע (דרעזדענ, לײַפציג, ברעסלאו, כעמניצ א. אנד.) האָבנ די סאָציאל־פאשיסטנ צו פארצײכענענ דעמ 31־טנ. יול א פארלוסט פונ ווירקונג אונ די קאָמוניסטנ — געווינס, העכערונג פונ ווירקונג. אינ כעמניצ־צוויקאו האָבנ די סאָצדעמענ אינ פארגלײַכ מיט די רײַכסטאג־וואלנ אינ 1930 י. פארלאָרנ פונ 314,5 טויזנט שטימענ אפ 261,8 טויזנט שטימענ אונ די קאָמוניסטנ האָבנ פארגרעסערט זײער ווײלער־צאָל פונ 204,9 טויזנט אפ 228,6 טויזנט. אינ לײַפציג האָבנ די סאָצרעמענ פארקלענערט זײער ווײלער־צאָל פונ 288,4 טויזנט אינ 1930 ביז 275,1 טויזנט אינ 1932־טנ יאָר, אונ די קאָמוניסטנ האָבנ געהעכערט זײער ווײלער־צאָל פונ 142,2 ביז 155,2 טויזנט א.א.וו.

עס מוז אויכ אָפגעמערקט ווערנ דער פאקט, וואָס בײַ די לעצטע רײַכסטאג־וואלנ האָט די קאָמפארטיי פארגרעסערט איר ווירקונג אויכ אינ די לאנדווירטשאפטלעכע געביטנ. דער וווקס פונ די קאָמוניסטישע שטימענ אינ מיזרעכ־פרײַסנ באטרעפט 18,5 פראָצ. בראונשווײַג—58 פראָצ., אינ פראנקאָניע—58,4 פראָצ., אינ נידער־בײַערנ—גאנצע 83,1 פר. דאָס באטײַט ניט נאָר דער וווקס פונ דער קאָמוניסטישער ווירקונג אינ דידאָזיקע הויפטזעכלעכ־לאנדווירטשאפטלעכע געביטנ, נאָר אײנצײַטיק אויכ דער אָנהייב פונ דער מאפאָלע פונ די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ.

מיט אײנ וואָרט: 5 מיליאָנ מיט 278 טויזנט האָבנ געשטימט פארנ רעוואָליוציאָנערנ אויסוועג פונ קריזיס, קעגנ דער היטלערישער „דריטער אימפעריע" אונ קעגנ דער סאָציאל־פאשיסטישער „צווייטער רעפובליק", קעגנ די סאָצפאשיסטישע „טעאָריעס" פונ „פיטשינקע בייזנ", „קלײנינקע בייזנ", „קלענערע בייזנ", „גרעסערע בייזנ", „גרויסע" אונ „גאָר גרויסע בייזנ". פינפ מיליאָנ מיט 278 טויזנט האָבנ געשטימט קעגנ דער אײנציקער בייז, וואָס איז ווירקלעכ די סיבע פונ אלדאָס בייז,—קעגנ דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג—מיט אירע ווערסאלנ אונ ווײַמארס. אונ דידאָזיקע ציפער (5.278.000) באטײַט אפנ געגעבענעמ עטאפ פונ קלאסנקאמפ—אָנוווקס פונ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג אינ דײַטשלאנד. אינ דעמ איז קײנ סאָפעק ניטאָ. עס איז אָבער אויכ קײנ סאָפעק ניט אינ דעמ, אז די טעמפנ פונ דעמדאָזיקנ אָנוווקס זײַנענ נאָכ ניט קײנ באפרידיקנדיקע. די דײַטשישע קאָמפארטיי מוז אונ וועט נאָכמער פארשטארקנ דעמ קאמפ פאר אָנווענדנ די טאקטיק פונ רעוואָליוציאָנערנ אײנהײַטלעכנ פראָנט, דעמ קאמפ קעגנ סאָציאל־פאשיזמ אונ דעמ אקשאָנעסדיקנ ערנסט־פאָליטישנ אונ אידעאָלאָגישנ קאמפ קעגנ היטלער־פאשיזמ.

די פאָרשטייער פונ דער דײַטשישער שווער־אינדוסטריע אונ יונקערס האָבנ געהאט פאנאנדערגעלאָזנ דעמ רײַכסטאג אונ דערקלערט איבערוואלנ מיטנ ציל צו זיכערנ די פאפענ־שלייכער־רעגירונג א פארלאמענטארישע מערהײַט. דער 31־טער יול האָט אָבער ניט געגעבנ דידאָזיקע מערהײַט. דאָס באטײַט, אז אויכ אפ ווײַטער, אומאָפהענגיק דערפונ פונ וועמענ עס זאָל ניט באשטײנ די רעגירונג, וואָס וועט שטײנ בא דער מאכט נאָכ די וואלנ, הערשנ אונ רעגירנ אינ גרונט אָנ דעמ רײַכסטאג, אָנשפארנדיק זיכ אפ די הינדענבורגישע אויסעראָרדנטלעכע דעקרעטנ. אזא איז דער פרײַז פונ בורזשואזנ פארלאמענטאריזמ. אונ ניט אומזיסט ברידערנ זיכ אזוי שטארק נאָכנ 31־טנ יול די פאשיסטישע שטורמאָוויקעס מיט דער מעלוכישער פאָליציי, ניט אומזיסט האָט זיכ נאָכנ 31־טנ יול נאָכמער פארשטארקט דער טעראָר קעגנ דער קאָמפארטיי, ניט אומזיסט ווערנ פונ פאפענ־שלייכער פארגעזעצלעכט דערדאָזיקער טעראָר, ניט אומזיסט פירנ די נאציאָנאל־סאָציאליסטנ אונטערהאנדלונגענ מיט פאפענ־שלייכער וועגנ זייער ארײַנטריט אינ דער רעגירונג.

אונ דער סאָציאל־פאשיזמ? פארנ 31־טנ יול האָבנ זײ געאייצעט די ארבעטער פארמאכנ טיר אונ פענצטער אונ ווארטנ אפ דער יעשוע—אפ די רײַכסטאג־וואלנ. גלײַכ אפ מאָרגנ נאָכנ 31־טנ יול האָבנ זײ שוינ אופגערופנ די ארבעטער ווארטנ אפנ קאָנסטיטוציע־טאָג, אפנ 11־טנ אווגוסט. אונ דעמאָנסטרירנ פאר... דער קאָנסטיטוציע, פאר דערזעלבער ווײַמאר־קאָנסטיטוציע! אונ שוינ אפ איבערמאָרגנ נאָכנ 31־טנ יול גיט דער „פאָרווערטס" אָנצוהערעניש, אז היטלער מיט פאפענ איז פאָרט א „קלענערע בייז", ווי היטלער אלײנ. ווי זאָגט מענ עס: קאָמענטארנ זײַנענ איבעריק...

בלויז די קאָמפּאַרטײ לערנט די ברייטע מאסן אפ די טאַכאַקלעכ פונ 31־טנ יול, אז מיטנ וואל־צעטל איז אומעגלעכ אָפּקלאפּנ דעם אָנגריפ פונ פאשיזמ. בלויז די קאָמפּאַרטײ מאָביליזירט די מאסנ אינעמ גרויסנ אויסערפּאַרלאַמענטאַרישנ קאמפּ קעגנ פאשיזמ און קאפּיטאליזמ. ווער שמועסט שוינ וועגנ דעמ, אז דער עצעמ גאַנג פונ די געשעענישנ אינ דײַטשלאַנד נאָכנ 31־טנ יול פארגיכערט אומפאַרמײַדלעכ דאָס אופלעבנ יעטווידע פּאַרלאַמענטאַרישע אילױזיעס. קלאס קעגנ קלאס—אזא איז דיווירקלעכקײַט. קלאס קעגנ קלאס—אזא איז די קאָמוניסטישע טאַקטיק.

3

אויכ דער אינטערנאַציאָנאַלער ערשטער אוגוסט פונ 1932 י. איז א טריט פאָרויס אינעמ קאמפּ פארנ אײנהײַטלעכנ רעוואָליוציאָנערנ פראָנט פונ אלע ארבעטנדיקע; א טריט פאָרויס אינעמ שאפנ דעמ אײנהײַטלעכנ אנטימילכאָמע־פראָנט אינ דער ערשטער רײ.

דער אינהאַלט און כאַראַקטער פונ די אינטערנאַציאָנאַלע פראָלעטאַרישע קאמפּ־טעג ווערט באַשטימט פונעמ אנטשפּרעכנדיקנ עטאַפּ פונ קלאסנקאמפּ, אינ וועלכע די דיאַזיקע קאמפּ־טעג פארלויפנ זיכ. טאַקע אינעמ גאַנג פונ די טראַדיציאָנעלע קאמפּ־טעג זעענ מיר זייער אָפט, ווי אינ א שפּיגל, אלדאָס כאַראַקטעריסטישע פארנ געגעבענעמ צושטאַנד פונ די קלאסנ־שלאַכטנ. לעמאָשל: דער ערשטער מײַ פונ 1929 י. איז אינ דײַטשלאַנד דורכגעגאַנגענ אונטערנ צייכנ פונ די באַריקאַדנ־שלאַכטנ מיט דער צערגיבעל־פּאָליצײ. דער ערשטער מײַ פונ 1931 יאָר איז אינעמ זעלבנ דײַטשלאַנד שוינ דורכגעגאַנגענ ניט נאָר אונטערנ צייכנ פונ קלאסנ־געשלעגנ מיט עלעמענטנ פונ דעמ בירגערקריג, נאָר אויכ אונטערנ צייכנ פונ ברידערונג פונ די קאָמוניסטנ מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער־מאסנ. און דאָס איז ניט צופעליק: טאַקע אינעמ כאַראַקטער פונ ערשטנ מײַ 1931 יאָר האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט אײנע פונ יענע סאַמע כאַראַקטעריסטישע פּראָצעסנ פאר דער דײַטשישער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט באַקומענ, ווי מיר האָבנ עס אויבנ געזענ, אזא ברייטע מאסנ־אנטוויקלונג, באַזונדערס די אנטיפאשיסטישע קאמפּאַניע, דער פּראָצעס פונ ברידערונג צווישנ די קאָמוניסטישע און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער.

דער ערשטער אוגוסט פונ 1931 י. איז דורכ אונטערנ צייכנ פונ די אינטערווענצמאַטעריאַלנ, וואָס עס האָבנ אנטפּלעקט פאר דער גאַנצער וועלט־עפנטלעכקײַט די ראַמזינאון גראָמאַנ־פּראָצעסנ, אונטערנ צייכנ פונ מאָביליזירנ זיכ קעגנ די געפארנ, וועלכע עס האָבנ אָביעקטיוו סיגנאַליזירט די אנטיסאָוועטישע דעמפּינג־קאמפּאַניעס. דער ערשטער אוגוסט פונ 1932 י. האָט ניט געקענט ניט דורכגייִנ אונטערנ צייכנ פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אינ כינע, פונ די שטערנישע און גאָרגולאָווישע פּראָוואָקאַציעס, פונעמ קראַכ פונ זשענעווע און לאָזאַנע, און אונטערנ צייכנ פונ וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער אקטיווקײַט פונ וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

פארנ דערפאָלגרײַכנ קאמפּ קעגנ דער געפאר פונ אנ אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און אנטיסאָוועטישער אינטערווענצ איז אנטשיידנדיק דאָס שאפנ אנ אנטימילכאָמע־אײנהײַטלעכנ רעוואָליוציאָנערנ פראָנט פונ אלע ארבעטנדיקע. טאַקע דערפאר איז פולקומ פארשטענדלעכ און נאַטירלעכ, וואָס שוינ דעמ ערשטנ יול האָבנ 8 סעקציעס פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל (די צענטראַל־קאָמיטעטנ פונ דער דײַטשישער, פראַנצויזישער, ענגלישער, טשעכישער, פּוילישער, רומענישער, איטאַליענישער און אמעריקאַנער קאָמפּאַרטייענ) פארעפנטלעכט אנ אופרופ, געוויד־

מעט דעם ערשטן אווגוסט, ווו דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אפּ פאָלגנדיקעס: „דער ערשטער אווגוסט דארפּ דורכגיין אונטערן צייכן פון זיגרייכן רעוואָליוציאָנערן אייגהייט־ לעכן פראָגט פון אלע עקספּלואטירטע און אונטערדריקטע אין געמיינזאמען קאמפּ קעגן פאשיזם און רעאקציע, אין קאמפּ קעגן קריג־געפאר, אין קאמפּ אפּ פארטיידיקן דעם סאָוועטנפארבאנד". פון דעמדאָזיקן שטאנדפּונקט איז פולקום נאטירלעך, וואָס דער אויבנ־ אָנגעוויזענער דאָקומענט שטרייכט באזונדערס אונטער די נויטווענדיקייט אריינציִען אינעם אנטימילכאָמע־פראָנט די ס אָ צ י ִ א ל ־ ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע א ר ב ע ט ע ר. אָט אין שאפן דידאָזיקע ברידערונג פון די קאָמוניסטישע מיט די סאָציִאל־דעמאָקראטישע און אלע איבע־ ריקע ארבעטנדיקע אפּן צירקל פון אנטימילכאָמע־קאמפּ, וואָס איז אוודע ניט אָפּגעריסן פון אלגעמיינע אנטיפאשיסטישן קאמפּ—איז באשטאנען די ערשטע אופגאבע פונעם ערשטן אווגוסט.

די צווייטע אופגאבע פון ערשטן אווגוסט, ניט אָפּגעריסן פון דער ערשטער אופגאבע, נאָר גיכער אירער א באשטאנד־טייל,—אנטוויקלען א ברייטע אנטימילכאָמע־אגיטאציע, ברייטע מאסאָווע אופקלער־ארבעט אין דער ריכטונג פון דעמאסקירן דעם סאָד פון „אריינ־ קייקלען זיך" אין דער אימפּעריִאליסטישער מילכאָמע". „דער סאָד פון דעם, ווי די וועלט פויזעט אריין אין דער אימפּעריִאליסטישע מילכאָמע, איז נאָך ווייט אין קיין גענוגנדיקער מאָס ניט דעמאסקירט. טאקע דערפאר דערווארטן נאָך אלע, אז די נייע אימפּעריִאליסטישע מילכאָמע, אז די נייע קריג־אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפארבאנד וועט זיך אָנהייבן לויטן אלטן מוסטער מיט פייערלעכע מילכאָמע־דערקלערונגען (מיט לעכאטכילעדיקע איבע־ רייסן פון די דיפּלאָמאטישע באציִונגען) און מיט אן אלגעמיינער מאָביליזאציע אין איינצלנע לענדער. אָבער די איצטגרייטנדיקע פּלענער פון אן אימפּעריִאליסטישער מילכאָמע זענען ניט פאָרויס עטוואָס ענלעכעס אפּ אזא אָנהויב פון קריג־אָפּעראציעס" (בעלאקון, „קאָמו־ ניסטישער אינטערנאציִאָנאל" נום. 328-21). די פּאַשיזאציע פון די מערהייט לענדער; דער פאקט, וואָס די אונטערנעמונגען פון קריג־באדייטונג זיינען פאקטיש, אויב אפילע נאָך ניט פאָרמעל שוין מיליטאריזירט; דער פאקט, וואָס פּוילן, יאפּאָניע, פראנקרייך און אנד. פאר־ מאָגן ארמיי־טיילן פון „ספּעציִעלן בארופ"; די פּראקטיק פון יאפּאָנישן אימפּעריִאליזם מיט פּלוצימדיקן אָנפאלן אפּ מאנדזשוריע און כינע, ניט דערקלערנדיק פייערלעך קיין מילכאָמע, נאָר דערקלערנדיק א מילכאָמע מיט פ י י ע ר,—באווייזט קלאָר און דייטלעך, אז עס פאָ־ דערט זיך גאָרניט אן אלגעמיינע מאָביליזאציע, קעדיי אָנצוהייבן א מילכאָמע. דידאָזיקע מאָביליזאציע קען פאָרקומען שוין ביים געוויסע קריג־אָפּעראציעס. „די אייגנארטיקייט פון דעם איצטיקן מאָמענט באשטייט אין דעם, וואָס עס איז אָפּגעווישט געוואָרן די מעכיצע צווישן פרידן־צייט און מילכאָמע־צייט—מע פויזעט (קריכט) אריין אין דער מילכאָמע און מע שלאָגט זיך אָן אן אָפענער מילכאָמע־דערקלערונג" (מאָלאָטאָוו). דעמאסקירן דידאָזיקע „סוידעס", אופקלערן פאר די ברייטסטע ארבעטנדיקע מאסן די „אייגנארטיקייט פון דעם איצטיקן מאָמענט"—אין דעם באשטייט די אופגאבע.

און די דריטע אופגאבע—דער ערשטער אווגוסט דארפּ זיין א וויכטיקער פאקטער אין פּראַט פון ליקווידירן דעם אָפּשטיין צווישן דער א נ ט י מ י ל כ אָ מ ע ־ א ר ב ע ט פון די ברי־ דערלעכע קאָמפּארטייען און די טעמפּן פון דער מ י ל כ אָ מ ע ־ צ ו ג ר י י ט ו נ ג. דער אופ־ שטאנד אין ענגלישן קריג־פלאָט, די אופשטאנדן פון די פראנצויזישע רעקרוטן און סאָל־ דאטן, די סאָלדאטישע בונטן אין דער יאפּאָנישער ארמיי, דער באוואָפנטער ווידערשטאנד פון די רעוואָליוציאָנערע כינעזישע ארבעטער און פּויערים די יאפּאָנישע אימפּעריִאליס־

טישע רויבער, דער שטרײַק פון די פּוילישע פּאָרט־אַרבעטער אין גדיניע, דער שטרײַק פון די אַרבעטער־כעמיקער אין מיטל־דײַטשלאַנד, די דעמאַסקירונג־טעטיקײַט פון די אַרבקאָרן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער (ביפּראַט אין דײַטשלאַנד און פראַנקרײַך) בײַס דער לעצטער מילכאָמע קעגן כינע — דאָס זײַנען די ערשטע אויסברוכן פון אַקטיוון קאַמפּ קעגן אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס און אַנטיסאָוועטישע אינטערווענציעס. די ברידערונג פון די סאָלדאַטן מיט די שטרײַקנדיקע בײַס דעם לעצטן קוילנגרעבער־שטרײַק אין בעלגיע איז אויך אַן אויסגעשפּראָכענע וואָרענונג דעם וועלט־אימפּעריאַליזם. אָבער דאָך שטייען אָפּ די טעמפּן פון דער אַנטימילכאָמע־אַרבעט פון די טעמפּן פון דער מילכאָמע־צוגרייטונג. די אַנטימילכאָמע־אַרבעט גייט נאָך זייער אָפּט ניט אַרויס פון די גרענעצן פון קאַמפּאַניײַשקײַט. די איצטיקע שאָ פאָדערט אָבער **סיסטעמאַטישע** אַנטימילכאָמע־טעטיקײַט. די אַנטימילכאָמע־טעטיקײַט ווערט אין אַ גאַנצער רײ ערטער און רונגען נאָך אַלץ פאַרשטאַנען **בלויז**, ווי אַן אַרבעט אין די רייען פון דער אַרמײ און צווישן די רעקרוטן (אַוודאי איז דאָס די ערשטע, עלעמענטאַרסטע אויפגאַבע פון דער אַנטימילכאָמע־אַרבעט). די איצטיקע לאַגע און די נײַסטע מעטאָדן און טעכנישע דערפינדונגען אין מילכאָמע־געביט פאָדערן אָבער, אַז די **ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן** און די אַרבעטער פון די **קריג־אונטערנעמונגען** אין דער ערשטער רײ זאָלן אונטערפאַלן אונטער דער ווירקונג פון די אַנטימילכאָמע־לאָזונגען. די אַנטימילכאָמע־אַרבעט איז נאָך אַלץ ניט פון די שטאַרקע געביטן אין דער אַרבעט פון די סעקציעס פון קאָמוניסטישן יונגנט־אינטערנאַציאָנאַל. „ווער עס האָט די יוגנט — דער האָט אָבער די אַרמײ". בײַס דער לעצטער מילכאָמע פון יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם אין כינע זײַנען פאַרצייכנט געוואָרן צענדליקער און הונדערטער פאַלן פון דער אויפדעקערישער אַרבעט פון די „ראָטע פאַנע" און „הומאַניטע"־אַרבקאָרן, עס איז אָבער ניט פאַרצייכנט געוואָרן קיין איין פאַל פון קאָנקרעטן און ווירקלעכן **ווידערשטאַנד** באַם טראַנספּאָרטירן קריג־מאַטעריאַלן. אויפהייבן די אַנטימילכאָמע־טעטיקײַט אַפן אַ העכערער שטופע, פאַרשטאַרקן זי אין דערזועלבער פּראָפּאָרץ, ווי עס פאַרשטאַרקט זיך די מילכאָמע־געפאַר — אַזאַ איז די אויפגאַבע פון ערשטן אויגוסט און פון יעדן וואָכן־טאָג.

דער ערשטער אויגוסט פון 1937 י. (כאָטש דידאָזיקע שורעס ווערן געשריבן, בײַס עס פעלן נאָך אויספירלעכע־אויסשעפּנדיקע ידיעס) זאָגט איידעס וועגן דעם, אַז די ברידערלעכע קאָמפּאַרטייען מאַכן ערנסטע טריט פאָרויס און לייזן די אויבנדערמאָנטע אויפגאַבן.

די צוזאַמענשטויסן צווישן דער פּאָליצײ און די אַרבעטער אין מאַרסעל (פראַנקרײַך), דער ווידערשטאַנד, וואָס עס האָבן אַרויסגעוויזן דעם ערשטן אויגוסט די דעמאָנסטראַנטן באַם אַרעסטירן אַרבעטער אין טאָקיאָ (יאַפּאַניע), די בלוטיקע צוזאַמענשטויסן דעם ערשטן אויגוסט הינטער וואַרשע, אין טשערנאָוויטש (רומעניע), אין נײַקירכען, מײַלינג (עסטרײַך), אין סידני (אויסטראַליע) און א.א.וו. — רעדט וועגן דער פאַרשאַרפונג פון קלאַסנקאַמפּ אין באַשטימטע צירקלען און רונגען, וועגן וווּקס פון די עלעמענטן פון בירגערקריג.

אין פּוילן זײַנען ערעוו דעם ערשטן אויגוסט פאָרגעקומען אַנטימילכאָמע־קאָנפערענצן. אַפן דער וואַרשעווער אַנטימילכאָמע־קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט העכער 110 דעלעגאַטן פון וואַרשע, לאָדזש, דאָמבראָווער באַסיין, אויבער־שלעזיע און א. וו., עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ באַשטענדיקער קאָמיטעט פאַרן אַנטימילכאָמע־קאַמפּ, אין אַ גאַנצער רײ גרויסע אונטערנעמונגען זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטן אַפן אָנפירן מיטן ערשטן אויגוסט און. מיט דער אַנטימיליטאַריסטישער אַרבעט ביכלאַל. אין בולגאַריע זײַנען צושטאַנד געקומען העכער הונדערט

פאַבריק־זאַוואָדישע קאָנפערענציעס, ווו עס זײַנען אויסגעווײלט געוואָרן קאַמפּ־קאָמיטעטן קעגן מילכאָמע. אין יאַפּאָניע זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן ספּעציעלע פּויערישע אַנטימילכאָמע־קאָנפערענצן. דידאָזיקע אַלע און אַנדערע פאַקטן צווינגען מאַכן דעם אויספיר, אַז די אַנטימילכאָמע־טעטיקײַט פון די ברײדערלעכע קאָמפּאַרטײען באַפרײדיקט זיך שוין ניט בלויז מיט אַן עפּיזאָדישן פלוגבלעטל, אָדער דעמאָנסטראַציע, נאָר אַז זי ווערט אויפגעהייבן אַף דער שטופע פון ס י ס ט ע מ א ט י ש ע ר אַרבעט, אַז אין קאַמפּ קעגן מילכאָמע ווערן טאָגטעגלעך אַרײַנגעצויגן פאַבריקן און זאַוואָדן.

די 20־טויזנדיקע דעמאָנסטראַציע אין סען־דעני (פּאַריזש), וואָס האָט מיט די אַרויסטרעטונגען פון פאָרשטייער פון די דײַטשישע, בעלגישע, אַראַבישע און אַלזשירער אַרבעטער פאַרוואַנדלט זיך אין א מעכטיקער דעמאָנסטראַציע פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, די 40־טויזנטדיקע דעמאָנסטראַציע אין ניו־יאָרק, די באַזונדערס־מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס און מיטינגען דעם ערשטן אויגוסט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער (שוועדן, דענעמאַרק און נאָרוועגיע). די דעמאָנסטראַציעס, מיטינגען און צוזאַמענשטויסן אין ענגלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע א.א.וו.—באַווײַזן, אַז עס ברייטערט זיך די אַנטימילכאָמע־אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, אַלץ מער און מער אַרבעטער און אַרבעטנדיקע ווערן אַרײַנגעצויגן אינעם רעוואָליוציאָנערן אַנטימילכאָמע־פראָנט. די סאַכאַקלען פון ערשטן אויגוסט דערציילן אָבער ניט וועגן באַדײַטנדיקע, סײַ לויטן פאַרנעם, סײַ לויט זייער פּאָליטישער באַדײַטונג, אַרויסטרעטונגען פון די קאָמוניסטישע אַרבעטער צ ו ז א מ ע ן מיט די ס אָ צ י א ל ־ ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע אַרבעטער. דאָס באַטײַט, אַז די ברידערונג צווישן די קאָמוניסטן און סאָצדעמאָקראַטישע אַרבעטער אַפן געביט פון א נ ט י מ י ל כ אָ מ ע ־ פ ר אָ נ ט דאַרף דערפירט ווערן צו נאָך א העכערער שטופע, ווי דידאָזיקע ברידערונג איז דערפירט געוואָרן אינעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמפּ אין דײַטשלאַנד.

א באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט פאַרדינען די אַרויסטרעטונגען אין ערשטן אויגוסט פון די אַרבעטער פון גרעסטן אויטאָמאָביל־זאַוואָד אין פראַנקרײַך, פון די „סיטראָיען"־אַרבעטער. די „סיטראָיען"־אַרבעטער האָבן דעם ערשטן אויגוסט איבערגעריסן די אַרבעט און געפאָדערט פון דער אַדמיניסטראַציע אָפּשאַפן די שטראָף־סיסטעם און ניט אָפּזאָגן די אַרבעטער פאַרן אָנטיילנעמען אין די אַנטימילכאָמע־אַרויסטרעטונגען. דאָס איז ניט די ערשטע רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונג פון די „סיטראָיען"־אַרבעטער פאַר די לעצטע פאָר כאַדאָשים. דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען שטעלן מיט זיך פאָר אַן אומיטלבאַרן רעזולטאַט פון דער סיסטעמאַטישער אַרבעט פון דער זאַוואָדישער אוניטאַרער (רעוואָליוציאָנערער) פּראָפּאַריינישער אָרגאַניזאַציע. טאַקע פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט פאַרדינט אויפמערקזאַמקײַט דער ערשטער אויגוסט אַפן „סיטראָיען"־זאַוואָד. עס אונטערשטרײַכט אַן איבעריקן מאָל די ערשטראַנגיקע נויטווענדיקײַט און באַדײַטונג פון דירעקטער, טאָגטעגלעכער אַרבעט אַף די אונטערנעמונגען.

דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט האָט אינעם טאָג פון רויטן ערשטן אויגוסט דעמאָנסטרירט „קעגן פאַשיזם און קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און רעפאָרמיסטישע פירער, וועלכע רייניקן אָפּ פאַרן פאַשיזם דעם וועג! קעגן די אימפּעריאַליסטישע אונטערצינדער פון א מילכאָמע! פאַרן פאַרטיידיקן די לעבן־אינטערעסן פון אַלע אַרבעטנדיקע! פאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרײַונג פון אַלע אונטעודריקטע פעלקער! פאַר דער פאַרטיידיקונג פון סאָוועטנפאַרב..נד! פאַרן מאַסן־קאַמפּ קעגן מילכאָמע־פּראָדוקציע, קעגן טראַנס־

פּאַרט פון געווער און אמוניציע! פאַרן פאַרמירן דעם רעוואָליוציאָנערן איינהייטלעכן פראָנט קעגן הונגער און פאַראָרעמונג, קעגן פאַשיזם און מילכאָמע! פאַרן ניצאָכן פון סאָציאַליזם!" (פון אווגוסט־אופרוף פון די 8 קאָמפּאַרטייען).

די רויטע פאָן, וואָס האָט דעם ערשטן אווגוסט פארנומען קווארטאלן, פּלעצער און סקווערן, דעם רויטן וועדינג און סען־דעני, דעם לוסטגארטן און יוניאָן־סקווער, האָט שארף געוואָרנט די פּלאפלער פון זשענעווע, די העלדן פון טשאפּיי־פּייער, די פארכאפּער פון מאנדזשוריע און באגייסטערער פון פּאָליטישן און פיזישן סיפיליטיקער גאָרגולאָוו: מיר וועלן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע פארוואנדלען אין א קלאסן־מילכאָמע, אין א בירגערקריג!

13 אוגוסט 1932 י.

---

י. סערעבריאַני

# א גוטער אָנהייב

(עליע קאהאן — „דערציילונגען און מיניאַטיורן״. וו.מ.פ. ייִדסעקטער 1932 י.).

דער אווטער פון דעם דערשינענעם ביכל איז א יונגער פראָזאיִקער־הומאָריסט. דאָס איז זײַן ערשטע זאמלונג. זי נעמט אַרײַן קימאַט אַלץ, וואָס ער האָט ביז אהער געשאפן. אזוי ארום קאָן מען שוין אפן גרונט פון דעם באקומען א פאָרשטעלונג וועגן דעם שעפערישן וועג פון יונגן שרײַבער, וועגן זײַן ליטעראריש־קולטורעלן האָריזאָנט און קלאסן־אָריענטאציע.

שוין עפשער דאָס אַליין, וואָס מיר האָבן צו טאָן מיט א הומאָריסט, גיט אונדז א געוויסע מעגלעכקײַט אופצודעקן און אנטפלעקן דעם אייגנארטיקן אָרט, וואָס דער אווטער פארנעמט אין אונדזער ליטעראטור. די פראָבלעם פון הומאָר, ווי א ליטעראריש־קינסטלערישע סטיל־דערשײַנונג איז, ווי באוווסט, נאָך זייער קנאפ בא אונדז דערלערנט און באהאנדלט געוואָרן. מיר קאָנען נאָר מער־ווייניקער פעסטשטעלן, אפן גרונט פון די שוין באקאַנטע היסטאָריש־ליטעראַרישע פאקטן פון דער וועלט־ליטעראטור, פון דער אַלטער ייִדישער ליטעראטור און ענדלעך פון דער סאָוועטישער און פראָלעטארישער ליטעראטור־געשיכטע, אז פארן הומאָר און הומאָריסט איז דעריקער כאראקטעריסטיש דאָס מיטפילן דעם שילדערונגאָביעקט. ניט שטרענג פארורטיילן און גאַליק אויסלאכן, אָט ווי דער סאטיריקער, לעמאָשל, די באזונדערע שוואכע, קאָמישע און קלאסן־שעדלעכע זײַטן פון די געשילדערטע געשטאלטן און דער שײַנונגען, נאָר דאָס אזוי צו זאָגן „לאכן דורך טרערן״ (ווי די בורזשואזע און קליינבירגערלעכע קריטיק האָט אָפט ליב געהאט צו כאראקטעריזירן שאָלעם־אַליכעמען, טשעכאָוון, גאָגאָלן א. אנד.), דאָס „מוחל זײַן און פארגעבן״, דאָס מיטהעלפן און שטיצן די קלאסן־נאָענטע געשטאלטן אין פראָצעס פון זייער רוּיִקן און אומרוּיִקן איבערגעבורט, פון זייער רעוואָליוציאָנערן קאמף (וואָס איז באזונדערס קענטיק בא א טייל סאָוועטישע און פראָלעטארישע הומאָריסטן), דאָס מיטלאכן און מיטפרייען זיך איבער באזיגטע שוועריקײַטן, דאָס געמיינזאמע זוכעניש פון נײַע וועגן, דאָס געמיינזאמע סימפאטיזירן און פארורטיילן.

דער הומאָריסט, דוכט אונדז, דאָס איז דער קינסטלערישער „זעלבסטקריטיקער״, און ווי אזעלכער שליסט ער זיך אָן אָן דער אַלגעמיינער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער פּלאטפאָרם פון זײַן קלאס און שיכט; אָן זייערע פּאָליטישע צילן און שטרעבונגען.

דאָס איז, פארשטענדלעך, ניט אַלץ, וואָס מע קאָן און מע דארף זאָגן וועגן הומאָר. די פראָבלעם פון הומאָר, ווי די פראָבלעם פון באזונדערע זשאנרען ביכלאַל, דארף און וועט פארנעמען בא אונדז א זייער וויכטיקן אָרט. טאקע איצט, ווען מיר זײַנען שוין הארט

צוגעגאנגען צו דער ליטעראטור, ווי צו א ספּעציפישן געביט פון אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער טעטיקייט.

ניט דאָ איז דאָס אָרט אָפּצושטעלן זיך אויך אפ יענע פארקריפלונגען, וועלכע מיר האָבן געהאט אין אונדזער קריטיק אין צוזאמענהאנג מיט דערדאָזיקער פראגע (די דיסקוסיע ארום שאָלעם-אליינכעמען א. אנד.).

עס וואָלט אָבער געווען, פארשטייט זיך, נאַיוו צו ריידן וועגן עליע קאהאנען, ווי וועגן אן אויסגעפּאָרמירטן, פולקאָמען הומאָריסט און זוכן דערביי בא אים די אלע אויבנויסגע-רעכנטע סימאָנים, וואָס כאראקטעריזירן דעם הומאָר.

עליע קאהאנס הומאָר, ווי זיין שרייבן אין אלגעמיין (פאראן בא אים אויך ניטהומאָ-ריסטישע דערציילונגען), איז נאָך היפש רוי און פארמאָגט נאָך אין זיך אלע סימאָנים פון אָנפאנגעריי און עקספּערימענטאלן פרווו. עס לעבן נאָך בא אים אָפּטמאָל צוזאמען, „אפ דיזעלבע רעכט״, עלעמענטן פון פארטיפערטן ליריזם און אויבערפלעכלעכער, אפילע באנא-לער וויץ, פארטיפערטע פסיכאָלאָגיש-דיפערענצירטע, טיפּיש-פאראלגעמיינערטע שילדערונג, און איינצייטיק, גאנצ צוויילהאפטע, עמפּיריש-קריכנדיקע פאסמאָקעווען און כאָכמענען זיך „גלאט אין דער וועלט אריין״. ניטאָ נאָך דער געהעריקער געפיל פון מאָס און וואָג, די געשליפנקייט און לאַקאָנישקייט, וואָס איז אגעוו באזונדערס וויכטיק פאר אָט דעם קליי-נעם נאָוועלע- און מיניאַטורן-זשאנער, ניטאָ נאָך די געהעריקע אידייִש-סיוזשעטישע קאָנ-צענטרירטקייט און קלאָרע פערספּעקטיווע באלויכטונג.

דאָס זיינען אלצ אזעלכע „שוואכקייטן״, וועלכע פאָדערן, ווי באוווסט, אסאך דערפאַ-רונג, ערנסטע און סיסטעמאטישע ארבעט פון יעדן שרייבער ביז ער אנטפּלעקט זיך אינ-גאנצן אין זיין שעפערישער גרויס און מעגלעכקייטן.

אָבער ניט דאָס איז אין געגעבענעם פאל דאָס וויכטיקסטע.

וויכטיק איז דאָס, וואָס מיר האָבן פאר זיך א יונגן, טאלאנטפולן שרייבער, וועלכער האָט בעסער אָדער ערגער אופגעדעקט א באזונדער ווינקל פון אונדזער געזעלשאפטלעכן ארום, אן אייגנארטיקע גאלעריי פון געשטאלטן און שטייגערישע דערשיינונגען, און דאָס אלצ באוויזן אין גרונט ניט פורימאניש-טרוקן און סכעמאטיש, מיט א געמאכטן ערנסט און לאנגווייליקן קינסטלעכן פאטאָס, נאָר אפ א גאנצ „פּאָשעטן״, „זינדיקן״, רעאליסטישן אויפן און אמכאָדיק-מונטער.

מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייט, און ס׳איז עפשער דערווייל גאָרניט נייטיק זיך אָפּ-צושטעלן גאָר גענוי אפ אלע פּראָטים פון עליע קאהאנס שאפונג, און וועלן זיך דעריבער באגרענעצן מיט דעם, וואָס מירן פרווון אויסטיילן דאָס גרונטלעכסטע און דאָמינירנדיקע אין זיין אידעאָלאָגיש-קינסטלערישער, שעפערישער פראקטיק.

---

## 1. דער גרונט-פערסאָנאַזש

עליע קאהאנס צענטראלע געשטאלטן קאָנען איינגעטיילט ווערן אין פאָלגנדיקע דריי גרופעס:

1. ארבעטער פון ארטעל, ווארשטאט און פאבריק (יינגערע און עלטערע).
2. קאָלווירטניקעס (געוו. פּאראָרעמטע און דעקלאסירטע).
3. פּאָרשטייער פון יידישן קלער, אפּגעשטאנענע קוסטארישע פרויען א. אנד.

די ערשטע גרופּע איז געוויזן אין א מער ברייטערן פּסיכאָ־אידעאָלאָגישן און שטייגערישן אספּעקט. די דערציילונגען, וועלכע גייען אהער אריַין, זיַינען מער קאָמפּליצירט, סיַי לויט דער פאבול און סיַי לויט דעם גאנצן רעזערוו קינסטלערישע אויסדריק־מיטלען.

אהער גייען אריַין די גרונט־געשטאלטן:

הענעך פּאטשורע („א הארץ אפ וועסלעס"):
העסל פּרעס („די ליימענע קאלע");
וועליע יאָדער („בא מיר אין שפּיגל");
מאניע מינקין („אין גרינעם כוידעש מיַי");
מיטאנאָדל („פרישע היי");
פיַיטל בלאָז („פון פרילינג ביז הארבסט").

דידאָזיקע געשטאלטן געהערן סאָציַאל צו די מער־אָפּגעשטאנענע שיכטן פון פּראָלעטאריאט און ארטעל־ארבעטער, ניט געקוקט דערויף, וואָס צווישן זיי געפינען זיך אויך מער פּאָרגעשריטענע: א פּארוואלטער פון א קאָאָפּעראטיוון הויף (העסל פּרעס), אן ארבקאָר (מיטאנאָדל) און אפילע א „פּראָלעטארישער שריַיבער" (וועליע יאָדער) און דערפינדער (מאניע מינקין).

עמעס, צווישן די פיגורן פון דער געגעבענער גרופּע איז פאראן א קענטיקער אונטערשייד אין דעם גראד פון אופנעמען און באזינען דעם ארום, אין דעם אויפן פון רעאגירן אפ פארשיידענע סאָציַאלע און שטייגערישע ווידערשפּרוכן א. א. וו. אָבער אלע פארמאָגן זיי אין א היפּשער מאָס הערצער „אפ וועסלעס", אלע נייטיקן זיך נאָך אין א געוויסער „לייטערונג" און פּאָליטישער דערפארונג, קעדיי זיי זאָלן ענדלעך ארויסקומען „מיט ליַיטן גליַיכ" און ווערן „זעענדיק" אפילע „אין א פינצטערער נאכט".

דער סאמע אָפּגעשטאנענסטער צווישן אָט דעם פּערסאָנאזש איז, אָן סאָפעק, דער ארטעל־ארבעטער הענעך פּאטשורע. דער לעצטער שטעקט נאָך גאנצ פעסט, מיט ליַיב און לעבן, אין דעם אלטן לעבנשטייגער, אלטע געוווינהיַיטן און „דאָרפישן אידיַאָטיזם". איז טאקע ביזוואנען עס גייט נאָך אלצ „קעשורע", לויטן „אלטנ" גאנג, איז ער נאָך א שטיקל מענטש און איז אפילע אין א היפּשער מאָס אנטשיידן און דערפינדעריש. אָט הערט זיך איַין, ווי ער דערקלערט זיך אין „ליבע" סטאשקען דער צוקליַיבערן.

— הער זיך איַין, סטאשקע, האָסט א ליבהאָבער?

— יאָ,—האָט זיך אויסגעפּיַינט סטאשקע.

— א ליבהאָבער האָסטו, קאדאָכעס האָסטע! לאָמיר זיך בעסער דורכגיין, סטאשקעלע, אין „זאגס".

מע קאָן זאָגן, אז אפ דעם געביט איז טאקע הענעך פּאטשורע אן עמעסער „העלד", און ס'איז קימאט ניטאָ ווער עס זאָל אים פארביַיטן. דערפאר אָבער, ווען דערזעלבער פּאטשורע פאלט אריַין אינמיטן געראנגל צווישן דעם ניַיעם און אלטן שטייגער, און ער דארף נאָך דערצו אליין ווערן דער „קעמפער" מיט דעם „אומבאוווסטזיניקן עלעמענט"—סטאשקע, דאן ווערט ער שוין אינגאנצן אומבאהאָלפן און הייבט עפעס אָן מאכן אזעלכע אומגעלומפּערטע, „צעפּודזעטע" האווַיעס, ביז לעסאָף שטעלט ער זיך מאמעש אוועק „דיבאָם", און לאָזט זיך מיט דער גאנצער סטיכייִשער גוורע צערײַסן דעם קנויל, וואָס ער האָט אליינ אָנגעפּלאָנטערט:

— רעבע, הערט זיך איַין, רעבע, שריַיבט אפּגיכ א געט!...

— לאָזט א פריִער מעסאדער־קדושן זיַין...

— דערנאָכ.—שרײַט פאטשורע,—שרײַבט אפגיכ א געט!".

דער פאָרגעשריטנסטער פונ דער גרופּע איז דער „פּראָלעטארישער שרײַבער" וועליע יאָדער (אינ דער סאמע באדײַטנדיקסטער דערציילונג „בא מיר אינ שפּיגל").

ערשטנס איז ער א מוירעדיקער „אינטערנאציאָנאליסט" אונ זוכט דעריבער א געליבטע מיט א שיינער, קלינגענדיקער פאמיליע, מעג זי אפילע זײַנ ניט קיינ ייִדישע („מאטילדע, איינמאָל א נאָמענ מאטילדע"), צווייטנס, ווערט ער שרעקלעכ אופגעבראכט, ווענ ער דערזעט א ציילעמל בא דער געליבטער אפנ האלדז („אנטירעליגיעז" הייסט דאָס), אונ דריטנס, קאָנ ער ניט פארטראָגנ מאטילדעס פאָטער, דעם ספּעקוליאנט, וועלכער האָט געהאט די האָזע בעטנ בא אים, דעם קאָמיוגיסט, א פּראָטעקציע:

„מיר פארדריסט שטארק די אָפנקײַט פונ זײַנ ריידנ, זײַנ איבערצײַגונג, אז ער קאָנ מיר, א קאָמיוגיסט, פּאָשעט אונ אָפּנ זאָגנ, איכ זאָל העלפנ אים—א נעפּמאנ, א סוינע.

איכ ענטפער הארט:

— איכ קאָנ אײַכ גאָרניט העלפנ".

מע דארפ דאָ, אגעוו, באמערקנ, אז דאָס איז ביכלאל די איינציקע, מער פארשארפטע „קאָליזיע" אינ דעם גאנצנ בוכ. אינ די „צוזאמענשטויסנ", וועלכע קומענ פאָר אינ די איבעריקע דערציילונגענ, איז שווער צו געפינענ נאָכ אזא מינ „פארשארפטע" סיטואציע, ווי אינ די באציִונגענ צווישנ מאטילדענ, וועליע יאָדער אונ מאטילדעס פאָטער. באם כאראקטעריזירנ אונ שילדערנ דעם נעפּמאנ דערגייט שוינ דער אווטאר טיילווײַז ביז אָפענער סאטירע:

„ער ציט עפּעס אָנ א מוטנעקײַט אפ זײַנ וואסערדיקנ פּאָנעם. ער פארגעדיכטעט אביסל די אויגנ אונ צעטרייסלט די ליפּנ, דערנאָכ קוועטשט ער אופ די ליפּנ, לאָזט דורכ זיי א קליינע עפענונג, אונ דורכ איר לאָזט ער ארויס ווערטער דינינקע, שפּיציקע".

אויכ דער געוועזענער שוסטער וועליע יאָדער גייט ניט ארויס פונ די ראמענ, אונ איז איבערגעפולט מיט דיזעלבע שטימונגענ אונ געפילנ, קימאט מיטנ זעלבנ גערדאנקענגאנג, וואָס די העלדנ פונ די איבעריקע דערציילונגענ פונ דעם מינ. זײַנ ציִענ זיכ נאָכ דער נעפּמאנישער טאָכטער, זײַנע „היציקע געדאנקענ" אונ געפילנ, וועלכע „שווימענ האסטיק אָנ א ציל" א. א. וו.—דאָס אלצ איז טאקע מער ניט ווי א „העכערע שטופע" פונ דעמזעלבנ דערמאָנטנ האלב־פּראָלעטאריזירטנ שיכט.

ענלעכע שטריכנ זײַנענ אויכ כאראקטעריסטיש פאר די איבעריקע פּערסאָנאזשנ פונ דער גרופּע: העסל פּרעס האָט, נעבעכ, „איבערבלײַבענישנ פונ דער אלטער געזעלשאפט", ווי ער איז זיכ אליינ מודע; מאניע מינקינ דער דערפינדער „שפּײַט אפ דער וועלט" אונ האָט עפּעס זייער אסאכ „ליבע־געשיכטעלעכ", מיטאנאָדל, דער ארבקאָר, בענקט אינ פאבריק נאָכ „פרישע היי"; פּײַטל דער שלאָסער, וועלכער האָט שוינ אפילע „אײַנגעשרומפּטע אויגנ אינ זײַנ פאראײַזנטנ פּאָנעם", פארמאָגט נאָכ אָבער אויכ אסאכ „קוסטארישע" סענטימענטנ.

---

די צווייטע גרופּע געשטאלטנ (קאָלווירטניקעס) איז דעריקער קאָנצענטרירט אינ דעם אָפּטייל „קאָלווירטישע פעלדער". אויסערדעם קאָנ מענ נאָכ אהער אויכ צורעכענענ די צוויי דערציילונגענ: „הײַנטיקער ווינטער" אונ „די ציגער אינ געפּענקעניש" (ערשטער אונ דריטער אָפּטיילנ). אָט די לעצטע צוויי דערציילונגענ זײַנענ אגעוו אינטערעסאנט דערמיט, וואָס זיי דריקנ טיילווײַז אויס די פּראָבלעם פונ צוזאמענשלוס צווישנ שטאָט אונ דאָרפ.

אין דער ערשטער דערציילונג קומען צופאָרן פון שטאָט ארטיסטן און א לערערקע אין קאָלווירט מיטהעלפן דער קאָלעקטיוויזאציע. אין דער צווייטער—איז די צוזאמענשלוס־אידייע פארקערפערט אין די צוויי „געפאנגענע" רויטארמייער־אויסשפירער: וואָראָבייטשיק (ארבעטער) און פעטרושענקאָ (קאָלווירטניק).

דאָס כאראקטעריסטישע פאר די געשטאלטן פון דער צווייטער גרופע באשטייט אין דעם, וואָס אויך זיי געפינען זיך אין פראָצעס פון איבערגעבורט, וואָס זיי טראָגן נאָך בעמיילע אין זיך שפורן פון זייער פריערדיקער קליינבירגערלעכער אָפּשטאמונג, וואָס דאָס נייע גייט בא זיי שטענדיק בולעט איבערגעפלאָכטן מיט דאָס אלטע, דאָס באדייטנדיקסטע איז צוזאמענגעוועבט מיט דאָס קליינלעכע, דאָס קאָמישע מיט דאָס טראגישע א.א.וו. אויך אָט די געשטאלטן שיידן זיך פאנאנדער לויט זייערע באזונדערע האסאָגעס, קלענערע אָדער גרעסערע אנטוויקלונג-שטופע, סימפאטיעס און אנטיפאטיעס, און אויך פאר די פּיגורן איז כאראקטעריסטיש, וואָס זיי אלע ווערן „געליַיטערט" און שטרעבן זיך צו פארייניקן צו דער נייַער סאָוועטישער ווירקלעכקייַט, צום פּראָלעטארישן לעבנשטייגער און וועלטבאנעם. אָט דאָס שטרעבן זייערער איז נאָך ניט דורכגעדרונגען מיטן אקטיוון, רעוואָליוציאָנערן קאמף, און טראָגט נאָך אין זיך היפּש קענטיקע עלעמענטן פון האכנאָעדיקן, לעסברייערדיקן אונטערגעבן זיך, פון טראגי־קאָמישן וואקל, סטיכיייִשן אופברויז, אנטוישונג און גלויבן.

פונדאנעג איז קעדייַ אויסצוטיילן פאָלגנדיקע צענטראלע פערסאָנאזשן:

ר ע ב  ק ו ש ע (פון דער דערציילונג: „הייַנטיקער ווינטער");

א נ  ע ל ט ע ר ע ר  ק אָ ל ע ק ט י וו י ס ט („קלאָר ווי דער טאָג");

ד ע ר  נ ייַ ע ר  י א ט ל  ע ל י אָ צ ע („אייניקלעך");

ר ע ב  י ו י נ ע („א רעוואָליוציע קעגן דער ווייַב");

ר ע ב  ל י פ ע („גאנאָווים");

ד ע ר  א ל ט ע ר  ב ע ר ע („אונדזערע זין פאר אייַערע טעכטער");

ד ע ר  ק אָ מ ו נ א ר  ג ד א ל י ע („נישקושע, פור, פור");

ס י מ כ ע („ס'איז א גאנץ פּאָשעטע זאך");

ר ע ב  א י ס ע ר („רעב איסער, זאָגט עפּעס");

מ י כ ל  א ו נ  ע ל י אָ צ ע („דער קאָלעקטיוו האָט זיך אפּ א שאָ אָפּגעשטעלט").

רעב קושע פון ייִדישן (שפעטער אינטערנאציאָנאלן) קאָלעקטיוו איז א „כאראקטערנער ייִדל". און ניט נאָר רעב קושע, נאָר „די גאנצע מישפּאָכע רעב קושעס איז אן אינטערעסאנטע". לויט די ווערטער, וואָס רייַסן זיך ווי „צופעליק" ארויס פון רעב קושעס מויל און פון זייַן ווייַב יאָכע, און אויך לויט אנדערע סימאָנים, איז צו זען, אז דאָ האָבן מיר פאר זיך א פּאָרשטייער פון א געוועזענעם גאנצ־אייַנגעפונדעוועטן, באלעבאטישן שיכט:

„מיר האָבן אביסל א טאָעס געהאט אין כעזשבנ... א זאוואָד באקומען, א גוטע גערעטעניש,—האָבן מיר געמיינט, אז ס'וועט זיך גיין אזוי פּאַוואָלינקע, מירן עפּעס אָנלעבן...

— באלעגופים ווערן—ווארפט זי (די לערערקע) ארייַן א וואָרט.

— פע! וואָס דארפט איר אזא מיִעסן וואָרט... כ'מיין, לייַטיש לעבן, זיך אזויפיל גע־מוטשעט, לאָמיר זיך איצטער אָטכייַען, אָפּציִען דעם אָטעם..."

אָדער אזא מין געשפּרעך:

„איר ווייסט, קאָלעקטיוויזאציע איז זייער א גוטע זאך!

שמייכלט ער, רעב קושע, זי איז געקומען אגיטירן אים פאר קאָלעקטיוויזאציע, אז ניט ווייס ער ניט.

— איר ווייסט, א קאָלעקטיוו איז זייער א גוטע זאך.

— זייער א גוטע זאך, א קאָנפעטקע—איז מאסקים, שמייכלענדיק, רעב קושע.

— איר ווייסט, ווען איך קאָן נאָר, פארבלײַב איך אין קאָלעקטיוו...

דאָ כמורעט ער שוין אָן דעם פּאָנעם, רעב קושע. אלע שטאָטיקע האָבן עס ליב צו זאָגן. ווען מ׳שיקט זי, די קליינע, אין אבאָרע מעלקן די בעהיימעס...״.

דער געבראכטער גרעסערער אויסצוג איז נאָך אינטערעסאנט דערמיט, וואָס ער דעקט אוף איינצײַטיק געגוג בולעטע כאראקטער־שטריכן: פון דער ניט־דערפארענער, נאַיווער לערערן, וועלכע ווערט אגעוו שפעטער איבערגעבאָרן—ניכטערער; פון דעם אופגעלייגט־איראָניזירנדיקן רעב קושע און פון דעם אוטערישן שעפערישן צוגאנג גופע. די כאראק־טעריסטיק פון דער לערערן און איר שפראך־סטיליזאציע, ניט נאָר אין געגעבענעם פאל, נאָר באזונדערס אביסל שפעטער, גייט שוין באדײַטנד לויט די געוויינלעכע, סכעמאטישע רעצעפּטן. די לעוערקע אליינ רעדט זייער וויניק. מיר דערוויסן זיך נאָר, אז „ווי פײַער־שטיינער טרעפן אירע ווערטער״ און אז „די פויערים קוקן אפ איר מיט פארגאפטע פּנעי־מער״ א. אנד. באקאנטע וואָרט־באצייכענונגען.

יעדער איינציקער פון די פיגורן פון דער געגעבענער גרופּע דריקט מיט זיך אויס א באשטימטע וואריאציע פון געדאנקען, שטימונגען, אסאָציאציעס און אפילע אויסערלעכע באוועגונגען, וועלכע זײַנען כאראקטעריסטיש פאר אָט די נאָר־וואָס געוואָרענע פרישע קאָ־לעקטיוויסטן, געוועזענע דעקלאסירטע, פאראָרעמטע קרעמער און האָרעפּאשניקעס, יינגערע און עלטערע. אָט רעדט, אשטייגער, דער שוין דערמאָנטער „עלטערער קאָלעקטיוויסט״:

„...אפּ 20 פּראָצענט הייבן די גערעטעניש... דאָס איז א געדאנק... עס דארף זײַן א גרעסערע פארינטערעסירונג אין דער ארבעט... דאָס איז מיט סייכל—אָבער...״

אָבער ווי עס קומט צו א „נײַער זאך״, ווי לעמאָשל, אײַנפירן נאָרמירונג פון ארבעט א.א.וו. זײַנען זיי, „די אלטע״ קעגן: ס׳איז א נײַע זאך, זאָגן זיי, ווער ווייס, וואָס עס קאָן פון דעם ארויסקומען״.

„— אלץ די יוגנט, זי וויל אלץ אין אירע הענט פארכאפּן״ (די רייד פון אלטן בערע. דאָרטן).

פאר די אלטע איז בלויז גענוג, אז ס׳איז מיט „געדאנק״ און מיט „סייכל״.

דער נײַער יאטל עליאָצע וויל ניט ווערן קיין פאסטעך. אים שטייט פּאָשעט ניט אָן:

„— מײַן זיידע און מײַן עלטער־זיידע זײַנען קיין פאסטעכער ניט געווען און איך וועל אויך ניט גיין פאר א פאסטעך״.

זיין זיידע, פארשטייט איר מיך, איז געווען א כאזן.

רעב יוינע, דער גאַון. באלעגאָלע, איינער פון די ערשטע אָרגאניזאטערן פון קאָלעק־טיוו, האָט נאָך צו טאָן מיט אזא מין איניען, ווי מאכן „א רעוואָליוציע קעגן דער ווײַב״ און רויכערן א פאפּיראָס אום שאבעס:

„— כ׳ווייי, פרום, ווער איז עס בא הײַנטיקע יאָרן פרום, ער איז אָבער ניט מעכוייעוו צו מאכן זיך „שקאָציש״, מע איז שוין עפּעס אן עלטערער ייִד, א ייִד מיט א גריוועֹ״.

און אויב ער האָט פונדעסטוועגן באשלאָסן צו רויכערן א פאפּיראָס אומשאבעס, איז עס ניט גלאט אזוי, נאָר אין דעם ליגט שוין א „געדאנק״:

„אויב ער ארבעט שאבעס, פארוואָס זאָל ער ניט טאָרן פארויכערן א פאפּיראָס?

דער אלטער רעב ליפּע, דער היטער פון דעם פּרוכט־סאָד אין קאָלעקטיוו, פירט זיך נאָך גאָר־גאָר לויטן אַלטן שטייגער, און אויב ער כאַפּט דעם „אָפּגעריסענעם שוסטערל און פאַסטעכל פון דאָרף" באַם גאַנוועענען ביימער, לאָזט ער זיך די ערשטע זאַך דערלאַנגען פּעטש. מיט אַזאַ מין רעציכע און געשמאַק! דאָסזעלבע טוט נאָך אויך די „צעהיצטע יונגוואַרג".

און דאַפקע דער „אָפּגעריסענער שוסטערל" אַליין פאַרשטייט שוין אין דעם איניען אַסאַך בעסער די „פּאָליטגראַמאָטע". ער האָט גלײַך דערטאַפּט דעם שוואַכן אָרט און מיט וואָס מע קאָן „נעמען":

„— אַמאָל איז געווען דער פּאָרעץ, איז מען געגאַנגען צו אים גאַנוועענען, האָט דער פּאָרעץ געשלאָגן. דעם אָרעמאַן האָט מען שטענדיק געשלאָגן. איצט איז אַ קאָלעקטיוו שלאָגט מען קאָלעקטיווע...".

דער אלטער בערע („אונדזערע זין פאַר אײַערע טעכטער") איז אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס ער זוכט עפּעס אַ פאַרבינדונג צווישן דעם הײַנט און נעכטן. עס ווילט זיך ניט איבערײַסן דעם פאָדעם. ער טראָגט זיך נאָך אַרום מיט זײַנע „שאַבעסדיקע געדאַנקען". ער האָט אייגנטלעך גאָרניט קעגן דעם, אַז דער קאָלעקטיוו זאָל זיך אינטערנאַציאָנאַליזירן, אַז זײַן טאָכטער זאָל „אַרומבלאָנדזשען" מיט יעראָשקע, דעם קאָמיוגיסט פון פּאָסיאָלאָק", ער זוכט אָבער אומבאַדינגט עפּעס אַ מין „העטער, אַ באַרעכטיקונג אין דעם טראַדיציאָנעלן יידישן אַרסענאַל, און ער דערמאָנט זיך גראָדע די מײַסע מיט שכעמען פון כומעש: „אונדזערע זאָלן זײַן אײַערע און אײַערע—אונדזערע. אונדזערע זין וועלן נעמען אײַערע טעכטער, און אונדזערע טעכטער וועלן מיר געבן פאַר אײַערע זין...".

אַ זייער טרעפלעכער, פּסיכאָ־אידעאָלאָגישער, רעאַלער שטריך.

דער קאָמונאַר גדאַליע, דער „געזונטער באָכער" דאַרף שוין מיט זיך פאָרשטעלן אַ מער העכערע מאַדרייגע פון איבערגעבורט אין פּראָלעטאַריש־קאָלווירטישן גײַסט. מיר הערן שוין בײַ אים ניט קיינע אָפּשלוקערצן פון עפּעס אַן אַמאָליקער, קלאַסן־פרעמדער פאַרגאַנגענהײַט, אָבער ער איז נאָך זייער בלייך באַוויזן געוואָרן, ווי ביכלאַל די מער־פּאָרגעשריטענע געשטאַלטן בײַ עליע קאַהאַנען: די קאָמיוגיסטן, די לערערקע א. א. וו.

סימכע דער „שויכעט" („ער קוילעט די בעהיימעס פאַר דער סטאָלאָווקע. ער האָט אַמאָל געזונגען, ווי דער שויכעט קוילעט") און די קליינע העניע־בראָכע זײַנען ביידע אויפגעריכט געוואָרן: דער ערשטער האָט זיך אויסגעלערנט „קוילענען" כאַזיירים, און די צווייטע האָט געמאַכט אַ לאַנגן רוט און פאַרלאָזן דעם שפּיל מיט די קינדער פון „פּאָסיאָלאָק" און גייט שוין „טרײַבן די כאַזיירים", און אַז מע קוילעט אפילע אַ כאַזער, איז שוין איר אויך ניט „סטראַשנע".

דער נײַער קאָלווירטישער שטייגער הייבט אָן ווערן פאַר סימכען און פאַר די איבעריקע „אַ גאַנץ פּאָשעטע זאַך".

רעב איסער, דער געוו. קרעמער איז געווען געצווינגען צו שווײַגן און פירן „אינדערשטיל" זײַנע כעשבוינעס, און איצט האָט אים דער קאָלעקטיוו ראַדיקאַל איבערגעמאַכט, ווײַל ער „וווּנדערט זיך אַליין", פונוואַנען האָט זיך עס געעפנט בײַ אים „דער קוואַל פון ווערטער", מיט וועלכע ער האָט שטרענג אויסגעמוסערט די צוויי באָכערימלעך־פליִערס יאָמע און פּיישקע:

„— ס'איז ביזע־ביזוינעס, איר זײַט געקומען טויגעניכצן, פוסטעפּאַסניקעס. איר הערט, וואָס איך זאָג? און מיר האָבן אײַך געמאַכט פאַר מענטשן, אַז אָך און וויי צו אײַערע

יאָרן, זײַט איר פעט געוואָרן, און איר האָט זיך גענומען בריקען, לײַדאקעס, איר זײַט יונגע, איר דארפט עס דער סאָוועטסקער וולאסט העלפן דורכפירן די אידייע פון קאָלעקטיוויזאציע, איז מיט אײַך וועלן מיר עס בויען א נײַעם לעבן, איר הערט, וואָס איך זאָג אײַך? איר זײַט ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אײַך, וואָס די מוטער האָט אײַך געהאט.. גייט אײַך געזונטערהייט. מירן קריגן אנדערע, בעסערע. די אידייע פון קאָלעקטיוויזאציע מוז מען פארשטיין״.

רעב איטערס רעדע ווערט טראקטירט ווי א מאָמענט פון סטיכיייִשן, פלוצלונגדיקן קאָלעקטיוויסטישן אופברויז בא א גען. קרעמער און שוין איצטיקן האָרעפּאשנעם קאָלעקטיוויסט.

מיכל און עליאָצע (באזונדערס דער צווייטער), און צוזאמען מיט זיי אלע איבעריקע קאָלעקטיוויסטן, דריקן מיט זיך אויס די נאָך ניט אויסגעלעבטע קנעכטישע באציִונג צו דער ארבעט. די טײַנעס פון עליאָצען זײַנען טאקע גאנץ טיפּישע:

„— ווייסט ניט פאר וועמען מיר האָרעווען?!"

„— ווייסט ניט פאר וועמען מיר שוויצן?"

די איבעריקע קאָלעקטיוויסטן זײַנען אגעוו געוויזן קאריקאטוריש־פאראלגעמיינערט דעריקער איז ניט ריכטיק און שערלעך באוויזן געוואָרן דער פאָרזיצער פון קאָלווירט, וועלכער „האלט הייך זײַן קאָפּ און באמערקט קיינעם ניט״:

„— לאכודרעס. אָט אזוי ארבעט מען דאָס? עס ליגן א פאָר באָכערים און פילענגעווענ זיך. דונײַרים, איר דארפט זיך מיט א דובינע אײַנדויבען אין קאָפּ, אז מע דארף ארבעטן..״

נאָך אָט דעם „דערציִעריש״־פריצישן אָנגעשריי שטעלט מען זיך ערשט צו דער ארבעט:

„די באָכערים נעמען זיך, פאר די פערד. די מיידלעך טראָגן ווײַטער די קאנען. מע גראבלט דעם טאָרף. מע רײַסט אוגערקעס. דער קאָלעקטיוו ארבעט״.

נישקאָשע פון א „קאָלעקטיוו״!

---

די דריטע גרופּע פערסאָנאזשן פארנעמט שוין בא עליע קאהאנען א קלענערן אָרט און איז קאָנצענטרירט דעריקער אין דרײַ „קליינע דערציילונגען״, פון וועלכע צוויי זײַנען געווידמעט ספּעציעל די פאָרשטייער פון קלער און איינע — די אָפּגעשטאנענע קוסטארישע פּרויען.

דער ראָוו רעב פייסעך און דער שויכעט („פארלאָפן דעם וועג״) פארקערפערן מיט זיך די באַדנלאָזיקײַט פון דעם ייִדישן קלער אין די סאָוועטישע באדינגונגען, אדאנק, וואָס גרויסע טיילן פון זיי ווערן דערפירט ביז פולשטענדיקער מאטעריִעלער און מאָראלער קאַפּיטוליאציע.

דער „סאָוועטסקער מויעל״ און דער מאניקיור־מאכער („מאניקיור״) שפּיגלען מיט זיך אָפּ דעם מאָמענט פון צופּאסן זיך צו די סאָוועטישע באדינגונגען מיצאד אייניקע פאָרשטייער פון רעליגיעזן קולט און יענע סאָציאלע עלעמענטן, וועלכע אונטערשטיצן נאָך אַפּ דעם אָדער יענעם אופן די רעליגיִעזע און קלעריקאלע אונטערנעמונגען.

די קוסטארישע ווײַבער דוואָשע, יאכנע א. אנד. („צעפאלן דער מאצע־פּאָדריאד״), זײַנען אן אויסדרוק פון יענע אלטע שטימונגען, געפילן און געוווינהײַטן, וועלכע הערשן נאָך אין די רייען פון די קוסטארישע אָפּגעשטאנענע פּרויען, אין דער צײַט, ווען זייערע מאנען זײַנען שוין אוועק „גאנץ ווײַט״:

איינער איז אַן „אָטוועסטטוועגער“ („קאָאָפּאָלנאַמאָטשענער“ אין דער קוסטארן־געזעלשאַפט), דער אַנדערער האַלט זיך נאָך פאַר „א קוסטאר פון 5־טן יאָר, וועלכער האָט דאַן אָפּגעגעבן אַן אַלמער פאַר דער באַריקאַדע“ א. א. וו. אין די מויכעס פון דידאָזיקע ווײַבער הערשט נאָך אַן עמעסער קאַלאַמבור פון אַלטן און נײַעם.

---

אָט די דערמאָנטע דרײַ גרופּעס גרונט־געשטאַלטן (באַזונדערס די ערשטע צוויי) פאַרנעמען דערווײַל דעם אוטערס הויפּט־אויפמערקזאַמקײַט. אויסער זיי ווערן נאָך איינצײַטיק אַרויסגעפירט פאַרשיידענע אַנדערע פיגורן און פערסאָנאַזשן, וועלכע זײַנען צעזייט אין יעדער דערציילונג און פאַרנעמען שוין א צווייטראַנגיקן, דריטראַנגיקן אָרט, אָפּהענגיק פון דער צענטראַלער געשטאַלט, אידייִש־טעמאַטישער טענדענץ א. א. וו.

---

## די אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אויסדריק־מיטלען.

שוין אין דער ערשטער דערציילונג „א האַרץ אַף וועסלעס“ האָט זיך אַנטפּלעקט דעם אוטערס אייגנאַרטיקער שעפערישער רעזערוו. די ערשטע גרופּע דערציילונגען איז נאָך אינגאַנצן צעמענטירט און באַאַרבעט מיט דיזעלבע קינסטלערישע מיטלען. ערשטנס,—די ליבע־פּאַבולע און, צווייטנס—די פּראָפּעסיאָנאַליזמען.

די ליבע־פּאַבולע שפּילט דאָ בא עליע קאַהאַנען די וויכטיקסטע קאָמפּאָזיציאָנעלע ראָלע. אַרום דער „ליבע־געשיכטעלע“ ווערט קאָנצענטרירט די גאַנצע האַנדלונג, די גאַנצע סיוזשעטישע פאָרמירונג. ניט אומזיסט ווײַזט דער אוטער אַרויס אַזאַ מין „גענױטיקײַט“ אין דעם איניען. מע קאָן מאַמעש צונויפשטעלן א טאַשן־קאָדעקס פון די דורכויס צעזייטע און צעשפּרייטע אוטערישע סענטענצן און וואָרענישן וועגן אָט דעם „אייביקן אומגליק אַף דער וועלט“.

וואָס איז שײַעך די פּראָפּעסיאָנאַליזמען, איז אויך נים נייטיק צו ברענגען בײַשפּילן און איליוסטראַציעס. דאָס וואַרפט זיך אין די אויגן אַף שריט און טריט. יעדער קלענסטער סטיל־קאָמפּאָנענט און ביכלאַל די גאַנצע לעקסיק פון די געגעבענע דערציילונגען איז דורכגעאַקערט און דורכגעגראָבן מיט פּראָפּעסיאָנאַליזמען. אויך אין די איבעריקע קלענערע דערציילונגען פון קאָלווירט באַנוצט זיך דער אוטער זייער גערן און געלונגען, ווו נאָר ס'איז מעגלעך, מיט דיזעלבע קינסטלערישע מיטלען.

יוינע דער געוועזענער באַלעגאָלע, לעטאָשל („א רעוואָליוציע קעגן דער ווײַב“), דריקט זיך אויס; „...מע איז שוין עפּעס... א י י ד מ י ט א ג ר י ו ו ע“ (זע פּריער).

„די ווײַב האָט אים אַרײַנגעשאָטן אַזויפיל קלאָלעס, אַז, דאַכט זיך, א פּ אָ ר פ ע ר ד וו אָ ל ט נ ז יי נ י ט פ א ר ש ל ע פּ נ“.

„ער פאַרקרימט די ד ו ה ע ס, וואָס אַף זײַנע אויגן“ א. א. וו.

אַביסעלע ניט „באַקוועם“, אין דעם זין, פילט זיך דער אוטער, ווען ער איז ווייניק באַקאָנט מיט זײַן מאַטעריאַל. דאָס קאָן מען לײַכט באַמערקן, ווען מיר זאָלן פאַרגלײַכן די דערציילונגען, ווו עס פיגורירן דעריקער שוסטער און שנײַדער („א האַרץ אַף וועסלעס“, „די ליימענע קאַלע“), מיט די דערציילונגען, ווו עס ווערן געשילדערט דרוקער, שליאָסער א. אנד. („אין גוינעם כוידעש מײַ“, „פון פרילינג ביז האַרבסט“). אין ערשטן פאַל קאָן

ער פרײַ סטיליזירן און פאראַדירן ניט נאָר אין דער דריסער פערזאָן, און ניט נאָר אויסערלעך, נאָר אויך די דירעקטע רייד פון דעם פערסאָנאַזש; אין צווייטן פאַל ווערן די פּראָפעסיאָנאַליזמען דעריקער אויסגענוצט אומדירעקט און מערער—צוליב אויסערלעכע באַצייכענונגען (אוטערישע פארגלײַכונגען, באַצייכענונגען, צונעמישן א. א. וו.). די דירעקטע רייד פון פערסאָנאַזש זײַנען שוין דאָ טאקע ניט אַלעמאָל נאַטירלעך און געלונגען.

די ניט גענוגנדיקע באַקאַנטקײַט מיטן שילדערונג־אָביעקט ברענגט אמאָל אויך דעם אוטער צו „אומדערווארטעטע“ קוריאָזן (וועגן דעם שפּעטער).

אן „אויסנאַם“ פון דער נאָר־וואָס געמאכטער פּאַראַלעגמײנערטער באַמערקונג איז די דערצײלונג „פרישע היי“, ווו די הויפּט־פיגור, מיסאַנאָדל, איז אי א שנײַדער, אי אַן ארבקאָר דערצו, און דער אווטער סטאַרעט זיך דעריקער „אָנקוועטשן“ אפ דעם, וואָס דער העלד איז אַן ארבקאָר. דער גאַנצער סיוזשעט צילט טאַקע איבערהויפּט אין דעם געגעבענעם פּונקט.

אין די דערצײלונגען פון די איבעריקע צווי גרופּעס, פאַרנעמען דעם ערשטן אָרט דעריקער די מער־שמאַלערע, שטייגערישע דעטאַל, אויסערלעכע געשעעניש און שפּראַכלעכפּסיכאָלאָגישע (אין טאָכ· געוועמענ—ווידער „פּראָפעסיאָנעלע“) סטיליזאַציע. די שטייגערישע געשעעניש דינט דאָ, ווי דער אויסגאַנג־פּונקט, ווי דער פּאָבוליאַרישער רוקנביין, און די סטיליזאַציע—ווי דער הויפּטמיטל אפ אויסצודריקן דאָס אויסערלעכע און אינערלעכע כאַראַקטעריסטישע פאַר דער אָדער יענער פערזאָן אָדער דערשײַנונג, אפ אויסצופאָרמירן און אָנפילן יעדע סיוזשעטישע דעטאַל.

מען דאַרף אונטערשטרײַכן, אַז דאַפּקע דאָ גיט זיך אַמאָל אײַן דעם אוטער אַסאַך נאַטירלעכער און לאָקאַנישער אופדעקן דאָס אינערלעך־טיפּישע און באַדײַטנדיקסטע. דאָס באַווײַזט, אַז עליע קאַהאַן האָט אַלע מעגלעכקײַטן צו פאַרברייטערן זײַן שעפערישן רעזערוו, צו באַרײַכערן און פאַרטיפערן זײַנע קינסטלערישע אויסדריק־מעגלעכקײַטן.

אין דער דערצײלונג „הײַנטיקער ווינטער“ קומט פאָר אַזאַ סצענע:

„די אַרטיסטן קלײַבן זיך דאָ (אין קאָלעקטיוו) צו שטעלן א פּיעסע פונעם לעבן פון די ייִדישע פּויערים. און רעב קושע איז א כאַראַקטערנער ייִדל. שרײַט רעב קושע, און זיי קוקן אים אין מויל אַרײַן. אינטערעסאַנטע באַוועגונגען פון קינבאַק, מ׳דאַרף זיי אַראָפּכאַפּן. שרײַט רעב קושע אפ די ציינער, און זיי קוקן אים אין די ציינער אַרײַן. ביז יאַכע זײַן ווײַב קאָן עס שוין ניט צווען.

— וואָס שרײַסטו אפ דײַנע פאַרפּלאָמבירטע ציינער!“

אָט די לעצטע טראַגי־קאָמישע שורע פירט אײַך גלײַך אַרײַן אין דעם אינטימען פאַמיליעלעבן פון א גאַנצן סאָציאַלן שיכט. ענלעכע ערטער קאָן מען בא עליע קאַהאַנען טרעפן זייער אַסאַך אין אַלע דערצײלונגען (דערמאָנט זיך דאָס כאַראַקטעריסטישע שאַדכענען זיך פון העניכ פּאַטשורע צו סטאַשקען. פריער), אָבער אין די געגעבענע דערצײלונגען איז עליע קאַהאַן „געצוווּנגען“ צו לייגן מער אַכט אפ אָט די באַצייכענונג־מיטלען און ער דערגרייכט דאָ טאַקע א געוויסן דערפאָלג.

אין דערזעלבער דערצײלונג ווערט אויך פאַראָדירט און אימיטירט דער אייגנאַרטיקער פּראָפעסיאָנעלער אַרטיסטן־לעקסיקאָן:

„פעלדער געפּאַסעוועטע?—אינטערעסאַנט. א פּליושקענדיקער ברונעם?—ביז גאָר אינטערעסאַנט. א ייִדישער קאָלעקטיוו?—א־אַכ! ס׳איז דאָך זייער אינטערעסאַנט!!!“

אזוי ארום שטויסט איר זיך שוין אָנעט מיט וועמען איר וועט דאָ האָבן צו טאָן, נאָך יידער וואָס וועמען.

ס'איז אויך קעדײַ אויסצוטיילן נאָך א קענטיקן שילדערונג־מיטל אין אלע דערציי־ לונגען פון דעם בוך—דאָס איז דער אזויגערופענער „ווערטערשפּיל": איין אויסדריק רופט ארויס א צווייטן, אן ענלעכן. אמאָל פּאַשעט לויט דער אויסערלעכער קלינגעוודיקײַט, און אמאָל—לויט דער אייגנארטיקער, סעמאנטישער, אסאָציִאַטיווער לאָגיק. פארשטייט זיך, אז גיכער פון אלץ גייט די ענלעכקײַט פון ערשטן און צווייטן אויסדריק לויט דיביידע דער־ מאָנטע סימאָנים צוזאמענגענומען.

אָט זײַנען אייניקע וואריאציעס:

„און דער הויכער און ברייטער זעצער קלאָץ מיט זײַן „פּעטן קאָרפּוס", וואָס האָט טאקע ליב צו זעצן „פּעטן קאָרפּוס (ז. 52).

„ס'איז שוין שפּעטער פרילינג... די גרעזלעך קריכן אונטערן פּיאטע, האָט מען עס הינטערן פּיאטע (53).

„בא אים ליגן א פּאָר פארטראכטע שטערן אין די אויגן. און זיי שטערן"... (ז. 56).

„העסל איז שוין גאָרניט אזוי העסלעך" (13).

„איך בין שוין צו טעמפּ פאר אײַערע טעמפּן" (69).

אָפטמאָל דערגייט עס טאקע פּאַשעט ביז א גראַם:

„איצט ביטשו יאָכע, אָפּגעשטאנענע פון דער עפּאָכע" (דאָרטן)

„דער גענעצ וויל קאָנטיק גאנווענען די גרענעצ" (ז. 63) און אנד.

מע דארף אָבער ניט מיינען, אז דאָס זײַנען גלאט אזוי „אומשולדיקע" שפּילערײַען אין ווערטער. דאָס גייט שוין דאפקע ניט ארויס פון די ראמען פון א באשטימטן קלאסן־סטיל.

די פּרימיטיווע שפּילערײַען אין ווערטער און כאָכמענען זיך איז דאָך זייער כאראק־ טעריסטיש פאר עליע קאהאנס פּערסאָנאזשן־גאלעריי און שעפערישן מעטאָד. אין אייניקע ערטער דערגייט אָט דער „שפּיל" קימאט צו באדכאָנעס:

„פון אזויפיל פּײַערלעך איז דער זאל צעהיצט, און—זײַט מיכל—אויב מאניע מינ־ קין אין פּרעזידיום שוויצ־ט" (ז. 51).

דער לעצטער בײַשפּיל לייענט זיך אפילע מיט דעם אנטשפּרעכנדיקן באדכאָנישן ניגן.

אָט די אלע אויסגערעכנטע שעפערישע, אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אויסדריק־מיטלען (ווי אויך א גאנצע ריי אנדערע, ווי, לעמאָשל, די „רונג"־קאָמפּאָזיציעס אין די דערציי־ לונגען „בא מיר אין שפּיגל" און „אין גריגעם כוידעש מײַ"; די מאנער פון איראָניזירן און איזדעקעווען זיך איבער יענעם און איבער זיך אליין א. א. וו.) זײַנען, אין פלוג גע־ נומען, ניט קיין אויסערגעווייגלעכע נײַסן, און מע קאָן עס אָפט באגעגענען אין דער „גרויסער" ליטעראטור: בא שאָלעם אליכעמען, טשעכאָוון, גאָגאָלן, מאָפּאסאנען א. אנד.; אָבער פון דער אנדער זײַט איז דאָך קלאָר, אז בא עליע קאהאנען האָבן אָט די אלע בא־ ווּסטע און באקאנטע אויסדריק־מיטלען געמוזט „טראנספאָרמירט" ווערן פּרינציפּיעל־קוואַ־ ליטאטיוו, אין העסקעם מיטן באזונדערן קלאסן־צוגאנג, קלאסן־סטיל און סאָציִאַלע פונקציע, אין העסקעם מיטן באזונדערן מאטעריִאַל און אידייִש־שעפערישן פארנעם. דעריבער זעען בא אונדז טאקע אויס עליע קאהאנס דערציילונגען אייגנארטיק־נײַ, פריש און זעלבשטענדיק.

# שוואכע ערטער

מיר האָבנ שוינ אויבנ פאַרבײַגײיענדיק אָנגעוויזנ אפּ אײניקע וויכטיקע בלויזנ אינ עליע קאהאנס שאפונג, וועלכע זײַנענ א רעזולטאט פונ זײַנ וויניקער דערפאַרונג, אונ—לאָמיר נאָכ צוגעבנ—קנאַפּער ארבעט איבער זיכ אונ זאָרגלאָזער זעלבסטצופרידנקײַט. אינ אלגעמײנ, ווי געזאָגט, האָבנ דידאָזיקע „שוואכקײַטנ" א קלענערע אָדער גרעסערע באַרעכטיקונג אונ זײַנענ עפּשער גאנצ נאטירלעכ. אָבער אײניקע פונ זײ איז קעדײַ אויסטײלנ באַזונדער, קעדײ באַצײַכנס זײ אויסצולעבנ אונ זיכ אינגאנצנ פונ זײ צו באַפרײַענ.

ערשטנס—די ניט אלעמאָל ריכטיקע פּרינציפּיעל־קינסטלערישע באַלויכטונג אונ טראַקטירונג פונ דער דערשײַנונג, אפּ וואָס מיר האָבנ שוינ טײלווײַז אָנגעוויזנ (צ. ב. אינ דער דערצײלונג—„דער קאָלעקטיוו האָט זיכ אפּ א שאָ אָפּגעשטעלט" אונ אנד.) די פּראָבלעמ פונ דערציִונג אונ איבערגעבורט פונ זײַנע געשטאלטנ, פונ זײער מאטעריעלער אונ גײַסטיקער, שטײגערישער רעקאָנסטרוקציע, נעמט אופּ דער אווטער אינ גרונט גענומענ עקיסטישזאָרגלאָז, צושויעריש, לויט א מינ סטיכײישער אינערציע. עמעס, די סימפּאטיעס פונ אווטער אונ זײַנע גרונט־געשטאלטנ (אויסער די אָפּנ־אנטיסאָוועטישע פיגורנ, וועלכע זײַנענ אנגעוו פאָרגעשטעלט זײער וויניק אונ זײער בלײכ) זײַנענ קלאָר געווענדט צומ נײַעמ סאָציאַליסטישנ לעבנשטגײער, צומ נײַעמ מענטש, אָבער עס ווערט דערבײַ קימאט ניט געשילדערט דער פּראָצעס פונ אקטיוונ, רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ פאר אָט דעמ נײַעמ, פאר אומענדערנ דאָס אלטע צעפוילטע וירקלעכקײַט. עליע קאהאנ האָט דעריקער ליב צושויעריש נאָכשפּירנ נאָכ דער בעעמעס זײער אויסטערלישער, אָבער דעריקער אויסערלעכער שטײגערישער קאָליזיע. זײַנע געשטאלטנ בלײַבנ אינ טאָכ שטענדיק פרידלעכע, גוטמוטיקע אונ אופּבעלײגט־הײמלעכע. די שוועריקײַטנ נעמענ זײ אופּ מיט א גרינגנ געמיט, ווי עטוואָס אומפּארמײַדלעכעס, אָדער שוינ באַזיגטע אונ איבערגעלעבטע, וועגנ וואָס עס לוינט שוינ ניט צו „מאכנ קײנ גערודער".

אָט האָט זיכ, לעמאָשל, רעב קושעס ווײַב פאראקשנט, „אפּנ אלטנ שטײגער, מיט די הענט אינ די באָקעס" אונ וויל ניט אָפּגעבנ די לײַכטער פאר דער אינדוסטריאַליזאציע. וואָס טוט רעב קושע? ער הײבט איר אָנ „סטראשענ" מיט א געט, אונ עסווירקט!

„אלע מײַנע פינצטערע, ביטערע כאלוימעס. אויב עס גײט נאָר אינ די לײַכטער, זאָלנ זײ זײַנ א קאפּאָרע פאר מיר אונ פאר דיר אונ פארנ גאנצנ קאָלעקטיוו..."

נאָר אינ דעמ געגעבענעמ פאל איז עס נאָכ ניט אזוי „שרעקלעכ". אזא מינ „לײַכטעטראַקטירונג הײבט אָבער אָנ זײַנ געפערלעכ, ווענ דער אווטער ווענדט זי אָנ אויכ בענעגײע צו מער קאָמפּליצירטע קלאסנ־צוזאמענשטויסנ.

אינ דערזעלבער דערצײלונג טאקע („הײַנטיקער ווינטער") קומט פאָר א פארזאמלונג אינ א דאָרפ, ווו עס שטײט די פראגע וועגנ גײנ אינ קאָלעקטיוו. איז אָט, אפּ דער פארזאמלונג לאָזנ זיכ הערנ אזעלכע שטימענ:

„—ווי גאָט לעבט, ס'איז אנ עמעס: אָט די, וואָס טויגנ ניט פארנ קאָלעקטיוו, שטעמפּלט מענ אָפּ די פּלײצע אונ מע שיקט אינ גוּבערניע. מײַנ טאָדער האָט עס אלײנ געהערט".

אָדער:

„אלײנ איז די נעשאָמע רײנ!"

„— וואָס קלענער דער אוילעמ, אלצ גרעסער די סימכע".

„— קאָמונע! איינער זייט, דער צווייטער שנײַדט“.

פונ דעמ אלצ ווערט דער אווטער ניט ניספּאָעל. די טײַנעס טראָגנ דאָ בא אימ דעמ געוויינלעכנ, פאַראָדירטנ קאַריקאַטור־כאַראַקטער, עלעהיי—אינ א וואַנטצײַטונג. א קאַריקאַטור איבער אנ אייגענעמ אָפּגעשטאַנענעמ אַרבעטער. א פאַמיליע־איניען, ווו מע וועט שוינ ווי ניט איז דורכקומענ. די שווערקײַטנ וועלנ באַזיגט ווערנ. אימ איז נאָר טשיקאַווע נאָכשפּירנ נאָכ די אויסערלעכע קאָמישע באַוועגונגענ, וואָס די זיכ־וואַקלענדיקע פויערימ מאַכנ דערבײַ:

„— דאַכט זיכ, אז ס'איז א גלײַכע זאַכ. מע דאַרפ גיינ. א קראַצ אינ פּאַטיליצע...“

„— דאַכט זיכ, אז ס'איז ניט קיינ גלײַכע זאַכ. מע דאַרפ ניט גיינ. א קראַצ אינ פּאַ־טיליצע...“

די פויערימ ווערנ בא עליע קאַהאַנענ קנאַפּ דיפערענצירט, אפילע אינ זייער קאָמיזמ. פאַרנ אווטער זײַנענ אַזעלכע טײַנעס, וועלכע טראָגנ אפילע א קלאָרנ קולאַקישנ בײַטאַמ, ניט נאָר א געוויינלעכע, נאָר אויכ א ניט וויכטיקע דערשײַנונג. א זאַכ, וואָס איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר אלע פויערימ, אונ וויבאַלד אַזוי, האָט עס ניט קיינ באַדײַטונג, ווײַל אינ טאָכ גענומענ, זײַנענ באַמ אווטער אלע פויערימ סאָוועטיש־געשטימטע. ס'איז גענוג נאָר, אז די נאָר וואָס איבערגעבוירענע נאַיווע לערערנ זאָל אַרופגיינ אפנ בינע אונ האַלטנ א פלאַמפײַערדיקע רעדע („פײַער־ווערטער פליִענ דורכנ קראַטער פונ איר מויל“), אונ דער גאַנצער פויערישער אוילעמ הייבט שוינ די הענט אונ זינגט שוינ: „שטייט אופ איר אלע ווער ווי שקלאַפנ“. דאָס איז שוינ ניט גענוג אונ ניט פּאַסיק אפילע פאַר א „זעלבסטקרי־טיקער“.

די געבראַכטע בײַשפּילנ זײַנענ זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרנ אווטערס שעפערישנ צו־גאַנג, פאַר זײַנ טראַקטירנ די טעמע. אביסל אנ אויסנאַמ איז נאָר די דערציילונג „בא מיר אינ שפּיגל“, ווו מיר באַגעגענענ שוינ אויכ א מער לײַדנשאַפטלעכע באַציִונג צומ קלאַסנ־סוינע (מאַטיילדעס פאָטער, זע אויבנ). די געגעבענע דערציילונג איז ביכלאַל רײַכ מיט אַסאַכ נײַע סימפּטאָמענ.—אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע אונ ליטעראַריש־טעכנישע (קאָמפּאָזי־ציִאָנעלע, סטיליסטישע אונ לעקסישע), וועלכע דער אווטער וועט דאַרפנ נעמענ ווי אנ אויסגאַנג־פּונקט אינ זײַנ ווײַטערדיקנ אָרגאַנישנ וווקס. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ דעמ אַקטיוונ לירישנ טאָנ, וואָס האָט זיכ דאָ אַנטפלעקט גענוג בוילעט, אונ וועלכער פילט זיכ אינ מעשעכ פונ דער גאַנצער דערציילונג, אפילע אינ אַזא מינ „איראָניזירנדיקער“ פאַר־גלײַכונג:

„זי (דער שאָכנטעס מיידעלע) דערמאָנט מיר אָנ יענער, וועלכע איכ האָב שוינ, דאַכט זיכ, ניט ליב, נאָר וועלכע האָט זיכ פאַרקליבנ צו מיר אינ האַרצנ. איצטער מיסטיקט עס, דאַכט זיכ, שוינ דאָרטנ, נאָר איכ האָב עס נאָכ ניט אַרויסגעוואָרפנ, ניט אויסגעקערט. דאָס אינ מיר שווער. ס'איז מיר שווער, ווי א מאַמע, וואָס קלײַבט זיכ אַרויס־וואַרפנ די שמאַטעס, וואָס זײַנענ געבליבנ נאָכ איר נאָר וואָס פאַר־שטאָרבענעמ קינד“.

אז דאָס זײַנענ ניט קיינ „פּוסטע סענטימענטנ“, זאָגט איידעס דער קאָנטעקסט פונ דער גאַנצער דערציילונג.

ריידנדיק וועגנ די שוואַכע ערטער, קאָנ מענ ניט פאַרבײַגיינ אַזא מינ וויכטיקנ צווייטנ פעלער, וואָס, שילדערנדיק אַזעלכע אַקטועלע סאָציִאַל־שטייגערישע לעבנ־פּראָצעסנ, האָט דער אווטער קימאַט אינגאַנצנ ניט באַרירט די פּאַרטיי אונ קאָמיוג אונ זייער דירעקטנ „שטייגער“ פונ אַרבעט אונ קאַמפ. עס ווערנ נאָר פאַרבײַגייענדיק אַרויסגע־

פירט אייניקע קאָמיוגיסטן, אָבער זיי פאַרנעמען א זייער ניט באַדייטנדיקן אָרט, און ווערן ביכלאַל זייער בלייך און סכעמאַטיש געשילדערט.

דריטנס דאַרף מען אומבאַדינגט אופמערקזאַם מאַכן אַפּ דער ניטגענעריקער ערנסטקייט און פאַרטיפּערטער אופמערקזאַמקייט בענעגייע צום קינסטלערישן רעאַליזירן די טעמע און פראָבלעם, וואָס עס ברענגט אָפּט צו צעצויגנקייט און באַריידעווודיקייט, צום אָנגן זיך נאָך דער אויסערלעכער, גיך אָנגעוואָרפענער סכעמע און קאַריקאַטור, צו צעשווומענקייט פון דער פּערספּעקטיוו. לאָמיר שוין דאָ, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם טאַקע, באַרירן אויך א פאַקט פון אַזויגערופענער „טעכנישער" אַמעראַצעס, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער ניטגענוגנדיקער באַקאַנטשאַפט מיטן מאַטעריאַל און „לייכטן" צוגאַנג.

דער פעלער איז עפּשער ניט אַזאַ גוואַלדאָוונער. און מע קאָן זאָגן, אַז דער „זײַטיקער" לייענער וועט עס געוויס דורכגיין פאַרבײַ און עס וועט אים גאָרניט שאַטן. דאָס איז אָבער אַן אַקטועלע פראַגע, און זי איז וויכטיק אַפילע אַן און פאַר זיך.

אין דער דערציילונג „אין גרינעם כוידעש מײַ" לאַכן אָפּ די מיידלעך־אַרבעטערנס פון דער נײַער אַרבעטערן—„נאַקלאַדטשיצע", פילינקע, וועלכע איז געקומען צו דער אַרבעט אין א „נײַינקער קלייד".

„כאַ־כאַ־כאַ! מיר האָבן איר געגעבן א קאַסע מיט זאַץ און געהייסן איר, זי זאָל עס גיין אונטערן קראַן אײַנווייקן. כאַ־כאַ! ווי זי האָט עס געגאָסן וואַסער" (ז. 49).

יעדער דרוקער־אַרבעטער (זעצער, מאַשיניסט א. א. וו.), וועלכער וועט לייענען אופמערקזאַם די דערציילונג, וועט גלײַך פרעגן:

ערשטנס, ווי קומט א „נאַקלאַדטשיצע", וועלכע אַרבעט אַפּ א דרוק־מאַשין, צו אַרבעטן בײַ א קאַסע; צווייטנס ווייס יעדער זעצער, אַז מע זאָגט: „א קאַסע מיט שריפט" אָדער א „זאַץ־קאַסע", אָבער ניט קיין „קאַסע מיט זאַץ". און דריטנס, טראָגט מען ניט—זאָל שוין זײַן—א „קאַסע מיט זאַץ" אונטערן קראַן, נאָר א „גראַנקע" (ווינקל) מיט זאַץ.

---

# אויספיר

עליע קאַהאַן איז גלײַך געקומען אין דער ליטעראַטור מיט אַן אייגענעם שעפערישן פּאָנעם, מיט אַן אייגנאַרטיק־אָפּגעקליבענעם שילדערונג־אָביעקט און קינסטלערישע מעגלעכקייטן. זײַנע געשטאַלטן און פּערסאָנאַזשן, באַזונדערס די צענטראַלע, אַפּ וויפל זיי זײַנען מער אויסגעפּאָרמירט און אַנטפּלעקט, באַשטייען דעריקער פון דער זיך־פּראָלעטאַריזירנדיקער האָרעפּאַשנער באַלמעלאָכישער יוגנט און עלטערע, פון די זיך קאָלעקטיוויזירנדיקע פּאַראָרעמטע קליינבירגערלעכע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. עליע קאַהאַן איז ניט נאָר דער שילדערער פון אָט די שיכטן מאָרגנדיקע פּראָלעטאַריער, נאָר ער איז אויך אין טאָך, לויטזײַן שעפערישן מעטאָד,—דער אויסדריקער פון זייערע אינטערעסן, געדאַנקען און געפילן, שטימונגען און דערוואַרטונגען. דאָס איז צו זען פון זײַן טראַקטירן און צוגיין אויך צו פאָרשטייער פון אַנדערע שיכטן און דערשײַנונגען. עליע קאַהאַנס קלאַסן־נאָענטע גרונט־פּערסאָנאַזשן זײַנען געווענדט מיטן פּאָנעם צום פּראָלעטאַריאַט און צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צו דער סאָוועטישערווירקלעכקייט, אָבער פון זיי און דורך זיי סטאַרטשעט נאָך אַרוים זייער קליינבירגערלעכע אָפּשטאַמונג. אָט דאָס לעצטע באַפאַרבט נאָך אין א היפּשער

מאָס אפילע זייערע יונגע און פרישע טריט, זייער נייַעם אופנעמען דעם ארום, זייער שווייַגן און ריידן, זייערע אינערלעכע און אויסערלעכע באוועגונגען. אלע האָבן זיי דערווייַל צו ביסלעכ „מיסט אפן הארצן”.

אין דעם שפעפרישן רעזערוו פון אווטער פארנעמען דערווייַל דעם הערשנדיקן אָרט די פרימיטיווע פראָפעסיאָנאליזמען אונסט יליואציעס, די „ליבע־געשיכטעלעכ” און שטייגערישע דעטאל, די פאראָדירטע און אימיטירטע באצייכענונג, די פרימיטיווע אינטימע כאָכמע. אָט די אלע אויסגערעכנטע מיטלען קריגן בא עליע קאהאנען אן אייגנארטיקע קינסטלערישע אָנווענדונג, וועלכע איז נאָכ ניט פולקאָם אויסגעפאָרמירט און אנטוויקלט. צוזאמען מיט דעם קאָן מען שוין בא אים אויכ טרעפן סימפטאָמען פון נייַע, דערין אויכ מערפארטיפערטע, שעפערישע מעגלעכקייַטן, וועלכע וועלן מוזן מער אנטוויקלט און אנטפלעקט ווערן אין פראָצעס פון זייַן ווייַטערדיקן וווקס. די פרימיטיווע, פראָפעסיאָנעלע, פאראָדירטע באצייכענונגען וועלן געוויס פארנעמען א קלענערן אָרט, אויב דעם אווטער וועט זיכ אייַנגעבן צו געפינען דעם מער־פארטיפערטן, פראָלעטאריש־פראָגרעסיוון צוגאנג צו זייַנע שילדערונג־אָביעקטן, אויב אים וועט זיכ אייַנגעבן צו באווייַזן זייַנע שוין־געשילדערטע געשטאלטן און דערשייַנונגען אין א העכערער שטופע פון דערציִונג און איבערגעבורט.

ניט נאָר אויסערלעכע, לאָקאלע קאָלאָריט־געמעלן און טיילווייַז פעליעטאָנישע שארזשירונגען, נאָר א מער־פארטיפערטע און ברייטערע אידייִש־שעפערישע באזינונג פון מער פראָגרעסיווע און קאָמפליצירטע סאָציִאלע לעבן־פראָצעסן און ווידערשפרוכן.

פאר אָט דעם אלץ איז קלאָר ניט נייטיק, אז דער אווטער זאָל זיכ אָפזאָגן פון זייַן פרישן הומאָר און פון זייַנע קליינע נאָוועלן און מיניִאטורן־זשאנרען. פארקערט. אָט די זשאנרען האָבן זיכ שוין אין דער פראקטיק ארויסגעוויזן פאר זייער לעבנפייִקע און אקטועלע, און זיי ווידערשפרעכן אין קיינפאל ניט אונדזערע הויכע פאָדערונגען, וואָס מיר שטעלן דער קינסטלערישער ליטעראטור.

אָבער אָט די זשאנרען—ווי אלע איבעריקע—דארפן בא עליע קאהאנען דערהייבן ווערן צו א מער פאָליטישער און קינסטלערישער לייַרנשאפט, צו אקטיוון, רעוואָליוציאָנערן דראנג און קלאָרער פראָלעטארישער, סאָציִאליסטישער פערספעקטיוו.

ו. וויטקינ

# וועגנ ז. אקסעלראָדס בוך „לידער“ [1]

זעליק אקסעלראָדס איז איינער פונ די טאלאנטפולסטע סאָוועטישע ליריקער. זײַנע לעצטע לידער וועגנ דער רויטער ארמיי זײַנענ אנ אָנהייב פונ א נײַעמ שעפערישנ עטאפּ אינ זײַנ פּאָעזיע.

דערפאר איז איצט אזוי נייטיק פארסאכאקלענ דעמ פּאָעטס דורכגעמאכטנ שעפערישנ וועג אונ אָנמערקנ די גרונט־טענדענצנ פונ זײַנ ווײַטערדיקער שעפערישער אנטוויקלונג.

אינ זײַנ בוך „די יִדישע ליטעראטור אינ ווײַסרוסלאנד נאָכ דער רעוואָליוציע“ קוואַליפיצירט דער כ׳ אָרשאנסקי אקסעלראָדס סאָציִאלנ עקוויוואלענט אזוי:

„אָט דאָ, אינ די לײַדנ פונ קלייבבירגערטומ, וואָס איז פארמישפּעט אָפּצוזאָגנ זיכ אינגאנצנ פונ זײַנ אָווער, וואָס מוז, סײַ מאטעריִעל אונ סײַ גײַסטיק איבערגעבוירנ ווערנ, אונ וועלכער וויל דאָס אָבער ניט (מײַנ אונטערשטרײַכונג—וו. וו.), ווײַל ער איז קאָנסערוואטיוו, ווײַל ער וויל זיכ ניט אָפּזאָגנ פונ דער קרעמעריש־קײַט אינ אלע הינזיכטנ—אָט דאָ, פאר זיי, געפינט ער (זעליק אקסעלראָד—וו. וו.) ווערטער אונ פארבנ אינ זײַנ פּאָעזיע“.

ס׳איז עמעס, אז אקסעלראָד האָט אינ זײַנ פּאָעזיע אויסגעדריקט דאָס קלייבבירגערטומ. אָבער ס׳איז ניט ריכטיק צו מיינענ, אז אקסעלראָד האָט אויסגעדריקט די אינטערעסנ פונ דער טייל קלייבבירגערטומ, וואָס וויל ניט זײַנ קלאסנ־איבערגעבורט.

ניינ, אקסעלראָד האָט אויסגעדריקט די אינטערעסנ פונ דעמ קלייבבירגערטומ, וואָס וויל ווערנ א פארבינדעטער מיטנ ארבעטער־קלאס, נאָר וואָס שטעקט נאָכ אזוי טיפ אינ דער קלייבבירגערלעכער סוויווע, אז ער קאָנ נאָכ ניט ווערנ איבערגעבוירנ.

אינ אקסעלראָדס ליד „אלטע היימ“ זײַנענ דאָ פאָלגנדיקע שורעס:

„דאָ איז שטיל, סע ציט זיכ קאלטער אומעט,
מע רעדט נאָכ טיפ געלאסנ ווי אמאָל.
ווער האָט מיכ געבעטנ, איכ זאָל קומענ?
פארוואָס האָב איכ אליינ אהער געוואָלט!
נאָכ זײַנענ געסלעכ אלצ שמאָלע, קרומע
מעג מײַנ אויג א וואָרפ טאָנ זיכ אהער.

1) אנ אויספירלעכנ ארטיקל וועגנ אקסעלראָדס שאפונג וועלנ מיר געבנ אינ די קומענדיקע נומערנ פונ אונדזער זשורנאל, (רעד.).

נאָר כ׳קאָנ נאָכ ליכטיקער ניט קוקן,
ווי אלע די פונ היגער ערד...
אינ מאָסקווע איז גוט, אינ מאָסקווע איז בעסער,
עס זינגט זיכ אנדערש בא דער פלייצ פונ שײַנ
אלטע היימ איז נאָר א טעמפער מעסער,
וואָס קענ ניט אָנרירנ אונ קאָנ שוינ שארפ ניט זײַנ״.
(לירער, 39 ז.).

וועגנ וואָס רעדט זיכ דאָ?

דאָ רעדט זיכ וועגנ דעמ, אז די אלטע היימ איז שטיל, קאלט, אומעטיק „א טעמפער מעסער״, וואָס קאָנ ניט אָנרירנ אונ קאָנ שוינ שארפ ניט זײַנ...״, אז „אינ מאָסקווע איז גוט, אינ מאָסקווע איז בעסער״ ווי אינ דער אלטער היימ, אז אינ מאָסקווע „זינגט זיכ אנדערש״, אָבער ניט געקוקט אפ דעמ, ציט פאָרט דעמ פאָעט צו דער אלטער היימ. דאָס איז א בוילעטער אויסדרוק פונ שוועריקײַטנ אינ איבעראָריענטירנ זיכ אידעאָלאָגיש.

די הויפט-שטימונג פונ אקסעלראָדס לידער איז ניט דער טרויער, וואָס שטאמט פונ ניט ווענ אָפזאָגנ זיכ פונ קליינבירגערטומ, פונ מוזנ אָפזאָגנ זיכ פונ אימ, ווי עס מיינט דער כ׳ אָרשאנסקי. זײַנ הויפט-שטימונג איז—„ס׳איז ענדערנ זיכ שווער...״.

אָט די שוועריקײַטנ פונ ענדערנ זיכ, פלעגנ ברענגענ דעמ פאָעט אָפטמאָל צו פעסימי-סטישע שטימונגענ, צו אומעט, צו בענקענ נאָכ עפעס, אָפטמאָל טרעפט אפילע, אז דער פאָעט פארליבט זיכ אינ אָט די שטימונגענ. אזוי צ. ב. זאָגט ער אינ איינ ליד צו איזי כאריקנ:

„וועג ס׳זינגט פונ דיר ארויס א בענקענ,
ליב איכ דאנ די שורעס פונ דײַנ ליד...״ (זײַט 95).

אז ענדערנ זיכ איז שווער, אז א קלאס, א סאָציאלער שיכט ווערט ניט איבערגעבוירנ דורכ נאכט—דאָס איז א זאכ א פארשטענדלעכע אונ אינ דעמ איז קאָנ אקסעלראָדס אופ-ריכטיקײַט—„ס׳איז ענדערנ זיכ שווער״ — זייער וויכטיק. אזא אופריכטיקײַט גיט האָפע-נונגענ אפ א פעסטנ אונ גרינטלעכנ איבערגעבורט, אָבער צומ כ׳ אקסעלראָד האָבנ מיר רעכט געהאט ארויסשטעלנ אזא טײַנע: צו לאנגזאמ איז בא אימ פאָרגעקומענ דער פראָ-צעס פונ איבערגעבורט!

ס׳איז קלאָר, אז איינע פונ די סיבעס פונ זײַנ פאמעלעכנ איבערגעבורט איז דאָס, וואָס דער פאָעט האָט טיפ געשטעקט אינ דער קליינבירגערלעכער סוויווע. פארגיכערנ דעמ איבערגעבורט פונ קליינבירגער אינ דער ריכטונג פונ פראָלעטאריאט איז מעגלעכ, פאנאנדערײַסנדיק מיט דער קליינבירגערלעכער סוויווע, אָפשטויסנדיק זיכ פונ איר אונ דאָס ארײַנוואקסנ אינ דער סאָוועטישער פראָלעטארישער סוויווע.

מע טאָר ניט פאָרשטעלנ זיכ, אז אקסעלראָדס שאפנ פונ ערשטנ פעריאָד איז אנ איינ-ארטיקער, מיט איינ שטימונג, אָנ קיינע אידעאָלאָגישע ניואנסנ. אזוי טראכטנ איז פאלש. אקסעלראָדס שאפונג איז בעוועגנ מיט וואקלונגענ, דער פאָעט פילט עס. אינ איינ ליד כא-ראקטעריזירט ער אזוי זײַנ אייגענע פאָעזיע:

„אלע שורעס מײַנע וואקלדיקע שטילע״ (זײַט 22).

מיר באמערקנ טאקע, אז אקסעלראָד האָט זיכ די גאנצע צײַט געוואקלט אינ באנעמע דעמ סאָוועטישנ ארומ, אָט דערווײַטערט ער זיכ פונ דעמ ריכטיקנ באנעמענ, אונ אָט

דערנענטערט ער זיך. אינטערעסאנט איז אָבער אָפּצומערקן, בא וועלכע אומשטאנדן קומען פאָר אָט די דערנענטערונגען און דערווײַטערונגען. ס'איז צו באמערקן, אז די דערווײַטערונג פון באנעמען דעם סאָוועטישן ארום קומט פאָר באם פּאָעט אלעמאָל, ווען ער ווערט באריִרט מיט דער קליינבירגערלעכער סוויווע. ווען ער קומט אין דער קליינבירגערלעכער סוויווע, דערמאָנט אים יעדע קליניקײַט אָן זייער פיל, דער פּאָעט ווערט באהערשט פון קליינבירגערלעכע שטימונגען.

פארקערט, ווען דער פּאָעט געפינט זיך אין דער באריִרונג פון דער פּראָלעטארישער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט, דאן דערנענטערט ער זיך צום סאָוועטישן באנעמען דעם ארום, אזוי צ.ב. שרײַבט אקסעלראָד א ליד וועגן די ארבעטער, וואָס ליגן שפּאלן:

„איז טאקע פאר זיי ניט אלץ נאָך פארפאלן.
מע טאָר ניט,
מע דארף ניט
פון בריק און אין טײַך.
זיי וועלן ווי אלע אויסלייגן שפּאלן
מיט פארבראָנזעטן לײַב שטיין מיט אלע צוגלײַך“. (ווײַט 47).

עמעס, דער פּאָעט איז דאָ נאָך ניט קיין אקטיווער אָנטיילנעמער אין דער סאָציִאליסטישער בויונג, ער איז נאָר א באָבאכטער, א זײַטיקער, ער זעט אָבער אין דער אָנווענדונג פון דער מענטשלעכער קראפט אין דער סאָציִאליסטישער בויונג דאָס גרעסטע גליק, דעם זין פון לעבן.

אין דער ליד איז אפילע פאראן אויך א פעסימיסטישע באפארבונג

„איז טאקע פ א ר ז יי (מײַן אונטערשטרײַכונג—ו. ו.) ניט אלץ נאָך פארפאלן...“.

עס שטאמט פון פּאָעטס פאסיווקײַט. אָבער דאָס אײַנזען דעם זין פון לעבן, דאָס גרעסטע גליק, אין אָנטיילנעמען אין דער סאָציִאליסטישער בויונג—דאָס איז שוין א טראָט פאָרויס.

ווען דער פּאָעט איז באהערשט מיט אײַנדרוקן פון דער קליינבירגערלעכער סוויווע, דאן האָט ער ליב זיך אליין, איינזאמקײַט, שטילקײַט, ווען ער קומט אין באריִרונג מיט דער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט און ווערט דורך איר באאײַנפלוסט, באווײַזט זיך בא אים א קאָלעקטיווער כוש.

„און גיי איך שוין צוריק (פון דער ארבעט—ת. מ.)—איז שפּעטער אָוונט
גאסן מאָסקווער געצונדן שוין אין ליכט...
ערעט איך מענטשן—ווערן אלע נאָענט,
יעדן איינעם וואָלט איך צורופן צו זיך...“ (68 זײַט).

דעם פּאָעט קומט אויס די גאנצע צײַט קעמפן מיט זיך אליין, מיט זײַן קליינבירגערלעכקײַט, דאָס איז אים שווער:

„טרעפט א פארבלענדעניש פאלט אָפּ די אויגן,
מע זעט ניט ארום זיך די אייגענע ערד,
טרעפט א פארבלענדעניש נעמט דאָ ארום דיך,
דו בלאָנדזשעסט אוועק אָנאזײַט, אין דער קרום,
גלײַך ווי א גאסט כ'וואָלט אהערצו געקומען
בא א ברעג פון א טיש צו אָפּזיצן שטום“. (ז. 38).

אקסעלראָד פילט, אז די שווערקײַטן פון זײַן סאָציִאלן איבערנעבורט ברענגען אים צו

בלאָנדזשענישנ, ער פילט זיכ, ווי א גאסט בא א ברעג פונ א טיש אינ דער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט. ער פיקסירט זײַנ נאָכ ניט איבערגעבוירנ ווערנ.

„כקאָנ נאָכ ליכטיקער נימ קוקנ,
סונ אלע די פונ היגער ערד...“ („מענטשנ פונ אלטער היים“—וו. וו. ז. 38).

ער ווייס, אז

„אָפט איז שווער נאָכ צו באנעמענ
וואָס געשעט אונ וואָס קומט פאָר“ (ז. 24).

אונ דער פּאָעט קומט צום אויספיר:

„אונ איכ האָב זיכ אינמיטנ וועג דערוויסט,
אינ טריונט זײַטנ קערנ זיכ אונ טריונט זײַטנ ווענדנ“ (ז. 20).

פארנ פּאָעט איז כאראקטעריסטיש דער דענקענ איבער דער פראגע וועגנ זײַנ אָרט, וואָס ער פארנעמט אינ דער געזעלשאפט. ער שווערט זיכ ניט, אז ער איז א ר־רעוואָליוציאָנער, ווי אנדערע קלײנבירגערלעכע שרײַבער, וואָס מיינענ, אז איבערגעבוירנ ווערנ הייסט נאָר פאָרמעל אָנעמענ די סאָוועטישע מאכט, ער האָט פײַנט זיכ אליינ אָפנארנ. ער ווייס, אז

„איכ גיי ערשט ארויס אינמיטנ וועג
מײַנ פעסטע קלאָרקײַט צו דערגרייכנ“ (ז. 18).

יאָ, פאמעלעכ, פאמעלעכ, אָבער דער פּאָעט הייבט אָנ דערגרייכנ „קלאָרקײַט“. ער קומט צום אויספיר, אז

„איכ רייד שוינ אזויפיל פונ זיכ אליינ,
אז כ'פארגעס אונדזער אלעמעס לעבנ...“ (ז. 44).

אונ ער הייבט אָנ שרײַבנ ניט נאָר פונ זיכ אליינ. ער שרײַבט א ליד, אינ וועלכער ער דריקט אויס דעמ מיטגעפיל די כאווײרימ, וואָס די פוילישע פאשיסטישע מעלוכע צע־שיסט, וועגנ דער צווישנפעלקערלעכער לאגע... עמעס, דער פּאָעט קאָנ נאָכ עס ניט אופ־נעמענ מיט דער פולער קאָנקרעטקײַט. ער נעמט עס אופ אבסטראקט.

אָבער ווי עס זאָל ניט זײַנ—דאָס קערנ זיכ צו דער סאָוועטישער טעמאטיק איז געווענ א טראָט פאָרויס אינ אקסעלראָדס שאפונג. ער הייבט אָנ אליינ דערפילנ א זיכערקײַט אינ זײַנ וווּקס:

„אלע זאָגנ—ווײל איכ אלעמענ גלויבנ,
ציטער קינדערשער ז'פונ מיר אוועק...
טיפנ שרעק פונ מײַנע אויגנ
האָט א קלאָרע לויטערקײַט פארדעקט...
איז זיכערער געוואָרנ דאָ מײַנ טראָט
אונ פעסטער קלאָרער דער קלאנג פונ די ליפנ...“ (ז. 91).

ס'איז קעדײַ אָפּצומערקנ, אז זײַנע ליבע־לידער (זײַטלעכ 79, 82, 83) זײַנענ פול מיט פרייד, ער ווייס ניט פונ קיינ אומגליקלעכע ליבעס. פרישע, הארציקע לידער.

זעליק אקסעלראָדס לידער זײַנענ טיפ—לירישע, זיי זײַנענ שטארק בילדעריש, עמאָציאָ־נעל אונ זײַנענ פייִק אָנצושטעקנ דעמ לייענער מיט דעמ פּאָעטס געפילנ. אינ אונדזער קורצער נאָטיצ האָבנ מיר זיכ ניט אָפּגעשטעלט אפ אזעלכע לידער, ווי „ספארטאקיאדע“, „מאַ־יאקאָווסקינ“, „שאָכ“, א. אנד., וואָס זײַנענ קרעפטיק אונ מונטער.

אינ דער רויטער ארמיי האָט זיכ דער פּאָעט דערפילט, ווי א געזעלשאפלעכ־נוצלע־כער בירגער פונ סאָוועטנפארבאנד. דאָ איז ער ארײַנגעצויגנ געוואָרנ אינ דער דירעק־

טער סאָציאַליסטישער בױונג (פֿאַרהיטן די גרענעצן פֿון סאָװעטנפֿאַרבאַנד,—הײסט אַקטיװ אָנטײלנעמען אין דער סאָציאַליסטישער בױונג). אָפּגעריסן פֿון דער קלײנבירגערלעכער סװיװע, אַרומגערינגלט מיט געזונטן, רױטאַרמײיִשן, פּראָלעטאַרישן אַרום, האָט דער פּאָעט דערפֿילט דעם גרױסן כױװ פֿון ניט שװײַגן:

„זאָל בעסער אַ קױל אַרײַן אין מײַן האַרצן,
אײדער װײַטער צו שװײַגן בײַ דער אײגענער שװעל“ (ז. 8).

ער פֿאַרורטײלט דאָס שװײַגן (פֿאַר זײַן אַװעקגײן אין אַרמײ האָט אַקסעלראָד אַ שטיקל צײַט ניט געשריבן,—דאָס דערקלערט זיך דערמיט, װאָס דער דיכטער האָט ניט אינגאַנצן געקענט באַפֿרײַען זיך פֿון אַסאַך פֿריִערדיקע שטימונגען. דאָס האָט אים געבראַכט צו אַ געװיסן שטילשװײַגן).

ניט קײן פּוסטע דעקלאַראַציע, נאָר אַן אָנזאָג אױף דער אַקטיװיזאַציע פֿון פּאָעט באַמערקן מיר שױן אין זײַנע װײַטערדיקע לידער. און די דעקלאַראַציע גײט צוזאַמען מיט אַ ציקל רױטאַרמײיִשע לידער, װאָס זײַנען אַ נײַס אין דער ייִדישער סאָװעטישער ליטעראַטור.

איך װיל ניט זאָגן, אַז אַקסעלראָדס רױטאַרמײיִשע לידער זײַנען שױן אַזעלכע, װי די רױטע אַרמײ פֿאַרדינט עס, נײן. אָבער מע מוז אָפּמערקן, אַז די רױטאַרמײיִשע לידער אָטעמען מיט דער סאָװעטישער װירקלעכקײט.

די לידער כאַראַקטעריזירן זיך מיט פֿרײד פֿון זײַן נוציק דער סאָװעטישער געזעלשאַפֿט, מיט ערנסטקײט און פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט פֿאַר די אױפֿגאַבן, װאָס װערן אים געגעבן, זײ צײכענען זיך אױס מיט בילדערישער אָנגעזעטיקטקײט. אין צענטער פֿון דעם פּאָעטס אױפֿמערקזאַמקײט איז אין די לידער ניט דער „איך“, װי אין די לידער פֿון דעם ערשטן עטאַפּ, נאָר דער קאָלעקטיװ, דער „מיר“.

פֿון די לידער שפּאָרט מיט פֿיזישער און גײַסטיקער געזונטקײט.

אין דער ליד „אַ רױטאַרמײיִשער שאַבעסניק“ װערט איבערגעגעבן דורך אַ גאַנצע רײ ברײטע בילדער די פֿרײד פֿון רױטאַרמײיִשן קאָלעקטיװ, װאָס האָט אָפּגעטאָן אַ געזעלשאַפֿטלעך־נוצלעכע אַרבעט פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע. די פֿרײד איז אַזױ גרױס, אַז די מידקײט נאָך דער אַרבעט איז שױן גאָרניט קײן מידקײט, װײַל

„אונדזער מי װעט ניט גײן דאָ פֿאַרפֿאַלן,
אַ מידקײט אַ קלאָרע
גלעט די גלידער אַצינד“ (ז. 106).

שפּאַנט מען טאַקע פֿון שאַבעסניק געזונטע, מונטערע, פֿעסטע און מע זינגט אַזױ:

„אַז די סאָנים אין גאַס װעלן פּלאַצן...“ (ז. 109).

יאָ, פֿון אַזעלכע שאַבעסניקעס פּלאַצן אונדזערע קלאַסן־סאָנים.

אָט די פֿרײד, געזונטקײט, פֿעסטקײט װערט אין דער ליד איבערגעגעבן אױך דורך דער ריטמיק, איר לײענט די ליד און איר פֿילט, װי די אַרמײ גײט פֿעסט אונטער אַ קאָמאַנדע און זינגט לידער, איר פֿילט, װי די רױטאַרמײער האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו די לאָפּעטעס, און בערװענעס װערן באַפֿרײַט פֿון שנײ. איר פֿילט עס, און איר זײַט זיכער, אַז זײער אַרבעט װעט ניט גײן פֿאַרפֿאַלן.

אינ דער ליד „פאָסט נומער 4" פילט זיכ די גרויסע פאראַנטוואָרטלעכקייַט פונ דעמ רויטארמייער, ער שטייט אפ דעמ פאָסט אנ אָנגעשטרענגטער, אנ אָנגעשפיצטער, גרייט יעדע מינוט פארטיידיקנ דאָס, וואָס איז אימ געגעבנ געוואָרנ היטנ.

מיר האָבנ רעכט אונ דארפנ פאָדערנ מער פונ אזא טאלאנטפולנ פאָעט ווי אקסעלראָד. דער פאָעט האָט אלע מעגלעכקייַטנ אונדזער פאָדערונג באפרידיקנ. אָבער איצט דארפנ די רויטארמייִשע לידער אָפגעמערקט ווערנ, ווי א ביז נאָר דערפרייענדיקער קער אינ אקסעלראָדס שאפונג.

זעליק אקסעלראָדס ווייַטערדיקע שעפעריִשע אנטוויקלונג קענ גייִנ נאָר האנט בא האנט מיט זייַנ דירעקטנ אָנטיילנעמענ אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג, אָפשטויסנדיק זיכ פונ דער קליינבירגערלעכער סוויווע. דאָס איז דער איינציקער וועג, קעדיי „די פעסטע קלאָרקייַט צו דערגרייכנ" ענדגילטיק.

**א. וואָראָבייטשיק**

# די ערשטע פעסטע טריט

(סאָפ)

4

לוריעס שילדערונג־אויפן איז א רעאליסטישער, מיט א געוויסער נייגונג צו נאטוראליזם. די קאָמפאָזיציע פונ זייַנ בוכ איז פראָסט, שטרענג אונ הארמאָניש. ער הייבט אָנ פונעמ קנופ־פונקט פונ די געשעענישנ אונ וויקלט זיי ווייַטער פאנאנדער בעהאדראָגעדיק ביזנ סאמע שלוסאקאָרד. ערטערווייַז פלעכט ער אריַינ אסאָציִאטיווע עפּיזאָדנ־ספראוועקעס, דעריקער וועגנ דער פארגאנגענהייַט פונ די העלדנ. מיט דידאָזיקע בייַ־עפּיזאָדנ, וואָס לוריע בארעכטיקט זיי אינ אלגעמיינ קינסטלעריש, מיסברויכט ער אָבער אמאָל.

לוריע לאָזט ניט, אז דער לייענער זאָל כאָטש אפ איינ מינוט פארלירנ דעמ לייטשנור פונ די געשעענישנ, ער זאָל זיכ פארלירנ אינעמ כאאָס פונ צופעליקע מער־ווינציקער קלייניקייַטנ אונ דעטאלנ. לוריע סטארעט זיכ באווייַזנ שטענדיק אונ אומעטומ דעמ טאָכ אונ דעמ זינ פונ די געשעענישנ, זייער גערצמעסיקייַט אונ אינערלעכע טרייַב־קרעפטנ. ער באנוגנט זיכ ניט מיטנ שילדערנ דעמ אויבנופ פונ די געשעענישנ, ער פירט אריַינ דעמ לייענער הינטער די קוליסנ, ער גיט פאראלעלע האנדלונגנ א.א.וו. דערבייַ שוואכט ער אפ א האָר ניט אָפ דעמ אינטערעס פונעמ לייענער צו דעמ ווייַטערדיקנ גאנג פונ די געשעענישנ, פארקערט, ער האלט דעמ לייענער אינ שטענדיקער שפאנונג.

לוריע איז אנ עמעסער מייַסטער פונ דער קאָנקרעטער קינסטלערישער דעטאל, וועלכע ער האָט ליב צו שילדערנ ניט סטאטיש, נאָר דאפקע אינ איר דינאמיק, ווי א מער־ווינציקער נויטווענדיקנ שטריכ פונ דער האנדלונג אינ גערעבענעמ מאָמענט. ער סטארעט זיכ עס צו טאָנ אפילע באמ געבנ דעמ פיזישנ פאָרטרעט פונ זייַנע העלדנ. אָט נעמט, לעמאָשל, אזא בילדל:

„שעפטל קאבילעצ איז ברייט אינעמ הויכנ וואָגנ אפ אביסל בוריאנ געזעסנ אונ איז אונטערגעשפרונגענ מיט דער אקס אפ די הרודעס. ער האָט זיכ מיט די גרויסע שווארצע פאסליאָנ־אויגנ פארקוקט אפנ באשטאנ, א שמאָרכע געטאָנ מיט דער עטוואָס פארויסענער נאָז אונ מיט ווייטיק דורכ די ציינ אויסגעשפיגנ... (ז. 3).

הינטנ, בא דער הרעבליע, האָט זיכ דער סטאוואָק אינ מוטנע כוואליעס געבוירטשעט... ניט וויַיט פונעמ טשערעט איז געשטאנענ א מויד אונ געשווענקט א קאָפּטע. שעפטל האָט זיכ אויסגעדרייט מיט דער קיילעכדיקער, עטוואָס ארומגעוואקסענער מאָרדע, דערזענ די פרעמדע מויד אונ א צי געטאָנ די לייצעס.

די פערד זײַנען אַוועק פאַמעלעכער. (ז. 4).

אַראָפּ הערבעליע איז ער אַ באָרוועסער פונעם הויכן וואָגן אַראָפּגעשפּרונגען, א קלאַפּ געטאָן די פערד בא דער מאָרדע און פאַרקערעוועט צום סטאַוואָק. שעפּטל האָט אַראָפּגענומען די צוימען, אַרײַנגעטריבן די פערד מיט די פאָדערשטע רעדער פונעם וואָגן אין ליימיקן וואַסער אַרײַן, געבליבן שטיין מיט די לייצעס אין האַנט און צוגעפײַפט. די בולאַנע האָבן פאַרזיכטיק אַרײַנגערוקט די מאָרדעס אינעם קילן סטאַוואָק, א בלאָז געטאָן מיט די נעזלעכער, ווי זיי וואָלטן וועלן עפּעס אָפּטרײַבן און פאַמעלעך אָנגעהויבן ציִען אין זיך דורך די גרויסע ציינער דאָס פאַרנאַכטיקע (?) וואַסער.

אליין האָט ער זיך, שעפּטל קאָבילעץ, מיטן נידעריקן גראָבלעכן קערפּער אָן וואָגן אָנגעשפּאַרט און מיט א פאַרזשמורעטע אויג געקוקט אַהין, ווו עלקע האָט געוואַשן די קאָפּטע. איבערן אײַנגעשפּאַרטן שמאָלן שטערן האָט זיך בא אים געוויגט א פּאַטלע שוואַרצע האָר. יעדעס מאָל, ווען עלקע האָט זיך צום וואַסער אײַנגעבויגן און עס האָבן, ווי היפּשע אָנגעגאָסענע קאַווענעס די בריסט עטוואָס אַרויסגעשפּאַרט בא איר איבער דער העמד, האָט שעפּטל אַרײַנגעשפּאַרט די האַנט (פּריִער אַביסל: אַרײַנגעפּירט די גראָבע ניט־געוואַשענע האַנט אינעם העמד א.א.וו.) און געקראַצט זיך (ז. 6).

מיר האָבן מיט א קיוון געבראַכט אַזא לאַנגע ציטאַטע: זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר לוריען. צענדליקער שאַרף־אויפגעכאַפּטע און מײַסטעריש געשילדערטע אומשולדיקע קליינִיקײַטן—אַמאָל אַפילע שוין איבעריקע. א דינאַמישער בילד, וואָס פאַרקריצט זיך אין זיקאָרן. יעדנפאַלס שטייט ער א לעבעדיקער פאַר די אויגן באַם לייענען. און אַזוי פאַרבײַגייענדיק אָנגעוואָרפן שעפּטלס פּאָרטרעט. שפּעטער אַהינצו וועט לוריע נאָך צוגעבן: א בעזונטע פּלייצע, א נידעריקער, טעמפּער שטערן, נאָך א פּאָר כאַראַקטעריסטישע זשעסטן—און פאַרטיק. קעדיי דער לייענער זאָל ניט דורכלאָזן אומבאַמערקט די פאַרבײַגייענדיק־געשילדערטע שטריכן, כאַזערט זיי לוריע איבער בא יעדער געלעגנהײַט, מאָדיפיצירנדיק זיי לויט דער האַנדלונג. שעפּטלס שוואַרצע פּאַסליאָן־אויגן דערמאָנט ער אין ראָמאַן אַכט מאָל, עלקעס בלאָנדע האָר—גאַנצע 12 א.א.וו. אַזוי טוט לוריע מיט פיזישע שטריכן, זשעסטן, געוווינהײַטן א.א.וו.

לוריעס שטרענגע און קלאָרע קאָמפּאָזיציע און זײַן רעאַליסטיש־דינאַמישער שילדערונג־אויפן האַרמאָנירן גלענצנדיק, לויט מײַן מיינונג, מיטן גאַנצן אינהאַלט פונעם בוך. זיי אַנטשפּרעכן דער פּלאַנירטקײַט און רעגולירטקײַט פון די געשילדערטע פּראָצעסן פון איין זײַט און דער שטורמישער באַוועגונג פון די געשעענישן—פון דער אַנדערער.

לוריע איז נאָך אָבער ניט בעקויעך פולקאָם צו באַזיניקן קינסטלעריש א פאַרוויקלטן סאָציאַלן פּראָצעס מיט זײַן פילקאַנטיקײַט און אַלע זײַנע אינערלעכע ווידערשפּרוכן. אָט נעמט זײַן בוריאַנאָווקע, זי איז ביז 1930־1931 יאָר געבליבן קימאַט אַבסאָליוט איזאָלירט פון די אַרומיקע קאָלעקטיוויזירטע דערפער, זי איז ניט באַרירט געוואָרן פון דער היסטאָרישער איבערקערעניש אין דעם אוקראַיִנישן דאָרף, זי איז „געבליבן, ווי אַן אינדזל, א שטיל פאַרוואָקסענער אינדזל אין צעבושעוועטן סטעפּ". אַרום און אַרום זײַנען קאָלווירטן מיט טראַקטערס, מיט אומענדלעכע ווייץ־מאַסיוון, מיט גערעטענישן, וואָס שטײַגן אין פינף, זעקס מאָל אַריבער די בוריאַנאָווקער. דער נאָענטסטער קאָלווירט איז אינגאַנצן זעקס קילאָמעטער ווײַט פון בוריאַנאָווקע און איז פאַרייניקט מיט איר דורך איין דאָרף־

ראס. דער הודושענ פונ די קאָלווירטישע טראקטערס וועקט די בוריאַנאָווקער פויערים פונ שלאָפ, זייערע לאמטערנס באלייַכטנ די בוריאַנאָווקער גאסנ. אונ בוריאַנאָווקע קענ זיכ אפילע ניט פאָרשטעלנ, וואָס עס טוט זיכ אינ די קאָלווירטנ!?

— ווער ווייס זיי מיט די קאָלווירטנ, דערווייל איז דאָס א פינצטערע זאכ... (ז. 40).

— דערווייל האָבנ מיר נאָכ גאָרניט געזענ... (ז. 147).

— סיידנ דאָרטנ בא זיי אינ די קאָלווירטנ, הער איכ, איז שוינ אנדערש, ווייס איכ אויכ ניט... (ז. 36).

מיר ווייסנ, ווי אופמערקזאם די פויערים האָבנ זיכ צוגעקוקט צו די ארומיקע סאָווירטנ אונ קאָלווירטנ. מיר ווייסנ, אז מוסטערדיקע סאָווירטנ אונ קאָלעקטיוועווירטשאפטנ זיינענ מאסנווייז באזוכט געוואָרנ פונ פויערטום, אז אהינ פלעגנ קומענ עקסקורסיעס פונ גאנצ ווייטע דערפער. אונ בוריאַנאָווקע ווייס ניט, וואָס עס טוט זיכ בא איר אונטער דער נאָז, זעט ניט, וואָס עס קומט פאָר פאר אירע אויגנ מאמעש!? מיר שטעלנ זיכ דאָ אָפ נאָר אפ דער קינסטלערישער גרונט-איינשטעלונג פונעם ראָמאנ, וואָס ליגט שוינ בעמיילע ארופ אנ אנטשפרעכנדיקנ שטעמפל (די איינשטעלונג) אפ א ריי איינצלהייטנ אונ דעטאלנ.

קוידעמקאָל וויל לוריע אופרייסנ דעם אלטנ דאָרפ. זאָל זיינ, אז בוריאַנאָווקע אינ איר פולער פראכט אונ גלאנצ איז שוינ א פאקט פונ נעכטיקנ טאָג (ערגעצווו אינ די פארוואָרפענע ווינקעלעכ פונ פארבאנד קענ זי נאָכ איצטער אויכ עקזיסטירנ?), אָבער די דאָרפישע אָפגעשטאנענקייט אינ עקאָנאָמיש-טעכנישנ אונ קולטורעלנ זינענ איז דאָכ נאָכ גיט ליקווידירט! בוריאַנאָווקער געוווינהייטנ אונ אָנשויוּנגענ זיינענ דאָכ אינ א היפשער מאָס נאָכ פארבליבנ קימאט אומעטום! שעפּטלדיקע, צי שעפּטלארטיקע טיפּנ זיינענ דאָכ נאָכ פאראנ איבערגענוג ביזנ היינטיקנ טאָג! זאָל זיינ, אז אזוינע גראָדליניקע, אינ־גאנצנ אנטבלויזטע מאטוסעס, אינ דער אופלאגע פונ 1927־1928, אזוי צו זאָגנ, זיינענ שוינ אנ אנאכראָניזם. אָבער רעכטע אָפּאָרטוניסטנ—אָביעקטיווע אגענטנ פונ באלעגופּנטום—זיינענ דאָכ נאָכ פאראנ. דאָס באלעגופּנטום איז היסטאָריש פארמישפּעט צום אונטערגייִנ אונ ווערט שוינ דערפאָלגרייכ ליקווידירט, ווי א קלאס, אָבער באלעגופּים עקזיסטירנ נאָכ אונ קעמפנ פארצווייפלט קעגנ די סאָציאַליסטישע עלעמענטנ אינ דאָרפ... אונ לוריע וויל מיטהעלפנ אויסוואָרצלענ די לעצטע רעשטלעכ פונ קאפּיטאליזמ אינ דער עקאָנאָמיק פונ דאָרפ אונ אינ דעם באוווּסטזיינ פונ איר האָרעפאשנער באפעלקערונג!

פונ דער אנדער זייט זעט לוריע דעם גיכסטנ וווּקס פונ די סאָציאַליסטישע עלעמענטנ אינ דאָרפ. ער זעט דעם איבערברוכ אינ דער פּסיכאָלאָגיע פונ די פויערשע גרונט-מאסנ, זייער קער צום סאָציאַליזם. ער זעט דעם געבורט פונ נייע סאָציאַליסטישע ארבעט־פאָרמענ, פונ נייער סאָציאַליסטישער באציִונג צו ארבעט (א רעמעז דערופ האָבנ מיר אינ בוכ אפ די ז.ז. 154־156), אונ גלייכצייטיק דערמיט זעט ער, ווי טיפ איינגעוואָרצלט ס'זיינענ נאָכ די אלטע געוווינהייטנ אונ פאָרשטעלונגענ, ווי זיי דראָענ אופצורייסנ דעם ערשט-אויסגעבאקענעם קאָלווירט פונ אינעווייניק (ביישפּילנ האָבנ מיר געבראכט פריִער). ער זעט, ווי דאָס אלטע, וואָס האלט אינ אָפּשטארבנ אונ ווערט פלאנמעסיק ליקווידירט, פלעכט זיכ אזוי מאָדנע איבער מיטנ נייעם, וואָס האלט ערשט אינ אנטשטיינ, וואָס ווערט ערשט זאָרגעוודיק פארפלאנצט, ער זעט, ווי זיי דרינגענ זיכ קעגנזייטיק דורכ. לוריע וויל מאָביליזירנ דעם לייענער פארנ צעוויקלטנ סאָציאַליסטישנ אָנגריפ. ער וויל ווייזנ דעם לייענער דעם גאנצנ באלערנדיקנ פּראָצעס, זיינ אָנהייב, דעם אָנוווּקס פונ די געשעענישנ אונ דעם פלוצימדיקנ איבערברוכ, דעם „אומדערוואַרטנ“ שפּרונג. אונ לוריע קענ דאָס אלצ

קינסטלעריש ניט באַזיניקן, ער פילט זיך ניט בעקויעך צו באהערשן אזא גוואלדיקע אופגאבע. פארשמעלערט ער דעם פארנעם פונ די פראָבלעמענ און ווענדעט אָנ א שאַפּנמעטאָד, וואָס אנטשפרעכט ניט גאָר אינגאנצנ דער גרונט־אײַנשטעלונג.

לוריע רײַסט ארויס פונעם רײַכסטנ קאָנטעקסט פונ דער רעאלערווירקלעכקײַט א קלײנע צאָל דערשײַנונגענ, ער אבסטראהירט א באגרענעצטע צאָל מאָמענטנ פונ א פילקאנטיקנ סטירעספולנ גאנצנ און פארקערפערט זיי אלס אזעלכע. די רעשטלעך פונ קאפיטאליזמ נעמט ער אינ זייער שארפסטער, בוילעטסטער, אויסגעשפראָכנסטער פאָרם, סינטעזירנדיק, קאָנדענסירט ער זיי און מאָלט זיי מיט אביסל שוינ צו געדיכטע פארבנ. די צײַט פרעסט ער צונויפ. ער ווענדעט אָנ פילבאדײַטנדיקע אייגנ־נעמענ און סימבאָליזירטע דעטאלנ. שעפטלס פאָרטרעט איז ניט קיינ צופעליקײַט, ניט קיינ אינדיווידועלער פראט. כוצנ נידעריקנ, שמאָלנ, טעמפנ שטערנ פארמאָגט ער נאָך א פאָר שווארצע פאָסליאַנ־אויגנ (פאָסליאַנ איז א מיסטגראָז: ווו מענטשנ מיסטיקנ, דאָרטנ וואקסט פאָסליאַנ, — זאָגט א פויעריש ווערטל). זײַנע שווארצע פאטלעס, גראָבע הענט, גראָבע מאָרדע און נידעריקער גופ דארפנ, דוכט זיך, האָבנ דעמ אייגענעמ סימבאָליזירטנ באטײַט. דערפאר איז עלקע, פארקערט, א הויכע, א בלאָנדע (בלאָנד איז אינ לוריעס אלע ווערק קימאט א סינאָנים פונ סימפאטיש!), מיט קלוגע קלאָרע אויגנ, ווײַסע ציינ, ערנסטנ פאָנעמ, קײַלעכדיקנ הויכנ שטערנ, און ביכלאל א פולע, א רונדע מיט אָנגעגאָסענער מיידלשער קראפט. פאר מאטוסנ איז כאראקטעריסטיש א צעפוילטער באקצאָנ, וועלכנ ער פאָרקעט שטענדיק און באשמעקט דאנ די שוועבעלע, און דאָס אויסטיילנ קלעפיקע שפײַעכצ אינ די קרומע מויל־ווינקלענ, ביים ער היצט זיך! אזא צוגאנג קענענ מיר גרינג באמערקנ אויך בא אקסמאנס, נאסטיעס און אנדערע פאָרטרעטנ. אונדז דוכט אפילע, אז כאנצעס צופיל פארוואקסענער פאָנעמ און זײַנ בלינד זײַנ אפ איינ אויג (!), פונקט ווי קאָפלדינערס טויב זײַנ אפ ביידע אויערנ, זײַנענ אויך שטריכנ, וואָס גיבנ אונדז קאפולער אָנצוהערעניש וועגנ דידאָזיקע אָפגעשטאנענע, אינ טאָך געגומענ, אקטיוויסטנ... מיר האלטנ פאר גאָרניט איבערצײַגנדיק די רעוואָליוציאָנערע מאָטיווירונג פונ כאנצעס מומ און די „סאָציאלע“ — פונ קאָפלדינערס פיזישנ פעלער.

דידאָזיקע סימבאָליזירונגענ, האלט איך, פאר סימאָנים פונ קינסטלערישער שוואכקײַט. ניט קענענדיק אופדעקנ דאָס מאָסגעבנדיקע אינעמ צופעליקנ, דאָס טיפישע אינעמ איינצלנעם, אינדיווידועלנ, כאפט זיך דער שרײַבער אָנ פאר צוגעטראכטע, אויסערלעכע „כאראקטעריסטישע“ שטריכנ, ווי פאר הילפ־מיטלענ פונ קינסטלערישנ איבערצײַגנ.

אידעאָלאָגישע דורכרײַסנ האָבנ זיך אינ א געוויסער מאָס צונויפגעפאָרט מיט קינסטלערישע שוואכקײַטנ. די סיבע פונ ביידע זאכנ איז דער ניטדיאַלעקטישער צוגאנג צו קאָמפליצירטע דערשײַנונגענ.

עפשער קאָנ מענ אהער צורעכענענ נאָר איינעמ א וויכטיקנ מעטאָדאָלאָגישנ בלויז לוריעס. ער אינטערעסירט זיך קימאט אויסשליסלעך מיט טיפנ — פאָרשטייער פונ געוויסע סאָציאלע שיכטנ — אָבער דער ספעציפישער געוויכט פונ דידאָזיקע שיכטנ אינ ווירטשאפטלעכנ און געזעלשאפטלעכנ לעבנ פונ דאָרפ בלײַבט אינגאנצנ אויסער זײַנ אָבסערווירפעלד... מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקײַט און מײַסטערשאפט שילדערט ער די פסיכאָלאָגיע פונ זײַנע הויפט־העלדנ (שעפטל, עלקע, פיסקונ, אקסמאנ, כאנצע). ער באווײַזט אונדז זייערע איבערלעבונגענ, זיכרוינעס, כאלוימעס א.א.וו. ער גיט אָבער ניט די פראָפעסיאָנעלע פארהעלטענישנ צווישנ פארשיידענע שיכטנ פונ פויערטומ. לוריע פארווישט

אויכ אביסל צו שטארק די גרענעצנ צווישנ שוואכנ מיטלפויער אונ אָרעמשאפט אונ צווישנ פעסטנ מיטלפויער (שעפטל) אונ באַלעגופ. אונ נאָכ א פעלער, וואָס קאָנ דערקלערט ווערנ אי מיט שוואכקײַט אונ טעאָרעטישע פראגנ, אי מיטנ שטרעבנ צו פארקערפערנ די „קווינטעסענצ" פונעם העלדס פסיכאָלאָגיע. לוריע ווײַזט אונדז ניט „די צווייענדיקע נאטור, די צווייענדיקע לאגע פונעם מיטלפויער צווישנ דעם ארבעטער־קלאס אונ די קאפיטאליסטנ", וועגנ וועלכע סטאלינ האָט גערעדט אפנ אפרעל־פלענום פונ צ.ק. אינ 1929 י. סטאלינ זאָגט דאָרטנ:

„דער מיטלפויער איז א קלאס א וואקלדיקער", האָט געזאָגט לענינ. פארוואָס? דערפאר, ווײַל דער מיטלפויער איז, פונ איינ זײַט, א האָרעפאשניק, אונ דאָס דער־נעענטערט אימ צומ ארבעטער־קלאס, אונ פונ דער צווייטער זײַט, איז ער א פרי־וואט־אייגנטימער, אונ דאָס דערנעענטערט אימ צומ באַלעגופ. פונדאנענ זײַנענ די וואקלונגענ פונעם מיטלפויער. אונ דאָס איז ריכטיק ניט בלויז טעאָרעטיש. דידאָזיקע וואקלונגענ אנטפלעקנ זיכ אינ דער פראקטיק טאָגטעגלעכ, אלע שאָ".

ווײַטער ציטירט סטאלינ לענינענ:

„דעם פויער,—זאָגט לענינ,—אלס האָרעפאשניק ציט צומ סאָציאַליזמ, אָפּגעבנדיק דעם פאָרצוג דער דיקטאטור פונ די ארבעטער, לעגאבע דער דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע. דעם פויער, ווי א ברויט־פארקויפער, ציט צו דער בורזשואזיע, צומ פרײַענ האנדל, ד. ה. צוריק צומ „אנערקענטנ", אלטנ, „לאנגאָנעדיקנ" קאפיטאליזמ".
(פראגנ פונ לענינימ, ייד. אויסגאבע, ז. 476).

אונ שעפטלענ מיט זאהאָטנ האָט גאָרניט אָנגעהייבנ „ציִענ צומ סאָציאַליזמ" שיר ניט ביזנ סאמע סאָפּ פונעם ראָמאנ. ערשט דעמלט גיט זאהאָט זײַנ אומדערווארטנ קנאק אינ טיש אונ צו שעפטלענ פארגאנווענע זיכ די ערשטע ספייקעס!

5

פריִער, איידער צו באטראכטנ לוריעס טיפנ, וועט אונדז אויסקומענ צו באהאנדלענ נאָכ איינ וויכטיקע פראָבלעמ פונ לוריעס ראָמאנ. מיר האָבנ שוינ געזענ, אז לוריע אינ־טערעסירט זיכ פונ לאנג אָנ מיט דער שטייגער־פראגע אונ געשלעכט־פראגע. צו דער לעצטער פראגע קערט ער זיכ אומ אינ זײַנ לעצטנ ראָמאנ אויכ. שוינ אינ די ערשטע אקאָרדנ—אינ קנופּ־פונקט פונ ווערק—האָט ער ארײַנגעפירט דעם ליבע־מאָמענט: שעפטל דערזעט די האלב־נאקעטע שיינע געזונטע מויד עלקע אונ פארקאָכט זיכ אינ איר; זי, פונ איר זײַט, פארגעדענקט אימ אויכ. דערדאָזיקער ליבע ווערט שפעטער אָפּגעגעבנ א היפשער אָרט אינ גאנצנ בוכ, אונ דער לעצטער אקאָרד איז ווײַטער פארבונדנ מיט איר. כוצדעמ האָבנ מיר נאָכ דעמ ראָמאנ צווישנ נאסטיענ אונ קאָפּלדינערנ (נאסטיע האָט נאָר צוליב דעמ געמוזט ארײַנגעפירט ווערנ אינ בוכ!) די פאמיליע־סצענע בא די פיסקונס אונ א ריי אייפערזוכט־סצענעס אונ רעכילעסנ.

ג. לוריע האָט ברייט פאנאנדערגעוויקלט די פראגע וועגנ באציִונג צווישנ מאנסביל אונ פרוי. פריִער האָט לוריע געהאט א ריינ ביִאָלאָגישנ צוגאנג צו דערדאָזיקער פראגע. ליבע, האָט ער בילדעריש אײַנגעטײַנעט, איז א כײַעשער אינסטינקט. באמ אָגער אונ דער שקאפע, בא דעם בוהײַ אונ דער קו ווערט ער וואכ נאָר אינ באשטימטע מאָמענטנ. באמ

מענטשן איז ער שטענדיק וואַך און קומט אין אָפענעם ווידערשפרוך מיטן סאָציִאַלן מעהוס פונעם מענטשן. אין „באַנאַכט אַפּ פּאַשע״ האָט ער טאַקע דורכגעפירט אַזאַ פּאַראַלעל— אַ גאַנץ אָפענע, אומצווייִדײַטיקע פּאַראַלעל—צווישן אַ צעהיצטן אָגער—שקאַפּע־פּאָרל און אַ יונגער לײַדנשאַפטלעכער פּויערים־פּאָרל „אַפּן שויס פון דער נאַטור״... ציניִשער און עקלהאַפטער זײַנען דאָרטן, דוכט זיך, געבליבן די מענטשן מיט זייער „אָנשטענדיקײַט־געפיל״ און זייערע כעזשבוינעס וועגן „פּריפּלאָד״!

אין זײַן לעצטן ראָמאַן מאַכט שוין לוריע אַ שריט פאָרויס. ער פאַרשטייט שוין, אַז ליבע איז ניט נאָר אַ ביִאָלאָגישע זאַך, אַז זי איז אויך גלײַכצײַטיק אַ סאָציִאַלער געפיל, עפשער הויפּטזעכלעך אַ סאָציִאַלער געפיל. עמעס, ער קען זיך נאָך אַלץ ניט באַפרײַען אינגאַנצן פון זײַן ביִאָלאָגיזם. דעם עראָטיזם פון די פּיסקונס, פון קאַפּלדינער־נאַסטיען, פון בערעזינען (ז. 21) און טיילווײַז אַפילע פון שעפּטלען און עלקען איז אַ דירעקטער גרוס פון „באַנאַכט אַפּ פּאַשע״. מיר וועלן דאָ דערמאָנען נאָך איין כאַראַקטעריסטישן אָרט (זײ זײַנען פאַראַן בא לוריען מער ווי צופיל!):

„זי (עלקע) האָט אים (שעפּטלען) אָנגענומען פאַרן האַלדז און האָט אַ ציִ געטאָן צו זיך. אַ שטילער גרויל איז איר דורכגעלאָפן דורך די פּיס און אַלץ העכער, אַזאַ גרויל, וואָס טרעפט זיך זעלטן, און וואָס דערמאָנט אָן אומזין. זי האָט געפילט, אַז קיינער האָט זי ניט אופגעטרייסלט אַזוי, און ס׳האָט זי עפּעס שטאַרק געצויגן צו אים. זי האָט ניט אָפּגעלאָזט דעם האַלדז און נעענטער זיך אײַנגעבויגן...״ (ז. 78).

די שטענדיקע „ציִעניש״, וואָס פאַרכאַפּט אַגעוו קימאַט אַלעמען, די פּלוצימדיקע אויסברוכן פון לײַדנשאַפט, ווערן בא לוריען נאָך באַגלייט מיט אולטראַ־נאַטוראַליסטישער שילדערונג. קימאַט אַלע דאָזיקע בילדלעך דאַרף מען צורעכענען צו די סאַמע ניט־געראָטנסטע ערטער פון לוריעס ראָמאַן.

לוריע פילט שוין אָבער אויך, האָבן מיר פריִער געזאָגט, דעם סאָציִאַלן טאָך פון דער פּראָגע. ער זעט שוין ניט נאָר די סאָציִאַלע פאַרהעלטענישן, וואָס אַנטשטייען אַדאַנק דער ליבע און זײַנען אירער אַ פּראָדוקט אַזוי צו זאָגן, ער זעט שוין אויך די סאָציִאַלע פאַרהעלטענישן, וואָס באַווירקן דעם געפיל און זײַן אַנטשטיין, וואָס מאָטיווירן זײַן עצעם אופקומען אָט נעמט שעפּטלען. פון ערשטן קוק אַפּ עלקעס האַלב־נאַקעטע בריסט ווערט ער פאַרכאַפּט בא אים דאָמינירט אָבער ניט די אַבסטראַקטע „ציִעניש״ און ניט דער ציניש־בוהײַישער געפיל, נאָר פויערשע אויסרעכענונגען! אָט אַזאַ געזונטע „טעלעצע״, מיט אַזאַ פּאָר געזונטע הענט, איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר זײַןווירטשאַפט. ער דאַרף אַ באַלעבאָסטע, ער דאַרף נאָך אַ פּאָר געזונטע הענט, און עלקע האָט פאַרמאָגט גראָד די אַלע מײַלעס. קימאַט אַלע זײַנע כאַלוימעס וועגן דער אינטימסטער נאָענטקײַט מיט עלקען זײַנען באַפאַרבט מיט אָט דעם באַלעבאַטיש־אוטיליטאַרן צוגאַנג. פריִער אַ באַלעבאָסטע, דערנאָך אַ ווײַב, פריִער אַ באַטראַטשקע, דערנאָך אַ „ייִדענע״! אַן אייגענע ווײַב, אַן אייגענע שטיק לעבעדיקער אינווענטאַר.

שעפּטלס ליבע איז אַ סאָציִאַל־מאָטיווירטער געפיל. שעפּטלס ליבע זאָגט נאָך אויך פון די גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין סאָוועטישן דאָרף. אַמאָל וואָלט שעפּטל זיכער געזוכט זיך אַ ווײַב מיט נאַדן. יעדנפאַלס וואָלט ער זיך איבער דער פּראָגע פאַרטראַכט. ער וואָלט שטאַרק אָפּגעווויגן די פּערזענלעכע מײַלעס פון אַ באַטראַטשקע און

אופמערקזאם פארגליכן זיי מיט די מינוסן פון איר הוילקייט און נאקעטקייט. איצט פאר־
טראכט ער זיך שוין ניט אפילע וועגן אזוינע זאכן. מיר האלטן, אז דאָ האָבן מיר צו
טאָן ניט מיט לוריעס א גרייז, נאָר מיט א גוואלטיקער ענדערונג פונעם פויערס פסיכאָ־
לאָגיע. דאָס אייגענע איז אויך מיט שעפטלס באציִונג צו עלקען נאָך איר „קאטאסטראָפע".
ער איז זיכער, אז זי מוז איצט קומען צו אים, וואָרעם לויט די אלטע, נאָך ניט אויסגע־
לעבטע פאָרשטעלונגען, איז זי דאָך איצט געוואָרן מינדערווערטיק. ער פערזענלעך קוקט
אָבער אפ איר שוין ניט פונויבן אראָפ, בא אים פערזענלעך האָט זי גאָרנישט ניט אָנגע־
וואָרן. אים פארכידעשט אפילע איר שפעטערדיקער שטאָלץ און אליינזיכערקייט, ער ווארפט
איר אָבער אפילע אונטער די אויגן ניט אופ איר „אויסגעלאסנקייט". א גוואלטיקער איבער־
ברוך אין די פויערישע פאָרשטעלונגען!

עלקען פון איר זייט ציט אויך צו שעפטלען. זי האָט אים באמערקט נאָך דאָרטן, בא
דער הרעבליע, און איר צוגעבונדנקייט צו אים וואקסט פון טאָג צו טאָג. איר געפיל איז שוין
ניט אזוי סאָציִאל־אנטבלויזט. איר איז דאָך שוין פרעמד דער געפיל פון אייגענער באלע־
באטישקייט. שעפטל איז איר פסיכאָלאָגיש פרעמד: „א טוכלע קלאדאָווע!" זיין ווידערשטאנד
דער קאָלעקטיוויזאציע, זיין שטערן איר פארטייִשער אופגאבע פארוואנדלט אים, אויב ניט
אין א פיינט (איר באציִונג צום מיטלפויער איז דאָך אינגאנצן א ריכטיקע), איז לעכאָלאָ־
פּאָכעס אין אן אומבאוווסטזיניקן קעגנער. זיין ווילדקייט דארף באליידיקן אירע אינטימסטע
געפילן. זי דארף אים, אין טאָך גענומען, פאראכטן, צייטנווייז אפילע האסן. און איר
ציט צו אים דאפקע. איר געפיל איז ווידערשפרעכלעך, און זי קען זיך אין אים אליין ניט
פאנאנדערקלייבן. עס האנדלט זיך דאָ אָבער ניט נאָר וועגן א סטירע צווישן סאָציִאלן
און ביִאָלאָגישן. דאָס איז אויך פאראן, פארשטייט זיך, אָבער ניט דאָס איז דער איקער.
לוריע האָט אונדז געוואָלט באווייזן, אז אין עלקען לעבט נאָך אויך א שטיק שעפטל. דער
געיארשנטער פויערישער אינסטינקט ציט איר צו א געזונטן האָרעפּאשנעם באָכער, צו
א פעסטן באלעבאָס. דערדאָזיקער ניטאויסגעלעבטער פויערשער געפיל שפארט אפילע
ארויס אפן אויבערפלאך, רייסט זיך דורך אין באוווסטזיין און קומט אין אן אָפענעם
קאָנפליקט מיט עלקעס קאָלעקטיוויסטישקייט. זי פרוווט זיך אים איבערמאָטיווירן: די
בולאנע וועלן פארשטארקן די שלעפ־קראפט אין קאָלעקטיוו און שעפטל אליין וועט זייער
גוט צונוץ קומען באם דרעש־מאשין—אזא געזונטער! אָבער דאָס איז דאָך ניט מער פון
א ראציִאָנאליזאציע, פון ניט פארשטאנענעם, אָדער מיט א קיוון פארשלייערטן, פאריאָגטן
אינערלעכן שעפטלען... די לעצטע סצענע בא שעפטלען אין הוים (ז.ז. 205־206) רעדט
דאָך וועגן דעם גאנץ אָפן!

מע באשולדיקט לוריען אין דעם, אז ער האָט געלאָזט שעפטלען „אָקופירן" עלקען און
דערמיט אָפגעשוואכט דעם ווערט פון דעם איינציקן פארטייער־אָנפירער. איך בין דערמיט
ניט גאָר מאסקים. עלקעס געפיל איז קינסטלעריש פולקום מאָטיווירט, מע קען ניט זאָגן,
אז ער איז סאָציִאל ניט דערלאָזבאר. פסיכאָלאָגיע מאכט מען ניט איבער אפ איין פוס,
איינגעוואָרצלטע פון דוירעס פאָרשטעלונגען און געפילן וואָרצלט מען ניט אויס ביזן סאָפ
אין איין רעגע. איך זע אויך ניט אין קיין באזונדער געפאר פאר דער סאָציִאליסטישער
בויונג, ווען א קאָלווירטלערן פארליבט זיך אין א מיטלפויער, וואָס איז נאָך ניט אריינגע־
טראָטן אין קאָלעקטיוו, אויב זי אליין גייט נאָר צוליב דעם אליין ניט אוועק פון קאָלעק־
טיוו... און עלקע מיט שעפטלען געהערן נאָך דערצו צו ניט קיין ווייטע איינער פונעם
אנדערן סאָציִאלע שיכטן. מע קען מאסקים זיין דערמיט, אז עלקע, די פאָרגעשריטענע

קאָלווירטלערנ, די דורכשניטלעכע דאָרפישע אקטיוויסטקע, איז ניט קיינ פאסיקע קאנדידאַטור פאר דעמ פארטייִשנ הויפט־אָנפירער אינ דאָרפ. דאָס האָט אָבער לאבלוטנ ניט צו טאָנ מיט אונדזער פראָבלעמ ביכלאל אונ מיט עלקעס עמעסנ פאָנעמ ביפראט.

6

מיר גייענ אריבער צו לוריעס טיפנ. אייגנטלעכ האָבנ מיר שוינ עטלעכע מאָל פאר־בייַגייענדיק גערעדט וועגנ די וויכטיקסטע פונ זיי. דאָ וועלנ מיר דעריבער נאָר סומירנ אונ אביסל דערגאנצנ דאָס פריִער געבראכטע.

לוריענ האָט זיכ איַינגעגעבנ צו שאפנ עטלעכע פונדאמענטאלע טיפנ אונ א ריי סילועטנ אונ קאָנטורנ.

אינ דער ערשטער ריי איז אזא פונדאמענטאלער טיפ — שעפטל קאבילעצ. זייַנ פיגור זייַנ היילעכ, זייַנע זשעסטנ, די קלענסטע שטריכנ זייַנע פארקריצנ זיכ מאמעש אינ זיקאָרנ. זייַנ זיצנ אפנ וואָגנ, זייַנ ארופשפרינגענ אפנ וואָגנ, זייַנ באגיינ זיכ מיט די בולאנע, זייַנ פארייַסנ דער קעלבל דעמ עק אונ א שמעק טאָנ, זייַנ אָנקוועלנ פונ דער קעלבלס עק („מילכ איז דאָס") אונ איר פולנ בויכ („נאָכ א קופקע קיזיק אינ שטאל"!), זייַנ אויסשיטנ די מאכאָרקע פונ פארלאָשענעמ פאפיראָס אינ קעשענע ארייַנ, זייַנ צוגאנג צו א פרוי, זייַנע כאלוימעס וועגנ „ביסעלע אוילעמהאזע" אונ צענדליקער אנדערע שטריכנ — דאָס אלצ זייַנענ אפנ פייַנסטנ אויפנ אָפגעשליפענע זייַטנ פונ איינ פונדאמענטאלער, מאָנאָליטער פיגור! שעפטל איז אנ „איבערגעטריבענער" זאמל־טיפ, ער וועט אָבער זיכער ארייַנ אינ דער גאלעריי פונ ייִדיש־ליטערארישע געשטאלטנ פונ דער איבערגאנג־צייַט צומ סאָציאַליזמ. ער האָט אפילע שאנסנ צו ווערנ א שעמדאָווער, א גאנגבארער נאָמענ פאר די רעשטלעכ פונ קאפיטאליזמ אינ באוווסטזייַנ פונ די האָרעפאשניקעס, ביז זייער ענדגילטיקער ליקווי־דאציע אינ דער אָנקלאסנדיקער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט.

ווינציקער אימפאָזאנט איז עלקע. צו איר, ווי צו דער אָנפירערנ, שטעלנ מיר דאָכ גאָר גרויסע פאָדערונגענ. זי, דער פאָזיטיווער טיפ, דארפ דאָכ באזונדער אימפאָנירנ אונ איבער־צייַגנ. אונ אָט די אלע פאָדערונגענ קענ זי בעשומויפנ ניט באפרידיקנ. לוריע האָט איר פאָשעט אָנגעמאָסטנ א צו גרויסע היטל. לאָמיר זי אָבער נעמענ ווי א פאָשעטע דאָרפישע אקטיוויסטקע, א שלאָגלערנ א קאָלווירטלערנ, אונ זי ווערט מיטאמאָל א לעבעדיקער טיפ אונ דערפרייענדיקע דערשייַנונג אינ נייַעמ דאָרפ. זי איז די עמעסע אָרגאניזאטערנ אונ אגיטאטערנ פאר קאָלעקטיוויזאציע, וואָס איז ארויסגערוקט געוואָרנ פונ דער פויערימ־מאסע גופע. זי געפינט די פאסיקע ווערטער אפ איבערצוצייַגנ דעמ פויער, זי האָט דעמ ריכ־טיקנ צוגאנג צו אימ. זי איז פול מיט ענערגיע, כאָטש זי צווייפלט אָפט אינ די אייגענע קויכעס. זי איז אנ איבערגעגעבענע פארטייערנ, כאָטש זי קענ אפ א רעגע ארייַנפאלנ אינ אפאטיע, אינ ייִעש אפילע. זי האסט די דאָרפישע אָפגעשטאנענקייַט אונ שטרעבט באוווסטזיניק צו א נייַעמ קולטורעלנ לעבנ. זי רייַסט אנטשיידנ מיטנ אלטנ שטייגער, מיט די אלטע געיארשנטע פאָרשטעלונגענ, כאָטש זי האָט זיכ נאָכ ניט אינגאנצנ באַ־פרייַט פונ זיי.

זי איז א לעבעדיקער אונ פאָזיטיווער טיפ, נאָר לוריע האָט זי אוועקגעשטעלט ניט אפנ געהעריקנ אָרט.

אינ אלגעמיינ געלונגענ זייַנענ אויכ די פאָר באלעגופישע געשטאלטנ (בערעזינ איז נאָר א סילועט צומ רומל).

יודל פּיסקונ איז א פּאראזיט, א ספּעקוליאַנט, א ליבהאָבער פונ גרינגע פּאַרנאָסעס, א סאדיסט, א שטיק עראָטאָמאַנ, א קלוגיטשקער גאנעוו, א פארברעכער, וואָס איז גרייט אפּ אלצ צוליב זײַנ אייגענעמ נוצנ! ער איז אונדזער געפערלעכסטער קלאַסנ־סוינע. אימ איז ווינציק צו ליקווידירנ ווי א קלאַס, אזוי צו זאָגנ, אימ דארפנ מיר נאָכ שטרענג איזאָלירנ אונ עפּשער אָנווענדנ צו אימ דעמ העכסטנ מיטל פונ געזעלשאַפטלעכער זעלבסטשוצ, באַמ שילדערנ דעמדאָזיקנ טיפּ האָט לוריע געמאַכט א פּאָר ליאַפּסוסנ. ווי קומט אשטייגער צו פּיסקונען אַנ אומרויִקער געוויסנ (אימ קוועלט אונ שרעקט גאָר אומזיסט דער סאָד פונ דער פּוילישער גרענעצ!)?

ווי קומט עס, אז ער פּרוּווט זיכ אפּילע ניט פּאראליזירנ די „שעדלעכע” ווירקונג פונ דער שול אונ פּיאָנער־מאַכנע אפּ זײַנ איינונצוואַנציק קינד? ער העלפּט דאָכ אליינ האָדעווען אַנ אָפּענעמ קלאַסנ־סוינע באַ אימ אינ שטוב! ווי קומט ער, דער געוועזענער פּאראַסטער באלעגופּ אונ עקספּלואַטאַטער אונ איצטיקער „פּוליאַק” אונ גרויסער ספּעקוליאַנט, אינ אָרעמ־פּויער־קאָמיטעט אונ אינ קאָלעקטיוו ארײַנ? פארוואָס גיט זיכ אימ אײַנ אזוי גרינג אָפּצונארנ די פּויערימ? פארוואָס פארהערנ אלע די אָפּענע באַשולדיקונג, וואָס בערעזינ האָט אימ געוואָרפנ באַמ אנטבאלעגופּענען? א. א. וו.

לוריע האָט זיכער פארײנפאַכט דעמ געשטאַלט, אָבער אינ גרונט גענומענ איז יודל אַנ עכטער פּאָרשטייער פונ פארמאַסקירטנ קלאַסנ־סוינע אינ דאָרפ.

גאנצ אנדערש איז שוינ מיט אָקסמאַנען. דאָ האָט זיכ שוינ לוריע געהיט פאר מאַסקירונג אונ איבערטרײַבונג. ער איז שוינ צוגעגאַנגענ אביסל צו „אָביעקטיוו”. אָקסמאַנ איז א דוירעסדיקער טאַקעפ, א שטיקל בענטוירע, קאָהאָלס א „באַלטויווע”, א „ראַכמענ בענ ראַכמאָנימ”! זײַנ עקספּלואַטאַציע, וואָכערײַ אונ בלוטזויגערײַ איז שוינ ניט אזוי אנטבלויזט. ער צאַפּט אויס די דאָמימ באַמ אָרעמענ אונ מיטעלנ פּויער „אַלפּי דינ, יושער אונ מענטשעכקײַט”. ער פּילט זיכ ניט שולדיק אינ גאָרנישט ניט. פארקערט, ער איז עס דער אומשולדיק־„באַליידיקטער” („אָקסמאַנ דער שולצ איז איצט א וואָלפּ אינ כוטער... איכ האָב זיי אלעמענ געהאָדעוועט, זיי האָבנ געפרעסנ מײַנ ברויט... אקסיאָנ איז איצט אַנ איבעריק גראָז אינ סטעפּ...”), ער איז דער באַגאַזלטער אונ באַראַבעוועטער: מע ראַבעוועט באַ אימ זײַנ אונ זײַנ טאַטנס „פ א ר ה אָ ר ע ו ו ע ט נ” פארמעגנ. אז ער באַהאַלט אויס פונ דער מעלוכע די ווייצ, אז ער צעשטערט די מיל, פארטיידיקט ער דאָכ גאָר זײַנע „הייליקע רעכט”, ער „גאַנוועט זײַנ אייגנס”!

אימ געהערט קיינמאָל ניט די א י נ י צ ׳ א ט י ו ו פונ א באַוווסטזיניקער פּראָוואָקאַציע, וועד רעדט שוינ פונ א קרימינעלנ פארברעכנ. ער האָט אפּילע מוירע פאר אזוינע זאכנ — ער איז בעטעווע א פּאַכדנ. ער גייט אפּ זיי אײַנ אונ כאַפּט זיכ פאר זיי אפּילע צו באַ לעסברײַרע: ער מוז דאָכ פארטיידיקנ די אייגענע „רעכט” אונ דעמ „הייליקנ סיידער האָוילעמ”, וואָס מערדערס אונ רויבערס טרעטנ מיט די פיס! ער איז אַנ אומבאַהאָלפּענער קעמפער. ער האָט אינגאנצנ פארלאָרנ דעמ מוט. ער פּילט זיכ, ווי אפּ א פארפּראָרענעמ סטאַוואָק, ווענ דער אײַז הייבט אָנ פּלאַצנ. דערדאָזיקער געדאַנק־געפיל איז אפּילע אריבער אינ זײַנע ענדגלידער, אונ אז ער גייט, טרעט ער ווי איבער ניט זיכערנ אײַז!

אָקסמאַנ איז, פארשטייט זיכ, ניט ווינציקער געפערלעכ פונ פּיסקונען אונ בערעזינען. אינ זייער קאָמפּאַניע איז ער אויכ א געפערלעכער סוינע. זײַנ געשטאַלט דערווײַזט אויכ, אז דאָס באלעגופּנטומ דארפ מענ ליקווידירנ ווי א קלאַס. דערינ וועט באַמ סאָוועטישנ לייענער קיינ שומ סאָפּעק ניט זײַנ. אונ דאָכ, האַלט איכ, איז ער צו ווייכ געשילדערט

געוואָרן. לוריע האָט זיך דערשראָקן פאַר מאַסקעס, האָט ער דעריבער ניט אַראָפּגעריסן ביזן סאָף די מאַסקע פון אָקסמאַנען. סאָפקאָלסאָף זעען מיר דאָך ניט פאַר זיך אָקסמאַנען דעם עקספּלואַטאַטער, פּראָצענטניק און בלוטזויגער. מיר הערן וועגן דעם די גאַנצע צײַט, מע ווײַזט אונדז שפּורן דערפון, אָבער קלאָר און דײַטלעך זעען מיר עס דאָך ניט. הײַנט איז שוין צופיל אונטערגעשטראָכן געוואָרן אָקסמאַנס „דער נעבעכל". ער קען טאַקע פילן דעם אומפאַרמײַדלעכן אונטערגאַנג, ער דאַרף אָבער בעשומאופן ניט זײַן אַזוי אומבאַהאָלפן, פּערזענלעך אומבאַהאָלפן. ער איז דאָך אַ פאָרשטייער פון אַ קלאַס, וואָס קעמפט נאָך פאַר זײַן עקזיסטענץ און גלויבט נאָך אַפּאָנים אין אַ מענלעכן זיג. הײַנט צו וואָס איז די סימבאָליזירטע נעבעכדיקײַט פון זײַן פּאָרטרעט. מיר פאַרלאַנגען, פאַרשטייט זיך, ניט קיין באַלעגופּ דאַפּקע מיט אַ גראָבן בויך און אַ צוגעטער־רויסטע אָפּגעפרעסענע מאָרדע. אָבער צו וואָס שילדערן אים דאַפּקע מיט אַ שיטער, אויסגעקראָכן בערדל, דאַרע קני, בלאָכעוואַטע אויגן, בלאָע אָנגעדראָלענע אָדערן אַף די הענט, פּיס און האַלדז, אָדערן, וואָס ציטערן שטענדיק און דאַרפן מאַכן אַפן לייענער דעם אײַנדרוק פון פיזישער שוואַכקײַט? א.א.וו. א.א.וו.

דאָך איז אָקסמאַנס געשטאַלט, די געשטאַלט פון אַ ייִדישלעכן באַלעגופּ מיט אַלע זײַנע געיאַרשנטע נאַציאָנאַלע אײַגנשאַפטן (האַלטן אַ קו אַף אַ פרעמדן נאָמען, אויסנוצן דעם „שאַבעסגוי" אַף שמוציקע, געפערלעכע אַרבעט א.א.וו.) און מיט אַלע זײַנע אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסנשטריכן, עפּשער דער אײנציקער פון זײַן מין אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור.

לוריע האָט דאָ ווײַטער אָפּגעהאַלטן אַ ניצאָכן, ניט געקוקט אַף אַלע זײַנע בלויזן שוואַכקײַטן. די אָרעם־פּויערים. ניט כאַנצע, ניט קאָפּלדינער זײַנען ניט דערהייבן געוואָרן צו דער מאַדרייגע פון איבערצײַגנדיקע טיפּן. נאַסטיע איז לויט איר סאָציאַלער פונקציע אַ פּאַשעטע מיספאַרשטייעניש. אַלע איבעריקע זײַנען בלאַסע סילועטן.

לעסאָף וועגן לוריעס שפּראַך. זי איז זאַפטיק און קערנדיק. די ספּעציפישע שפּראַך פון די פּויערים מיט זייערע ווערטלעך, פאַרגלײַכונגען און מעטאַפאָרעס איז מאַמעש גלענצנדיק. אין זײַן אײגענער שפּראַך האָט לוריע אויסגעמיטן די געפאַר אַרײַנצופאַלן אין „דאָרפישקײַט" און „פּויערישקײַט". עס פילט זיך ווי ניט ווי אַ געווויסע אומבאַהאָלפנקײַט, ניט פּינקטלעכקײַט. ער האָט ניט אומזיסט ליב די ווערטער „עטוואָס" און „שטאַרק". זיי פאַרבײַטן בײַ אים די ניטבאַהערשטע נאָך געניטקײַט און זיכערקײַט באַם געפינען דעם נייטיקן קאָלאָריט, די נייטיקע מאָדיפיקאַציע!

לוריעס ווערק האָט גוואַלדיקע מײַלעס, ווי אויך כעסרוינעס. אין דער אונטערשטער שורע אָבער—איז עס אַ זיג פון אונדזער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

---

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטער—איזי כאַריק

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אַקסעלראָד, י. בראָנשטיין, כ. דונעץ, א. וואָלאָבאַנסקי, אי. כאַריק, ל. קאַצאָוויטש, ר. ראַזיק, ל. ראָזענהויז, שווידעל.

דרוקערײַ א. נ. סטאַליג באַשטעלונג 1839. טיראַזש 1000. גלאַווליטבעל 850.

1613

# שטערן

9

ליטעראריש־קינסטלערישער
און פּאָליטיש־וויסנשאַפטלעכער
כוידעש־זשורנאַל. מינסק
1932 יאָר

## אינהאַלט:

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פארייניקט זיך

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 9 — אכטער יאָרגאנג — סענטיאבער 1932

## אַ הייסן גרוס דעם גרעסטן פּראָלעטארישן שרײַבער
## און קעמפער מאקסים גאָרקי צום פערציקיאָריקן יובילײ
## פון זײַן ליטערארישער געזעלשאפטלעכער טעטיקײַט



# באגריסונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב)
# מאקסימ גאָרקינ

דער צ.ק. אל.ק.פ.(ב) באגריסט הייס דעמ גרויסנ פראָלעטארישנ שרײַבער מאקסימ גאָרקי מיט זײַנע אויסגעצייכנטע קינסטלערישע ווערק, וואָס זײַנענ געוואָרנ דאָס אייגנס פונ די מיליאָניקע מאסנ, האָט גאָרקי „פעסט פארבונדנ זיכ מיט דער ארבעטער־באוועגונג אינ רוסלאנד אונ אינ דער גאנצער וועלט" (לענינ).

מאקסימ גאָרקיס נאָמענ איז טײַער אונ נאָענט די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנלאנד אונ ווײַט אויסער זײַנע גרענעצנ, אלס דער נאָמענ פונ גרעסטנ קינסטלער־רעוואָליוציאָנער, קעמפער קעגנ צאריזמ. קעגנ קאפיטאליזמ, פאר דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, פאר דער באפרײַונג פונ די ארבעטנדיקע אינ אלע לענדער פונ דעמ יאָכ פונ קאפיטאליזמ.

דער צ.ק. אל.ק.פ,(ב) דריקט אויס די זיכערקײַט, אז גאָרקיס גרויסער טאלאנט אונ זײַנ רעוואָליוציאָנערע ענערגיע וועלנ נאָכ לאנג דינענ דעמ ארבעטער-קלאס.

צ.ק. אל.ק.פ.(ב).

---

# כ׳ סטאלינס באגריסונג מאקסימ גאָרקינ

טײַערער אלעקסײ מאקסימאָוויטש!

פונ טיפנ הארצנ באגריס איכ אײַכ אונ דריק פעסט די האנט. איכ ווינטש אײַכ לאנגע יאָרנ לעבנ אונ ארבעט צו דער פרייד פונ אלע ארבעטנדיקע, צו שרעק די סאָנימ פונ ארבעטער־קלאס.

י. סטאלינ.

---

# באשטימונג פונ פרעזידיומ פונ צ.א.ק. פונ פ.ס.ס.ר. וועגנ באלוינענ מיט א לענינ-אָרדענ דעמ כ׳ מאקסימ גאָרקי

דער פרעזידיומ פונ צ.א.ק. פונ פ.ס.ס.ר. באשטימט:

באלוינענ מיטנ לענינ־אָרדענ דעמ גרויסנ פראָלעטארישנ שרײַבער, דעמ כאווער מאקסימ גאָרקי פאר זײַנע ליטערארישע פארדינסטנ פארנ ארבעטער־קלאס אונ די ארבעטנדיקע פונ פ.ס.ס.ר.

פאָרזיצער פונ צ.א.ק. פונ פ.ס.ס.ר.—מ. קאלינינ.

סעקרעטאר פונ צ.א.ק. פונ פ.ס.ס.ר.—א. יענוקידזע.

מאָסקווע, קרעמל, 17-טנ סענטיאבער 1932 יאָר.

# וועגן מאָסמיטלען צו באצייכענען דעם 40-יאָריקן יובילײ פון מאקסים גאָרקיס ליטעראַרישער טעטיקײַט

## באשטימונג פון פרעזידיום פון צ.א.ק. פ.ס.ס.ר.

קעדײ צו באצייכענען דעם 40־יאָריקן יובילײ פון מאקסים גאָרקיס ליטעראַרישער טעטיקײַט, פארצייכענענדיק מאקסים גאָרקיס פארדינסטן אפן געביט פון דערציִען די נײַע שרײַבערישע קאדרען פון די ארבעטער און פויערים, באשטימט דער פרעזידיום פון צ.א.ק. פון פ.ס.ס.ר.:

.1

1. גרינדן אין מאָסקווע א ליטעראַרישן אינסטיטוט אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען.

2. דער ליטעראַרישער אינסטיטוט אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען ווערט אָרגאניזירט:

א) אלס ליטעראַרישער לערן־צענטער, וואָס גיט א מעגלעכקײַט די שרײַבער, וואָס האָבן זיך שעפעריש אויסגעצייכנט, און אין דער ערשטער רײ די שרײַבער ארבעטער און פויערים צו העכערן זייער קוואליפיקאציע, צו באקומען אן אלזײַטיקע אנטוויקלונג און קריטיש צו באהערשן די ירושע פון דער ליטעראַרישער פארגאנגענהײַט;

ב) אלס לאבאָראטאָריע אפ דערלערנען די קינסטלערישע ליטעראַטור פון די פעלקער פון פ.ס.ס.ר.

ג) אין דער לערן־ארבעט פונעם אינסטיטוט, וואָס ווערט אָרגאניזירט, אָנווענדן דעם לערן־מעטאָד, וואָס נעמט אין אכט די אייגנטימלעכקײַט פון יעדן שרײַבער, וואָס ארבעט אין אינסטיטוט, זײַנע שעפערישע רעגילעסן און די די מעטאָדן,

3. באוואָרענען דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען מיט אן אייגענער געבײַדע, וואָס באם בויען זיי דארפן גענומען ווערן אין אכט די ספעציִעלע אויפגאבן פון אינסטיטוט און זײַנע ארבעט־באדינגונגען.

4. באוואָרענען באם ליטעראַרישן אינסטיטוט אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען, א צענטראלע ביבליאָטעק, אין וועלכער עס דארפן זײַן פאָרגעשטעלט די בעסטע קינסטלערישע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור.

5. עפענען דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען ביז וואנען מע וועט אויסבויען די נײַע געבײַדע, אין א צײַטווײַליקן לאָקאל, ניט שפעטער ווי דעם 1־טן יאנוואר 1933 יאָר.

.2

6. גרינדן אין די הויכשולן פון אלע פארבאנדישע רעפובליקן 25 סטיפענדיעס אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען.

.3

7. שאפן באם פרעזידיום פון צ.א.ק. פון פ.ס.ס.ר. א ספעציִעלן פאָנד אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען אפ פרעמירן די בעסטע קינסטלערישע ווערק אפ די שפראכן פון די פעלקער פון פ.ס.ס.ר.

.4

8. אָנרופן דעם מאָסקווער קינסטלערישן אקאדעמישן טעאטער פון פ.ס.ס.ר.—מאָסקווער קינסטלערישער אקאדעמישער טעאטער פון פ.ס.ס.ר. אפ מאקסים גאָרקיס נאָמען.

פאָרזיצער פון צ.א.ק. פון פ.ס.ס.ר.—מ. קאלינין.

סעקרעטאר פון צ.א.ק. פון פ.ס.ס.ר.—יענוקידזע.

מאָסקווע, קרעמל, 17־טן סעפטעמבער, 1932 י.

וו. קירפּאָטינ

# גאָרקי—דער גרויסער קינסטלער פונ פּראָלע־טאריאט

מיט 40 יאָר צוריק איז אינ דער טיפליסער צײַטונג „קאווקאז“ אָפּגעדרוקט געוואָרנ די ערשטע דערציילונג פונ מאקסימ גאָרקי „מאקאר טשודרא“. פונ דעמ מאָמענט הייבט זיכ אָנ גאָרקיס רײַכע אונ פרוכטבארע ליטעראַרישע טעטיקײַט, די ראשיקע אונ האסטיקע פאַר־שפרייטונג פונ זײַנ רעוואָליוציאָניזירנדיקער ווירקונג אינ דער סוויווע פונ די פּראָגרעסיוו־געשטימטע לייענער פונ רוסלאנד אונ אייראָפּע.

די 90־קער יאָרנ פונ פאַריקנ י. ה.—זײַנענ יאָרנ פונ געזעלשאַפטלעכער אופלעבונג, פונ אָנוואקסנדיקנ רעוואָליוציאָנערנ אופשטײַג, וואָס איז געקומענ צוזאמענ מיטנ וווּקס פונ דער קראפט, באַוווסטזיניקײַט אונ אקטיווקײַט פונ דעמ ארבעטער־קלאס.

סײַ אינ די 60־קער, סײַ אינ די 70־קער יאָרנ האָט די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פונ לאנד געליטנ א מאפּאָלע. די טשוהונענע בריע פונ דער לײַבייגנטימערישער זעלבסט־הערשונג איז ניט נאָר ניט אראָפּגעוואָרפנ געוואָרנ, עס האָט זיכ געדוכט, אז זי האָט בלויז באַקומענ א נײַע דריקנדיקע קראפט. דער דורכפאל פונ די ערשטע טריט פונ דער רעוואָ־ליוציאָנערער באַוועגונג, די פינצטערניש פונ דער רעאקציע האָבנ געזייט מוטלאָזיקײַט, בענקשאפט, האָבנ געבוירנ א געפיל פונ אָנמעכטיקײַט, האָבנ געשאפנ די דריקנדיקע אט־מאָספער פונ די 80־קער יאָרנ.

דעמ דאָר פונ די פּאָלקיסטנ, פונ גרויסע רעוואָליוציאָנערנ האָט פארביטנ דער דאָר פונ די לעגאלע פּאָלקיסטנ, אָנשטאָט רעוואָליוציאָנערע אגיטאציע האָט מענ אָנגעהייבנ פּריידיקנ קליינע זאכנ, אָפּאָרטוניזמ, צופאסלערײַ אינ דער פּאָליטיק, אינ לעבנ, אינ דער טעאָרי אינ דער ליטעראטור.

ווי שווער עס איז ניט געווענ דער יאָכ פונ דער רעגירונג־רעאקציע, ווי שטיקנדיק עס איז ניט געווענ די געזעלשאפטלעכע אטמאָספער פונ די 80־קער יאָרנ, אָבער דער אומ־דערמידלעכער מוילווורפ פונ דער געשיכטע האָט זײַנ זאכ געטאָנ פּינקטלעכ. פארנ יאָר־צענדליק 1870־1880 האָבנ געשטרײַקט, לויט די סאמע באַשיידענע אויסרעכענונגענ, 120.000 ארבעטער, דער גרעסטער טייל שטרײַקנ האָט זיכ פארענדיקט מיטנ פולשטענדיקנ זיג פונ די ארבעטער. דאָס איז אויכ געווענ א רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג—אנ אופשטײַג, וועלכנ ס'האָבנ ניט פארשטאנענ אונ ניט באַמערקט די מענטשנ פונ יענער צײַט, זײַענדיק באַצוי־בערט דורכנ עפעקטפולנ בילד פונעמ קאמפ פונ דער „נאראָדנאיא וואָליא“ קעגנ דער זעלבסטהערשונג. אָבער דעריקער—דערדאָזיקער ארבעטער־אופשטײַג איז ניט דורכגעפאלנ,

ניט צעגראָמירט געוואָרן, ער איז געוואַקסן און האָט זיך פאַרברייטערט אין א פאַרהעלט־ניסמעסיקער שטילקייט, ביז זײַנע שטורמישע און מעכטיקע אנטפלעקונגען האָבן זיך ניט ארויסגעריסן אפן אויבערפלאַך אין די שטרײַקן פון די 90־קער יאָרן, מיט וועלכע עס האָבן אָנגעפירט די „קאמף־פאַרבאנדן", מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט וולאדימיר לענין, וועלכער האָט שוין דאן אָנגעהייבן זײַן וועלט־היסטאָרישע טעטיקייט (ס'איז מערקווירדיק, אז איינע פון גאָרקיס סאמע פריִקע פאַרבינדונגען מיט די רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס איז זײַן אָנטיילנעמען אין פעדאָסייעווס מארקסיסטישן קרײַזל אין קאזאן אין 1887 י.).

ס'האָט זיך אויסגעפאָרמירט, ס'איז אויסגעוואָקסן, ס'איז פעסט געוואָרן דער ארבעטער־קלאַס; דער פּראָלעטאריאַט איז געוואָרן דער העגעמאָן פונעם רעוואָליוציאָנערן קאמף. דער רעוואָליוציאָנערער קאמף, האָט זיך גערוכט, איז פון א האָפענונגלאָזער זאך פון איינצל־מענטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מעכטיקער, מונטערער, אלץ וואַקסנדיקער באוועגונג פון מאַסן מיט רעאַל־פילבאַרע פּערספּעקטיוון פון פולשטענדיקן זיג.

דער רעוואָליוציאָנערער קאמף איז שוין ניט געווען האָפענונגלאָז, דער מונטערער, ענערגישער ארבעטער־קלאַס האָט זיך געשטעלט אינדערשפּיץ פון דער באוועגונג, א מונ־טערע אופלעבונג איז געקומען אָנשטאָט דעם טרויעריקן ביינהאַשמאָשעס, א מונטערע באַוועגונג האָט געבוירן מונטערע לידער:

„דעם אומזין פון די העלדישע זינגען מיר א ליד! דעם אומזין פון די העלדישע—
אָט איז די כאָכמע פון לעבן! אָ, דרייסטער סאָקאָל! אין שלאכט מיט די סאָנים
ביסטו אָפּגעגאנגען מיט בלוט... אָבער ס'וועט קומען א צײַט—און די טראָפּנס פון
דײַן בלוט, הייסע, ווי פונק, וועלן אופבליצן אין דער פינצטערניש פון לעבן און
פיל דרייסטע הערצער וועלן זיי אָנצינדן מיט זינלאָזער דורשט נאָך פרײַהײַט, ליכט!
„זאָל זײַן, דו ביסט געשטאָרבן!... אָבער אינעם ליד פון די דרייסטע און
גײַסטיק—שטאַרקע וועסטו שטענדיק זײַן א לעבעדיקער בײַשפּיל, א שטאָלצער רוף
צו פרײַהײַט, צו ליכטיקייט!
„דעם אומזין פון די העלדישע זינגען מיר א ליד!".

דאָס ליד וועגן דעם אומזין פון די העלדישע—אָט איז דער גרונט־אינהאַלט פון גאָרקיס ראָמאנטישע דערציילונגען אין דער ערשטער עפּאָכע פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. אין דעם ליגט דער פּאָליטישער טאָנוס פון גאָרקיס ערשטער דערציילונג, פון די מײַסעס פון דער אלטער איזערגיל א.א.וו., אפ דעם באזירט זיך אין לעצטן סאַכאַקל די אידעאַליזאציע פון די פרײַהײַטליבנדיקע, ניטגעהאָרכזאמע באָסיאַקעס אין קעגנזאַץ צו דער גרויִנקער, באַלעבעסלדיקער עקזיסטענץ פון די געהאָרכזאמע און געטרײַע אונטערטאַ־נער פון די רוסלענדישע זעלבסטהערשער—אלעקסאנדער דעם 3־טן און ניקאָלײַ דעם 2־טן.

„אויך די מעוועס קרעכצן פאַרן שטורעם". אויך די פאַרשפּעטיקטע רוסלענדישע בור־זשואזיע, וועלכע האָט איבערגעלעבט א צײַט פון אינדוסטריִעלן אופשטײַג, האָט זיך גענייטיקט אין א אידעאָלאָגיש געווער קעגן די טראַדיציעס, וואָס האָבן נאָך דאַן געהערשט אין דער „געזעלשאַפט", פונעם פאָלקיזם מיט זײַן אסקעטיזם, מיט זײַן אידייע וועגן דעם כויוו פון די געבילדעטע און הערשנדיקע קלאַסן פאַרן פאָלק. אין קעגנזאַץ דעם פאָלקיזם האָט די בורזשואזע אינטעליגענץ געזוכט אידעאָלאָגישע פאַרביקע שמאַטעס אפ צוצודעקן איר כאַנפענען זיך צום צאַריזם, דאָס שטרעבן אומבאַגרענעצט צו עקספּלואַטירן די אַר־בעטער און באַפרידיקן די אייגענע געברויכערישע אינסטינקטן, די אייגענע טײַוועס. די

בורזשואזיע האָט געפרוּווט אויסנוצנ גאָרקינ פאַר אירע צילנ, פונקט אזוי, ווי דער „לעגאַלער מארקסיזמ״ האָט געפרוּווט אויספילנ דיזעלבע אופגאבע אינ געביט פונ טעאָריע אונ פאָליטיק. מע האָט געשאַפנ א לעגענדע וועגנ גאָרקינ, ווי וועגנ דעמ זינגער פונ א ניטשעאַנישנ אויבערמענטש, וועגנ אנ אומבאגרענעצטנ הערשער, וועלכער באטראכט אלע איבעריקע מענטשנ בלויז, ווי א מיטל אפ באפרידיקנ זײַנע טײַוועס. ס'איז נאטירלעכ, אז די פאָלקיסטנ, וועלכע האָבנ ניט פארשטאנענ אונ זײַנענ ניט געווענ אימשטאנד צו פארשטײנ די נײַע היסטאָרישע אומגעבונג, וואָס האָט זיכ געשאַפנ מיטנ איבערגאנג פונ דער העגעמאָניע אינ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג צומ פראָלעטאריאַט, האָבנ אונטערגעבאמקעט דער בורזשואזער אָפשאצונג פונ גאָרקיס שאפונג, שטעלנדיק בלויז א מינוס דאָרטנ, ווו דער בורזשוא האָט געשטעלט א פליוס, פארווערטיילנדיק דאָס, צו וואָס דער בורזשוא האָט זיכ באצויגנ פאָזיטיוו. מיכײַלאָווסקי האָט אינ גאָרקיס שאפונג געזענ בלויז אנ אָפצווײַגונג פונ דעקאַדענטישקײַט. די באָלשעוויסטישע קריטיק איז זייער פרי ארויסגעטראָטנ קעגנ אזא פארקריפלענ דעמ טאָכ פונ גאָרקיס שאפונג. וואצלאוו וואָראָווסקי, אָפשאצנדיק גאָרקיס ערשטע ווערק, האָט פאָלעמיזירט מיט די פרוּוונ פאָרצושטעלנ דעמ יונגנ שרײַבער, אלס א זינגער פונעמ אויבערמענטש. דאָס ווייטיקנ איבער דער מענטשהײַט, איבער די מאסנ, איבער די אונטערדריקטע אונ עקספלואַטירטע איז דער פירנדיקער מאָטיוו אינ גאָרקיס שאפונג, אײַנגאנצנ גענומענ, אָנהייבנדיק פונ דער ערשטער דערציילונג זײַנער. סאָפקאָלסאָפ, האָט גאָרקי, מאָלנדיק שטארקע, דרייסטע כאראקטערנ מיט מעכטיקע לײַדנשאפטנ, געהאט אינ זינענ, ווי עס דריקט זיכ אויס ענגעלס אינ זײַנ בריוו צו פאול ערנסט, דעמ ווירקלעכנ מענטשנ, אינ קעגנזאצ צומ קליינלעכ־נישטיקנ, וועלכער האָט זיכ צוגעפאסט צו יעטווידער יאָכ אונ פאלשקײַט, דעמ מענטשנ, „וועלכער באזיצט נאָכ א כאראקטער, וועלכער איז פייִק צו איניציאַטיוו אונ האנדלט זעלבשטענדיק״ (די טערמינענ—ענגעלסעס). דער רעוואָליוציאָנערער קאמפ שאפט שטענדיק אזוינע ווירקלעכע מענטשנ. געבוירנ זײַנענ זיי אינ דער אלטער רוסלענדישער אָבלאָמאָווקע, ווי נאָר עס האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט דער קאמפ פאַר אראָפוואַרפנ די זעלבסטהערשונג, אונ באזונדערס פיל אזוינע כאראקטערנ האָבנ זיכ אָנגעהייבנ אויסשמידנ אינ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ פונעמ ארבעטער־קלאס. די באזונדערקײַטנ פונ גאָרקיס ביאָגראפיע האָבנ געבראכט דערצו, אז ער האָט לעכאטכילע אָנגעהייבנ שעפנ די געשטאלטנ פונעמ ווירקלעכנ מענטשנ אינ דער סוויווע פונ באָסיאַקעס, אָדער פונ אלטע ציגײַנערשע לעגענדעס. פארשטייט זיכ, גאָרקי האָט שפעטער פארשטאנענ, וואָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר די רעאלע וועלט פונ די באָסיאַקעס, אז ניט דאָ דארפ מענ זוכנ די פאָרגעשריטענע קעמפער פאַר די ווירקלעכ־מענטשלעכע לעבנ־באדינגונגענ פונ דער מענטשהײַט. „אפנ דעק״ רעדט שוינ וועגנ דער אָנמעכטיקײַט אונ גרויזאמקײַט פונעמ דעק, וועגנ דעמ אָפאָרטוניזמ פונ דער בוימל־טריפנדיקער, בארויִקנדיקער, שאָלעמ־מאכערישער פרײדיקונג פונעמ וואנדערער לוקא.

בא גאָרקינ קענ מענ געפינענ א דירעקטע פאָלעמיק קעגנ דעמ בורזשואזנ ניטשעאַנישנ אינדיווידואליזמ, א פאָלעמיק—אָנגעקליידעט אינ קאָסטיומ פונ קינסטלערישע געשטאלטנ. די ערשטע דערציילונג פונ דער אלטער איזערגיל איז, אויב איר ווילט, א דערציילונג וועגנ א באשטראָפטנ ניטשעאַנער, וועגנ דער אומענטשלעכקײַט פונ פרײַהײַט אונ מאכט, ווענ זיי זײַנענ געווענדעט בלויז אפ באפרידיקנ דעמ פערזענלעכנ עגאָיִזמ. לארא, דער זונ פונ א פרוי אונ אנ אָדלער, האָט געלעבט אזוי, ווי עס פאסט צו לעבנ אנ „אויבערמענטשנ״: „פרײַ ווי א פויגל פלעגט ער קומענ צומ שייוועט אונ פלעגט אוועקרויבנ פי,

מיידלעך—אלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. אין אים האָט מען געשאָסן, אָבער די פײַלן האָבן ניט געקענט פארוווּנדן זײַן לײַב... ער איז געווען פלינק, רויבעריש, שטארק, אכזאָריעסדיק און האָט זיך ניט באגעגנט מיט מענטשן פאָנעם־על־פאָנעם". אָבער לארא האָט אָנגעהייבן בענקען אין זײַן איינזאמקײַט. זײַן שטאָלצע איינזאמע פרײַהײַט, זײַענדיק ניט דערוואַרעמט מיט דער נאָענטקײַט פון אנדערע מענטשן, איז אים געוואָרן צו לאסט. ער האָט געוואָלט שטארבן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט שטארבן, זײַן שטראָף האָט געשטעקט אין אים זעלבסט. ער האָט ניט געקענט שטארבן. „ער קען ניט לעבן און אויך דער טויט שמייכלט צו אים ניט. און ס'איז ניטאָ פאר אים קיין אָרט צווישן מענטשן... אָט ווי דער מענטש איז באשטראָפט געוואָרן פאר זײַן גײַווע".

גאָרקיס סימפּאטיעס געהערן ניט צו לארא, נאָר צו דאנקאָ, א צווייטן לעגענדארן העלד פון די דערציילונגען פון דער אלטער איזערגיל. דאנקאָ איז אויך א ראָמאנטישע פיגור, וועלכע ווערט קעגנגעשטעלט דעם גרויזיקן לעבן פון דער מאכטלאָזער מערהײַט, וואָס קומט אָפּ אירע טעג אין דער פינצטערניש פון א פײַכטן, זומפּיקן, ניטדורכגאנגבארן וואלד. אָבער דער העלדישער און פרײַהײַט־ליבנדיקער דאנקאָ האָט געטראכט ניט וועגן אָנזעטיקן זײַן אייגענע עגאָיִסטישע גײַווע. ער האָט געליבט די מענטשן: „וואָס וועל איך אופטאָן פאר די מענטשן?"—די פראגע האָט אים גערעגט. ער האָט אוועקגעפירט זײַנע ברידער פון די פײַכטע פינצטערע וועלדער אף דער זוניקער ראכוועס. און ווען די, וועלכע ער האָט געפירט, האָבן זיך אין דער פינצטערניש אראָפּגעשלאָגן פון וועג און האָבן ארויסגעוויזן זייער פארדראָס, האָט ער ארויסגעריסן פון ברוסט־קאסטן זײַן ברענענדיק הארץ, אופגעהויבן איר, ווי א ווענגווײַזנדיקן פאקל איבערן האמוין און האָט ארויסגעפירט, אָפּפערנדיק זײַן לעבן פאר די מענטשן, וועלכע האָבן געזונקען אין דער פינצטערניש, אף א ליכטיקן וועג.

די ראָמאנטישע לעגענדע וועגן דאנקאָ האָט געהאט איר פאָליטישן עקוויוואלענט. זי איז אָנגעשריבן געוואָרן פאר דעם ליד וועגן סאָקאָל, זי איז געווען אקטועל, ווײַל זי האָט גערופן צום קאמף, צו העלדנטאט, זי האָט געשאפן די געהייבענע שטימונג, די ווירקזאמע מונטערקײַט, די גרייטקײַט צו זעלבסט־אָפּפערונג אין נאָמען פון דער אלגעמיינער זאך, אין נאָמען פון די לײַדנדיקע און אומגליקלעכע, וואָס אָן דעם קומט קיינמאָל ניט פאָר קיין רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג.

פון די ערשטע טריט אָן פון זײַן 40־יאָריקער ליטערארישער טעטיקײַט האָט גאָרקי זייער שארף אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן דעם אנטאגאָניזם צווישן די עקספּלואטאטערס און עקספּלואטירטע. אויך אין די דערציילונגען וועגן די באָסיאקעס קלינגט בא גאָרקין די שטים פון פײַנטשאפט און פאראכטונג צו די עקספּלואטאטערס.

„א זאטער מענטש"—איז א ווילדע כײַע—לערנט דער זיידע ארכיפּ ליאָנקען אין אײַנער פון זײַנע דערציילונגען. און קיינמאָל האָט ער ניט קיין ראכמאָנעס איבער א הונגעריקן. סאָנים זײַנען זיי איינע די אנדערע—דער זאטער און דער הונגעריקער, אייביק שטערן זיי איינע די אנדערע. דעריבער איז פאר זיי אומעגלעך צו מיטפילן און פארשטיין איינע די אנדערע..."

די גאנצע דערציילונג, וועלכע גאָרקי וויקלט פאנאנדער מיט רויִקער מײַסטערשאפט פון א קינסטלער, וואָס אונטער זײַן פען ריידן די געשעענישן אליין פאר זיך, איז אינגאנצן געווענדעט קעגן דער זאטער „גערעכטיקײַט" פון די רײַכע, וועלכע פארורטיילן אכזאָריעסדיק, אין נאָמען פון באשיצן זייער אייגנטום, צום טויט צוויי היימלאָזע שלעפּער.

דער ראָמאנטישער פאטאָס פון גאָרקיס ערשטע דערציילונגען אונטערשיידט זיך קאָרדינאל פונעם געווייגלעכן בורזשואזן און קליינבירגערלעכן ראָמאנטיזם מיט דעם, וואָס דער לעצטער האָט זיך שטענדיק באזירט אפן בורזשואזן אינדיווידואליזם, וועלכער *שפארט זיך אָן אפ פריוואט-אייגנטום*, גאָרקיס בונטע פריידיקונג אָבער איז ניט נאָר געווען רעוואָליוציִאָנער, נאָר זי איז געווען געווענדעט קעגן אייגנטום, קעגן זשעדנעקייט, עגאָיִזם, אידיאָטיזם. „צי דען קען מען צוליב געלט אזוי פייניקן זיך!“—שרייט אויס טשעלקאש, איינע פון גאָרקיס העלסטע באָסיאקישע פיגורן.

בא די ערשטע טריט פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט איז גאָרקי געווען דער, וואָס האָט אָפגעשפיגלט און אויך אָנטיילגענומען אינעם מעכטיקן רעוואָליוציִאָנערן אופשטייג פון לאנד, וועלכן ס'האָט ארויסגערופן די ארויסטרעטונג פונעם פראָלעטאריאט, אלס אָנפירנדיקע קראפט אין רעוואָליוציִאָנערן קאמף, וואָס האָט צוגעגרייט די געשעענישן פון 1905 י. אין דער הינזיכט האָט זיך גאָרקיס שאפונג פון די ערשטע טריט אָן אויסגעצייכנט מיט איר פּאָליטישער אקטועלקייט ניט אין דער וווּלגאר-איליוסטראטיווער, נאָר אין דער בעסטער באדייטונג פון דעמדאָזיקן באגריף בא זיין אָנווענדונג צו קונסט. אָט די אקטועלקייט פון גאָרקיס שאפונג האָט אים געבראכט אזא אומגעהויער שנעלן ליטעראַרישן דערפאָלג.

די קאָמפליצירטקייט פון גאָרקיס שאפונג, די רייכקייט פון די סאָציִאלע טיפן, וועלכע ער האָט אויסגעמאָלט, האָבן דערוועקט א גאנצע ריי פארוואונדערונגען און ניטריכטיקע כאראקטעריסטיקעס פון גאָרקיס סאָציִאלע סימפאטיעס, צייטנווייז אפילע אין דער מארקסיסטישער סוויווע. אָט האָט, צ. ב., דער פארשטאָרבענער פריטשע געשריבן, אז גאָרקי „האָט געזוכט דעמדאָזיקן שעפער פון דער ליכטיקייט, דעם בויער פון דעם קאָסמאָס אינעם באָסיאק, אין דער בורזשואזיע, אין דער אינטעליגענץ און האָט זיך שטענדיק אנטוישט. ער האָט געפונען דעמדאָזיקן בויער צווישן דעם ארבעטער-קלאס און האָט אָפגעשטעלט פאר אים—דעם קעמפער און שעפער—א ניט מיטן האנט געשאפענעם דענקמאָל“.

אָבער מיר האָבן שוין געזען, אז, ארויסרוקנדיק אפן ערשטן פלאן אין זיינע ווערק די קינסטלערישע געשטאלט פון א באָסיאק, האָט זיך גאָרקי ניט פארכאפט בלויז מיט העלדישקייט, מיט די אנארכאָ-אינדיווידואליסטישע, אָבער ניטשעאנישע, אומבאגרענצטע פרעטענזיעס פון דער איינצלנער פערזענלעכקייט. די זאָרג וועגן דעם קאָלעקטיוו פון דער ליידנדיקער מענטשהייט, וועגן עמעס, וועגן שיינקייט פון לעבן האָט אים ניט פארלאָזן אפילע אין דעמדאָזיקן פעריאָד פון זיין שאפן. וואָס איז שייעך דער אינטעליגענץ, וועלכע האָט שטענדיק צוגעצויגן צו זיך מאקסים גאָרקיס אויפמערקזאמקייט, האָט ער זיך אויך צו איר באצויגן, ווי צו א זעלבסט-ציל. פאראן א אינטעליגענץ און א אינטעליגענץ—גאָרקיס „דאטשניקעס“ האָבן דאָס זייער גוט באוויזן. פאראן א אינטעליגענץ, וואָס איז פארזונקען אין דער גאנצער שמוץ און געמיינקייט פון די אָנפירנדיקע קלאסן, וועלכע זי דינט געטריי און געוויסנהאפט, פאראן א אינטעליגענץ, וואָס האָט פארלאָזן דעם לאגער פון די „גליקלעכע, ליידיקגייערישע פלאפלער, וואָס האָבן פארפלעקט זייערע הענט אין בלוט“ און האָט אָפגעגעבן אלע קרעפטן אירע אפ באפרייען די קאָלאָסאלע מערהייט פון פּאָליטישן יאָך און עקאָנאָמישער עקספלואטאציע. דערדאָזיקער אינטעליגענץ געהערן גאָרקיס סימפאטיעס, אפילע דאן, ווען ער איז געווען גענייגט עטוואָס איבערשאצן איר באדייטונג.

די אינטעליגענץ האָט צוגעצויגן גאָרקיס סימפאטיעס אין נאָמען פון סאָציִאליזם, ניט דעם אוטאָפישן סאָציִאליזם, נאָר דעם סאָציִאליזם, וואָס זיין פונדאמענט האָבן פארלייגט מארקס און ענגעלס. גאָרקי האָט געפירט א דויערנדיקן און אקשאָנעסדיקן קאמף פאר דער אינ-

טעליגענץ, פאַר אָפּרײַסן זי פון דער פאַלשקײַט פון דער אַלטער וועלט, פאַר פאַרוואַנדלען זי אין א טעטיקן העלפער פונעם אַרבעטער־קלאַס באַם צערויִנירן די אַלטע און שאַפן א נײַע וועלט. גאָרקיס באַציִונג צו דער אינטעליגענץ האָט צוגעגרייט די העכסט—דײַטלעכע פראַגע, וואָס ער האָט ניט לאַנג געשטעלט די אַלע, וועלכע האָבן נאָך אויערן און קענען הערן: „מיט וועמען זײַט איר, קולטור־מײַסטערס? מיט דער שוואַרץ־אַרבעט־קראַפט פון דער קולטור, פאַר שאַפן נײַע לעבן־פאָרמען, אָדער איר זײַט קעגן דערדאָזיקער קראַפט, איר זײַט פאַר דער קאַסטע אומפאַראַנטוואָרטלעכע רויבער, פאַר דער קאַסטע, וואָס האָט אָנגעהייבן פוילן פון קאָפּ און זעצט פאָר איר טעטיקײַט שוין בלויז לויט דער אינערציע?"

אפּ דער בורזשואַזיע אָבער האָט גאָרקי קיינמאָל ניט געקוקט, ווי אפּן „שעפער פון ליכט", ווי אפּן „בויער פון קאָסמאָס". דאָסזעלבע ווערק, אפּ וועלכער מע פאַרופט זיך, געוויינלעך, קעדיי צו דערווײַזן גאָרקיס שטעלונג פאַר דער בורזשואַזיע, דעקלאַרירט זייער בוילעט קעגן דער בורזשואַזיע. געוויס, מאַיאַקין אין „פאָמאַ גאָרדייעוו" איז קינסטלעריש איינע פון גאָרקיס בעסטע דערגרייכונגען. געוויס איז מאַיאַקין זייער קלוג, זײַן אָריגינעלער פּאָליטישער טאָך דריקט זיך אויס רעליעפ אין דעם, וואָס ער פאָרמולירט קלאָר די פּראָבלעם פון מאַכט אין לאַנד. „די זאַך באַשטייט ניט אינעם געלט,—דערקלערט ער,—נאָר אין דער מאַכט. אָט אפּ וואָס אונדזער ברודער דאַרף האַלטן דעם קורס". אָבער גאָרקיס גאַנצע אויסגעצייכנטע דערציילונג איז דורכויס געווענדעט קעגן דער בורזשואַזיע, זי באַווײַזט דאָך, וויאַזוי פאָמאַ גאָרדייעווס טאַלאַנטפולע און טעטיקע נאַטור ווערט דורך דער גאַנצער אָרדענונג פון דעם סאָכרישן און זאַוואָדישן שטייגער אײַנגעשלאָסן און אײַנגעגראָבן אין בלאָטע. „איר האָט געבויט ניט קיין לעבן,—מוסערט פאָמאַ, ווענדנדיק זיך צו דער בורזשואַזיע,—איר האָט א מיסט־גרוב געמאַכט! שמוץ און דערשטיקעניש האָט איר פאַרשפּרייט מיט אײַערע הענט. צי פאַרמאָגט איר געוויסן? צי געדענקט איר וועגן גאָט? א זעקסער איז ווערט אײַער גאָט! און אײַער געוויסן האָט איר פאַריאָגט... וווהין האָט איר עס פאַריאָגט? בלוטזויגער! מיט פרעמדער קראַפט לעבט איר... מיט פרעמדע הענט אַרבעט איר! וויפל מענטשן האָבן געוויינט מיט בלוט פון אײַערע גרויסע אויפטועכצן? אין גענעם וועט פאַר אײַך, אויסוואָרפן, קיין אָרט ניט זײַן, אָט אזויווי איר זײַט ווערט... ניט אין פײַער, נאָר אין זינדיקער בלאָטע וועט מען אײַך קאָכן. דויר־דוירעס וועט איר ניט אויסשטיין די פּײַניקונגען..."

שוין פון די ערשטע טריט אָן פון זײַן ליטעראַרישער דינסט דער אונטערדריקטער און עקספּלואַטירטער מענטשהײַט האָט גאָרקי ניט באַטראַכט די בורזשואַזיע, וואָס אַרבעט מיט פרעמדע הענט, ווי א קוואַל פון ליכט. זײַן שטים האָט געמוסערט די בורזשואַזיע, וואָס איז א קוואַל פון פינצטערניש, אונטערדריקונג, שמוץ און דאַלעס. די בורזשואַזע קריטיק האָט, אָנהייבנדיק פון די ווערק „פאָמאַ גאָרדייעוו" און „דרײַ", זייער גוט פאַרשטאַנען, אַז אויסנוצן גאָרקיס שאַפונג פאַר אירע צילן וועט זיך איר ניט אײַנגעבן, אַז גאָרקי איז איר סוינע צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט, צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהײַט. דעריבער הייבן זיך אָן פון די ווערק „פאָמאַ גאָרדייעוו" און „דרײַ" די געשרייען וועגן דעם אונטערגאַנג פון זײַן טאַלאַנט, געשרייען, וועלכע האָבן, דוכט זיך, באַגלייט זײַן גאַנצע ווײַטערדיקע ליטעראַרישע טעטיקײַט; פאַר דידאָזיקע געשרייען האָט מען שוין אויך געקענט פּראַווען א סאָלידן דרײַסיק־פינף און דרײַסיק־יאָריקן יובילײַ. דאָס הינטל פון דער בורזשואַזער קריטיק איז הייזעריק געוואָרן, בילנדיק, און דער העלפאַנד פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור איז זיך געגאַנגען פאָרויס פון איין דערפאָלג צו א צווייטן, פאַר־

פולקומענריק זײַנע ווערק, אַרבעטנדיק צו גונסטנ דער אָנקלאַסאָווער געזעלשאַפט, ווּ עס וועט שוינ גאָרניט זײַנ קיינ בורזשואזיע ניט אינ דער עקאָנאָמיק און ניט אינ דער ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק.

דאָס ווערק „דרײַ“ באַווײַזט שוינ גאָר ניט צווייד־יטנדיק, אפ וועלכע קרעפטנ עס האָפט גאָרקי, קעדיי צו איבערבויענ דעמ אַבזאָריעסדיקנ, אָרעמענ ארומיקנ לעבנ, קעגנ וועלכנ ער האָט אופגעהייבנ א בונט שוינ פונ זײַנ ערשטער דערציילונג. ניט דער וועג פונ איליא, א וועג פונ האַנדלענ און רײַכ־ווערנ, ניט דער וועג פונעמ שטילינקנ און געהאָרכזאַמענ יאַקאָוו, נאָר דער וועג פונעמ פּראָלעטאַריער פּאַוועל פירט דורכ שווערקײַטנ און בלוט, דורכ פיליאָריקנ און שווערנ קאַמפּ צומ זיג, צו דער פולקומקײַט און פרייד פונ די סאָציאַליסטישע לעבנ־באַדינגונגענ. פונקט אזוי איז אויכ דער מאַשיניסט ניל אינעמ ווערק „קליינבירגער“ א רעאַליסטישע געשטאַלט, וואָס זאָגט אָנ די באַנײַונג פונ לעבנ ניט נאָר פאַר דער מער, אָדער ווייניקער נאָענטער צוקונפט, נאָר שוינ הײַנט פירט ער דורכ א פאַראַלעל צווישנ דעמ רײַכנ שעפעריש־טעטיקנ לעבנ פונעמ פּראָלעטאַריער און רעוואָליוציאָנער מיט דער גרויער וואָכעדיקײַט פונ דער קליינבירגערלעכער באַלעבעסלדיקײַט פונ דער צאַרישער רוסלאַנד. די פּיעסע „פײַנט“ האָט אפילע פלעכאַנאָוו, וועלכער האָט זיכ באַצויגנ, ווי מיר וועלנ שפּעטער זענ, סקעפּטיש, נעגאַטיוו צו גאָרקיס סאָציאַליזמ (און, הייסט עס, אויכ צו גאָרקינ, ווי צו א פּראָלעטאַרישנ שרײַבער) אַנערקענט, אז זי שטעלט פאָר מײַסטערהאַפט „די פּסיכאָלאָגיע פונ דער הײַנטצײַטיקער אַרבעטער־באַוועגונג“.

אינטערעסאַנט און באַלערנדיק איז דעריבער פלעכאַנאָווס נעגאַטיווע באַציִונג צו גאָרקיס ראָמאַנ „די מוטער“. די געשעענישנ פונעמ ראָמאַנ באַזירנ זיכ פאָרמעל אפ די פאַקטנ פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג אינ סאָרמאָווע, אינ פעריִאָד פונ 1902 יאָר, אינ דער ווירקלעכקײַט אָבער איז „די מוטער“ — א ראָמאַנ וועגנ דער רעוואָליוציע פונ 1905 י. און איז אָנגעשריבנ געוואָרנ לויט אירע פרישע אײַנדרוקנ. די העלדנ פונ ראָמאַנ פּאַוועל און זײַנ מוטער פּעלאַגייע נילאָוונא זײַנענ סאָציאַל־דעמאָקראַטנ־באָלשעוויקעס. אָט דער ראַזיקער באָלשעוויסטישער כאַראַקטער פונ ראָמאַנ איז געווענ די סיבע פונ פלעכאַנאָווס נעגאַטיוונ אָפּרופ וועגנ אימ. טראָצ דער מיינונג פונ די מענשעוויקעס, האָט דער ראָמאַנ „די מוטער“, וועלכנ עס האָט געלייענט דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער־לייענער פונ דער גאַנצער וועלט, ניט געקוקט אפ אייניקע צווייטראַנגיקע פעלערנ זײַנע, קינסטלעריש אײַנגעגעבנ זיכ דעמ אוטער. ביז איצט רעגט ער אופ דעמ לייענער, ביז איצט איז עס דאָס באַליבסטע בוכ פונעמ אַרבעטער־לייענער פונ דער גאַנצער וועלט. דער מענשעוויסטישער קריטיק איז אויסגעקומענ צו כאַפּנ זיכ פאַר פאַרשיידענע שפּיצלעכ, קעדיי צו דערווײַזנ, אז סײַ דער ראָמאַנ גופע, סײַ זײַנע העלדנ זײַנענ קינסטלעכ צוגעטראַכט און ניט קינסטלעריש. קוביקאָוו האָט, אלס אַנ אַרגומענט קעגנ גאָרקינ, אַרויסגערוקט די צופרידענע שטימונגענ פונ דער מוטער, וועלכע גאָרקי שטרײַכט שטענדיק אונטער. דאָס איז ריכטיק, וואָס די אַלטע נילאָוונא, וועלכע האָט געפונענ דעמ זינ פונ לעבנ אינ אַקטיווער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט און איז נאָכ דערבײַ רעליגיעז געשטימט, האָט שטענדיק געפילט א פריידיקע מילדקײַט, אַפילע אינ אירע לײַדנ, זעענדיק, וויאזוי דער קאַמפּ פאַרנ עמעס און גערעכטיקײַט שליסט צונויפ אַלצ מער און מער די אַרבעטער און פויערימ, וויאזוי עס דערנעענטערט זיכ דער טריוּמפ פונ דעמ נײַעמ ליכטיקנ לעבנ. קיינ זאַכ, וואָס איז אומנאַטירלעכ און, הייסט עס, ניט קינסטלעריש, איז אינ דעמ ניטאָ. אויב מע זאָל זיכ שטעלנ אפ קוביקאָווס שטאַנדפונקט, וועט מענ דאַרפנ

אָנערקענען, אַז אויך די געשטאַלט פון ניקאָלײַ ראָסטאָוו אין „מילכאָמע און פרידן“ איז
צוגעטראַכט, ווײַל טאָלסטוי „כאָזערט איבער באָם באַשרײַבן זײַנע איבערלעבונגען“ אין
דער צײַט פון שלאַכט זײַן פרײלעכקײַט. גאָרקי האָט באַווײַזן אין ראָמאַן און עס
שטימט פולשטענדיק מיטן מאַרקסיזם, וויאַזוי דער אַרבעטער־קלאַס, וועלכן די קאַפּיטאַליס־
טישע אָרדענונג האָט פאַרורטײלט צו לעבן, ווי פי — אין שמוץ, דאַלעס, און אומוויסנ־
בעמט אָן אונטער דער ווירקונג פונעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף פאַר פאַרניכטן דעם קאַפּי־
טאַליזם, אין פּראָצעס פון דעם קאַמף גופע אַ ווירקלעך־מענטשלעכע געשטאַלט — דעם געפיל
פון זעלבסטווירדע, אַקטיווקײַט, איניציאַטיוו, דאָס ניט קענען לײַדן דעם יאָך, די עקספּלואַ־
טאַציע און אומגערעכטיקײַט, ער פאַרמאָגט דעם גײַסט פון קאָלעקטיוויזם, אַכטונג צו דער
פרוי, אַ שטרעבונג צו וויסנשאַפט, צו קולטור. און וואָזשע האָט גאָרקי, וועלכער איז
אופגעשטאַנען קעגן דעם מאַטעריעלן און גײַסטיקן דאַלעס, קעגן דער כײַעשער אַכזאָריעס־
דיקײַט אינעם שטיגער פון דער צאַרישער רוסלאַנד, געקענט געפינען ווירקלעכע מענטש־
לעכקײַט, ווירקלעך מענטשלעכע באַציִונגען, אויב ניט אין דער סוויווע פונעם פּראָלע־
טאַריאַט, וואָס קעמפט ניט נאָר פאַר אָראָפּוואַרפן די מאָנאַרכיע, נאָר אויך פאַרן סאָציאַ־
ליזם, אויב ניט אין דער סוויווע פון דער פּאַרטיי, וואָס אונטער איר אָנפירונג וועלן אַלע
פעלקער פון דער גאַנצער וועלט באַפרײַען זיך פונעם יאָך און שמוץ פון קאַפּיטאַליזם און
פון זײַן אייגנטימערישער כײַעשער מאָראַל? ניט קיין פאַלשע געדאַנקען, נאָר דער ריכ־
טיקער וועג פון קינסטלערישן רעאַליזם האָט געבראַכט גאָרקין צו „דער מוטער“.

אופריכטיק האָט גאָרקי באַוויזן אין ראָמאַן דאָס נײַע, וואָס האָט זיך באַוויזן אינעם
רוסישן דאָרף אין 20־טן י. ה., — דעם גײַסט פון אַקטיווער אומצופרידנקײַט, דעם גײַסט
פון פּראָטעסט, פון אָנווערן דעם גלויבן אין דער נאַטשאַלסטווע, אין קייסער, אין דער
אָרדענונג, דאָס קענען אופנעמען די רעוואָליוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. ס'איז ניט געווען צור־
געטראַכט, אַנטיקינסטלעריש דאָס, וואָס גאָרקי האָט באַוויזן, וויאַזוי די רעוואָליוציאָנערע
באָלשעוויסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פונעם בונד צווישן דעם
אַרבעטער און פויער, דעם בונד, וואָס האָט אין 1917 י. געזיכערט סײַ דאָס אַראָפּוואַרפן
דעם צאַריזם און סײַ דאָס אײַנשטעלן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. פאַרקערט, די
שטים פון פּאָליטישן און קינסטלערישן עמעס האָט אונטערגעזאָגט גאָרקין אַזוי אויסצומאָלן
די רעוואָליוציאָנערע אַרבעט פון דער פּאַרטיי.

דער ראָמאַן „די מוטער“ איז אָנגעשריבן געוואָרן שוין אין סאָף פון דער רעוואָליוציע
פון 1905 י., גאָרקיס פעסטע ניטגעוואַקלטע זיכערקײַט אין דעם, אַז דער זיג פון דער
רעוואָליוציע איז געזיכערט, זײַן פּאָרטיקע באַציִונג צו דער פּאַרטיי און צו דער פּאַרטייי־
שער אַרבעט זײַנען געקומען גראָד צו דער צײַט. עס האָט זיך אָנגעהייבן די רעאַקציע
מיט אירע פאַרסאַמענדיקע שטיקנדיקע גאַזן, מיט איר פעסימיזם, פּאַראַט, ליקווידאַטאָריש־
קײַט. „די מוטער“ האָט געטאָן אַ פּאַרטייִשע זאַך, גרייטנדיק צום נײַעם קאַמף, דערציִענ־
דיק אין גײַסט פון הייליקער געטרײַשאַפט דער אומלעגאַלער פּאַרטיי.

ס'איז אינגאַנצן פאַרשטענדלעך דעריבער די דערגענטערונג און פרײַנטשאַפט צווישן
לענינען און גאָרקין. לענין האָט זייער הויך געשעצט גאָרקיס קינסטלערישע שאַפונג. „דער
כ' גאָרקי האָט זיך צו שטאַרק פאַרבונדן דורך זײַנע גרויסע קינסטלערישע ווערק מיט דער
אַרבעטער־באַוועגונג פון רוסלאַנד און פון דער גאַנצער וועלט“, — האָט געשריבן לענין,
אָפּוואַרפנדיק אין 1909 י. דעם קלאַנג, וועלכן ס'האָט פאַרשפּרייט די בורזשואַזע פּרעסע
וועגן דעם, אַז גאָרקי איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַר־

טיי. „ס'איז אָן שום צווייפל, — האָט לעניג איבערגעכאַזערט זײַן אָפּשאַצונג אין 1917 י., — אַז גאָרקי — איז אַ קאָלאָסאַלער קינסטלערישער טאַלאַנט, וואָס האָט געבראַכט און וועט ברענגען פיל נוצן דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג".

גאָרקיס דערינערונגען וועגן לענינען גיבן אונדז אַ בוילעטן בילד וועגן דער וואַרעמער מיטפילנדיקער באַציִונג פון לענינען צו גאָרקין, זײַן פרײַנטלעכע הילף און שטיצע, וועלכע ער האָט שטענדיק געגעבן גאָרקין אין זײַן שאַפונג, וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. באַזונדער רעליעף צייכנט זיך אויס לענינס באַציִונג צו גאָרקין אפן פּאָן פון פלעכאַנאָווס העפלעכן, אָבער קאַלטן, פאָרמעלן רעאַגירן אף דער באַקאַנטשאַפט מיט גאָרקין: „ווען מע האָט מיך „צוגעפירט" צו ג. וו. פלעכאַנאָוון, — דערציילט גאָרקי, — איז ער געשטאַנען צונויפגעלייגט די הענט אפן האַרצן און האָט געקוקט שטרענג, עטוואָס לאַנגווײַליק, ווי עס קוקט אַ מידער לערער אף אַ נײַעם שילער זײַנעם. ער האָט געזאָגט מיר זייער אַ געוויינטלעכע פראַזע: „איך בין אַן אָנהענגער פון אײַער טאַלאַנט". אויסערדעם האָט ער ניט געזאָגט עטוואָס אַזוינס, וואָס עס זאָל בלײַבן בא מיר אין זיקאָרן. און אין פאַרלויף פוג דעם גאַנצן צוזאַמענפאָר האָט זיך ניט בא אים און ניט בא מיר ניט דערוועקט קיין פאַרלאַנג צו אויסריידן זיך די הערצער". „אָבער אָט דער פליכעוואַטער, פעסטער מענטש, רײַבנדיק מיט איין האַנט זײַן סאָקראַטישן שטערן, ציענדיק מיט דער צווייטער מײַן האַנט, האָט ליבלעך, גלאַנצנדיק מיט זײַנע וווּנדערלעך־לעבעדיקע אויגן, טייקעף אָנגעהייבן ריידן וועגן די פעלערן פונעם ביכל „די מוטער", — עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אים דורכגעלייענט אין מאַנוסקריפּט, וועלכן ער האָט גענומען בא אי. פּ. לאַדיזשניקאָוון. איך האָב געזאָגט, אַז כ'האָב זיך געאײַלט אָנשרײַבן דעם בוך, כ'האָב אָבער ניט באַוויזן צו דערקלערן, פאַרוואָס איך האָב זיך געאײַלט. לענין האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אף יאָ, ער האָט עס אַליין דערקלערט: זייער גוט, וואָס איך האָב זיך צוגעאײַלט, דאָס בוך איז אַ נייטיקס, פיל אַרבעטער האָבן אָנטיילגענומען אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג און באַוווסטזיניק, סטיכייִש, און איצט וועלן זיי איבערלייענען „די מוטער" מיט גרויס נוצן פאַר זיך".

גאָרקי האָט געאַרבעט פאַר דער זאַך פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע ניט בלויז ווי אַ קינסטלער, ער האָט פאַר דער פּאַרטיי פיל ווערטפולע פאַרדינסטן, ער האָט מיטגעאַרבעט אין אירע אויסגאַבן, געהאָלפן אַרויסגעבן אירע זשורנאַלן, געהאָלפן איר אין אירע אומלעגאַלע פאַרבינדונגען א. א. וו.

ס'איז פאַראַן אַ אינטערעסאַנטער שטריך אין אייניקע אָנשויונגען פון מאַקסים גאָרקי, וואָס דערנעענטערן אים מיט אַ צווייטן גרויסן מענטשן, מיט וועלכן עס שטאָלצירן די פעלקער פון פ.ס.ס.ר. — מיט ניקאָלײַ גאַוורילאָוויטש טשערנישעווסקי. גאָרקי, בא וועלכן איינער פון די פּערסאָנאַזשן זאָגט אַרויס דעם אַפאָריזם: „אַ מענטש — דאָס קלינגט שטאָלצ", וועלכער האָט זיך צופיל אָנגעקוקט, וויאַזוי די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט ווערט אינעם כמַעשן, ווילדן שטייגער פון דער אַלטער רוסלאַנד צעטראָטן מיט די פיס, וויאַזוי עס ווערט אין איר פאַרקריפּלט די געזונטע נאַטור פון אַ מענטשן, האָט פיל געקעמפט אף צו פאַרטיידיקן די דערשלאָגענע און אונטערדריקטע מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט, האָט שטענדיק אויפגעהויבן זײַן שטים פאַר שאַפן נאָרמאַלע פאַרנינפטיקע און גערעכטע באַדינגונגען פאַר דער עקזיסטענץ פון דעם מ ע נ ט ש ן. דערדאָזיקער שטריך האָט געפונען זײַן אויסדרוק אין גאָרקיס געדיכט, אָדער אין דער פּאָעמע אין פּראָזע „דער מענטש". ווײַטער, טשערנישעווסקי האָט צוגעגעבן אַן איבערגעטריבענע (ריכטיקער געזאָגט וועגן טשערנישעווסקין —

א אידעאַליסטישע) באַדײַטונג דעם עלעמענט פון קענטעניש אין דער געשיכטע פון דער דערמענטשלעכער אַנטוויקלונג. אין זײַנע „בריוו אָן אַן אַדרעס" האָט טשערנישעווסקי, דער דאָזיקער גרויסער רעוואָליוציאָנער, וואָס האָט זיך געשטעלט אַפּן וועג פון צוגרייטן די אונטערשטע אַנטי־לײַב־אייגנטימערישע פאָלק־רעוואָליוציע, — אַרויסגעוויזן זײַן מורע פאַרן שאָדן, וועלכן עס קענען ברענגען די אומוויסנדיקע פויערישע מאַסן, וועלכע האָבן זיך נאָך ניט באַפרײַט פון די ווילדע פאָרורטיילן, די אינטערעסן פון בילדונג ווּיסנשאַפט, פּאָעזיע, קונסט, דער אינטעליגענץ. אויך גאָרקין האָט צײַטנווײַז באַאומרויִקט אין אַן אַנדער פאָרם די פּראָבלעם וועגן דער אָפּגעזונדערטקייט צווישן דער הויך־קוואַליפיצירטער אינטעליגענץ, די „קינדער פון דער זון" (דער טיטל פון איינע פון זײַנע פּיעסן, און די ניט גענוג קולטורעלע אונטערשטע שיכטן. אויך אים האָט זיך צײַטנווײַז געדוכט, אַז די וויסנשאַפט, די קולטור קאָן לײַדן פון דעם ניטפאַרזיכטיקן האַס אין פּראָצעס פון דער פאַרשטענדלעכער און נייטיקער אופגעבראַכטקייט פון די מאַסן.

אָט פאַר דידאָזיקע שטריכן, וועלכע זײַנען געווען אין גאָרקיס וועלט־אָנשויונג, האָבן זיך געפּרוּווט אָנכאַפּן די רוסישע מאַכיסטן, אָטזאָוויסטן און, צײַטנווײַז, פּאָשעט די סאָנים פון דער רעוואָליוציע, קעדיי צו פּרוּוון אויסנוצן דעם קאָלאָסאַלן אויטאָריטעט פון דעם גרויסן פּראָלעטאַרישן קינסטלער אין זייערע אינטערעסן. אָבער די אופריכטיקייט פונעם קאָלאָסאַלן טאַלאַנט פון א קינסטלער, די פילבאַרקייט פון א פּובליציסט, וואָס האָט אָפּגעגעבן זײַנע קרעפטן פאַר איין ציל—דעם טריִומף פונעם פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם, האָבן אומפאַרמײַדלעך בײַגעקומען אַלע שטערונגען. גאָרקיס זיגרײַכע שטרײַטן וואַרפן א העלע שײַן אַף דער היסטאָרישער פאַזע, וועלכע עס לעבט איצט איבער די מענטשהײַט און אויך אַף דער ראָלע פון מאַקסים גאָרקין אין דעם. וויפל מאָל די בעסטע ליכטיקע קעפּ פון דער מענטשהײַט, דער סייכל, געוויסן און האָפענונג פון די אַרבעטנדיקע, האָבן אופגעהייבן אין דער פאַרגאַנגענהײַט די פאָן פון אופשטאַנד אין נאָמען פון דער אָרדענונג, ווו עס וועט ניט זײַן קיין עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורך א צווייטן, אָבער ביז עס האָט זיך ניט אויסגעפאָרמירט דער אַרבעטער־קלאַס, ביז ער איז ניט אויסגעוואַקסן און האָט ניט גענומען אַף זײַנע פּלייצעס די אופגאַבע צו שאַפן א נײַע סאָציאַליסטישע אָרדענונג, ביז דער צײַט האָבן זייערע אָנשטרענגונגען, וואָס האָבן דאָך באַוועגט פאָרויס די געשיכטע, ניט באַוויזן דעם ענדגילטיקן אויסגאַנג צו די פריידיקע וועגן פון דער צרקונפט. מע פלעגט זיי אָפּוואַרפן צוריק, זיי פלעגן דורכפאַלן. אַפילע דער גרויסער טשערנישעווסקי, וועלכער האָט געאַרבעט אין יענע צײַטן, ווען אַף מײַרעוו האָט מאַרקס שוין פאַנאַנדערגעוויקלט די פאָן פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, האָט ניט געקענט פאַרשטיין, אַז בלויז דער קלאַסנקאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרווירקלעכן זײַנע אידעאַלן. אַפילע שטשעדרין, וועלכער האָט פײַנט געהאַט די ליבעראַלן, די מענטשן פון האַלבע מײַסים, די פלאַפּלער, די צוואָקעס, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום דעם שווער קאַמף פאַר שאַפן נײַע סאָציאַליסטישע לעבן־פאָרמען,—האָט פלוצלונג פאַרענדיקט דעם לעבן־וועג פון דעם העסלעכסטן צוואָק־לײַב־אייגנטימער—יודושקאָ גאָלאָווליאָוו, דערוועקנדיק אין אים די שטים פון געוויסן. אַזוינע בלאָנדזשענישן און טאָעסן זײַנען געווען אומפאַדמײַדלעך אַפילע פאַר די בעסטע פון די בעסטע, ביז דער אַרבעטער־קלאַס האָט ניט אָנגעהייבן זײַן קאַמף פאַר אַראָפּוואַרפן די קלאַסן־געזעלשאַפט. בא גאָרקין אין דידאָזיקע שטריכן, וועלכע מיר באַהאַנדלען דאָ איצט און וועלכע האָבן זיך באַגעגנט אין דער פאַרגאַנגענהײַט אין זײַן וועלט־אָנשויונג, זײַנען אין א רודימענטאַרער פאָרם פאַרבליבן די

אָפּשפּיגלונגען פון יענע שוועריקייטן, מיט וועלכע עס האָבן זיך ניט געקענט ספּראַווען די בעסטע קעפּ פון דער מענטשהייט, ביז עס איז אַרויסגעטראָטן דער פּראָלעטאַריאַט, ווי ד' סאַמע מעכטיקע קראַפט, וואָס וועט אַראָפּוואַרפן די עקספּלואַטאַטערס און באַפרייען די אונטערדריקטע. גאָרקי האָט אָנגעהייבן זיין טעטיקייט שוין דאַן, ווען דער העגעמאָן פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף איז געוואָרן דער פּראָלעטאַריאַט. ער האָט פאַרשטאַנען זיין ראָלע, ער האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון זיינע קעמפער, ער האָט פאַרייניקט זיין לייכטער צו דעם העלסטן זייל ליכט, מיט וועלכן דער אַרבעטער-קלאַס באַלויכט זיין אייגענעם וועג און דעם וועג פון אַלע אַנדערע אַרבעטנדיקע פון אַלע הויט-פאַרבן, פון אַלע לענדער—צום קאָמוניזם. אָט דעריבער זאָגט גאָרקיס טעטיקייט אַזוי פיל וועגן דעם, ווי נאָענט די מענטשהייט איז ענדלעך צוגעגאַנגען צו איר באַפרייונג, אָט דעריבער איז ער אַ גרויסער פּראָלעטאַרישער שרייבער, אָט דעריבער האָט לענין געשריבן: „און גאָרקי איז אָן שום צווייפל דער גרעסטער פאָרשטייער פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט, וועלכער האָט פיל געטאָן פאַר איר און קען נאָך פיל טאָן... אין געביט פון דער פּראָלעטאַרישער קונסט איז מ. גאָרקי אַ קאָלאָסאַלער פּליוס, ניט געקוקט אויף זיין מיטפילן דעם מאַכיזם און אָטזאָוויזם" (געשריבן אין 1910 י.).

גאָרקי—איז אַ גרויסער פּראָלעטאַרישער שרייבער, וועלכער האָט אַקטיוו אָנטיילגענומען אין קלאַסן-קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע סיי ווי אַ פּובליציסט, סיי ווי אַ קינסטלער. אַלע אַנדערע דעפיניציעס פאַרן כאַראַקטער פון זיין קינסטלערישער טעטיקייט, פונוואַנען זיי זאָלן ניט קומען—פון סאָנים, אָדער פון קלוימערשטע פריינט, ווייזן אַרויס געווייגלעך בלויז די פּראַקטיצאָנעלע שמאָלקייט אָדער די דאָקטרינערייִ פון די, וועלכע גיבן די דעפיניציע. מ. גאָרקי האָט אַליין זייער שלעכט איבערגעקאָכט דעם עמעס,—האָט געשריבן פּלעכאַנאָוו,—וועלכן עס טראָגט דער פּראָלעטאַריאַט פאַר דער וועלט. דערמיט דערקלערן זיך זיינע ליטעראַרישע דורכפאַלן... ווען ער וואָלט גוט איבערגעקאָכט דעמדאָזיקן עמעס, וואָלטן די העלדן, וועלכע ער באַופטראָגט צו דערקלערן אים, ניט געזאָגט קיין צווײדייטיקע נאַרישקייטן באַ יעדן נייטיקן און ניט נייטיקן פאַל". דעדאָזיקער ניט גערעכטער, ניט ריכטיקער אורטייל איז אונטערגעזאָגט געוואָרן פון איין זייט דורך דער דאָקטרינעריש-געלערטערישער אָנווענדונג פונעם מאַרקסיזם באַם אויספאָרשן די קינסטלערישע שאַפונג און פון דער צווייטער זייט—דורך דיזעלבע מאָטיוון, צוליב וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט ניט געהאַלטן לענינען פאַר קיין מאַרקסיסט, נאָר פאַר אַ באַקוניסט. דעם מענשעוויק פּלעכאַנאָוו זיינען געווען דערווידער גאָרקיס באָלשעוויסטישע סימפּאַטיעס. די סינע צום באָלשעוויזם, דאָס ניט פאַרשטיין דעם באָלשעוויזם האָבן געבראַכט צו אַ פיינטלעכער אָפּשאַצונג פון גאָרקיס קינסטלערישער שאַפונג. אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין, ווייל, ווי ריכטיק עס ווייזט אָן גאָרקי, אַז פאַרבונדן איז ער געווען סיי ווי אַ קינסטלער, סיי ווי אַ פּאָליטיקער, דאַפקע מיט די באָלשעוויקעס: „דיווירקלעכע רעוואָלוציאָנערישקייט האָב איך דערפילט,—שרייבט ער,—גראָד באַ די „באָלשעוויקעס", אין לענינס אַרטיקלען, אין די רעדעס און אין דער אַרבעט פון די אינטעליגענטן, וועלכע זיינען געגאַנגען נאָך אים. צו זיי האָב איך זיך „צוגעשאַרט" נאָך אין 1903 י.".

עמעס, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן אַזוינע שרעקלעכע גאָרקיס, ווי „דאָס שטעטל אָקוראָוו", „קינדהייט" א.א.וו., האָט דער מענשעוויזם געפּרוווט אויסנוצן זיי אין זיינע אינטערעסן. ראַפאַיל גריגאָריעוו האָט אין זיין ביכל וועגן גאָרקין זיך געפּרוווט איבערצייגן, אַז דער פּובליציסטישער טאָך פון גאָרקיס קינסטלערישע כראָניקעס איז געווענדעט

קעגן דעם פּאָליטישן אוטאָפּיזם פון רעכטס און פון לינקס, ד. ה. קעגן דעם באָלשעוויזם; „פארגעסט ניט, אז „מאָסקווע“—איז בלויז א באָבר־הוט אפן קאָפּ פון א האלב־נאקעטן קאפצן,—ווערט געזאָגט אין גריגאָריעווס ביכל,—אז אונטער דעם דינעם שיכט פון דערדאָזיקער „מאָסקווע“ ליגט אָקוראָווטשינע, ווי א שווערער, ניטגערירטער פלאסט, וואָס קען אלץ צעקוועטשן... אזא איז די אָביעקטיווע באַדײַטונג פונעם ווערק, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי האָט דער אויטער באוווסטזיניק אַרײַנגעלייגט אין אים אזא טאָכ...“.

„דאָס שטעטל אָקוראָוו“, „קינדהײַט“, „צווישן מענטשן“ און אנדערע מײַסטערהאפטע פולקום־רעאַליסטישע ווערק האָבן ווירקלעך א פובליציסטישן טאָכ, וואָס איז דיקטירט געוואָרן דורכ דער גאנצער לאָגיק פונעם קינסטלערישן געוועב פון דידאָזיקע ווערק, אָבער די פובליציסטישע לאָגיק פון דידאָזיקע ווערק זאָגט איידעס, אז גערעכט איז דער באָלשעוויזם און ניט פארקערט. גאָרקיס רעאַליזם אין דידאָזיקע ווערק—איז אן עמעסער א סאָציאַליסטישער, א רעוואָליוציאָנערער פערספעקטיווער רעאַליזם. ער זאָגט ניט נאָר דעם שוידערלעכן עמעס וועגן דער אָקוראָווישער רוסלאנד, ער רופט אויכ צום קאמף קעגן דער אָקוראָווטשינע, מיט יעדער שורע זײַנער רופט ער צום קאמף פאר אן אנדערן בעסערן סאָציאַליסטישן לעבן. אדאנק דער קאָנסעקווענטקײַט פון דעמדאָזיקן רוף, זײַנען די ווערק געווענדעט קעגן די, וועלכע גאָרקי האָט טרעפלעך אָנגערופן סאָציאַל־יעזויטן, קעגן די, וועלכע האָבן מיט זייער קריכן אפ אלע פיר פאר די הערשנדיקע קלאסן פארייביקט די „אָקוראָווטשינע“ אין רוסלאנד, פארייביקט דעם קאפיטאַליזם אין דער גאנצער וועלט.

גאָרקי קען ניט נאָר ליבן, ער קאָן אויכ שטארק האסן. די פארביסענע סינע צו דער פינצטערער ווירקלעכקײַט פון דער אלטער רוסלאנד האָט אונטערגעזאָגט דידאָזיקע פארפולקומטע קינסטלערישע ווערק. „דערמאָנענדיק זיכ וועגן דידאָזיקע בלײַענע העסלעכקײַטן פונעם ווילדן רוסישן לעבן,—האָט געשריבן גאָרקי אין זײַן „קינדהײַט“,—פרעג איכ זיכ אלײן צײַטנווײַז: צי איז דען קעדײַ צו ריידן וועגן דעם? און מיט באנײַטער זיכערקײַט ענטפער איכ זיכ: ס'איז קעדײַ, ווײַל דאָס איז דער לעבעדיקער נידערטרעכטיקער עמעס, ער איז נאָכ ניט געפייגערט ביז הײַנטיקן טאָג. דאָס איז דער עמעס, וועלכן מע דארף וויסן ביזן וואָרצל, קעדיי מיטן וואָרצל טאקע ארויסרײַסן אים פון זיקאָרן, פון דעם מענטשנס נעשאָמע, פון אונדזער גאנצן שווערן און שענדלעכן לעבן.

ס'איז אויכ פאראן א צווייטע, מער פּאָזיטיווע סיבע, וואָס טרײַבט מיר צו מאָלן דידאָזיקע העסלעכקײַטן. כאָטש זיי זײַנען דערווידער, כאָטש זיי דריקן אפ אונדז, צעקוועטשנדיק ביז טויט פיל הערלעכ־שיינע נעשאָמעס,—איז דער רוסישער מענטש דאָכ אפ אזויפיל געיונגט און יונג אין גײַסט, אז ער איז זיי גויווער און וועט זיי גויווער זײַן.

ניט בלויז דערמיט איז אזוי וונדערבאר אונדזער לעבן, וואָס עס איז אזוי פרוכטבאר און פעט דער שיכט פונעם כאַיעשן לעבן, נאָר דערמיט, וואָס דורכ דעמדאָזיקן שיכט שפּראָצט פונדעסטוועגן דורכ זיגרײַכ דאָס העלע, געזונטע און שעפערישע, עס וואקסט דאָס גוטע—דאָס מענטשלעכע, דערוועקנדיק א ניט פעסטע האָפענונג אפ דעם, אז מיר וועלן אופלעבן צו א ליכטיקן מענטשלעכן לעבן“.

„דאָס גוטע—דאָס מענטשלעכע“ האָט אין רוסלאנד אופגעשפּראָצט דורכן רעוואָליוציאָנערן קאמף פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכן ס'האָט געהאָלפן, אין וועלכן עס האָט אָנטילגענומען מיט זײַן קאָלאָסאלן טאלאנט גאָרקי.

אין דער רוסישער ליטעראטור איז ווייניק פאראן אזעלכע ביכער, וועלכע זאָלן, ווי גאָרקיס אווטאָביאָגראפישע דערציילונגען, זײַן איבערגעפולט מיט פײַנטשאפט צום וועלפישן לעבן

פונ דער אייגנטימערישער וועלט אונ זאָל זײַנ אזוי אָנגעפילט מיט דער ווירקזאַמער קראַפט פונ קאַמפּ פאַר א נײַער אַנטי־אייגנטימערישער, סאָציאַליסטישער וועלט, מיט דער פײַנטשאַפט, וואָס האָט שפּעטער אונטערגעזאָגט גאָרקינ דעם לאָזונג: „אויב דער פײַנט גיט זיך ניט אונטער—פאַרניכטעט מענ אים“.

גאָרקיס פערציקיאָריקער ליטעראַרישער יובילײ דערוויסט אים אינ די ערשטע רייענ אַפ דער גרויסער סאָציאַליסטישער געבײַ פונ אונדזער לאַנד. זײַנ קאָלאָסאַלע, נאָך ניט פאַרענדיקטע עפּאָפּייע „דאָס לעבנ פונ קלים סאַמגינ“—איז א באַשולדיקונג־אַקט קעגנ דער גאַנצער בורזשואַזער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, וואָס האָט ניט געקענט בײַקומענ איר קלאַסנ־עגאָיִזם, וואָס איז געבליבנ אינ די רייענ פונ די עקספּלואַטאַטערס אונ מיליכאָמע־אָרגאַניזאַטערס. סאַמגינ—איז אַנ איבערבלײַבעניש פונ איינעם פונ די באַליבסטע „קראַסאַווצעס“ (גאָרקיס אַנ אויסדריק) פונ דער אַלוועלטלעכער אונ רוסישער ליטעראַטור, פונ דעם „יונגנמאַנ פונ 19־טנ י. ה.“, „בא וועלכנ עס האָט זיך מער אָדער ווייניקער ווילד פאַנאַנדערגעוואַקסנ—היפּערטראָפּירט זײַנ „איך“ אונ וועלכער, ניט געפינענדיק זיך קײַנ פּאַסיקנ אָרט אינ די באַדינגונגענ פונעם באַלעבעסלדיקנ לעבנ, האָט בא זיך ניט געפונענ ניט קיינ קרעפטנ, ניט קיינ פאַרלאַנג צו פּרוּוונ זיך ענדערנ דיראָזיקע באַדינגונגענ“.

„קלים סאַמגינ“—די צענטראַלע פיגור פונ דער עפּאָפּייע—איז אויסגעמאָלט אינ אזוינע פאַרענדיקטע שטריכנ, אזוי קינסטלעריש אויסגעפאָרמירט, מיט אזא אויסשעפּנדיקער פולקײַט, אַז זײַנ נאָמענ וואָלט געקענט ווערנ פּונקט אזא אָנגענומענער, ווי אָבלאָמאָווס נאָמענ. דאָס וועט ניט פּאַרקומענ בלויז דערפאַר, ווײַל מיר לעבנ אינ א נײַער וועלט אינ פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס איז פאָרגעשטעלט אינ די דרײַ בענדער פונ „די פערציק יאָר“ די געשיכטע האָט דערהאַרגעט די סאַמגינס. די פעווראַל־רעוואָליוציע, ווענ זי וואָלט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט לויטנ רעצעפּט פונ די מענשעוויקעס אונ עסערנ, וואָלט מיטגעבראַכט זייער טריִומף. אָבער נאָכנ פעוראַל איז געקומענ דער אָקטיאַבער אונ דער באָדנ, אַפ וועלכנ עס זײַנענ אויסגעוואַקסנ די סאַמגינס איז איבערגעאַקערט געוואָרנ אַפּדאָסנײַ אונ פאַרזייט געוואָרנ מיט אַנדערע זוימענ. די סאַמגינס זײַנענ נאָך געבליבנ, פאַרשטייט זיך, ניט ווייניק שאָדנ האָבנ זיי אָנגעטאָנ נאָכנ אָקטיאַבער, זיי שעדיקנ אויך איצט, אָבער ניט זיי באַשטימענ דעם טאָנ אונ ניט אַפּילע דעם אויבערפלאַך פונ אונדזער ווירקלעכקײַט. בלויז דערפאַר וועט דאָס וואָרט „סאַמגינשטשינע“ ניט באַקומענ אזא באַדײַטונג אונ פאַרשפּרייטונג, ווי דאָס וואָרט אָבלאָמאָווטשינע“.

יאָ. סאַמגינ האָט ניט געפונענ פאַר זיך דעם געהעריקנ אָרט אינעם ראַסייִשנ קליינבירגערלעכנ לעבנ דערפאַר, ווײַל דאָס ראַסייִש־קליינבירגערלעך לעבנ איז נאָך געווענ פאַרזונקענ אינ דער אַטמאָספער פונ דער זעלבסטהערשעריש־פּאָליצייִש־לײַב־אייגנטימערישער כאַזערשאַפט. ער פאַרטראַכט זיך איבער דער פראַגע פונ איבערבויענ דעם שטייגער אינ וועלכנ ער לעבט, ער זוכט די וועגנ צו א בעסערנ לעבנ. אָבער סאַמגינ איז צופיל פאַרבונדנ מיטנ שטייגער, וואָס האָט אים געבוירנ אונ איז צו קליינלעך־עגאָיִסטיש, ער זאָל קענענ אויסאַרבעטנ ווירקלעכע פּאָרגעשריטענע איבערצײַגונגענ. פאַר אים זײַנענ איבערצײַגונגענ—בלויז א סיסטעם פונ פראַזנ, מיט וועלכע די מענטשנ פאַרדעקנ זייערע נידעריקע געפילנ. אונ ער איז טאַקע ניט אזוי געבילדעט, דערדאָזיקער אַדוואָקאַט סאַמגינ. ער פילט, אַז אַפ זײַנ גורל איז אויסגעפאַלנ צו לעבנ אינ אַנ עפּאָכע פונ ראַדיקאַלע היסטאָרישע ענדערונגענ, אָבער ער זאָרגט זיך בלויז וועגנ דעם, וויאַזוי צו געפינענ פאַר זיך צווישנ די אויפטרייסלונגענ פונ דער עפּאָכע א רויִקנ אונ באַקוועמענ אָרט, אַנ אויסגעפּוצטנ

מיט אומשעדלעכע בלומען, ווי עס פּאַסט פאַר זײַן לאַגע און זײַן אידעאָלאָגיע. ער האָט ליב בלויז זיך זעלבסט. ער איז אַ פּאַכדן, ער איז פֿײַק אויך אָפּ אַ נידערטרעכטיקײַט: פּאַראַטן אַ כאַווער, שיר ניט אויסריידן זיך פאַרן זשאַנדאַרם; ער האָט ליב רויִקײַט און קאָמפאָרט; זײַן כאַסענע האָבן, זײַן פאַמיליען־לעבן און דאָס אוועקגיין פון דער ווײַב איז אַזוי אָנשטענדיק און קליינלעך־געמיינ, ער פאַרריינפּאַכט אַלץ. פון אַלץ. וואָס איז גרויס און באַדײַטנדיק, שטרעבט ער אָראָפּרײַסן די קרוין, אויסגלײַכן עס מיט זיך. אָבער אין דערזעלבער צײַט קען סאַמגין אַרויסווײַזן זיך פאַר אַ מענטשן אַ טיפזיניקן און באַדײַטנדיקן; מע האַלט אים קימאַט פאַר אַן אומפּאַרטייִשן סאָציאַל־דעמאָקראַט־באָלשעוויק.

אָבער וועגן קיין זאַך טרוימט ניט אַזוי סאַמגין אין דער טיפעניש פון זײַן נעשאָמע, ווי וועגן דעם, אַז אַלע נויטיקע ענדערונגען זאָלן פאָרקומען פרידלעך, אָפּ אַ עוואָליוציאָנעלן אויפן, אָן אומטרייסלונגען, פאַרהיטנדיק זײַן געפאַרלאָזיקײַט, רויִקײַט און פאַרמעגן. אים ווילט זיך דורכשמוגלען פאַרבײַ דעם „יאָ" און „ניין" אין דער רעוואָליוציע, אים ווילט זיך ניט זײַן ניט אָפּ דער, ניט אָפּ יענער זײַט פון־דער באַריקאַדע. די פאַרשײַטע מענטשן, וועלכע גייען אַרויס אויסער די אײַנגעשטעלטע ראַמען, די רעוואָליוציאָנערע קאָכעניש מיט איר אויסמאַטערנדיקער דערוואַרטונג פון קאַטאַסטראָפעס זײַנען אַזוי דערווידער קלימען. אַז ער איז ניט קעגן צו טרוימען וועגן אַ פעסטער מאַכט, אַפילע פון ניקאָלײַ דעם צווייטן, עס זאָל נאָר זײַן געזיכערט זײַן שמאָלינקער, קליינינקער „איך" און בלויז די אַכזאָריעסדיקע אומגעלומפּערטקײַט פון דער זעלבסטהערשונג, וואָס האָט ניט געוואָלט אַפילע אָפּ קיין האָר נאָכגעבן, כאָטש פון יויצע וועגן דעם גײַסט פון דער צײַט, שטויסט אים אָפּ לינקס. און ווי זאָל ער זיך טאַקע ניט קערן אָפּ לינקס, ווען דעם שטילינקן קלימען אַרעסטירט מען, ווען אים, דעם צושויער, האָט מען שיר ניט געהאַרגעט דעם 9־טן יאַנוואַר א. א. וו. און ווידער, אַלע האָבן דאָך געצויגן אָפּ לינקס, וויאַזוי זשע זאָל ער, דער פאָרגעשריטענער, אָפּשטיין? האָט קלים קימאַט מיטגעפילט די באַריקאַדע־שלאַכטן אין מאָסקווע, בײַסן באַוואָפנטן אופשטאַנד אין 1905 י.

אָבער זײַן „לינקײַט" טראָגט אַריבער סאַמגין, ווי אַ יאָך, ווי אַ שווערע צוואַנג־דינסט. עוואָליוציע האָט זיך אים געוואָלט, ניט קיין רעוואָליוציע, געפאַרלאָזיקײַט, ניט קײַן האַרמאַטן־שיסערײַ. ניט די מאַסן, ניט די אַרבעטער, ניט די פויערים האָט ער ניט געקענט, טיפּ אין האַרצן האָט ער פאַר זיי עפּוואָס מוירע געהאַט, ניט ליב געהאַט און איז געווען צופרידן, ווען ער האָט געפונען אַ טערעץ צו זידלען זיי.

די סאַמגינס זײַנען פריִער שטענדיק דערהייבן געוואָרן דורך דער קינסטלערישער ליטעראַטור. זי האָט שטענדיק געוועקט אָדער מיטגעפיל, אָדער קינע צו זיי, אָפּהענגיק פון דעם כאַראַקטער און לאַגע פון דעם אָדער יענעם פון דידאָזיקע „קראַסאַוועצעס". גאָרקי האָט קינסטלעריש אומגעוואָרפן די סאַמגינס, ער האָט אויפגעדעקט זייער גאַנצע נישטיקײַט, זייער גאַנצע פּוסטקײַט, זייער פרעמדקײַט צו די מאַסן און זייער אָנמעכטיקײַט פאַר די מאַסן. באַלויכטנדיק אַנדערש דעם „קראַסאַוועצ", פאַר וועמען די רוסישע און וועלט־ליטעראַטור האָט פריִער זיך געבוקט, טוט גאָרקי אַ קאָלאָסאַלע דערציִערישע אַרבעט.

אָבער גאָרקי באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיטן קינסטלערישן וואָרט אין זײַן קאַמף קעגן די קרעפטן פון דער אַלטער וועלט, פאַר די נײַע קאָמוניסטישע לעבנ־באַדינגונגען. ער האָט אָנגעווענדעט זײַן אַלט געווער פון אַ פּראָלעטאַרישן פּובליציסט, גאָרקיס פּובליציסטיש וואָרט קלינגט, ווי אַ הילכיקער רוף צום קאַמף, מיט מונטערער זיכערקײַט אינעם זיג. ער וועקט דעם געוויסן בײַ די בעסטע פאָרשטייער פון דער וועלט־אינטעליגענץ,

וועלכע הייבט אָנ, אונטער די קלעפּ פונעמ קריזיס, צו פארשטיינ ווו, אפ וועלכער זײַט איז דער עמעס אונ וועמענ עס געהערט די צוקונפט.

מיט אומדערמידלעכער געדולד קענ ער דערמונטערנ די פּילצאָליקע קאָרעספּאָנדענטנ זײַנע, באלויכטנ מיט א נײַער, אומדערוווארטעטער שײַנ די זיגנדיקע קראפט פונעמ נײַעמ אונ דעמ העסלעכנ בילד פונ דער יערידע פונ דער קאפּיטאליסטישער קולטור. אינ זײַנע פּילצאָליקע ארטיקלענ דעקט ער אוף די אײַנגעוואָרצלטע פײַנטשאפט פונ דער בורזשואזיע צו דער קולטור אונ וויקלט פאנאנדער דעמ זיגרײַכנ גאנג פונ דער קולטור־רעוואָליוציע אינ סאָוועטלאנד.

איצט, ווענ א קאסטע אומפּאראנטוואָרטלעכע רויבער גרייט פּיבערהאפט א נײַע שכיטע, קלינגט אזוי צודערצייט, אזוי נייטיק גאָרקיס וואָרט, וואָס רופט, בײַקומענדיק די גרענעצנ אונ פארבאָטנ פונ די בורזשואזע רעגירונגענ, צו א מילכאָמע קעגנ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, צומ לעצטנ אנטשיידענעמ שלאכט פארנ טריום פונ די פּרינציפּנ פונעמ פּראָלעטארישנ סאָציאַליזמ.

אינדערצײַט פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע האָט גאָרקי פארנומענ אנ אינטערנאציאָנאליסטישע מאפּאָלע־פּאָזיציע. איצט איז גאָרקי ארויסגעטראָטנ מיט א נײַער קראפט, מיט יוגנטלעכנ ברענ קעגנ דער וואקסנדיקער מיליטערישער געפאר. די האָלענדישע רעגירונג האָט גאָרקינ ניט דערלאָזנ אפנ אנטימיליטערישנ קאָנגרעס, אָבער גאָרקיס וואָרט איז א קראפט. ער קענ בײַקומענ די שטערונגענ. ס׳האָט ניט פארטויבט זײַנ שטימ די צארישע צענזור; ס׳וועלנ זי ניט פארטויבנ די אָנשטרענגונגענ פונ די קאפּיטאליסטישע דינער. גאָרקיס רופ וועט דערגרייכנ צומ אויער פונ די אלע, וועלכע האָבנ פײַנט די מילכאָמע, וועט שטארקנ די באוווסטזיניקע סאָנימ פונ דער אָרדענונג, וואָס שאפט מילכאָמעס, וועט דערמונטערנ אונ ווײַזנ דעמ וועג די וואקלדיקע, וועט אופוועקנ די שטימ פונ געוויסנ בא די, בא וועלכע זי האָט ביז א צײַט געשלאָפנ.

זײַנ ניט געהאלטענע רעדע אפנ אנטימיליטערישנ קאָנגרעס פארענדיקט גאָרקי מיט א רופ צומ פּראָלעטאריאט אונ צו דער אינטעליגענצ: „אוועקלייגנ אלע קרעפטנ, די גאנצע מעכטיקײַט אפ אָרגאניזירנ דעמ לעצטנ אנטשיידענעמ שלאכט קעגנ דעמ קלאסנסוינע, וואָס צעשטערט די קולטור, וועלכע ס׳האָבנ געשאפנ די טוער פונ דער פּיזישער אונ אינטעלעקטועלער ארבעט“. אָבער אויב דער קלאסנ־סוינע וועט דאָכ באווײַזנ נאָכאמאָל ארויפּצופּלאָזנ פונ קייט די ווילדע כײַע, — די מילכאָמע, וועט גאָרקי באווײַזנ א מוסטער פונ דער איינציק־ריכטיקער רעוואָליוציאָנערער האנדלונג. „אונ אויב ס׳וועט אויסברעכנ א מילכאָמע קעגנ דעמ קלאס, וואָס מיט זײַנע קרעפטנ לעב איכ אונ איכ ארבעט, — האָט דערקלערט גאָרקי, — וועל איכ אויכ גיינ, ווי א שלאכט־קעמפער אינ זײַנ ארמיי. איכ וועל גיינ ניט דערפאר, ווײַל איכ ווייס, אז נאָר זי וועט זיגנ — נאָר דערפאר, ווײַל די גרויסע גערעכטע זאכ פונעמ ארבעטער־קלאס פונ סאָוועטנפארבאנד — איז מײַנ געזעצלעכע זאכ, מײַנ כויוו“ (ארטיקל „ציניש אומענטשלעכקײַט“ 1929 י.).

40 יאָר שטייט מאקסימ גאָרקי אפ די שלאכט־פּאָזיציעס פונ קאמפ פארנ סאָציאַליזמ, אפנ פּאָסטנ אלס מײַסטער פונ דער קולטור־רעוואָליוציע פונ פּראָלעטאריאט. דער ארבעטער־קלאס פונ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ דער גאנצער וועלט, אלע ארבעטנדיקע, וועלכע האלטנ דעמ פּראָלעטאריאט פאר זייער פּירער, באגריסנדיק מיט ליבע אונ אכטונג דעמ גרויסנ פּראָלעטארישנ קינסטלער, ווינטשנ אימ לאנגע יאָר אונ פרוכטבארע ארבעט.

מ. גאָרקי

# כאָדינקע

(א פראגמענט פונ בוכ: „קלים סאמגינס לעבנ״).

גרייטנדיק זיכ באגעגענען דעם יונגנ קייסער, האָט זיכ מאָסקווע אזיִאטיש־בונט פארפוצט, פארשמירט אירע צו־העסלעכע קנייטשנ, ווי א פארעלטערטע אלמאָנע, וואָס גרייט זיכ ווידעראמאָל כאסענע האָבנ. עס האָט זיכ געמערקט א פיבערהאפטיקײַט און קאָנוולסיוויקײַט אינ דער שטרעבונג פונ די מענטשנ צו באפארבנ דעם שמוצ פונ זייערע וווינונגעג, פונקט ווי די מאָסקווער וואָלטנ זיכ פלוצים אופגעכאפט און דערשראָקנ זיכ, דערזעענדיק די שפאלטנ, פלעקנ און אנדערע סימאָנים פונ דער שמוציקער אלטקײַט אפ די ווענט פונ די הײַזער. הונדערטער מאליארעס האָבנ אײַליק געשמירט מיט לאנגע פענזלענ איבער די פאסאדנ פונ די געבײַדעס, וויגנדיק זיכ אקראָבאטיש־דרייסט אינדערלופטנ, אָנגעהאנגענ אפ שטריק, וועלכע האָבנ פונדערווײַטנ אויסגעזענ ווי דינע פעדים. אפ די באלקאָנענ און אפ די פענצטער פונ די הײַזער האָבנ געארבעט דראפירער, אויסהענגענדיק בונטע טעפיכער, קאשמירענע טיכער, אײַנשטעלנדיק גרויסארטיקע ראמענ פאר די אומצאָליקע פאָרטרעטנ פונ קייסער, באפוצנדיק מיט בלומענ זײַנע גיפסענע ביוסטנ. פונ אלע זײַטנ האָבנ זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ ראזעטקעס, גירליאנדעס, ווענזלעכ און קרוינענ, מיט גאָלד האָבנ געשײַנט די ווערטער: „גאָט באשיצ דעם קייסער״ און „זײַ בארימט, זײַ בארימט אונדזער רוסישער קייסער״. טויזנטער נאציִאָנאלע פאָנענ זײַנענ ארויפגעהאנגענ פונ די דעכער, געשטעקט פונ אלע לעכער ווו מע האָט נאָר געקאָנט ארײַנרוקנ א העלצל.

באזונדערס האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ די רויטע פארב מיט איר רייצנדיקער העלקײַט. איר קראפט האָט נאָכמער צעברענט די אָנפענעמדיקע נאָכגיביקײַט פונ דער ווײַסער פארב, און די מינארע בלויע פאסנ האָבנ ניט געקענט פארווייכערנ דעם בלענדנדיקנ פײַער פונ דער רויטער פארב. ערטערווײַז זײַנענ דורכ די פענצטער ארויסגעהאנגענ אפנ גאס שטיקער קומאטש און דאָס האָט צוגעגעבנ די פענצטער א מאָדנעם אויסזעג, ווי קוואדראטנע מײַלער וואָלטנ זיכ געדרייצט מיט רויטע צינגער. אייניקע הײַזער זײַנענ געווענ אזוי רײַכ באפוצט, אז ס'האָט געדוכט, אז זיי האָבנ זיכ אויסגעקערט אפנ לינקנ זײַט, פאטריאָטיש־באַרימעריש אנטבלויזנדיק זייערע פליישיקע און פעטע געדערים. פונ זונ־אופגאנג ביז האלבער נאכט האָבנ אפנ גאס ארומגעשמײַעט מענטשנ, נאָר נאָכמער זײַנענ באומרויִקט געווענ די פייגל: א גאנצנ טאָג האָבנ איבער מאָסקווע ארומגעשוועבט סטײַעס קאווקעס, טויבנ, פליִענדיק איבערגעשראָקנ פונ צענטער שטאָט אינ די פאָרשטעט און צוריק. עס האָט זיכ געדוכט, אז אינדערלופטנ שוויבלענ אינ אומאָרדענונג טויזנטער שווארצע וועב־שיפלעכ און

שפּינען אַן אומגעזעענעם געוועב, די פּאָליציי האָט פלייַסיק ארויסגעשיקט די פאַרדעכטיקטע, אונטערזוכט די בוידימער אַפ די גאַסן, איבער וועלכע עס האָט געדאַרפט דורכפאָרן דער קייסער.

מאַראַקויעוו, וועלכער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער גלויבט ניט אין דעם, וואָס ער רעדט, האָט מיטגעטיילט: דעם פאָדריאַד אַפ אילומינירן דעם קרעמל האָט אָנגענומען קאָבאָזיעוו, יענער קעז־הענדלער, פון וועמעס קראָם אין פּעטערבורג אַפ סאַדאָווער גאַס איז געפּלאַנט געוואָרן אופצורייַסן די מינע אונטער דער קאַרעטע פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. קאָבאָזיעוו איז געקומען קיין מאָסקווע, ווי אַ פאָרשטייער פון אַן אויסלענדישער פּיראָטעכנישער פירמע און אין טאָג פון דער קאָראָנאַציע וועט ער אופרייַסן דעם קרעמל.

---

סאַמגין האָט געוואָלט אוועקגיין. נאָר ליוטאָוו האָט אים זייער שטאַרק אייַנגערעדט בלייַבן נעכטיקן.

— און אינדערפרי וועלן מיר אַלע גיין אַפ כאָדינקע. ס'איז פונדעסטוועגן אינטערעסאַנט. כאָטש מירן קאָנען אויך קוקן פון דאַך. קאָסטיע, ווו איז בא אונדז די שפּאַקטיוו?

קלים איז פאַרבליבן. מע האָט אָנגעהייבן טרינקען רויטן ווייַן, נאָר דערנאָך זייַנען ליוטאָוו און דער דיאַקאָן אומבאַמערקט אַנטרונען. מאַקאַראָוו האָט זיך גענומען לערנען שפּילן אַפ דער גיטאַרע און קלים, שיקערלעך, איז אַרופ אין דער הויך און האָט זיך געלייגט שלאָפן. אינדערפרי האָט מאַקאַראָוו, באַוואָפנט מיט אַ מעשענער שפּאַקטיוו, אים אופגעוועקט:

— עפּעס איז געשען אַפ כאָדינקע, דאָס פאָלק אַנטלויפט פון דאָרטן. איך קריך אַפן דאַך, ווילסט?

סאַמגין האָט זיך ניט אויסגעשלאָפן. גיין אַפן גאַס האָט זיך אים ניט געוואָלט. אַפן דאַך איז ער אויך אַרופגעקראָכן אָן כיישעק. פונדאַנען האָט מען אַפילע מיט אומבאַוואָפנטע אויגן געזען איבערן פעלד אַ וואָלקן פון אַ גרוי־געלן נעפּל. מאַקאַראָוו האָט אַ קוק געטאָן אין דער שפּאַקטיוו און, איבערגעבנדיק איר קלימען, האָט ער געזאָגט פאַרשלאָפן, זשמורענדיק די אויגן:

— רויגן.

יאָ, דאָס פעלד, איבערגעדעקט מיט אַן אומפאַרשטענדלעכן וואָלקן, האָט אויסגעזען ווי אָנגעשמירט מיט אַ דיקן שיכט רויג און אין איר פינצטערער מאַסע צווישן די קליינינקע קוילעכדיקע קערנער, האָבן ווו ניט ווו געלויכטן ווייַסע, רויטע פלעקן, אָדערלעך.

— רויטע העמדער—פונקט ווי ווונדן,— האָט אויסגעשטאַמלט מאַקאַראָוו און אַ גענעץ געטאָן מיט אַ וויענדיקן קלאַנג.— מיסטאָמע האָט מען אַנגעפּלוידערט, ס'איז גאָרניט געשען—האָט ער פאַרגעזעצט נאָך אַ קורצער פּויזע.—ס'איז אומעטיק צו קוקן אַפ דער קאָנצענטרירטער נאַרישקייַטס.

און צוגלעטנדיק די ניטגעקעמטע האָר, האָט ער זיך אוועקגעזעצט לעבן קלימען, זאָגנדיק:

— און וולאַדימיר האָט ניט גענעכטיקט אינדערהיים; ער איז נאָר וואָס געקומען. ניכטער פונדעסטוועגן.

די ריזיקע, בונטע שטאָט האָט געהודיעט, געוואָיעט, אומופהערלעכ האָבנ געקלונגענ הונדערטער גלעקער, טרוקנ אונ דראָבנע האָבנ גערודערט די רעדער פונ די עקיפאַזשנ איבערנ שטיינערנעמ ברוק. אַלע קלאַנגענ האָבנ זיכ צונויפגעגאָסנ אינ איינ מעכטיקנ אָרגאַנ־קלאַנג. א שוואַרצע נעצ פונ פויגל האָט ראַשיק געפלאַטערט איבער דער שטאָט, נאָר קיינ איינע פונ זיי איז ניט געפלויגנ אינ דער ריכטונג פונ כאָדינקע. דאָרטנ ווײַט, אפ א ריזיקנ פעלד, אונטער דעמ ברודיקלעכנ הימל פונ נעפל, האָט זיכ געשאַפנ א שטײַפ־צונויפגעפרעסטע רויגיקע מאַסע פונ מענטשנ. זי האָט אויסגעזעהנ ווי איינ קערפער, אונ נאָר ווענ מע האָט שטאַרק אָנגעשטרענגט די אויגנ, האָט מענ געקאָנט אונטערשיידנ די קוים־באַמערקטע וואַקלעניש פונ די רויגלעכ; אַנ אַנדערשמאָל איז איבער זיי ווי עפעס אופגעשוואָלנ געוואָרנ, נאָר דאָס פלעגט שנעל דערטרונקענ ווערנ אינ דער זומפיקער גערדיכטקײַט. עס איז דערגאַנגענ פונ דאָרטנ דער טומל אויכ אפנ דאַכ, נאָר ניט דער יויוולדיקער גערויש פונ שטאָט, נאָר עפעס א ווינטערדיקער גערויש, ווי דער געוווי פונ א מעטעליצע, ער איז געשוווּמענ פאַמעלעכ, אָנ אופהער, נאָר ער איז גרינג דערטרונקענ געוואָרנ אינעמ גלאָקנ־געקלאַנג, רודערײַ אונ געפילדער.

ניט אָפרײַסנדיק די אויגנ פונ מעשענעמ רייפל פונ דער שפּאַקטיוו, האָט סאַמגינ פאַרגאַפט געקוקט, דער אומצאָליקער האַמוינ האָט אימ דערמאָנט אָנ די רעליגיעזע פּראָצעסיעס, וואָס האָבנ אימ געשראָקנ קינדווײַז, אָנ די פיל־טויזנדיקע געזאַנג־טפילעס צו דער באַלמויפעסדיקער איקאָנע פונ דער אַראַנער גאָט־מוטער.

ער האָט באַמערקט, אז אונטער דער שווערקײַט פונ האַמוינ האַלט זיכ כוואַליע־אַרטיק די ערד. די קעפּ־קײַקעלעכ שפּרינגענ אונטער פונקט ווי קערנדלעכ קאַווע אפ א הייסער פאַנ. אינ דערדאָזיקער צאַפּלעניש איז געווענ עפעס שרעקלעכס. דער טומל איז ביסלעכווײַז ענלעכ געוואָרנ אפ א פאַרטרויערטנ, נאָר בייזנ זינגענ פונ אַנ אומגעהויער־גרויסנ כאָר.

עס האָט זיכ געדאַכט, אז אויב דידאָזיקע מאַסע וועט פלוצימ א פלייצ טאָנ אינ שטאָט, וועלנ די גאַסנ ניט קאָנענ אַרײַננעמענ אינ זיכ דעמ דראַנג פונ די פינצטערע מענטשנשטראָמענ. די מענטשנ וועלנ צעשלײַדערנ די הײַזער, זיי וועלנ צוטרעטנ זייערע כורוועס אינ שטויב, זיי וועלנ אויסקערנ די גאַנצע שטאָט, ווי א באַרשט קערט אויס מיסט.

קלים האָט גענומענ קוקנ אפ דער אָנגעשלײַדערטקײַט פונ די פאַרשיינאַרטיקע מאָסקווער געבײַדעס, וואָס מע קענ גאָרניט אַרומכאַפּנ מיטנ אויג. די לופט איז איבער דער שטאָט געווענ א ריינע, די גאָלדענע צלאָמימ פונ די קלויסטערס, אָפּשפּיגלענדיק די זונ, האָבנ דורכגעשטאָכנ די שטאָט מיט שאַרפע שטראַלנ, צעוואַרפנדיק זיי אונטער די רויטע אונ גרינע קוואַדראַטנ פונ די דעכער. די שטאָט האָט דערמאָנט אָנ אַנ אַלטער, שמוציקער אונ ערטערווײַז־צעריסענער קאָלדרע, באַדעקט מיט בונטע שטיקער ציצ. אינ אירע לאַנגעלעכער האָבנ געווימלט קליינינקע מענטשנ־פיגורקעלעכ אונ עס האָט זיכ געדוכט, אז זייער באַוועגונג ווערט אַלצ אומרויִקער, אַלצ זינלאָזער. בא א באַוועגעניש פלעגנ זיי זיכ אָפּשטעלנ, געקליבנ זיכ אינ קליינע קופּקעלעכ, דערנאָכ זײַנענ זיי געגאַנגענ אינ איינ זײַט, אָדער פלעגנ שנעל אַנטלויפנ העט ווײַט איינע פונ די אַנדערע, ווי אָבערגעשראָקענע. אינ שפּאַלט פונ שטאָט האָט זיכ באַוויזנ א בלויער רײַטער־אָטריאַד, צוזאַמענ מיט די פערד פלעגנ זיי אָפּשפּרינגענ פונ ברוק, ווי גומענע שפּילכעלעכ. איבער זיי האָבנ זיכ געוויגט פונקט ווי ווענטקעס, דינינקע שטעקנס, עס האָבנ געבלאַנקט אינדערלופטנ די שפּיצנ פונ די פּיקעס, ענלעכע אפ פיש.

— אינ גרונט גענומענ, איז די שטאָט אומבאשיצט—האָט געזאָגט קלים. נאָר מאקאראָוו איז שוינ ניט געווענ אפנ דאכ, ער איז אומבאמערקט אוועק. דורכנ גאס האָבנ איבער די גרויע שטיינער פונ ברוק דונערדיק דורכגעיאָגט שווארצע פערד, איַנגעשפּאנטע אינ גרינע וועגענער; עס האָבנ געבלאנקט די מעשענע קעפּ פונ די פיַערלעשער, אונ דאָס אלצ האָט, אויסגעזענ מאָדנע, ווי א כאָלעם. קלים סאמגינ האָט זיכ אראָפּגעלאָזט פונ דאכ אינ שטוב אריַנ, אינ דער קילער שטילקיַט. מאקאראָוו איז געזעסנ באם טיש מיט א ציַטונג אינ האנט, אונ האָט געלייענט זופנדיק דערביַ שטארקנ טיי.

— נו וואָס?—האָט ער געפרעגט, ניט אופהייבנדיק די אויגנ.

— כ'ווייס ניט. נאָר... קלוימערשט...

— מיסטאָמע א געשלעג,—האָט געזאָגט מאקאראָוו אונ האָט א שנעל געטאָנ מיט די פינגער איבער דער ציַטונג—סארא געמיינע זאכנ מע שריַבט..

בא א פינפ מינוט האָבנ זיי שוויַגנדיקערהייט געטרונקענ טיי. קלים האָט זיכ צוגעהערט צום טומל אונ טופעריַ פונ גאס, צו די פריילעכע אונ אומרויִקע קולעס. פלוצים האָט ווי א בלאָז געטאָנ א באהאלטענער, אָבער שטארקער ווינט אונ האָט מיטגעריסנ דעם גאנצנ טומל פונ גאס, איבערלאָזנדיק נאָר א שווערנ גערודער פונ א וואָגנ, א געקלאנג פונ גלעקלעכ. מאקאראָוו איז אופגעשטאנענ, צוגעגאנגענ צום פענצטער אונ האָט פונדאָרטנ געזאָגט הויכ:

— נו, אָט איז די באשיידונג. קוק.

איבער דער באפוצטער גאס מיט פאָנענ האָט הילכיק געטראָטנ א הניאדער פערד מיט א גריווע, מיט באוואקסענע פיס, ער האָט געטראָטנ, שאָקלענדיק שווער מיטנ גרויסנ קאָפּ, טרייסלענדיק מיטנ לאנגנ טשוב. בא דער דוהע איז געגאנגענ מיט אנ אנטבלויזטנ פליכיקנ קאָפּ א ברייט-פלייציקער בערדיקער באלעגאָלע, א טייל פונ די לייצעס איז געלעגנ אפ זיַנ אקסל. ער האָט געקוקט זיכ אליינ אונטער די פיס, אונ אלע מענטשנ, אָפּשטעלנדיק זיכ, האָבנ אראָפּגענומענ פאר אים די היטלענ, שליאפּעס. פונ וואָגנ, פונ הינטער דעם ניַעם ברעזענט, האָט זיכ ארויסגערוקט אונ בעטנדיק-בעטלעריש זיכ געטרייסלט א האנט, נאקעט ביז דער פלייצע, באפארבט מיט בלויע אונ רויטע פארבנ. אפ איינעם פונ אירע פינגער האָט געלויכטנ א גאָלדענער רונג. לעבנ דער האנט האָט זיכ געוויגט א רויטלעכער צעפּאטלטער צאָפּ אונ אפנ הינטערשטנ טייל וואָגנ האָט זיכ געצאפּלט א פוס אינ א פארשטויבטנ שטיוול, אומנאטירלעכ פארדרייט אָנאנזיַט.

— א מאנ 6,—האָט א מורמל געטאָנ מאקאראָוו,—קלאָר א געשלעג.

ער האָט נאָכ עפּעס געזאָגט, נאָר כאָטש אינ צימער אונ אפנ גאס איז שטיל געווענ, האָט קלים ניט פארשטאנענ זיַנע ווערטער, באגלייטנדיק דעם וואָגנ, אונ זעענדיק, ווי זיַנענ פאמעלעכע באוועגונג צווינגט די פארביַגייענדיקע מענטשנ איַנוואקסנ אינ פאנעל, אנטבלויזנ די קעפּ. גרויע שרעק-שאָטנס האָבנ זיכ באוויזנ אפ די פּנעמער, מאכנדיק זיי קימאט ענלעכ איינעם אפנ צווייטנ.

עס איז דורכגעפאָרנ נאָכ אנ אלטיטשקע, צעפאָרענע פור, באלאָדנ מיט צעקוועטשטע מענטשנ. זיי זיַנענ שוינ ניט געווענ צוגעדעקט, זייערע קליידער—צעפליקט אפ שטיקער, די היילע קערפּער-טיילנ—אינ שטויב אונ שמוץ. דערנאָכ האָבנ זיכ געלאָזנ איינע נאָכ די אנדערע, אלצ געדיכטער אונ געדיכטער. מענטשנ ענלעכ אפ בעטלער. אינ שמאטעס מיט צעשויבערטע האָר, מיט פארשוואָלענע פּנעמער, זיי זיַנענ געגאנגענ שטיל, אפ די פראגעס פונ די פארביַגייענדיקע האָבנ זיי געענטפערט קורצ אונ ניט גערנ; אסאכ האָבנ גע-

הונקען. א מענטש מיט אַן אָפּגעפּליקטער באָרד מיט א בלויען פּאָנעם פון א געהאַנגענעם, האָט געטראָטן, ארופליינגדיק זײַן רעכטע האַנט אף זײַן אייגענער פּלייצע, פּונקט ווי דער באַלעגאָלע—די לייצעס, מיט דער לינקער. האָט ער זיך אונטערגעהאַלטן די רעכטע האַנט אונטערן עלנבויגן; ער האָט קענטיק עפּעס געערדט. די רעשטלעך פון זײַן באָרד האָבן זיך געטרייסלט. דאָסראָוו צעקאַליעטשעטע מענטשן זײַנען געגאַנגען אין דער שאָטן־זײַט פון דער גאַס, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט אָדער מוירע געהאַט פאַר דער זון. און אַלע האָבן זיי אויסגעזען שיטער, ווי אָנגעגאָסענע מיט עפּעס א מוטנער פײַכטקײַט. קלים האָט דערוואַרט, אַז נאָך א טראָט וועלן אַנדערע פון זיי אומפאַלן און וועלן זיך צערינען ווי שמוץ איבערן גאַס. נאָר זיי זײַנען ניט געפאַלן, און זײַנען אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען און באַלד איז קענטיק געוואָרן, אַז די פאַרבײַגייענדיקע, ניטצעבראָכענע מענטשן קערן זיך אום און טרעטן אין איין ריכטונג מיט זיי. סאַמגין האָט דערפילט, אַז דאָס דריקט אף אים באַזונדערס שטאַרק.

— פאַר א געשלעג איז עס צופיל—האָט מיט א פרעמדן קאָל געזאָגט מאַקאַראָוו.

— כ׳וועל גיין פאַנאַנדערפרעגן.

סאַמגין איז אוועק מיט אים. אַז זיי זײַנען ארויס אפן גאַס, איז פאַרבײַ מויער דורכגעגאַנגען, שאָקלענדיק זיך, א גרויסער מענטש מיט אַן ארויסטאַרטשענדיקן בויך, אָנגעטאָן אין א רויטן זשילעט, אין הויזן צעריסענע ביז די קני. אין די הענט האָט ער געהאַלטן א צעקנייטשטע שליאַפּע און, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, האָט ער זי פאַריכט מיט ציטערנדיקע פינגער. אָפּשטעלנדיק אים פאַרן עלנבויגן, האָט מאַקאַראָוו געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

דער מענטש האָט געעפנט א האָריקן מויל, א קוק געטאָן מיט מוטנע אויגן אף מאַקאַראָוון, אף קלימען און א מאַך געגעבן מיט דער האַנט אוועק ווײַטער. אָפּגייענדיק דרײַ טריט האָט ער זיך ווי א וואָלף א דריי געטאָן צוריק און הויך געזאָגט:

— אַלע זײַנען שולדיק. אַלע!

— אַן ענטפער פון א פאַרברעכער,—האָט א ברום געטאָן מאַקאַראָוו און האָט א שפּײַ געטאָן ווי א באַלמעלאָכע דורך די ציין.

ס׳זײַנען דורכגעגאַנגען עפּעס אופגערעגטע און צוגעלאָזן—צעטומלטע מענטשן. זיי האָבן געשריִען, געיאָמערט, נאָר ס׳איז געווען שווער צו פאַרשטיין, וואָס זיי ריידן. אייניקע האָבן אפילע געלאַכט. די פענימער זײַנען בא זיי געווען כיטרע און גליקלעכע.

ס׳איז געפאָרן א פול־אָנגעלאָדענער, גרינער וואָגן פון דער פײַערלעשער־קאָמאַנדע אונטער דער דוהע האָט זיך געוויגט און פריילעך געקלונגען א גלעקל. מיט דער פאָר רויטע פערד האָט אָנגעטריבן א רויט־פענימדיקער סאָלדאַט אין א בלויער העמד; זײַן מעשענער קאָפּ האָט בלענדנדיק געלויכטן. זייער א מאָדנעם אײַנדרוק האָט געמאַכט בא סאַמגינען דאָס פריילעכע גלעקל און דערדאָזיקער מעשענער קאָפּ, וואָס האָט יאָנטעוודיק געלויכטן הינטער דער פור איז געפאָרן א צווייטע, א דריטע, נאָר אף יעדערער האָט זיך פײַערלעך דערהויבן א מעשענער קאָפּ.

— טראַיאַנער—האָט געמורמלט מאַקאַראָוו.

קלים האָט פאַרוואונדערט באַגלייט מיט די אויגן נאָך א וואָגן. אפן וואָגן איז געלעגן אַן איבעריקער מענטש, ער איז געלעגן איבער אַלע קערפּערס, וואָס זײַנען פּינקטלעך צעלייגט געווען איבערן וואָגן; אים האָט מען נאַכלעסיק ארופגעוואָרפן אין דער קרים, קימאַט פּאָפּעריק צו זיי און ער האָט ארויסגערוקט פון הינטערן ברעזענט היילע פאַרשיידנמאָסיקע

הענט; איינע איז געווענ א קורצע, זי האָט געשטעקט הילצערדיק, צעשפרייטנדיק די פינגער ווי א שטערנ. אונ די צווייטע—א לאַנגע, איז אפאָנעמ צעבראָכנ געווענ אינ אויסבייג פונ עלנבויגנ: אראָפהענגענדיק פונ וואָגנ האָט זי זיכ פרייַ געוויגט, אונ איר דלאָניע, פונ וועלכער ס׳האָבנ געפעלט צוויי פינגער, איז ענלעכ געווענ אפ א פיסל פונ א קרעבס.

— כ׳קאָנ מערניט אויסהאלטנ!—האָט קלימ געזאָגט, אריַינגייענדיק אינ הויפ. ער האָט זיכ אָפגעשטעלט הינטערנ טויער, אראָפגענומענ די ברילנ, אראָפגעטרייסלט פונ די אויגנ די שטויבעלעכ אונ האָט א קלער געטאָנ:—לעמיַי איז ער... פארוואָס איז ער אוועק? ער—האָט ניט געדארפט״...

מאקאראָוו, שטייענדיק הינטערנ מויער, האָט פארווּנדערט אונ פרעגנדיק אויסגעשריִענ:

— שטייט, וווּהינ גייט איר?

באלד נאָכדעמ האָט ער אריַינגעשטופט אינ הויפ מאראקויעוונ, אָנ א היטל מיט צעשויבערטע האָר, מיט א פינצטערנ פאָנעמ אונ מיט א פארטריקנטנ רויטנ ראצ פונ אויער ביזנ נאָז. מאראקויעוו האָט זיכ געהאלטנ אומנאטירלעכ גליַיכ, האָט געקוקט אפ מאקאראָוונ מיט א פארנעפלטנ בליק. מיט פארגאָסענע, בלוטיקע אויגנ, אונ האָט הייזעריק געפרעגט, דורכ די ציינער:

— ווּ זיַיט איר געווענ? איר האָט געזענ?

אינ זיַינע אומבאוועגלעכע אויגנ, אינ זיַינ הילצערנער פיגור איז געווענ עפעס שרעקלעכעס, פארלאָרענעס. אפ אימ איז געהאנגענ א ברייטער, פונ א פרעמדער פלייצע, גרויער, צעריבענער פידזשאק. מיט אָפגעריסענע קעשענעס. די בונטע, ציצענע העמד איז אויכ געווענ צעריסנ אפנ ברוסט; די ביליקע ליוסטרינענע הויזנ זיַינענ געווענ פארפאטשקעט אינ א גרינער פארב. קלימענ האָט באזונדערס שרעקלעכ אויסגעוויזנ מאראקויעווס פארשטיינערטקיַיט. ער איז געשטאנענ אויסגעצויגנ, אזוי אָנגעשטרענגט, ווי ער וואָלט מוירע האָבנ, אז אויב ער וועט ארויסנעמענ די הענט פונ די קעשענעס, וועט אראָפלאָזנ דעמ קאָפ אָדער איַינבויגנ די פלייצע, דאנ וועט זיַינ קערפער צעברעכנ זיכ, צעשיטנ זיכ אפ שטיקער. ער איז געשטאנענ אונ געפרעגט מיט איינע אונ דיזעלבע ווערטער:

— ווּ זיַיט איר געווענ?

מאקאראָוו האָט אימ ניט אריַינגעפירט, נאָר קימאט אריַינגעטראָגנ אפ די הענט אי שטוב אריַינ, אריַינגעשטופט אינ טואלעט־צימער, שנעל אויסגעטאָנ ביזנ גארטל אונ אָנגעהייבנ וואשנ אימ. עס איז שווער געווענ איַינצובויגנ מאראקויעווס האלדז אונטערנ קראנ פונ וואש־טיש. דער שטענדיק־פריילעכער סטודענט האָט איצט, אָפשטופנדיק מאקאראָוונ פיטנ פלייצע, אקשאָנעסדיק ניט געוואָלט איַינבויגנ זיכ. ער האָט שטיַיפ אויסגעגליַיכט דעמ רוקנ אונ געמרוטשעט;

— ווארט צו... כ׳וועל אליינ! מע דארפ ניט...

ס׳האָט געדאכט, אז ער האָט מוירע פאר וואסער. פונקט ווי א מעשוגענער הונט וואָלט אימ א ביס געטאָנ.

— זוכט אויס די דינסט, בעט בא איר וועש,—האָט געקאָמאנדעוועט מאקאראָוו.

קלימ איז נאָכגיביק אוועק. ער איז געווענ צופרידנ, וואָס ער דארפ ניט קוקנ אפנ צעקוועטשטנ מענטשנ. זוכנדיק די דינסט, גייענדיק פונ איינ צימער אינ צווייטנ, האָט ער דערזענ ליוטאָוונ: א באָרוועסער, אינ אונטערשטע וועש איז ליוטאָוו געשטאנענ לעבנ פענצטער, האלטנדיק זיכ פארנ קאָפ. דערהערנדיק דעמ קלאנג פונ די טריט, האָט ער זיכ

אָפגעקערט און דערשטוינט פינטלענדיק, האָט ער געפרעגט, ווייַזנדיק אפ דער גאס מיט א אומגעלומפערטן זשעסט פון ביידע הענט:

— דאָס—איז וואָס?

— עס האָט געטראָפן עפעס אן אומגליק,—האָט געענטפערט קלים. דעם וואָרט „אומגליק“ האָט ער אויסגערערט ניט מיטאמאָל, ניט פעסט, א טראכט טוענדיק, אז ער האָט געדארפט זאָגן אן אנדער וואָרט, נאָר אין קאָפ האָט עפעס געטומלט, געזאָטן און ס׳איז שווער געווען געפינען א פאסיקן וואָרט.

ווען ער איז אריַין מיט ליוטאָוון אין עס־צימער, איז שוין מאראקויעוו געלעגן אויסגעצויגן אפן דיוואן, א נאקעטער, און מאקאראָוו, פארקאשערנדיק די ארבל, לייַכט צורוסטנדיק, האָט אים מאסאזשירט די ברוסט, דעם בויך, די זייַטן. פּאָרזיכטיק, אויסדרייענדיק די האלדז, ווארפנדיק איבער דער לעדערנער קישן דעם פּייַכטן קאָפּ, האָט מאראקויעוו גערעדט, פארהוסטנדיק זיך, אָן קיין שום פארבינדונג און ניט הויך, ווי פון היץ.

— איינער דעם צווייטן האָט געשטיקט מוירעדיק. איר האָט געזען? דער טייַוול... עס פויזען זיך איבערן פעלר מענטשן און לאָזן הינטער זיך איבער טויטע קערפּערס. איר האָט באמערקט: די פּייַערלעשער פאָרן מיט גלעקער, פאָרן—און קלינגען! איך זאָג: מע דארף איבערבינדן, ס׳איז ניט גוט! ענטפערט מען: מע טאָר ניט. אידיאָטן מיט גלעקלעך... ביכלאל וויל איך זאָגן...

ער איז אנטשוויגן געוואָרן, פארמאכט די אויגן, דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהייבן:

— ס׳איז אזא אייַנדרוק, אז זיי קוועטשן נאָך אלץ, צעטרעטן א מענטשן און גייען אוועק, ניט קוקנדיק אפ אים. איר פארשטייט—גייען אוועק... וואונדערלעך! גייען, ווי איבער שטיינער... און מיר...

מאראקויעוו האָט אונטערגעהייבן דעם קאָפּ, דערנאָך, אָנשפּארנדיק זיך מיט די הענט אָן דיוואן, האָט ער זיך זייער פּאָרזיכטיק אוועקגעזעצט, שמייכלענדיק מיט א לאכלוטן אומגלויבלעכער גרימאסע, פון וועלכער זייַן מויל האָט זיך אויסגעבויגן ווי א סערפּ. זייַן צעדראפּעטער פּאָנעם איז העסלעך צעפּלאָסן געוואָרן און די אויערן האָבן זיך אראָפּגעלאָזן צום קארק. ער האָט געזאָגט:

— אין מיר—האָט מען געטראָטן, איר פארשטייט? ניין, דאָס.:. דאָס דארף מען איבערלעבן. א מענטש ליגט און מע שטעלט אפ אים פיס, ווי איבער א זומפּ! מע קוועטשט... א? א לעבעדיקער מענטש!.. אומבאגרייַפלעך!..

— טוט זיך אָן,—האָט געזאָגט מאקאראָוו, אופמערקזאם צוקוקנדיק זיך צו אים און דערלאנגט אים די וועש.

אריַינרוקנדיק דעם קאָפּ אין העמד און ארויסקוקנדיק פון איר ווי פון הינטער א שנייבארג, האָט מאראקויעוו פאָרגעזעצט:

— טויטע קערפּערס—הונדערטער. אנדערע ליגן ווי געקרייצטע אפ דער ערד. בא איין פרוי איז דער קאָפּ פארטאָפּטשעט אין א גריבל.

—לעמיַי זייַט איר געגאנגען?—האָט שטרענג געזאָגט קלים, כאפּנדיק זיך מיטאמאָל, פארוואָס מאראקויעוו איז געווען אפ כאָדינער פעלד איבערגעטאָן אין א ארבעטערקאָסטיום.

— איך—דורכריידן זיך... דערוויסן זיך—האָט געענטפערט דער סטודענט, אונטערהוסטנדיק, און קומענדיק אלץ מער צו זיך—אָנגעשלוגען זיך מיט שטויב.

ער האָט זיכ געשטעלט אפ די פיס, א קוק געטאָנ אומזיכער אפנ דיל, דערנאָכ ווי־דער אויסגעבויגנ דעם מויל ווי א סערפ. מאקאראָוו האָט אים צוגעפירט צום טיש, אוועק־געזעצט, אונ אָנגיסנדיק א האלבע גלאָז ווײַנ, האָט ליוטאָוו געזאָגט:

— טרינקט אויס.

דאָס איז געווענ זײַנ ערשטער וואָרט. ביז אהער איז ער געזעסנ שווײַגנדיק, אוועק־שטעלנדיק די עלנבויגנ אפנ טיש, צוקוועטשנדיק די שלייפנ מיט די הענט אונ געקוקט אפ מאראקויעוונ פארזשמורעט, ווי אפ דער העלער ליכט.

מאראקויעוו האָט גענומענ א גלאָז, א קוק געטאָנ אפ איר אונ אוועקגעשטעלט אפנ טיש. זאָגנדיק:

— די פרוי איז געלעגנ לעבנ א קלאָץ אונ דער קאָפ האָט ארויסגעשטעקט הינטערנ עק קלאָץ, אונ אפנ קאָפ האָט מענ איר געשטעלט פיס. אונ מע האָט אײַנגעטאָפטשעט... גיט מיר טיי...

ער האָט גענומענ ריידנ מער גערנ אונ ווייניקער פארכריפעט.

— איכ בינ געקומענ אהינ האלבע נאכט אונ ס'האָט מיכ אײַנגעזויגנ. זייער טיפ. אנ־דערע זײַנענ שוינ געשטאנענ אינ כאלאָשעס, אזש ווי טויטע. איר פארשטייט: אזא גע־דיכטעניש, א זומפּיקײַט... אונ א בלײַענע לופט, ניטאָ וואָס אײַנצונעמענ. צו פארטאָג זײַנענ שוינ אנדערע אראָפ פונ זינען, רעכנ איכ. מע האָט געשריִענ, א גרויל! לעבנ מיר איז געשטאנענ עפעס איינער אונ אלצ געוואָלט א ביס טאָנ. מע האָט געשלאָגנ איינער דעם אנדערנ מיט די פאטיליצעס איבערנ שטערנ, מיט די שטערנס איבער דער פאטיליצע, מיט די קני. מע האָט געטראָטנ אפ די פינגער פונ די פיס. דאָס האָט ניט געהאָלפנ, פאר־שטייט זיכ, א האָר ניט! איכ ווייס. איכ האָב אליינ געשלאָגנ,— האָט ער געזאָגט, פארווונ־דערט פינטלענדיק מיט די אויגנ אונ טײַטלענדיק זיכ אליינ מיט א פינגער אינ ברוסט. — ווו טוט מענ זיכ אהינ? פארקלעפט מיט מענטשנ פונ אלע זײַטנ. געשלאָגנ...

ס'איז געקומענ דער דיאקאָנ, אָקאָרשט ארומגעוואשנ, מיט א נאסער באָרד, צעעפנט דעם מויל אונ געוואָלט פרעגנ וועגנ עפעס.— ליוטאָוו האָט אים א ווונק־געגעבן אפ מאראַ־קויעוונ עפעס א מורמל געטאָנ, אָבער מאראקויעוו האָט שווײַגנדיק זיכ אָנגעבויגנ איבערנ טיש, אויסטרינקענדיק די טיי, אונ קלים סאמגינ האָט אפנ קאָל א קלער געטאָנ:

— ווי שרעקלעכ עס מוז זיכ פילנ דער קייסער.

— געפונענ וועמענ צו באדויערנ—האָט איראָניש אונטערגעכאפט ליוטאָוו. די איבעריקע דרײַ האָבנ אויכ ניט געלייגט קיינ אכט אפ קלימס ווערטער. מאקאראָוו האָט כמורענדיק זיכ דערציילט אינדערשטיל דעם דיאקאָנ וועגנ דער קאטאסטראָפע.

— פונ שטאנדפונקט פונ מענטשלעכקײַט — איז א ראכמאָנעס,—האָט פאָרגעזעצט קלים, ווענדנדיק זיכ צו ליוטאָוונ.— שטעל זיכ פאָר, אז אפ דײַנ כאסענע וואָלט געטראָפנ אנ אומגליק.

דאָס איז געווענ נאָכמער אומטאקטיש. קלים, פילנדיק, אז בא אים האָבנ זיכ פארויסלט די אויערנ, האָט אינ גערדאנק אויסגעזידלט זיכ אליינ אונ איז אנטשוויגנ געוואָרנ, דער־ווארטנדיק, וואָס וועט זאָגנ ליוטאָוו, אָבער געזאָגט האָט גאָר מאראקויעוו:

— אופגעבראכטע איז דאָ ווינציק! האָט ער געזאָגט, א טרייסל טוענדיק מיטנ קאָפ. אופ־געבראכטע האָב איכ ניט געזענ. ניינ. אונ עפעס איינער... א מאָדנער מענטש אינ א ווײַ־סער הוט האָט געקליבנ פרײַווויליקע אפ גראָבנ קוואָרים. מיכ האָט ער אויכ אײַנגעלאדנ.

זייער... א פראקטישער. ער האָט אזוי איינגעלאדן, פונקט ווי ער האָט שוין לאנג געוואוסט אַז דער געלעגנהייט אויסצוגראָבן א קיווער. און אגרויסן—פאַך אסאך.

ער האָט אויסגעטרונקען די טיי, אָפּגעגעסן, אויסגעטרונקען קאָניאַק. זיינע קאַשטאַנ־לאָקן האָבן זיך אויסגעטריקנט און צעשאָטן זיך, זיינע מוטנע אויגן זיינען ליכטיקער געוואָרן.

— אַן אויסערגעוויינלעכן קויעך וויזן אנדערע ארויס,— האָט ער זיך דערמאָנט, קוקנדיק קאָנצענטרירט אין דער ליידיקער גלאָז,—מאקאראָוו, עס איז דאָך אומגלעך, אראָפּרייסן מיט דער האנט, מיט די פינגער, די הויט פון שארבן, ניט די האָר, נאָר — די הויט?

— אומעגלעך,—האָט פארומערט און זיכער איבערגעכאזערט מאקארעוו.

— און איין... מענטש האָט אראָפּגעריסן, איינקלאמערנדיק זיך מיט די נעגל אין דער פאטיליצע פון א דיקן מענטשן, וואָס איז געשטאנען לעבן מיר. און ער האָט ארויסגעריסן א שטיק... עס האָט זיך אנטבלויזט דער ביין. ער האָט דער ערשטער אויך מיר א קלאפּ געטאָן.

— איר דארפט גיין שלאָפן,—האָט בעזאָגט מאקאראָוו,— קומט...

— אַן אויסערגעוויינלעכן קויעך ארויסגעוויזן,—האָט נאָכגיביק, גייענדיק נאָך מאקאראָוון, ארויסגעמורמלט דער סטודענט.

— ווי זשע איז דאָס אלץ פאָרגעקומען?—האָט געפרעגט דער דיאקאָן, שטייענדיק באַם פענצטער.

מע האָט אים ניט געענטפערט. קלים האָט א טראכט געטאָן: וואָס וועט טאָן דער קייסער? און האָט דערפילט, אז צום ערשטן מאָל טראכט ער וועגן קייסער, ווי וועגן א רעאלער זאך.

— וואָס זשע וועלן מיר טאָן?—האָט ווידער געפרעגט דער דיאקאָן, גערייכט אונטערשטרייכנדיק דעם נאָמענוואָרט.

— גראָבן קוואָרים—האָט א וואָרטשע געטאָן ליוטאָוו.

---

עזרא פינינבערג

# ערעוו

(פון דער פּאָעמע „קיִעוו“)

אינ גערטענער אפ בערג
געגעגנעט האָט א ווינטער,
אונביימער האָבנ
אפ א וועסנע זיכ גערינכט.
ס'איז שמוציקלעכ דער שניי,
אפ מאָרגנ פרי פארשווינדט ער,
א נייַס א לינדע
צווישנ צווייַגנ טראָגט זיכ גיכ:
ס'איז פאראיאָרנ בלאָ געווענ
אונ בלאָ וועט זייַנ אצינדער! —
נאָר ניט געוווּסט האָט מענ,
אז ס'גייט אזא מינ ליכט.

הימל קויטיקער אפ גאָרטנ צארישנ
אונ אפ קרעשטשאטיק,
אפ הודעניש אפ ארסענאלישער,
אפ דניעפּר אונ אפ פּאָדאָל.
אונ טאָג דערשלאָגענער
איז אלצ נאָכ, אלצ א סטאטעק,
אונ שלעפּט זיכ מאט,
אונ טראָגט דעם פלאָגנ־אָל.
בלינדער שווינדל, קינדעו, צווינטערט,
הונגעריקע, זאטע...
סע גייט א וועסנע
פונקט ווי אלעמאָל.

אזוי געווענ איז: אָטעם אינ דער בלאָטע.
גליווער. גליווער.
צאָרנ־זאט פארטייַעטער, פארצאמונג־דראָט,

און סאם, און שפּאָט.
דעמיעוועקער, פּעטשערסקער,
פּאָדאָלישע, שוליאַווקער דארע שטיבער!
שטאָט אַף בערג,
הויכע, גרינע שטאָט!
פֿאָרשטעט אומרײַנע, פּאַרוויינטע —
— „גאָט דו ליבער!“ —
מיינען, אַז אין הימל קויטיק!
איז דאָ אַ גאָט.

אַף באָר די שטרעקעס שמעקט מיט שרעק,
מיט עקל, מיט נעוויילע,
מיט גראָבנ־בלוט. מיט ראָבנ־גוטס
און מיט ראַספּוטינס ווערעמדיקער ספּערם.
עלנט שטעקט אין הוילער פּעלדער־ווײַט
אַ קרומער זשאַווער־ציילעם,
ס,פּוילן ווילע כעוורע־לײַט
פון קיעוו און טיפלים און פּערם.
און די גלעקער אַף די היילן פון דער לאַווורע קלינגען:
— הייליק! הייליק! הייליק!... —
און אַ שטאָט אַ טויזנטיאָריקער
איז אַזוי גרויזאַם־שווער.

סשערדעסווײַז, אין נאַסער ערד
פאַרשטויבט, פאַרדריפּעט.
קײַקלט זיך דורך טאָג און נאַכט דער ווײ
פון שלאַכטנ־שליאַכ,
דערקײַקלט זיך צום „אינסטיטוט פון איידעלע מיידנ“ —
אַ בלוטיקע פאַרקנוילטע היפּע,
שרעקט, וועקט די ווייכע שמײַכלענדיקע לײַבער:
טראַכ! טראַכ! טראַכ!
מיט אויגנ אָנגעצונדענע,
מיט וווּנדן אַף די קרומע ליפּנ
גייט דורכ דער ווײ אין אָוונטן!
דעם הויכנ רויכיק־לויכטנדיקן קראַכ.

אינעם קראַכ צווישן לינדע־ביימער
ווינען
פּריצים. סאָכרים, פּראָפעסאָרן,
נאָגיד־ייִד.
מיט יאָכנ קנעכטיש־וואָכעדיקע

פאָרכנ די האמוינים,
נאָכ פעטע שטיקער יאָגט מענ שיקער,
שיקער אונ צעגליט.
קרעמער, קוינים, גלאנצנדיקע אָפּיצערנ,
טאנצנדיקע זוינעס,
אפ די ברוקנ־נאָכיאָג אונ פארצוקונג,
ברודיק־בלוטיקער יאריד.

קומט דער ווײ צו גײנ אינ קראכ ארײַנ
אפ קוליעס,
הערט: אפ טראָטוארנ כמארעדיקע
הילכט די יאנד.
סע שלעפּט דאָס פאָלק דעם אָל, מע צײלט דאָס באָלד.
אפ ערד אפ בלוטיקער מע הוליעט.
— אונ ס׳טרעפט זײ ניט קײנ פּסאק?
אונ ס׳טרעפט זײ ניט קײנ שלאק?—
פרעגט דער ווײ מיט אויגנ מידע,
אויגנ דולע,
פרעגט פארכידעשט:
— וואָס־זשע אי דאָ? א ב...?

אינ ברײטנ לאנד, אינ נרינעם קאנט —
אנטשווּיגנ אילע.
אינ פעלד די בארמינענס צום ברידער־קײווער
פירט א פויק.
קעהילעס שטילע
גײענ ארום מיט קילעס
מיט אויערנ, מיט פינגער
אונ מיט אויג.
בערויגעז מיט פאָנענ, אנטלאָפענע יעוואָנים,
מיט מערידנ, מיט באנדאזשנ אונ מיט ברילנ—
אונטער בעטנ, אינ סעקרעטנ,
אינ א סטויג...

אונ דער קאנט דער זוניקער—
אוקרײַנע.
איז אונטער קויט אונ טויט!
גרינ אונ שײנ.
אונ בא העלדנ אפ די פעלדער בײס גסיסע
די אויגנ מיט כאלוימעס זיכ צעשײַנענ:
— הײס אינמיטנ זומער!

באגינען אין דער גרינער היים! —
און אין קארפאטן־אָפגרונט
פאלט ארײַנעט
אפ מײַן ניט אופשטייען
סאָלדאטישער געבייג.

א גוף אפ אײַז פון טײַך נעווא,
א שווערער איפּעש.
ער פלעט די שטעט,
קיין וואָרט, קיין פּיפּס, קיין ריר.
אינמיטן קראכ, פון שטיין פון הויכן
שרײַט סטאָליפּינ:
„ס'וועט זײַן ווי פריר.
די האָפענונג פארלירט!
דעם האלדזטוכ מײַנעם
וועל איכ שטײַפ אפ אײַער האלדז פארקניפּן!
איר דארפט האָבן גרויסע שטורעמס,
א גרויסן רוסלאנד דארפן מיר!"

ס'אָטעמט, ס'אָטעמט פונדערווײַט
מיט בײַטש, מיט בלוט, מיט פּכאָדים.
און איבער שטיבער־שימל־הימל,
גליווערדיק און קאלט.
אין פאָרשטעט שווארצע דרימלט נאָכ
דער ווילן פון זאוואָדן,
הערט זיכ קוים אין רעדער־לויף,
אין הודניש און אין געשאל.
איז עמיצער א הארטער, אײַנגעשפארטער
דאָ דען
בא גרעטערן, אפ פּאַדאָל,
אין ארסענאל?

די קייטן שלעפּן זיי
אפ סטעפּעס אפ סיבירער.
נישטאָ די פרײַסטע
מײַסטער־הענט.
ס'וועט שטילן זייער היץ
די ווילדע קרירע,
די ברייטע ליידיקײַט,
די שווערע פּענט.
אין שליסלבורג,

אין „קאָסוי קאָנאָניר"—
זיינען הויך די ווענט,
זיינען פעסט די ווענט.

גאסן־ווינקעלעך, צעיאָגטע דאָגן
גוט געדענקען
יונגע, גרינגע,
פלינקע טריט.
ס'געדענקען ליקן—שפּיקעס,
וואָנצעוואַטע, פראנצעוואַטע הענקערס,
ערדן־ווערדע,
שטורמיש־מוירדישן געמיט.
ס'געדענקען הויפן טורמישע
און גאסן־לענגען,
ווי א ריינע,
ווי א שיינע ליד.

נאָר דער פרייער פלאם
איז אונטער טויזנט צאמען,
אונטער ווינטערדיקער
צווינטער־גראָז.
אינעם קראך דעם בארניקן
זינגט א גאסן־מויד געפוצט אין סאמעט:
Я хочу вам рассказать.,.
раасказать...
Как мы в лес пошли гулять...
гулять...
און ס'דרימלט נאָך
דער ווילן פון דעם האמער
און דער קראך דער בארגיקער
איז מאט, מאט, מאט.

און אונטן איז א טייך.
קום, קום מיט מיט אראָפּצו,
לעם בערגל לעם וולאדימערער
דורך ברייטע טרעפּ.
אזא מין ווייט! אזא מין ווייט!
סע שלאָגן זיך פאָלאָווצעס.
די סקיפּן יאָגן זיך
דורך פינצטערניש פון סטעפּ.
סאָפ ווינטער הײנט. סע איז נאָך פעגטע־צייט,

סע איז נאָך שלאָף־צײַט
באַם טײַך פון לאַנד מײַנעם,
באַם דניעפּר.

... און אויף די בערג דער קראַך —
ער ריכט ניט אויף קיין גוטס זיך:
ס'וועט זײַן א פּײַנע, שמײַנענדיקע, חוילע וועסנע,
שווער איז, גרויליק שווער. —
און פּלוצים,—הער נאָר! הער נאָר! —
פּלוצים,
ווער איז אַרויס אויף פעלצער און אויף פעלדער,
ווער? ווער?
הויכע שטאָט מײַנע,
אין רעוואָליוציע!
שטאָט מײַנע
אויף גרינע בערג!

א. אבטשוק

# א באגעגעניש

(קאפיטלעכ פונ א ראָמאנ).

א.

דידאָזיקע באגעגעניש איז פאָרגעקומענ אזוי פלוצים אונ אומגעריכט, אז אָרליקנ האָט די ערשטע מינוטנ פארפעלט רייד.

ער האָט געעפנט די שווערע דעמבענע טיר צום סעקרעטאר פונ ריַיקאָם אינ קאבינעט אונ דערזענ פארנ טיש שטיינ א מאָרנע באקאנטע פלייצע: צוויי שפּיציקע אקסלענ האָט די פלייצע געהאט, אפ די שפּיציקע אקסלענ—א געדיכטע קאָפּ שאטענ־האָר, צוויי קליינע אויערנ, באוואקסענע מיט דינעם פעכ. די פלייצע האָט זיכ אלע וויַילע געניזשעט, אונ אָרליקנ איז בא דעם ניזשענ אופגעשווומענ אינ זיקאָרנ א באקאנט געזיכט. א שטראָם בלוט איז אים צוגעלאָפנ צום הארצנ. ער האָט געפילט—אָט קערעוועט זיכ דער פארשויג אויס, וועט ער דערזענ גראָד דעמ, וועגנ וועמענ ער האָט איצט געטראכט.

אָרליק איז געבליבנ אפ זיַינ אָרט לעם דער טיר. פונדערוויַיט האָט ער דערזענ: דער סעקרעטאר לויפט צעשטרויַיט מיט די ליכטיקע אויגנ איבער א פאפירל, לייענט עס נאָכאמאָל איבער אונ עס איז אים נאָכ קענטיק ניט קלאָר. דער הויכער שמאָלפלייציקער פרוווט אים וייכ, זייער וויכ דערקלערנ:

— איר האָט א טאָעס. איכ בינ נישט וואלד. דאָס רעקאָמענדירט מיכ צו איַיכ דער כאווער וואלד, אונ איכ בינ עס לעוו. אָט לייענט איבער.

איצט האָט שוינ אָרליק מער ניט געצווייפלט, אז דאָס איז ער. ער האָט אצינד געוואָלט, אזוי ווי יענער שטייט עס באם טיש, צוגיינ, אים א קלאפּ טאָנ איבער דער פלייצע, א פעסטנ קלאפּ טאָנ איבער דער שמאָלער פלייצע. ער ווייסט, אז לעוו וואָלט זיכ האסטיק אויסגעדרייט צו אים אונ ביז ער וואָלט אים דערקענט אונ צו זיכ געקומענ, וואָלט אפ זיַינ פאָנעם געווענ אזא שולדיקע מינע, גליַיכ ווי ער זאָל יענעם, אנ אומבאקאנטנ, אומגעריכט א קלאפּ טאָנ אינ פלייצע, ניט פארקערט.

נאָר אָרליק האָט עס ניט געטאָנ. ער איז שטיינ געבליבנ אפנ שוועל. דורכנ געקארבטנ גלאָז פונעם ווענעציִאנישנ פענצטער האָט אריַינגעקוקט א פרילינגדיקע זונ. אָרליקס, אויבערשטער טייל קאָפּ ביז דער נאָז האָט זיכ געבאָדנ אינ זונ־שטראלנ אונ ער האָט אָפּ געזשמורעט די אויגנ.

— ווילט איר, הייסט עס, מיר זאָלנ איַיכ צופּעסטיקנ צו א פאבריק־קעמערל אפ ארבעט אפ אויספּרוּוונ?

— יאָ, יאָ,—האָט זיך לעוו געפּײַלט,— אָט וועגן דעם שרײַבט ער אײַך טאקע אין דעם צעטעלע.

דער סעקרעטאר האָט גענומען איבערלײענען דאָס פּאפּירל פון אָרט אפ אָרט, וועגנ עפּעס געטראכט און פּלוצים דערזען אָרליקן שטײן באַם טיר.

— הא, אָרליק, קום אהער! גוט, וואָס דו ביסט דאָ.

לעוו האָט זיך האסטיק אויסגעדרייט, דערזען אָרליקן. אפ זײַן פּאָנעם האָט זיך צעלייגט א ווייכער שולדיקער שמייכל—מער פון אלץ האָבן זיך איצט אפ זײַן פּאָנעם אויסגעטײלט צוויי גרויסע עטוואָס פײַכטלעכע אויגן, פרעגנדיקע, פאַרוווּנדערטע.

— אָרליק? דו?

— ווי דו זעסט!

לעוו איז אָפּגעלאָפן פונעם טיש, פארגעסן אָן דעם איניען, וואָס ער האָט נאָר וואָס וועגן דעם גערעדט מיטן סעקרעטאר, און אוועקגעשלעפּט אָרליקן אָנאזײַט.

— הער, אָרליק, דו, טאקע דו? איך גלויב זיך אליין ניט.

— כ'וועל דיר ווײַזן א דאָקומענט, אויב דו גלויבסט ניט.

לעוו איז געווען שטארק צעטומלט. ער האָט אָנגענומען אָרליקן אונטער דער האנט און אים געשלעפּט צו דער טיר.

— קום, וועלן מיר ריידן, זיך דורכשמועסן, אָרליק, גלאט אזוי זיך דורכשמועסן.

דער סעקרעטאר האָט אים שמייכלענדיק א רוף געטאָן:

— כאווער לעוו, איר האָט דאָך עפּעס געהאט אָן איניען?

— יאָ, יאָ, יאָ,—האָט זיך לעוו דערמאָנט.—אָרליק, איין ווײַלע ווארט אויס.

אָרליק איז אונטערגעגאנגען צום טיש.

— פעסטיק אים צו צו אונדזער קעמערל,—האָט ער געזאָגט,—ס'א אונדזעריקער יאָט.

דער סעקרעטאר האָט געזאָגט:

— גוט. אפ דײַן פאראנטוואָרטלעכקײַט.

דעם ענטפער האָט שוין לעוו ניט געהערט. ער האָט געשלעפּט אָרליקן אינדרויסן. א זון, א פארגעניגן, האָט געבלענדט דעם דיל, די ווענט, לעוון און אָרליקן. זיי זײַנעןביידע געגאנגען איבער דער זוניקער גאס. די גאס—א בערגלדיקע, מיט צוויי שורעס געדיכטע קאשטאַנ-ביימער. אפ די צווײַגן—קוים צעלאָזטע קנאָספּן. אין דער לופט—פרישקײַט, ווי מ'וואָלט אלע זײַטן וועלט געעפנט און פון גאָר דער וועלט ווינטן וואָלטן אהער אָנגעפלויגן. ס'איז צום אָנהייב עפּעס ניט געווען פון וואָס אָנצוהייבן דעם שמועס. לעוו האָט כידעש־דיק איבערגעכאַזערט:

— נו א באגעגעניש! אָט אן אומגעריכטע באגעגעניש.

אפ ביידנס געזיכטער האָט געשפּילט די פרייד פון דערינערונגען.

— שרײַבסט נאָך אלץ? האָט אָרליק געפרעגט?

לעווס פּאָנעם איז אביסל אופגעפלאַמט געוואָרן.

— כ'דרוק זיך,—האָט ער שטיל געזאָגט,—ערשט נאָר וואָס א ביכל מײַנס ארויס.

— ס'ט עס מיר געבן,—האָט אָרליק געזאָגט.

— דו קענסט נאָך יידיש לייענען? נאָך ניט פארגעסן?

— אפילע אויב אביסל פארגעסן, וועט,—ער האָט געמאכט א לענגערע פּאוזע,—וועט... [illegible] מיר איבערלייענען.

לעוון האָט פּלוצים שטאַרק־שטאַרק אָנגעהייבן קלאַפּן דאָס האַרץ. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעגלײַכט און אָנגענומען אַפּולע ברוסט לופט.

— צעזע ווען זײַן שטאַרק צופרידן, — האָט אָרליק געזאָגט. אַרום די ליפּן זײַנע האָט זיך צעגליט א שמייכעלע. — זי דערמאָנט דיך אָפּט.

מענגעס בילדער זײַנען אויפגעשווומען פאַרן אויפגערודערטן לעוו. ער האָט זיי געטריבן האָבן זיי, ווי צוגעווינטע טויבן, ניט געוואָלט אָפּגיין פון אים.

אָרליק האָט דערפילט זײַן צעטומלטקײַט, האָט אים גענומען באַנג טאָן. אָבער ער האָט געוווסט, אַז סאָפּקאָלסאָפּ וועט אויסקומען וועגן דעם צו ריידן.

דערווײַל האָט ער באַשטימט איבערפירן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

— קום אויף דער פאַבריק, — האָט ער געזאָגט צו לעוון, — קום, וועסטו זיך באַקענען.

זיי האָבן אַוועקגעשפּאַנט. זיי זײַנען גיך אַרויס אין אַן אָפענעם פעלד. דער וועג האָט געפירט צו דער פאַבריק. א בערגלדיקע איז די שטאָט געלעגן פאַר די אויגן, ווי אויף דער דלאָניע. געצײַלטע פאַבריק־קוימענס האָבן זיך געלאָזן גערויכערט. אויפן פּאָן פון שוין גרין־געוואָרענע פעלדער, פון היגלען און טאָלן, וווּ די פּראַכטפולע שטאָט האָט זיך צעלייגט, האָבן די פאַבריק־קוימענס זיך ניט באַזונדערס אײַסגעטיילט.

לעוו האָט אויסגעפרעגט וועגן אַלע קלייניקײַטן פונעם פאַבריק־לעבן. אָרליק האָט גערן דערציילט. און נאָך איידער זיי זײַנען צוגעקומען צו דער פאַבריק, און פאַר לעווס אויגן האָט זיך באַוויזן א ברייטפּלייציקע געבײַדע, א נײַ אָפּגעשײַערטע בישכיינעס מיט א צעעפנטן קלויסטער מיט צוויי בײַכיקע פאַרזשאַווערטע קופּאָלן, האָט זיך לעוון שוין געדאַכט, אַז ער קומט אין א באַקאַנט אָרט, וווּ ער איז שוין אַמאָל געווען. עס האָט אים ניט געשראָקן די פרעמדקײַט, און ער האָט זיך פונעם ערשטן מאָמענט אָן, ווי ער האָט אַריבערגעשפּרײַזט די פאַבריק־שוועל, דאָרט דערפילט היימיש־גוט.

אין פאַבריק האָט געטומלט. ס'איז געווען מיטיק־צײַט. א לויפעניש, א גערודער אין אַלע ווינקעלעך. אָרליק איז אַרײַן מיט לעוון אין צימער פון פּאַרטיי־קעמערל און דאָ האָבן שוין צענדליקער אינזשענירן און מענטשן אויף אָרליקן געוואַרט. ער איז גלײַך אײַנגעשלונגען געוואָרן אין א יאַם געשעפטן. לעוו האָט פריִער באַקוקט די ווענט, די מענטשן, וואָס האָבן זיך אַזוי פריידיק־באַשעפטיקט געטומלט, און עפּעס האָט אים אַרויסגעטריבן פון דעמדאָזיקן צימער. ער איז אַוועק בלאָנדזשען איבער די קאָרידאָרן פון דער גרויסער פאַבריק, ערגעץ אומגעריכט אָנגעקומען אין א צעך, וווּ עס האָבן מאַשינעס געזשומעט, דורכגעגאַנגען דעם לאַנגן צעך און זיך אָנגעשטויסן אָן אַן אייגענעם געדאַנק, וואָס בויערט אים די לעצטע צײַט אַזוי אָפט דעם מויעך:

— אַביסל צו שפּעט, פאַרשפּעטיקט אַביסל, כאַוווער לעוו.

אויף זײַן פּאָנעם האָט זיך אומגערן באַוויזן א שמייכל. א זײַטיקער מענטש וואָלט געמיינט, אַז לעוו אַנטשולדיקט זיך פאַר עמיצן, וועמען ער האָט א שטויס געגעבן, צי אָפּפוס אָנגעטראָטן, אָבער פאַר זיך האָט דאָך לעוו געוווסט — די לעצטע צײַט האָט זיך עס אָפט מיט אים געטראָפן — אומאָפּהענגיק פון זיך אַליין האָבן אָפט זײַנע געזיכט־מוסקולן א שפּיל געשפּילט און מענטשן גענאַרט, פאַרפירט. ער האָט גענומען זוכן אָרליקן. אים אין צימער פון קעמערל ניט געטראָפן, זיך פאַרלאָרן אינעם לאַבירינט פון צעכן, קאַמערס און קאַבינעטן. לעסאָף זיך עפּעס אויף א שוועל אָנגעשטויסן אויף אָרליקן, אים ניט דערקענט, און אַז יענער האָט אים א רוף געטאָן, זיך אומגעהויער דערפרייט.

זיי זײַנענ איצט אינצווײַען געגאנג פונ פאבריק אינ שטאָט ארײַנ. אָפגערעדט: אינאָווענט קומט לעוו צו אָרליקנ. ווי וועט זיכ עס צעזע דערפרייענ מיט אימ. פאר לעוונ האָט עס געהייסנ: נאָכאמאָל נאָכ היפשע יאָרנ ארײַנטרעטנ אינ לאנד פונ גאָלדענע טעג, ווענ עס לעבנ אופ אזוינע לויטערע שאָענ; ער האָט זיכ געגרייט די שאָ פונ זײַנ צוזאמענטרעפנ מיט צעזענ באגעגענענ רויִק אונ ניכטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער נאָכמיטיק איז א העלער, א ווארעמער געווענ. אפנ גאס האָבנ פרילינגדיק גערוישט ריטשקעלעכ, וואָס זײַנענ ערגעצ וווהינ פונ בארגיקע גאסנ אינדערנידער געלאָפנ. דאָס אלצ אונ דער הײַנטיקער מאָרגנ האָט לעוונ צערודערט, אינגאנצנ קימאט אָנ וועלכער ס'איז דירעקטער פארבינדונג האָט זיכ אימ דערמאָנט א בילד: ייִנגלווײַז—א יאָר פופצנ־זעכצנ איז ער אלט געווענ, אינ א שווארצער דיאַגאָנאל־טושורקע איז ער געגאנג, האָט ער אפ א פאמיליע־סימכע אנ איבעריק גלעזל בראנפנ אויסגעטרונקענ. ניט קיינ סאכ אפ שיקער צו ווערנ, נאָר איינ איבעריק גלעזל, מער וויפל זײַנ ייִנגלשער קאָפ האָט געקאָנט פארטראָגנ, האָט זיכ אימ די ערד אָנגעהייבנ דרייענ אונטער די פיס. אזוי אָנגענעמ אונ פאמעלעכ, אזוי פאָשעט זיכ דרייענ אונטער זײַנע פיס. הער נאָר! ער ווייסט, אז ס'איז עפשער אומיסטנ, ווײַל ס'איז הײַנט א סימכע אינ שטוב, ער ווייסט, אז ער איז אביסל שיקערלעכ אונ די וועלט דרייט זיכ אימ אונטער די פיס.

אָפ די גאסנ רינענ דירעוודיק־געוואָרענע ריטשקעלעכ אונ אינ זײַנע אָדערנ—פריידיק־שפילעוודיק בלוט. אפ א מאָדנעמ אינסטרומענט שפילט עס אונ אינ די אויערנ קלינגט עפעס דינ אונ הארציק, ווי זילבערנע גלעקלעכ, אונ דערוואַרטונג אונ שטארק־צעצויגענע עטלעכע שאָ מאכנ פיבערדיק אונ רייצנ.

ביזנ אָוונט איז נאָכ ווײַטלעכ, אָבער לעוו האָט איצט ניט ווו זיכ אהינצוטאָנ. אינ דרײַ שאָ ארומ וועט עס געשענ. ער וועט דערזענ צעזענ. אזוי איז זי, ווי אפסנײַ צומ לעבנ אנ אופגעשטאנענע פאר זײַנע אויגנ געשטאנענ: א שלאנקע, א דינינקע אפ איבערצוברעכנ זיכ, אינ א ווײַס זומערדיק קלייד. צוליב עפעס האָט ער זי איצט געזענ, ווי זי שטייט אפ די שפיצ פינגער, אזויווי זי זאָל וועלנ פונ א הויכנ צווײַג א פרוכט אָפרײַסנ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ב.

איבער דער פאריפעסטער הענדלערישער שטאָט באמ פראָנט, וואָס ווימלט מיט מילי־טער־לײַט אינ הויכע פארדריפעטע שטיוול, איז איצט אומגעגאנג א ווערטל. די, וואָס האָבנ דאָס ווערטל ארומגעטראָגנ, האָבנ עס שטארק געשמאקעוועט, זיי האָבנ אינ דעמ געזענ א ווילדע כאָכמע אונ א ווונק אפ עפעס, וואָס דערזאָגנ מוז מענ עס ניט—מ'וועט שוינ אלײנ פארשטיינ.

„הער דויטשע,—פרעגט מענ א דײַטשישנ סאָלדאט,—הער דויטשע, ווענ מאכנ זי די רעוואָליוציאָנ בא איגענ?"

„קיינע נאכריכטע דאריבער,—ענטפערט דער דײַטשישער זעלנער,—וויר ווארטנ איינ באפעל פאָנ קייזער ווילהעלמ זעלבסט."

איניינעם מיטן אײַז און אײַנגעזאקשנטע פרעסט האָט געבראָכן דער פראָסט. מ'האָט ערשט איצטער ווי פארשטאנען, דאָס ערשטע מאָל פארשטאנען, אז די אָקאָפּעס זײַנען סאכאקל פינפונצוואנציק ווערסט פון שטאָט. פריִער האָבן זיי אויסגעזען ווי א פונקט, וואָס פאר אים גילט ניט קיין שטרעקע. קיינער האָט זיך קיינמאָל ניט פארמאָסטן צו דערמאָנען, אז אָט־אָט גאָר נאָענט קוטס עס פאָר. און איצטער, אז עס האָבן זיך באוויזן די ערשטע דעלעגאציעס פון יענער זײַט פראָנט, אז די שטאָט האָט דערזען אווטאָמאָבילן מיט רוסישע פראפּאָרשטשיקעס, אז ס'האָבן זיך פונדאנען אהין גענומען אריבערכאפּן שמוגלערס, נאָך דערווײַל אָן סכוירע, דערווײַל אויסצוטאפּן, וואָס ס'פעלט דאָרט, האָט די שטאָט דערפילט, אז ס'איז טאקע גאָר נאָענט, א שפּאן צו טאָן, אָט־אָט. האָט זיך אזוי פון זיך די שטאָט צוגערוקט צו דער ווײַטער וועלט, וואָס פון איר איז זי אזוי לאנג געווען אָפּגעטיילט, זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און דאָס ערשטע מאָל א קוק געטאָן אף יענער זײַט אָקאָפּעס מיט לעבעדיקע אויגן.

ס'איז שוין אף דער ערד קיין אײַז ניט געווען. א פארפרילינגדיק ווינטל האָט געטריקנט די גאסן, זיי געפלעקט מיט אויסגעטריקנטע שטיקלעך טראָטואר, אָדער סטאם אזוי מיט סטעזשקעלעך. פּיִאָלעטע האָבן זיך פריילעך געטריקנט די לעצטע קאלוזשקעס. פון ערגעץ האָבן געבלאָזן פרישע ווינטן, אָנגעקומענע אין שטאָט אריַין פון אלע זײַטן פראנק און פרײַ, אפילע פונדערזײַט, וו די אָקאָפּעס האָבן כאדאָשים־לאנג געצוימט די שטאָט מיט שטעכיקע דראָטן, מיט שארפע שאָסן, מיט מוירע און שרעק.

די ערשטע דעלעגאציִעס האָבן פון יענער זײַט אָקאָפּעס געבראכט גרוסן פון א נײַער וועלט. קיינער האָט מיט דידאָזיקע אונטעראָפּיצערן, די פראפּאָרשטשיקעס אָן פּאָגאָנעס ניט גערעדט. אין געוויינלעכע שוין צו וואָכעדיקע און דאָך פרישינקע שינעלן, האָבן זיי זיך גִעטראָגן איבער דער שטאָט אין אווטאָס, באלייט האָבן זיי דײַטשישע אָפיצערן, און דאָס אליין שוין האָט אזוי פיל כידעש אין זיך געהאט. טאָגטעגלעך האָבן איצטער דײַטשישע שאָפערן געטראכקעט אין אווטאָס איבערן שאָסיי צו דער זײַט צו, וו אָקאָפּעס זײַנען געווען; געהיימניספול זײַנען געווען אָט די רײַזעס זייערע, ס'איז א כאָד געווען, ווער עס זיצט אין די לײַכטע אווטאָס, מערסטנטייל באפּוצטע פונויבן מיט א רויטן קרייז.

אויס דער שטאָט איז אזא אווטאָ אָן מוירע ארויסגעפאָרן, גיך־גיך זיך געקאטשעט איבערן שטארק־אויסגעפאָרענעם שאָסיי, וואָס איז זײַט צוויי יאָר געוווינט געווען מ'זאָל אים אָפּט פאריכטן. נאָר הינטער דער שטאָט, דאָרט וו עס צעגייען זיך די וועגן און איינע קערעווע אף מיזרעך אנטשיידט די פראגע, וווהין דער אווטאָ גייט, דאָרט פלעגט אף א מינוט דער שאָפער ארויסקוקן, זיך ארומקוקן און, געוווינט צו באמערקן דעם ווײַטסטן פלעק אפן האָריזאָנט, אנטשיידן, צי לוינט איצטער צו פאָרן, צי ניין. און אויב יאָ—איז אוועק א בליץ־שנעל טראכקענדיק איבער די וועגן אָן שאָסיי, איבער צעקאליעטשעטע פעלדער, וואָס זײַנען ווי מיט פּאָקן־שטופּלען באדעקט מיט גריבער און ריוועס, מיט צוגעדעקטע שוצגראָבנס, אין וועלכע עס ווינט שוין, דאכט זיך, קיינער ניט,—מ'האָט שוין פון א צײַט פארוואָרפן דאָס שיסן אָטאָ דאָ. דאָס דײַטשישע מיליטער האָט אוועקמארשירט טיף אין אוקראַינע, און אויב ערגעץ א פּאָסטן אין מיט וועג, טוט דער שאָפער א בורטשע אָפּ עפּעס דעם זעלנער, וואָס היט די פּוסטקײַט,—ס'איז שוין איצטער טאקע ניטאָ דאָ, וואָס צו היטן, ווילסטו, איז עס א פאראָל, ווילסטו, איז עס אן אָנשטעל, און ווי א שעד טראָגט זיך די מאשין ווײַטער איבער דער ערדס וווּנדן, וואָס אפילע דער אָנגעקומענער מילדער פרילינג קלײַבט זיך זיי דערווײַל נים היילן.

אינגאנצן אַ צעשרויפטער, מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן, מיט אָפטע נערוועזשע צוקנ אפּן בלייכן אָנגעשטרענגטן פּאָנעם, לויפט אין די טעג לעוו ארום איבער דער שטאָט. לאַנג ציִען זיך איצט פאר אים די נעכט. און כאָטש ס'איז נאָך אין די אפּרעל־אָוונטן אָפּטלעך קאַלט, דינע אײַז־מערעזשעס זילבערן נאָך די גאַסן, ברענט אונטער לעוון אין אזוינע נעכט דאָס געלעגער, אזוי ווי פּריסעק. ער קען זיך אין די נעכט קיין אָרט ניט געפינען. אראָפּ פונעם בעטל און אפּן פּאָל, און צוריק ווידעראמאָל אפּן בעט, און זיבעטער צען מאָל פאר דער נאַכט אינדרויסן ארויס א קוק צו טאָן מיט די קורצזיכטיקע אויגן שאַרף־שאַרף אין די ווײַטע ראַנדן פון האָריזאָנט, צי ווײַזט זיך דאָרט ניט ערגעצוו א ליכטיק פּאַסעקל א העלע קאַנווע פון אָנקומענדיקן טאָג. די נעכט ווערן איצט קלאָר. פיר־פינף אזייגער עפנט זיך ערגעצ אין א ווײַטן קאַנט פון טונקל־באַנאַכטיקן הימל א העל לופטיקל. ס'ווערט טאָג. ווער סע דאַרף, קען שוין אין דעם העלן פלעק דערפילן, אז דער פרימאָרגנ קומט אָן.

באַטאָג איז גרינגער. באַטאָג איז די וועלט א פרײַע מעדינע, און ווער שמועסט איצטער, אז ס'האָט פונדערווײַט, ווו די שוצגראָבנס זײַנען, א בלאָז געטאָן אזא ברוזינדיקער אָטעם, אז ס'פּארטרונקען די גאַנצע שטאָט—ניטמער די שטאָט מענטשן ווייסן ניט די סיבע און קענען זיך דידאָזיקע ענדערונג ניט דערקלערן,—איצטער איז באַטאָג א גאַניידן אין פאַרגלײַך מיט דער נאַכט. לעוו לויפט איצטער א גאַנצן טאָג ארום איבער דער שטאָט, לויפט עפשער צען מאָל אין טאָג ארויס אין פאָרשטאָט, פונוואַנען ס'קומען אָן אווטאָמאָבילן און פורן, פוסגייער און רײַטער, און אין יעדן וויל ער א גרוס פון יענער זײַט, פונדערהיים דערפילן, און ער איז זיך ניט טועה, א גרוס איז דאָ, א פרילינגדיקער איז ער דער גרוס, א יאָנטעוודיקער, און ער האָט אין זיך אַלע קאָלירן און אַלע פרישע רייכעס פון פרישע גרינע פעלדער.

אינדערהיים האָט צו אים דער נארישעוואַטער קאָרעוו זײַנער, הערשקע טיליס, וואָס בא אים געפינט ער זיך די לעצטע צײַט, שטילע טײַנעס. זאָגן וועט ער אים גאָרניט. צוליב פאַרשיידענע טעמים, צוליב גאַסטפרײַנטלעכקײַט און מוירע פאר אָפּענטפערן, ס'זאָל אביסעלע זײַן קאָווער ניט ליידן. איז גאָרניט. לאָזט מען די טיר באַנאַכט ניט פאַרקייטלט, ביז לעוו קומט ניט שפּעט, טרעפט דעם אָנבײַסן א קאַלטן, רירט זיך צו אים אפילע ניט צו און מוטשעט זיך איבער די נאַכט אפּן פרעמדגעוואָרענעם געלעגער.

נאָר איינמאָל קומט לעוו פּלוצים האַסטיק צולויפן אהיים. מיט איין שפּרונג איז ער אין צימער. ערגעצ באַם פענצטער שטייט הערשקע טיליס, ער וויקלט די רעצועס פון די טפילן אפּ דער רעכטער האַנט און זאָגט עפּעס אינדערשטיל. לעוו אָטעמט קוים אָפּ. און אז דאָס שטאַרק־קלאַפּנדיקע האַרצ באַרויִקט זיך אביסל, דערפילט ער אפּ א מינוט, אז ס'ברעכן אים די פיס פונעם ארומלויפן א גאַנצן מאָרגן איבער דער שטאָט. נאָר זיס איז איצט אי דאָס האַרצקלאַפּן, אי דער ווייטיק אין די פיס.

— פעטער, איך פאָר היינט אהיים!—זאָגט לעוו אָן די בסורע און דערזעט אפּ הערשקעס פּאָנעם א טאַמעוואַטע מינע. ס'זאָל אים כאָטש אָנרירן! ער שטייט אין טאַלעס און די ליפּן מאָלן גיך־גיך, אז סע שלאָגט צום האַרצן.

— ער וויל הונדערט מאַרק,—שרײַט לעוו צו הערשקען, ווי צו א טויב־שטומען.

— מ־מ־מ...—קען הערשקע ניט מאַפסיק זײַן.

— ער וויל אכוצדעם פינף פונט מאָן. דער דײַטש,—שרײַט ווײַטער לעוו,—אירט איר געבן?

— נו, א, נו־א,—איז הערשקע מאסקים און קערעווועט זיך אָפּ, און לעוו נעמט האסטיק צונויפלייגן די זאכן, לויפט נאָך ערגעץ וווּהין אוועק, קומט גיך צוריק און די פּאָר שאָ, וואָס דארפן נאָך געדויערן ביז צום פאָרן, ציִען זיך אים, ווי א לאנג מענטשלעך לעבן.

---

אין עטלעכע שאָ ארום שטייט שוין דער דײַטש, א נידעריטשקער און א פולינקער, בא הערשקען אין שטוב. דאָס היטל אָנעם דאשעק אביסל אפּ א זײַט. עס איז ניט צו דערקענען אין אים דעם פריִערדיקן דײַטשישן זעלנער. מיט א האלב יאָר צוריק וואָלט ער פּאר אזא היילער געכאפּט קארצער. דאָס געלט האָט ער שוין אָפּגענומען, עס אריַינגעלייגט אין כאָלעווע און זוכט נאָך עפּעס מיט די פּיצעלעך וואסערדיקע אויגן. זיי זעען בא אים אויס ווי ניט אָנגעזוּעס, ווי זיי זאָלן א טרונק וועלן, צי עפּעס אן אנדער מין דאָרשט האָבן.

הערשקע וויל פון אים פּאָטער ווערן. עפּשער דערפאר, ווײַל ער וויל פון דעם גאנצן איניען לויז ווערן—ס'פעלט אים האָבן צו טאָן מיט פּאָסעלע געשעפטן, א רויִק יידל איז ער און וויל, אז וואָס ס'איז באשערט, זאָל אָנקומען גלאט, אָן בויכווייטיק. און עפּשער רירט אים איצטער לעווס אומרויִקײַט—ווײַזט ער אָן דעם דײַטש א ווינקל, וואָס איז פארשטעלט מיט א בונטן פאָרהאנג, ווי א קימפּעטאָרן. דער דײַטש נעמט אפּיר דעם פאָרהאנג, ער דערשמעקט דעם זאק מאָן. ער כאפּט זיך ארויס אינדרויסן, טוט א קוק אין אלע פיר זײַטן — דאָס געסל איז א שטילס, קיינער גייט דאָ ניט, שלעפּט ער פונערגעץ ארויס א שפּאָגל נײַעם עמער און לויפט מיט אים אריַין אין שטוב. מיט צוויי זשמעניעס שעפּט דער דײַטש דעם מאָן פון זאק, טראָגט די זשמעניעס זייער פאָרזיכטיק, עס זאָל אפּן וועג צום עמער קיין מאָנדעלע ניט פארלאָרן גיין. ער האלט אין איין טראָגן די זשמעניעס פון זאק אין עמער, ער שעפּט און שעפּט געטרײַ, אזוי ווי מע שעפּט אויס א שיפל, וואָס לאָזט דורך וואסער.

הערשקע שטייט איבער אים און ס'צאפּט זיך בא אים דאָס בלוט. טראָפּנס שווייס זײַגען בא אים ארויס אפן שטערן, אפּ דער נאָז, אפן האלדז און גאקן. פּונקט אזוי ווי ער אָל עס טאָן די שווערע ארבעט—איבערפּעקלען זשמעניעס מאָן אין אן עמער און אים אָנפילן מיט אן אויג.

— אָבער, הער דויטשע,—טײַנעט ער,—שוין גענוג!

— גלײַך, ליבער הער,—ענטפערט דער דײַטש—אָנע דיזן קאָן מאן ניכט פארען.

— אָבער—הער דויטשע,—בעט זיך בא אים אין א פּאָר מינוט ארום ווידער הערשקע.

— גלײַך, ליבער הער,—ענטפערט אים דער דײַטש,—אָנע דיזן וועט דער אוטאָ שלים געען.

דאמלט פאלט עמיצער פון די שטוב־מענטשן אפּ אן אייצע. מ'כאפּט זיך ארויס אינדרויסן, ווּ ס'שטייט דער אווטאָ מיטן ווײַסן קרייץ פונפאָרנט, ווי א ווײַסער פלעק בא א בעהיימע אפן שטערן, מ'טוט א קוועטש דעם פּײַפּער. א שארפער גרילצ קריצט דורך די גאס און דערשרעקט דעם דײַטש. ער טוט זיך א כאפּ, ער שיט אויס די פּאָר נאָר־וואָס אָנגענומענע זשמעניעס מאָן צוריק אין זאק אריַין. ער דערשרעקט זיך פאר עפּעס, ווי ער זאָל מוירע האָבן—א פּאָר פערד זײַנע שטייען אין דרויסן און ס'קען זיי עמיצער אוועקפירן,—לויפט ער ארויס פון שטוב און טרעפט שוין לעוון אינעווייניק אין אווטאָ אײַנגעגורעט ערגעץ אין א ווינקל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט פאמעלעכדיקע ריטמישע קלעפ הייבט זיכ דער אווטאָ אָנ אָפּצושטויסנ פונ דער ערד, ביז ער צעלויפט זיכ אפנ געשטופלטנ שאָסיי אינ דער ווייַטער ווייַט.

רויִק, געלאסנ גייט דער אווטאָ, ביז מ׳קומט ארויס הינטער דער שטאָט. דאָרט הייבט ער אָנ צו העפקענ, אזוי ווי א מענטש מיט א קירצערנ פוס, אראָפּ אונ ארופ, אראָפּ אונ ארופ, אריַינ אינ א גרוב אונ ארויס אפ א בערגל, אונ לעווג ווייַזט זיכ אויס, אז דער אווטאָ האָט רעדער אפ אלע זייַטנ, אונ ער פאָרט טאקע אזוי מיטנ דנאָ, מיטנ דאכ, מיט די זייַטיקע ווענט, אז ס׳איז גאָר קיינ אווטאָ ניט, ס׳איז א טאנק, וואָס גייט מיטנ גאנצנ קאָרפּוס אונ ס׳איז אים אלצייננס, צי א גרוב, צי א בארג.

אינגיכנ הייבט אָנ לעווג פונ דעם ראשנ אונ אומופהערלעכנ טראסקענ צו נודענ, דאָס פאָרנ קערט אים איבער די געדערים, עס ציט אים צומ ברעכנ, אָבער אינעווייניק אינ אווטאָ איז שטארק פינצטער אונ לעווג ווייַזט זיכ אויס, אז זיי פאָרנ אינ א פינצטערער נאכט, אונ ער מאָלט זיכ שוינ גאָרגישט אויס ווו זיי פאָרנ, אונ וויפל ער שרייַט ניט פונ אינעווייניק צומ שאָפער, הערט יענער ניט, צי ער מאכט זיכ ניט הערנדיק, אונ יאָגט דעמ אווטאָ מיט אלע קויכעס.

נאָר לעוו קאָנ שוינ ניט אויסהאלטנ, ער פילט, אז אָט שפּייַט ער אויס דאָס הארצ אונ די לונגענ, הייבט ער אָנ צו קלאפּנ מיט די פויסטנ אינ וואנט. דער שאָפער דערהערט סאָפּקאָלסאָפּ, בייגט אָנ אנ אויער אונ דורכנ ראש פונעמ טראסקענדיקנ אווטאָ דערהערט ער קאָמ, וואָס אונ ווענ. קוקט ער זיכ נאָכאמאָל ארומ, אונ אז ער זעט קיינעמ ניט ארומ אפּ ווערסטנ ווייַט, עפנט ער א פענצטערל אינ אווטאָ אונ זאָגט גאנצ געלאסנ צו לעווג, וואָס איז גרינ פונעמ פאָרנ אונ פונ דער נודנעקייַט:

— שטעקנ זי, — זאָגט ער, — צוויי פינגער אינס מאַול, אבער טיפ, טיפ.

דער אווטאָ טראָגט זיכ אלצ ווי א רועכ. לעוו שטייט אייַנגעבויגנ איבערנ פענצטערל מיט צוויי פינגער טיפ אריַינגעשטעקטע אינ מויל, פאר זייַנע אויגנ פליִענ פארביַי טעלער-גראפּ-סלופעס, צעשטערטע כאלופעס, גריבער אונ בערגלעכ, ער זעט דאָס אלצ, ווי א מענטש, וואָס קוקט אינ א קלאָר לויטער וואסער אונ די וועלט שפּיגלט זיכ אימ אָפּ אפ דער וואסערפלאכ אונ אלצ זעט אויס מיטנ קאָפּ אראָפּ אונ מיט די פיס ארופ.

ער קומט ביסלעכווייַז צו זיכ. דאָס פענצטערל פארמאכט ער שוינ ניט. ער בלייַבט אזוי שטיינ אָטאָ דאָ אָ, דעמ קאָפּ ארויסגעשטעקט אינדרויסנ, פעלד אונ וואלד אנטקעגנ. די זונ לאָזט זיכ ערגעצ פאמעלעכ אראָפּ. זי איז איצט קלענער בעוואָרנ אונ שפּריצט מיט פייַערדיקע פאסנ-פונקענ ארומ זיכ. מ׳קענ זיכ איצטער אינ איר אייַנקוקנ. ערגעצ אינ דער אנטקעגנדיקער זייַט באמערקט לעוו א פולע לעחאָנע, א זילבערנעמ פערציקער אפנ הימל. שטיל אונ פארכאָלעמט שטייט די לעוואָנע הייכ אפנ האָריזאָנט אונ ס׳זעט אויס, ווי זי זאָל אויס באשיידנקייַט צוווארטנ ביז די זונ וועט אוועקגיינ אונ זי וועט פארנעמענ איר אָרט. אָטאָ די באגעגעניש פונ זונ אונ לעוואָנע דערמאָנט לעווג אָנ דער היימ. אינדער-היימ פלעגט עס אָפּט אזוי טרעפנ: ער גייט ארויס הינטער דער שטוב אינ אָפענעמ פעלד, עס גייט שוינ די צווייטע העלפט טאָג, אונ ער טרעפט זיי אינצווייענ אפנ הימל,ביידע געקומענ, באשיידנ אונ רויִק ווארט די לעוואָנע אָפּ, ביז דאָס אָרט וועט פרייַ ווערנ פאר איר.

אונ פלוצימ האָט לעוו א קוק געטאָנ אפ ביידע זייַטנ וועג אונ דאָס הארצ האָט א טיאָכקע געטאָנ: פונוויַיטנ, קוימ צו זעג, האָט פונ א טאָל ערגעצ צווישנביימער ארויס-

געטאָרטשעט א קוימענ, א קײַלעכדיקער קוימענ א הויכער אזא, און אויבנ אפ אים — א פליוגער מיט פיר גרויסע ווײַסע, ווי נאָר וואָס פריש־אויסגעקאַלכטע ציפערנ — 1908.

און ערגעצ אינ דער אנטקעגנדיקער זײַט, דאָרט, ווו די קאזארמעס זײַנענ, הויכ־הויכ אינדערלופטנ פלאטערט א רויטע פאָנ. דערפילט לעוו, אז דאָס איז די היימ, צעעפנט ער פאמעלעכ די טירלעכ. דער אווטאָ יאָגט איצט ניט אזוי, קוקט ער זיכ גוט אײַנ און דערזעט די פאָרשטאָט, ווו ער האָט גאנצע 20 יאָר פונ זײַנ לעבנ פארבראכט. די ברייטע, נאָר וואָס פונ שניי באפרײַטע, לאָנקעס, דעמ אָנגעבלאָזענעמ טײַכ, וואָס האָט פארגאָסנ ווי א ריוו ערגעצ ארומ זיכ, און צוויי שורעס שטיבער איבער א לאנגער, לאנגער גאס. ניטאָ קיינ פארקאנעס ארומ, די שטיבער — איינ מישפאָכע הײַזער. כאפט ער דאָס פעקל, שפרינגט אומבאמערקט פארנ דײַטש פונ אווטאָ אראָפ און לאָזט דעמ אווטאָ ווײַטער לויפנ.

אפנ וועג גייט ער די ערשטע פאָר מינוט פאמעלעכ, עס גליווערנ נאָכ די אייוורימ פונעמ זיצנ, אָבער באלד לאָזט ער זיכ מיט אײַליקע שפאנ איבערנ שאָסיי, פארקערעוועט גיכ אינ א געסל און בלײַבט עטלעכע מינוט שטיינ פונוויַטנ א קוק טאָנ, וויאזוי זעט אויס דאָס הויז. וואָס האָט אימ אופגעצויגנ און אזא יונגנ פונ זיכ ארויסגעוואָרפנ אינ דער ברייטער וועלט. און צי איז עס ניט אזוי כידעשדיק נאָכ דער הײַנטיקער פלוצימדיקער באַגעגעניש מיט אָרליקנ, אז דעמ ערשטנ טאָג, ווי ער, לעוו, איז נאָר ארויס אינדרויסנ א קוק טאָנ אפ דער פאָרשטאָט, ווו ער איז העכער דרײַ יאָר ניט געווענ, האָט ער קימאט דעמ ערשטנ אינ גאס (ס'איז נאָכ פרי געווענ) דערזענ אָרליקנ, און נאָכ פיר מילכאָמע־יאָר אימ קימאט ווי ניט דערקענט. א שטשופלער, אנ אויסגעצויגענער. עפשער האָט אימ דער צו לאנגער מיליטער־שינעל העכער געמאכט, איז ער פארטראכט געגאנ אינ דער "פריער־מאָרגנ־שאָ. איינ נײַס האָט לעוו אפ אָרליקס געזיכט דערזענ: אפ זײַנ אויבערשטער ליפ האָט זיכ ליכטיקער פעכ אויסגעלייגט, א קליינ וואָנצעלע, ווי בא א גאָר יונגנ באָכער וואָס רעכנט אזוי ארומ אויסזענ עלטער, סאָלידער.

— כ'האָב דיכ קימאט ניט דערקענט, — האָט אָרליק געשמייכלט און גליִענדיקע פונקענ האָבנ געבליצט אינ זײַנע אויגנ.

— איכ האָב דיכ אויכ שיר ניט דערקענט, — האָט לעוו געזאָגט און האָט אלצ ניט ארויס געלאָזט אָרליקס האנט פונ זײַנער.

צו דערציילנ האָבנ די צוויי כאוויירימ איצט געהאט אסאכ. זיי זײַנענ אָבער קיינ פילריידעוודיקע ניט געווענ. בא לעוונ איז א פול הארצ מיט לופט איצט געווענ, עפעס האָבנ אינ אימ איינצײַטיק אופגעוואכט ליבע צו דער היימ, וואָס שטייט איצט אנ אָפענע, (ניטאָ קיינ פארקאנעס ארומ די הײַזער — איינ גרויסער פלאצ) און די קינדעריאָרנ און צו זײַנ פרײַנט פונ די קינדער־יאָרנ, אָרליקנ. ער האָט זיכ דערמאָנט:

— געדענקסט, אָרליק, ווי דו האָסט צעבראָכנ א פענצטער בא כײַימ זירניק און אנטלאָפנ פונ כיידער?

— און נאָכדעמ פראָקלאמאציעס מיטנ „קאָלדונ" אפ שטיקלעכ פאפיר געדרוקט און אפ די טירנ געקלעפט.

אזוי האָבנ זיי א האלבנ טאָג ארומגעשפאצירט, זיכ ביסלעכווײַז אויסדערציילט פאסירונגענ פאר די פארגאנגענע יאָרנ. זיי האָבנ זיכ דאָכ עפעס דערוווּסט איינער וועגנ דעמ אנדערנ. אָרליק איז דרײַ יאָר אינ די אָקאָפעס אָפגעלעגנ, אינ זיבעצנטנ יאָר מיט א פאָלק אופגעשטאנענ, מיט די אייגענע הענט בא די אָפיצערנ די פאָהאָנעס געריסנ און א פאָר אפילע אפ יענער וועלט מעשאלייעכ געווענ. אינ געשעענישנ געווענ פארמישט.

— אינ וועלכע געשעענישנ?

— שטעל זיכ פאָר, מיר זײַנענ, א פאָלק א גאנצער, קיינ פעטראָגראד געגאנ, אָבער שוינ צו די אָקטיאבער־טעג ניט באוויזנ.

— אונ איצטער וואָס, צוריק אהיימ? הא, אָרליק?

— יאָ, צוריק אהיימ,—האָט ער געזאָגט. מ׳דארפ דאָכ אמאָל ארויסקריכנ פונעמ שינעל אונ דאָכ געדענקט לעוו — עפעס ניט דערזאָגטס איז דאמלסט צווישנ זיי געבליבנ עוונ האָט באומרויִקט אָרליקס שמייכל ערגעצ ארומ א ליפּ, בעשאס לעוו האָט אימ געפרעגט וועגנ דעמ, וואָס ער טוט דאָ.

וועגנ דעמ איז לעוונ אויסגעקומענ ערשט שפּעטער זיכ צו דערוויסנ.

דערווײַל האָט אימ אָרליק געענטפערט:

— מ׳דארפ זיכ אביסל אָפּרוענ, זיכ אָנעסנ, אויסשלאָפנ. ארײַנגיינ אינ דרוקערײַ, א קו טאָנ, צי כ׳האָב נאָכ ניט פארגעסנ ארבעטנ.

פונ דעמלט אָנ האָט אימ לעוו אָפּט געזענ אינ ציווילנ שוינ פאָרנ אפּנ וועלאָסיפּעד פונ דער ארבעט אהיימ אינ פאָרשטאָט, ווו זײַנ מוטער, די בעקערנ, האָט געוווינט.

ס׳האָט שוינ אפילע עמיצער גערעדט, אז אָט: דער שאָלעמ האָט אראָפּגעבראכט יונגע־לײַט אינ שטאָט ארײַנ, ס׳זײַנענ צוגעקומענ כאסאנימ פאר מיידלעכ, וואָס שטייענ אינ שידוכימ.

עמעצער האָט בא א געלעגנהײַט דערציילט, אז אָרליק קלײַבט זיכ כאסענע האָבנ.

צו פארטומלט איז דעמלט לעוו געווענ אינ זײַנ איינ לעבנ, האָט ער זיכ איצט גאָרניט אזוי אָפּט באגעגנט מיט אָרליקנ.

ס׳פלעגט זיכ אָפּט טרעפנ: לעוו גייט אינ א זומערדיקנ פארנאכט בארג אראָפּ אינ שטאָט ארײַנ (אינ פאָרשטאָט וווינט ער, אינ שכיינעס מיט אָרליקנ), אינ מײַרעוו ברענענ אינ פלייצע די שטראלנ פונ א פולבלוטיקער זונ, וואָס גייט פאמעלעכ אינ אנ אנדער וועלט ארײַנ, טרעפט ער דאמלט אפּ א האלבנ וועג אָרליקנ בארג־אראָפּ אפּנ וועלאָסיפּעד פאָרנ. ביידע פענעמער בליִענ אפּ א ווײַלע אופ. לעוו ווײַזט זיכ אָפּט אויס, אז אָרליק דארפ אימ עפעס זאָגנ, אז ער רופט אימ, אָבער דער וועלאָסיפּעד איז שוינ ווײַטלעכ, אונ ווענ ער קערעוועט דעמ קאָפּ א קוק טאָנ אפּ צוריק, דערזעט ער אָרליקס אויסגעדרייטנ קאָפּ אפּ הינטער. דער שמייכל אפּ אָרליקס פּאָנעמ איז נאָכ ניט פארגאנ.

נאָכדעמ האָט לעוו אופגעהערט צו באגעגענענ אָרליקנ פאָרנ בארג־אראָפּ יעדנ פארנאכט אפּנ וועלאָסיפּעד אהיימ. אימ ביכלאל אופגעהערט באגעגענענ, ביז ער האָט אימ איינמאָל שוינ אינ א סאָפּ־זומערדיקנ פרימאָרגנ אפּנ וואָקזאל געטראָפּנ אינ א מיליטער־פּאָסט, מיט דײַטשישע סאָלדאטנ ארומגערינגלט, מיט א פּעקעלע אפּ די פּלייצעס, ווי אינ וועג ארײַנ. א בלייכ־געוואָרענער, א גערשראָקענער איז לעוו צו אָרליקנ צוגעגאנגענ אונ געוואָלט עפּעס פרעגנ, אָבער א דײַטשישער זעלנער האָט אפּ אימ אָנגעשטעלט דעמ באגעגנט.

— קיינ בריסק!—האָט אימ אָרליק א וואָרט א וואָרפ געטאָנ אונ זײַנ פּאָנעמ איז סומנע געוואָרנ.

לעוו האָט זיכ אלצ ארומ דעמ צימער געדרייט, פונ דאָרט ניט געקענט אָפּגיינ. באַ־שטימט בלײַבנ אונ אָפּוואַרטנ.

ערשט אינ א פּאָר שאָ ארומ האָט עמיצער פונעמ קאָמענדאנטור־צימער א פענצטער געעפנט, ווענ לעוו האָט זיכ צוגעקוקט, האָט ער דערזענ באמ פענצטער שטיינ אָרליקנ,

ער איז צוגעגאַנגען. אָרליק האָט צו אים דאָס געזיכט ניט אויסגעדרייט, ווי צו זיך אַלײן גערעדט:

— מ'פאַרשיקט מיך קיין בריסק.

און אַנטשוויגן געוואָרן.

— ס'ט נאָך דאָ לאַנג זיצן?—האָט לעוו צעטומלט געפרעגט.

— ווער ווייסט?

איז לעוו אַוועק אין שטאָט. אָפּ אַ איזוואָשטשיק ערגעץ אַרומגעפּאָרן און געײַלט דעם אָנטרײַבער אָפּ צוריקוועגס, ער זאָל שוין גיכער אָפּן וואָקזאַל זײַן.

דאָס פענצטער איז נאָך געווען אָפן, אָבער אָרליק איז שוין דאָ ניט געווען.

א ייִד האָט דערזען לעוון זיך אַרומדרייען אַרום דער קאָמענדאַנטור.

— יונגערמאַן, יונגערמאַן,—האָט ער מיטפילנדיק געזאָגט, ווי מ'זאָגט יענעם אָן, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען,—מ'האָט אים שוין אַוועקגעפירט, דעם קאָרעוו אײַערן, אָט־אָט זעט מען נאָך דעם רויכל פונעם לאָקאָמאָטיוו.

לעוו האָט זיך א וואָרף געטאָן אָפּ דער פּלאַטפאָרמע, געלאָפן צווישן די רעלסן און געזען, ווי ווײַט אינדערהויך ציט זיך א פאַרבליבן געדיכט רויכל, וואָס באָמבלט זיך ערגעץ אינדערלופטן, ביז עס פאַרשווינדט.

ער איז מיט א געמיט פון א מענטשן, וואָס קערט זיך אום פונעם בייסאַלמען, מיט פאַמעלעכדיקע טריט געגאַנגען אין שטאָט אַרײַן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ג

אין די זומערדיקע נעכט, ווירציקע און שמעקנדיקע ביז שיקער ווערן, דרייט זיך לעוו אַרום איבער די גאַסן. עס פאַרצערט אים א בענקשאַפט נאָך אָט דער טאַקע אָ צעוו, וואָס איצט האָט ער זי פּלוצים דאָ געטראָפן און וואָס אין עטלעכע שאָ אַרום שטייט אים פאָר זי צו זען.

צי האָט זי זיך פאַר די פאַרגאַנגענע צען יאָר געביטן? באַ אים אין מויעך איז זי פאַרבליבן: א הויכע און א שלאַנקע, ליכטיקע בלאָנדע האָר, ווי אויסגעברענט פון דער זון, פלאַך צוגעקעמט צום קאָפּ מיט א שרינט איגדערמיט. אין ווײַסן שטייט זי פאַר אים שטענדיק, כאָטש ער האָט מיט איר אויך אַסאַך פאַרבראַכט ווינטער, אָבער בעסער פאַר אַלץ האָט זי זיך אים פאַרקריצט אין מויעך א זומערדיק־לײַכטע. וועלטענע שפּרינקעלעך זײַנע אויסגעשיט איבער איר העלן פּאָנעם. זיי דערמאָנען אין טיפ־זומערדיקער שטאַרק־הייסער צײַט.

צוויי עפּיזאָדן פאַרגעדענקט ער פון יענעם זומער אינעם געבענטשטן אַכצנטן יאָר. אין איינעם, אין דעם לעצטן, פיגורירט אויך אָרליק. צעוו—איןביידע.

שוין סאָף אַפּרעל איז אַזוי וואַרעם, ווי מיט זומער. פאַרגעסט מען, אַז ס'איז נאָך פרילינג, און אין טומלעניש פאַרגעסט אויך אָרליק אָנעם ערשטן מײַ, וואָס די אַרבעטער גרייטן זיך צו אים. אין שטאָט זײַנען די דײַטשן. זעלטן זעט מען זיי אין צענטער פון שטאָט, זיי שטעקן ערגעץ אָפּ די זײַטיקע גאַסן, אָפּ די ראָגן פון גאַסן. און ווען לעוו גייט אין א פרישן, עכט זומערדיקן פרימאָרגן אַרויס אין גאַס, ווימלט עס מיטן פאָרשטייענדיקן 'אָנטעוו.

ערשטער מײַ. אינ די פאריינע גרייט מענ זיכ. וואָס די דײַטשנ וועלנ זאָגנ, ווייסט מענ נאָכ ניט. גייט עס א שפיל אינ אויסוואַרטעניש· מ'האָט צײַט. פאַרקערט, ס'זײַנענ דאָ אזוינע, וואָס האלטנ דירעקטע שפיל פאר א ציקאווע. לעוו דרייט זיכ ארומ איבערנ שטאָט כאפט זיכ ארײַנ אינ צענטראלער ביוראָ פונ די פאריינע. דאָרט גייענ פונ אינדערפרי זיצונגענ אונ צוגרייטונגענ. פארבלײַבט ער. הערט זיכ צו צו דעמ, וואָס מ'רעדט דאָ, כאָטש קיינ שײַכעס צו דער פארזאמלונג אונ צו די פארזאמלטע מענטשנ דאָ, האָט ער ניט.

איניינעמ מיטנ אוילעמ לאָזט ער זיכ אינ גאס אפ דער דעמאָנסטראציע. ער פארנעמט אנ אָרט אינ איינער פונ די לעצטע רייענ, קעפ דרייענ זיכ די גאנצע צײַט אימ אויס, באקוקנ אימ אונ וווּנדערנ זיכ—א פרעמדע שאָפ האָט זיכ צוגעשארט. וואָס טוט ער דאָ? פונ פארשיידענע זײַטנ קומענ אָנ מאכנעס מענטשנ. די מאכנעס גיסנ זיכ צונויפ. א מענגע רויטע פאָנענ פלאטערנ אינעמ העלנ ציטעריקנ רוימ. אונ עס שפאנט זיכ אזוי מונטער.

פלוצימ דערזעט לעוו גאָר נאָענט צעזענ. ער וויל א געשריי טאָנ פאר פרייד, אָבער ער איז צווישנ אסאכ מענטשנ. נעמט ער זיכ רײַסנ דורכ די רייענ, דורכנ מענטשנ־געדראנג. ווענ ער איז שוינ לעמ איר, קלאפט אימ שטארק דאָס הארצ אונ די נאָזפליגל זײַנע באוועגנ זיכ אָנ אופהער.

— קומ, צעזע, מיט דער דעמאָנסטראציע!

זי פאָלגט. זי לאָזט זיכ פירנ. זיי פארייניקנ זיכ צו דער אונטערגעקומענער קאָלאָנע אונ גייענ מיט.

אָבער פלוצימ באווײַזט זיכ פונ א טויבנ ראָג אנ אָטריאד דײַטשנ מיט קאסקעס אפ טעמפע פארגליוועטע פענעמער. עס קומט ארויס אנ ענלעכער אָטריאד פונ א צווייטנ ראָג. דיזעלבע גרייס אונ אויסזענ, ווי אָפגעמאָסטנ.

צווישנ אוילעמ ווערט אומרויִק. די דײַטשנ טוענ נאָכ קיינעמ גאָרניט. אײַליק שפאנענ זיי אוועק. זיי גייענ פאראלעל דער דעמאָנסטראציע, ווי ס'זאָל ערגעצ ברענענ אונ זיי אײַלנ זיכ לעשנ. זיי זעענ אויס, ווי א מאכנע שטרײַק־ברעכער, וואָס לויפנ פארבײַטנ שטרײַקנדיקע ארבעטער.

פלוצימ דערפילט די ריי, ווו עס גייט לעוו אונ צעזע, א שטויס פונפאָרנט. די פאָרנטיקע ריי האָט זיכ אָפגעשטעלט. עפעס לאָזט ניט גיינ פאָרויס. לעוו הייבט זיכ אופ אפ די שפיצ פינגער. ער זעט: פארנ בריק האָט זיכ די דעמאָנסטראציע אָפגעשטעלט. דעמ בריק האָט עמיצער פארנומענ, א געדיכטעניש איז דאָרט. עמיצער פארהאלט.

אינגיכנ דערגייט די ידיִע אויכ צו די מיטלדיקע רייענ: די דײַטשנ האָבנ פארנומענ דעמ בריק אונ לאָזנ ניט די דעמאָנסטראציע אינ שטאָט־טעאטער, ווו עס דארפ אָפגעהאלטנ ווערנ דער מיטינג.

לעוו ווערט אומגעדולדיק. ער מוז וויסנ גענויער, ער מוז א קוק טאָנ, וואָס דאָ קומט פאָר, ער לאָזט זיכ מיטנ טראָטואר פאָרויס. צעזע דערשרעקט זיכ אונ לאָזט זיכ נאָכ אימ.

אזוי לויפט ער אונ צעזע נאָכ אימ. ער הערט נאָכ איצט איר פאָכנדיק הארצ. זי האָט דעמלט שטארק מוירע געהאט, עס זאָל מיט אימ עפעס ניט געשענ. נאָר אָט איז ער שוינ באמ סאמע שפיצ דעמאָנסטראציע. עמיצער, זעט ער, איז ארויס פונ דער ערשטער ריי אונ רעדט צומ דײַטשישנ אָפיצער. דער אָפיצער שטייט, ווי א שטומער. אפ זײַנ פאָנעמ קאלטער גלײַכגעוויכט. קיינ איינ מוסקול צוקט ניט אפ זײַנ געזיכט. הינטער אימ—א שורע זעלנער אינ קאסקעס מיט אויסגעשטעקטע באגנעטנ צומ אוילעמ.

לעוו גייט אלץ נעענטער צו דער ערשטער ריי, און צעזע נאָך אים. זי האָט עפּעס שטארק מוירע און וויל אים אפ קיין טריט ניט אָפּלאָזן. און פּלוצים בלײַבט זי פארגליווערט: לעוו טוט א שפּיליע אופ די קנעפּ פון דער בלוזע, אנטבלויזט די גאנצע ברוסט, טוט זיך א לאָז צו די דײַטשן, וואָס האָבן אָנגעשטעלט די באגנעטן. גלײַך אפ די באגנעטן טוט ער זיך א לאָז און פונעם האלדז קריכט א הייזעריקער געשריי:

— גלײַך אין ברוסט ארײַן שיסט, אין מײַן נאקעטער ברוסט!

בא צעזען הייבן זיך אָן צו זעצן די פיס. עמיצער, פילט זי, האלט זי אונטער, לאָזט איר ניט פאלן.

די שורע דײַטשן איז צעטומלט. צעטומלט איז אויך דער אָפיצער.

און פּלוצים טוען זיך די ערשטע עטלעכע רייען א רוק פאָרויס. זייער דראנג איז אזא פעסטער, אז זיי קוועטשן צונויפ אין איין קנויל דעם אָטריאד דײַטשן, דעם אָפיצער און לעוון מיטן צעכראסטעטן העמדל. די דעמאָנסטראציע האָט זיך א ריר געטאָן און אָפּגעשווענקט דעם אָטריאד פונעם בריק.

נאָך דער דעמאָנסטראציע שפּאנען לעוו און צעזע ביידע אוועק הינטער דער שטאָט. די שטאָט איז ארומגערינגלט מיט בערג, און באם זוים פון די בערג פליסט א טײַך. נאָר דער טײַך איז אין די ברעגן ניט ארײַן, אזוי שוין מער פון א כוידעש, אז ער פארטרינקט נאָך אלץ די לאָנקעס ארום און ארום. פונעם בערגל שיפּוע זעט מען: א טונקל־מאטאָווע וואסער־שפּיגל, וואָס בלעזלט זיך לײַכט, און א ווײַטלעכע שטאָט. פונדאנען זעען די מענטשן דאָרט אין שטאָט אויס, ווי די פליגן. און מענטשן זעט מען פונדאנעט אסאך־אסאך. ס׳איז א באוועגונג אפ די גאסן. מ׳קערט זיך, ווײַזט אויס, אום פון טעאטער, ווו ס׳איז פאָרגעקומען דער מיטינג.

דאָ קומט אויך פאָר די ערשטע דערנעענטערונג זייערע. לעוו דערמאָנט זיך איצט נאָר אין איינס: צעזע האלט צוגעמאכט ביידע אויגן. זי איז בלאס און די וויִעס איבער אירע פארמאכטע אויגן ציטערן, ציטערן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט דערפילט לעוו פלוצים א שרעקלעכע שוואכקײַט אין די פיס. זיי הייבן זיך אים אָן אונטערזעצן. ער קוקט זיך ארום: ער געפינט זיך אפ א שטילער גאס. פון ביידע זײַט גאס—קאשטאנען־ביימער נאָך נאקעטע, נאָר די קנאָספּן זייערע הייבן אָן אָנצושוועלן. ברוינע זײַנען זיי און קלעפּיקע. ער שפּארט זיך צו צו א בוים, הייבט אָן אָפּטן און ברייט ארײַנעטעמען לופט. עס לויפט אים דורך א פארדריסלעכער געדאנק: ניט געהאלטן וואָרט. ניט געדארפט די דערמאָנונגען. ניט געדארפט קלערן וועגן יענעם ערשטן מײַ. וויִאזוי וועט ער הײַנט קומען צו צעזען. און וויִאזוי וועט אויסזען איר מאטאָווער פּאָנעם, און צי וועלן ניט ציטערן אירע לאנגע וויִעס איבער די צוגעמאכטע אויגן.

נאָר אָט דערזעט ער זיך פונקט אקעגן רײַקאָם, וואָס דאָרט איז ער הײַנט אינדערפרי געווען. דערקענט דאָס אָרט און קומט צו זיך. ער קאָן נאָך אלץ ניט אָפּרײַסן די אויגן פון די יונגינקע אָנגעשוואָלענע קנאָספּן, וואָס אפ די נאקעטע צווײַגן, פולע און זאפטיקע—אָט פלאצן זיי...

וועגן דעם צווייטן עפּיזאָד אין דעמזעלבן נײַנצן הונדערט אכצנטן—טראכט זיך שוין אסאך גרינגער.

ווען איז עס געווען? הארבסט איז עס געווען. אָנהייב הארבסט, ווען גאנצע טעג שטייט די זון איבער דער ערד און קילבלעכע ווינטלעך שפּאצירן איבער דער וועלט.

ווען איז עס געווען? איצטער האָט לעוו ליב בא יעדער דאטע פון זײַן פריִערדיק לעבן זיכ דערמאָנען אינ אזא פראָסטער זאכ: ווי־זשע האָט עס דעמלט געהאלטנ מיט דער רעוואָליוציע?

יאָ, עס איז דעמלט געווען אָנהייב רויטער טעראָר. מ׳האָט געשאָסנ אינ לענינען. געטויט אוריצקען און וואָלאָדארסקען. אינ ווײַטנ באקו האָבנ די ענגלענדער צעשאָסנ 26 קאָמיסארנ. די אינטערווענצ האָט געמאכט די ערשטע שריט. ס׳איז געווען א כוידעש פאר דער נאָוועמבער־רעוואָליוציע אינ דײַטשלאנד. צעזע איז שוינ אינ זײַנ ווינשטאָט ניטאָ. א גרענעצ, א געקינסטלטע גרענעצ, וואָס די דײַטשנ האָבנ אײַנגעשטעלט צווישנ צוויי טײלנ אוקרײַנע, טײלט אימ אָפּ פונ איר. פונ אימ גייענ צו איר יעדע וואָכ הייסע ייִנגלש־פארליבטע בריוו. ער שיקט זיי איר איבער מיט די סאָכרימ, וואָס פירנ יעדע וואָכ אָפּ אפ יענער זײַט גרענעצ סכוירע. באזונדערס קומט לעוו אָנ צו זײַנע געוועזענע כיידער־כאווײרימ—איצט יונגע, נאָר־וואָס געוואָרענע סאָכרימ. אופגעקומענ בײס דער רעוואָליוציע, זײער ערשטע דערפארונג אינ שמוגל צומ דײַטש. זיי נעמענ בא אימ די בריוו מעיושעוודיק־פארטראכטע מיט אביסל כויזעק אונ אביסל אכטונג צו אימ. ייִנגלש זעט אויס זײַנ אופירונג בא די יונגע סאָכרימלעכ אינ די אויגנ.

פונ צעזענ רײַסנ זיכ בריוו דורכ דורכ דער גרענעצ זעלטענער. אינ קלײנע מיידלשע קאָנווערטלעכ קומענ זיי אָנ, אונ אינ די געציילטע אויסיעס אפנ קאָנווערט ליגט אומבאגרענעצטע פרייד. יעדער אָס צערטלט זײַנ אויג. עס פארשאפט אימ אסאכ פארגעניגנ מינוטנוויַיז קוקנ אפנ קארגנ אדרעס, אפ די עטלעכע שטרענגע פײַנ־אויסגעפירטע אויסיעס.

א׳ינ בריוו אירע קלינגט, ווי א געזעגעניש. זי שרײַבט גאָרניט קיינ אויסערגעווײנלעכס. אָבער יעדער וואָרט איז אײַנגעוויקלט אינ טרויער אונ אינ צאר. אונ זי זוכט בא אימ אנ ענטפער.

קיינ ענטפער קענ ער איר אזוי ניט געבנ. ער האָט געפרווט שרײַבנ, גייט ניט. באשטימט ער: פאָרנ צו איר.

ער וועט גאנווענענ די גרענעצ.

דורכ וועלדער וועט ער גיינ, איבער סטעפּעס וועט ער בלאָנדזשענ, אָבער צו איר וועט ער קומענ.

איצט וואָלט ער אפ דעמ מער ניט געווענ פײַק. אונ מיט צענ יאָר צוריק—ווי פלינק ער האָט עס אינ א לעוואָנעדיקנ סאָפּ־זומערדיקנ אָוונט צונויפגעלייגט דאָס קלײנע פעקל אונ זיכ געגרייט אינדערפרי מיט א פור צו דער גרענעצ.

באדונגענ האָט ער זיכ מיט א היגנ סויכערל, וואָס פירט אפ יענער זײַט גרענעצ סכוירע. דאָס סויכערל איז א היימישער. ער קענ אָרליקס פאָטער. בײס באגעגענישנ מיט אָרליקנ גיט ער אימ הײַנטוועלטיש די האנט, פרעגט אימ שטענדיק, וויפל קלאסנ ער האָט שוינ געענדיקט, אונ וויפל פעלט אימ נאָכ ביז דאָקטער. דער פרימאָרגנ איז א פרישער, א קילבלעכער. די פור טראסקעט איבערנ ווייכנ טראקט. אומבאמערקט טראסקעט זי אָפּ פערציק וויאָרסט ביז צו דער גרענעצ, דאָרט, ווו עס שטייט דער עסטרײַכישער פאָסט—א קאזארמע מיט אנ אָפיצער אונ עטלעכע פעלד־זשאנדארמענ.

א האלבנ וויאָרסט פארנ פאָסט, לאָזט דער סויכער אראָפּ לעוונ פונ דער פור. צו דער קאזארמע מוז ער צופאָרנ א ליידיקער, אָנ פאסאזשירנ, אניט וועט ער זיכ קאליע מאכנ דעמ אייסעק. לעוונ אייצעס ער: פונדאנענ אָ אָנהייבנ גיינ מיטנ וואלד. ארומ פאָסט זײַנענ

געווים אסאך פורנ דאָ, וועט ער דורכגיינ אומבאמערקט, אונ הונדערט מעטער נאָכנ פאָסט, וועט ער זיכ דערוואַרטנ אפ דער פור.

דער גרענעצ־פאָסט—א ברייטער הויפ, א ליידיקער, אָנ איינ מענטשנ, שטיל, אזוי ווי אינ א סאנאטאָריע פאר שווער־קראנקע. לעוו בלייַבט שטיינ באַם טויער אונ ווייס ניט וואָס צו טאָנ. וויאַזוי וועט ער זיכ דאָ דורכשמוגלענ, וויאזוי וועט ער דאָ אומבאמערקט דורכגיינ. עס וואַרפנ זיכ אימ אינ די אויגנ זעלנער־פּאָסטנס פונ אלע זייַטנ, אזוי ווי מע וואָלט זיי דאָ ספּעציעל צוליב אימ צעשטעלט. ער כאַפּט א קוק אפ ביידע זייַטנ וואַלד—ניט צוצוקומענ אהינ—א הויכער פּאַרקנ, העכער א מענטש די ווקס, אונ נעמענ קריכנ איבערנ פּלויט, וועט מענ געווים באמערקנ. אפּצוריק איז דער וועג אָפּגעשניטנ—דאָרט אינעווייניק דרייענ זיכ ארום זעלנער.

לעוו פילט—ער וועט מאכנ נאָכ א פּאָר שריט, וועט מענ אימ באמערקנ, מ׳וועט אימ אָפּשטעלנ אונ פאָדערנ א דאָקומענט, וואָס וועט ער זאָגנ?

ער שפּאנט פּאמעלעכ פאָרויס, ווי אינ א כאָלעמ. דערווייַל קענ ער נאָכ גיינ. אָבער די פרייַע שפּאנ ווערנ אלצ ווייניקער. ווי לאנגזאמ ער זאָל עס ניט טאָנ, ווערט די פרייַע שטרעקע אלצ קלענער אונ קלענער.

פּלוצימ באשטימט לעוו: ער וועט אליינ ארייַנגיינ צומ שעפ פונ דער גרענעצ־וואַכ, ער וועט אימ אלצ דערקלערנ, אימ פּאָשעט אלצ געבנ צו פארשטיינ. אונ עס קאָנ ניט זייַנ, ער זאָל ניט פארשטיינ.

מיט א פרייַעמ געמיט שפּאנט איצט לעוו איבערנ ברייטנ ליידיקנ הויפ. זייַנע שפּאנ זייַנענ אזוינע דרייסטע, אזוינע זיכערע, אז די וואַכ שטעלט אימ ניט אָפּ, ווי ער זאָל דאָ גאָר א באַלעבאָס זייַנ. אומגעשטערט גייט לעוו צומ גרענעצ־שעפ אינ צימער. אינ צימער דערזעט ער א הויכנ עסטרייַכישנ אָפיצער, א פולגעפּאַקט געקעכלט פּאָנעמ; דאָס געפּאַקטע לייַב איז שטרענג אייַנגעפּאסט אינ א מיליטער־אנצוג. א גלאט געראַזירט פּאָנעמ, צוויי דורכזיכטיקע שטיקלעכ אייַז אינ די אויגנ־לעכער.

די ערשטע מינוטנ באמערקט דער גרענעצ־שעפ ניט לעוונ, וואָס שטייט אפ דער שוועל פונ צימער. ער קוקט אריבער אימ אינדרויסנ, אזוי ווי איבער א טונקעלנ ליכט־פלעק. לעוו טוט א הוסט. דעמאָלט שליסט דער אָפיצער איבער דעמ אויגנ־קוק אפ לעוונ. אינ זייַנ בליק—א שטוינענדיקע פראגע. דער ערשטער הייבט אָנ לעוו:

— הער אָפיצער,—זאָגט ער, אונ זייַנ קאָל איז דרייסט אונ זיכער, ווי ער וואָלט ריידנ מיט זייַנס א גלייַכנ,—הער אָפיצער, איכ בינ זיכ געקומענ צו אייַכ מעלדנ.

דער אָפיצער שטייַפט זיכ אָנ. ער פרעגט:

— אונ ווער זייַט איר?

— א בירגער, א געוויינלעכער בירגער.

— וואָס־זשע טוט איר דאָ?

— איכ דאַרפ האָבנ,—זאָגט לעוו,—אפ יענער זייַט גרענעצ.

— אונ א דורכפּאָר־שייַנ האָט איר?—פרעגט דער אָפיצער.

— קיינ דערלויבענישנ גיט מענ באַ אונדז ניט.

— ?

— בינ איכ געגאַנ אזוי.

— אָבער א דערלויבעניש האָט איר?—פרעגט נאָכאמאָל דער אָפיצער.

— קיינ דערלויבעניש האָב איכ ניט. דאָס רעדט מענ דאָכ. אונדזער איינעמ גיט מענ קיינ דערלויבעניש ניט.

דער אָפיצער ווערט אופמערקזאמער, שטרענגט זיכ אָנ צו פארשטיינ, פארוואָס מע גיט „אונדזער איינעמ" ניט קיינ דערלויבעניש.

— אָט סאָכרימ,—זאָגט ווײַטער לעוו,—זיי קאָנענ פאָרנ וויפל זיי ווילנ.

— אונ איר ווער זײַט?

— א סטודענט.

דער אָפיצער קוקט ארויס דורכנ פענצטער אפנ ברייטנ ליידיקנ הויפ. לעוונ ווײַזט זיכ אויס, אז דער אָפיצער באהאלט אויס א שמייכל ערגעצ אינ די ווינקלעכ מויל.

— יאָ,—קערעוועט ער זיכ ווידער אָפ פונעמ פענצטער,—אָבער איר האָט קיינ דערלויבעניש ניט. מאנ קאנ ניקס מאכנ.

— איר האלט צופיל פונ פאָרמאליטעטנ, הער אָפיצער.

— ניט קיינ פאָרמאליטעטנ, הער סטודענט, נאָר געזעצנ.

— פארנ מענטשלעכנ הארצ זײַנענ קיינ געזעצנ ניט גילטיק,—זאָגט שטײַפ ארויס לעוו אונ שטעלט זיכ אופ.

אימ שײַנט, אז ער וועט דאָ באלד מוזנ געבנ א שלאכט פאר די רעכט פונעמ מענטשלעכנ הארצ.

— ווענ פרייד שטראָמט אריבער איבער די ברעגנ, ווענ ליבע אונ בענקשאפט ברענט דאָס, ווילט איר דעמ שטעלנ אפנ וועג עפעס פאפירענע געזעצנ.

דער אָפיצער שמייכלט צו. עפעס דערמאָנט עס אימ אָנ עפעס.

— יונגער הער,—זאָגט ער אונ נעמט אינ האנט דאָס טעלעפאָנ־טרײַבל,—יונגער הער, איכ האָב שוינ, לײַדער, דרײַ יאָר, זינט די מילכאָמע גייט, קיינ געדיכטנ ניט געלעזנ.

ער זאָגט ארײַנ א פאָר ווערטער אינ טעלעפאָנ־טרײַבל אפ מאדיאריש, לייגט פאמעלעכ אונ געלאסנ אוועק דאָס טרײַבל. אינ דעמ אויגנבליק באווײַזט זיכ אינ טיר א פעלד־זשאנדארמ.

— פירט אימ אָפ,—זאָגט ער,—ער האָט געוואָלט שוארצנ די גרענעצ.

— איכ'ל ניט גיינ,—זאָגט לעוו אײַנגעשפארט,—איר האָט ניט קיינ רעכט.

— איר'ט ניט גיינ, וועט מענ אײַכ פירנ,—זאָגט דער אָפיצער אונ צעגענעצט זיכ געשמאק.

לעמ לעוונ וואקסט אויס דער הויכער פולער זשאנדארמ. מיט זײַנ גאזלאָנישנ בליק צווינגט ער אימ זיכ אופשטעלנ. ער הייסט אימ גיינ פאָרויס צומ ארויסגאנג. זיי גייענ ארויס אינ הויפ. דער הויפ—א זומערדיקער, א הייס־אָנגעגליטער, א ליידיקער, ווי א בייסוילעמ.

דער זשאנדארמ שפרײַזט גיכ, אונ לעוו שפאנט אימ נאָכ. דער זשאנדארמ איז אנ אומגעוויינלעכ־הויכער, א דיקער, מיט א דיקנ שווארצנ אראָפגעלאָזטנ וואָנס. ער זעט אויס, ווי א מיטלאלטערלעכער גאזלענ.

זיי גייענ לאנג, לאנג. לעוו הייבט אָנ פילנ א מידקײַט. ער פרוווט אָנהייבנ ריידנ, אויספרעגנ, אָבער דער פעלד־זשאנדארמ ענטפערט ניט. מעגלעכ, אז ער פארשטייט ניט—א מאדיאר. אונ מעגלעכ, אז ער געפינט ניט פאר נייטיק צו ענטפערנ.

זיי גייען ארויס פונעם ארומגעצוימטן גרענעץ־הויף. זיי גייען מיטן וועג. ארום און ארום פעלד, קיין יישעוו, קיין סימען פון מענטשן. נאָר הייסער זומערדיקער מיט־טאָג און שטילשווייַגן פון צוויי מענטשן, וואָס זייַנען זיך ווילד פרעמד איינער ס'אנדערע.

נאָך א האלבער שאָ גיין, קערעוועט דער פעלד־זשאנדארם אראָפּ פונעם שליאך. זיי גייען א שטיק וועג מיט א פעלד־סטעזשקע, ביז עס הייבן זיך אָן ווייַזן אָקאָפּעס, געדרייטע, געשלענגלטע, א באזונדער מעלוכע, מיט עטאזשן, גאסן, אָבער אינערגעץ קיין לעבעדיקער מענטש.

שטילשווייַגנדיק פירט דער זשאנדארם צו לעוון צו א נידעריק שטעלכל, געמאכט פון פארקן־ברעטלעך, אָבער פעסט. דער זשאנדארם עפנט מיט א שליסל אוף די טיר, שטופּט אריַין לעוון אין קאמער און פארשליסט די טיר צוריק אפן שלאָס. ערשט, ווען לעוו דערהערט צומאכן די טיר אפן שלאָס, באגרייַפט ער, וואָס דאָ קומט פאָר. ער טוט זיך א וואָרף צו דער טיר, וואלגערט זיך אָן אפ איר מיטן גאנצן קערפּער. עס טוט א קלאפּ די קליאמקע, אָבער די טיר רירט זיך ניט פונעם אָרט.

— כאווער,—דערהערט לעוו פלוצים א קאָל,—אומזיסט אייַער טירכע, ס'א שווער שטיקל ארבעט אויסזעצן א צוגעשלאָסענע טיר.

לעוו טוט א ציטער. א מילד ברוסטיק קאָל רעדט צו אים און אזא באקאנטס. ס'איז זיך נאָר שווער צו דערמאָנען, ווו ער האָט עס געהערט.

לעוו נעמט זיך אייַנקוקן צום אָרט, פונוואנען דאָס קאָל גייט, זייַן אויג איז נאָך ניט געוווינט צו דער האלב־טונקלקייַט פון דעם שטעלכל. אייַנקוקנדיק זיך, זעט ער: אין ווינקל ליגט שטרוי און אפן שטרוי אויסגעצויגן, ווי אפ אָפּצורוען זיך, א יונגערמאן.

לעוו קוקט זיך שטארק איַין. שרעק און פארוווּנדערונג אפ זייַן געזיכט.

— אָרליק, ס'איז דו? ווו קומסטו אהער?

---

איצט, שפּאצירנדיק אפ דער בארגיקער גאס, וואָס קעגן רייַקאָם, דערמאָנט זיך לעוו: אפ אלע וויכטיקע קרייצ־וועגן פון זייַן לעבן האָט ער זיך באגעגנט מיט אָרליקן. די הייַנטיקע באגעגעניש אין רייַקאָם איז אן איבעריקע באשטעטיקונג דערצו.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר דעמלט, דעמלט האָט לעוו איבערגעלעבט גרויסארטיקע עטלעכע ווייַלעס:

— אָרליק, ווי קומסטו אהער?

ער ווייסט: אָרליקן האלטן גאָר די דייַטשן אין בריסקער פעסטונג. פון אָרליקן איז קיין יעדיִע ניטאָ, און אייניקע דערציילן בעסאָד־סוידעס, אז ניט אין בריסק איז שוין איצט אָרליק, נאָר דאָרט, פונוואנען מ'קערט זיך שוין צוריק ניט אום.

— ווי־זשע קומסטו אהער, אָרליק?

לעוו זעצט זיך אראָפּ אפן שטרוי, עס איז נאָר־וואָס אריַינגעבראכט און שמעקט אזוי פריש. אפן שטרוי איז ווייך צו זיצן, ביפראט נאָך אין שכיינעס מיט אָרליקן, ביפראט נאָך אזוי פלוצים, אזוי אומגעריכט. ווייַזט זיך ארויס:

פון בריסק איז אָרליק שוין צייַט א פאָר וואָכן. אנטלאָפן, געארבעט אין א שכיינישער שטאָט, און איצטער האָט ער אן אופטראָג ערגעץ קיין פוילן, ערגעץ טיף קיין פוילן.

— ווי־זשע קום איך אהער, ווונדערסטו זיך? און ווי קומסטו אהער?

דאָ דערפילט זיך לעוו דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אין אזא שטארקער פארלעגנהייט. אינדערעמעסן, ער וועט גיין דערציילן, אז ס'האָט זיך אים פארבענקט נאָך צעזן, און אז ארייַנגעפאלן איז ער, די גרענעץ גאנוועענדיק צו צעזן.

— קיין אומגליק איז דאָ ניט,—זעצט פאָר זייַן פריִערדיקן געדאנק אָרליק,—מיר זייַנען שוין געוווינט צו טורמעס, אָבער ווען ניט אָט־אָ דאָס מאמזערל...

לעוו דערזעט לעם אָרליקן א לענגלעכן פעקל, א שטייַף אָנגעפאקטס, אין א זעקעלע, ווי א שטיקל געפרעסט קעז, וואָס די פויערטעס טראָגן ארויס אין שטאָט צו פארקויפן.

— דערווייַל האָט מען עס נאָך ניט דורכגעקוקט,—זאָגט אָרליק,—מע האָט מיר געגלויבט אפן וואָרט—אז ס'איז עסנווארג אין וועג ארייַן...

ער הערט זיך אייַן אווייַלע, צי מ'גייט ניט, בינדט אוף א שטריקל פון א ווינקל און נעמט פונדאָרט עפעס שלעפן.

— ליטעראטור,—זאָגט דומפ לעוו,—ליטעראטור פירסטו אהינצו.

— איז וואָס טוט מען?—זאָגט רויִק אָרליק,—מ'קען א ליאדע מינוט ארייַנקומען אהער.

לעוו איז איצט אינגאנצן פארנומען מיט דעם פעקל ליטעראטור. ער שלעפט ארויס איינס און פרווט לייענען. פאפיראָס, פאפיראָס שורשעט אונטער זייַנע פינגער. ניט אלץ פארשטייט ער איצטער. אָבער ס'איז גענוג. אינעם קליינעם זעקעלע, פילט ער, איז הוילע פונקען, א יאם פונקען, וואָס בריִען און ווארטן אפ א געלעגנהייט אָנצוצינדן א סרייפע.

— אָרליק,—זאָגט ער פלוצים אופגערעגט־פריידיק,—אָרליק, איך האָב אן אייצע.

ער שלעפט פון קעשענע ארויס א קנוילעכל שפאגאט: וויאזוי האָט עס זיך בא אים פארוואלגערט, אזויווי ער זאָל פאָרויס פילן, אז ס'וועט אזוי גיך צונוץ קומען. ער נעמט ארָאָפציִען פון זיך דאָס רעקל, דערנאָך דאָס העמד. ער בלייַבט האלב־נאקעט. דער שטורנענדיקער אָרליק קוקט צו און עס ווערט אים ביסלעכווייַז קלאָר.

אָרליק שלעפט ארויס פעקלעכווייַז די געדרוקטע פאפיראָס־בלעטלעך פונעם זעקל, און פעקלעכווייַז לייגט ער מיט זיי ארום לעווס לייַב, ווי א שווים־גארטל ארום גאנצן קערפער, בינדט מיטן שפאגאט איבער. און ווען אלץ איז אויסגעבונדן, ווארפט לעוו אפ זיך צוריק ארופ דאָס העמד און דאָס רעקל.

— מיך וועלן זיי אין גאָרניט כוישעד זייַן,—זאָגט לעוו,—וואָס, א מענטש פאָרט צו גאסט צו קרויווים, וועמעס אייסעק?

לעוו זעט איצט בוילעט אָרליקס רויִק געזיכט. אָרליק פירט איצט מיט דער דלאָניע איבער די קורץ־געשוירענע בלאָנדע האָר פון דער פאָטיליצע צום שטערן צו. דאָס איז בא אים שטענדיק א סימען, אז ער טראכט וועגן עפעס גאָר וויכטיקס. ער זאָגט:

— זיי קענען אונדז דאָ מארינירן, ווער ווייסט וויפל.

— ביז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן.

— ס'איז, דאכט זיך, גאָר דאָ ארום און ארום קיינער ניטאָ.

לעוו האָט זיך דערמאָנט:

— איך וויל עסן, אז איך שטארב. ניטאָ עפעס בא דיר?

— ניטאָ גאָרניט.

— און איך,—זאָגט לעוו,—אז איך האָב דערזען דאָס וואָרעקל בא דיר, האָב איך געמיינט—אָט א זעקעלע קעז—מירן זיך עס אָנעסן איצטער.

זיי ווערןביידע מיד. איצט לאָזט זיך פילן דאָס גיין, די אופרעגונג פון גאנצן טאָג. זיי דרימלען ביידע אפן שטרוי אייַן. עס וועקט זיי אוף א קלאפ אין טיר. די טיר איז

צעפנט. אפ דער שוועל שטייט א הויכער זעלנער, מיט גאָר־גאָר א מאָגער פּאָנעם. ער זעט אויס, ווי איינער, וואָס איז נאָר־וואָס ארויס פונ שפּיטאָל. די קינבאקנ שטארצנ בא אים ארויס. אפנ קינ—שיטערע בלאָנדע הערעלעכ. דער קינ שוויצט בא אים. דער זעלנער רעדט גאָרניט. ער טרעט צו נעענטער און זוכט עפּעס מיט די אויגנ. ער צעשארט מיטנ פוס די שטרוי, געפינט ניט גאָרניט. ער זידלט זיכ אויס אפ עפּעס אנ אומבאקאנטער שפּראכ. אזוי אומפארשטענדלעכ קלינגט זײַנ באפעלעריש וואָרט צו די צוויי ארעסטירטע. זיי פארשטייענ און הייבנ זיכ אוף. זיי גייענ ארויס אינדרויסנ. א בלענדנדיקע נאָכמיטיק־זונ טוט זיי א שנײַד די אויגנ. עס ווערט אזוי גוט אפנ הארצנ. וואָס ס׳זאָל שוינ ניט געשענ, אבי אונטער אזא גאָלדענער זונ.

לעוונ שטעלט דער זעלנער אוועק פונ פאָרנט, הינטער לעווס פּלייצע—אָרליקנ, און אליינ—הינטער אָרליקנ. ער גיט אָפּ א באפעל צו מארשירנ. און ווענ אָרליק קוקט זיכ אום, דערזעט ער גלײַכ אָנגעשטעלט אפ ביידנס רוקנ דעם זעלנערס רעוואָלווער.

אזוי גייענ זיי ארום א האלבע שאָ. די זונ־שטראלנ ווערנ שטילער, ווייכער. עס ענדיקט זיכ דער טאָג. איבער ווײַטע פעלדער שפּאצירט א לײַכט ווינטל.

אָרליק שלעפּט ארויס פונ דער הויזנ־קעשענע א פּאפּיראָס. ער צינד אָנ א שוועבעלע, ער טוט עס גייענדיק און עס פארלעשט זיכ. אזוי צינדט ער א שוועבעלע נאָכ א שוועבעלע און פארויכערט סאָפּקאָלסאָפּ.

אָרליק קריגט פונ קעשענע נאָכ א פּאפּיראָס און לייגט אים פאָר דעם זעלנער. יענער קווענקלט זיכ א ווײַלע, ציט אויס צוויי פינגער נאָכנ פּאפּיראָס, טראָגט אונטער דעם פּאפּיראָס צו אָרליקס, און ווענ אָרליק קוקט זיכ איצט אײַנ אינעם נאָענטנ פּאָנעם דעם זעלנערס, דערזעט ער אפ דעם אזויפיל קנייטשנ, וואָס זײַנענ געקומענ פאר דער צײַט, אָפּגעצויגענע הויט און פארטעמפּטע בענקשאפט אינ די מידע אויגנ באם זעלנער.

דער זעלנער רעדט איצט פאר דער גאנצער צײַט, וואָס זיי גייענ, אויס א וואָרט. איינס פונ די ניט פולע ווערטער, וואָס ער קאָנ אפ דײַטש, און עס קומט בא אים ארויס שווערלעכ און פארלעגערט:

— דאנקע שענ!

איצט גייענ זיי פּאמעלעכער. דער זעלנער קוקט זיכ אום, זוכט עפּעס. אינדערווײַט וועג ליגנ קלעצער. ווײַזט אויס, געווענ פארגרייט דעם וועג צו פאריכטנ. דער זעלנער פארקערעוועט אהינ. עס פאָלגנ אים די צוויי. אלע דרײַ זעצנ זיי זיכ איצט צו אָפּרוענ.

— פונוואנענ זײַט איר?—שטעלט זיכ לעוו אײַנ צו פרעגנ.

דער זעלנער לייגט פּאמעלעכ ארײַנ דעם רעוואָלווער אינ קאבורע. זײַנ אויסגעצערט פּאָנעם פארקרימט זיכ. עס גיסט זיכ פלוצים אָנ מיט קאעס.

פונוואנענ איכ בינ,—רעדט ער אפ א געבראָכענעם דײַטש,—כ׳האָב שוינ באלד פארגעסנ פונוואנענ איכ בינ.

זיי שווײַגנ א ווײַלע. אלע דרײַ רויכערנ און קענענ שווײַגנ.

— א אונגאר,—זאָגט דער זעלנער מיט א שטימע, ווי ער דערציילט א סאָד, — פונ הינטער בודאפּעשט.

— א ארבעטער?—פרעגט אָרליק.

— א לעדערניק,—זאָגט דער אונגאר, — פונעם גרויסנ לעדער־זאוואָד, נאָר כ׳האָב שוינ אוואדע פארגעסנ ארבעטנ.

— קומט,—דערמאָנט ער זיכ פלוצים,—צײַט צו גיינ.

איצט שפאנענ זיי שוינ אינ איינ שורע, באנאנד. מ׳גייט פאמעלעכער. די זונ זעצט זיכ שוינ. צום אָוונט מוז דער זעלנער זיי ברענגענ אינ דער נאָענטער קרײַז־שטאָט אינ קאָמענדאנטור.

איצט רעדט דער אונגאר מער פונ אלע. ער רעדט אפ א געבראָכענעם דײַטש, מישט אָפט איבער דאָס ריידנ מיט אנ אונגאריש וואָרט. די ווערטער קומענ בא אימ ארויס צע־האקט, מיטנ טראָפ אפנ ערשטנ טייל וואָרט.

— שוינ דרײַ יאָר ווײַב אונ קינד ניט געזענ. איינמאָל פאר דער צײַט אינ אורלויב געווענ. אונ איצט, שמועסט מענ, זײַנענ דאָרט אומרוענ, ברויט־בונטנ.

— בא א רעוואָליוציע האלט עס,—זאָגט אָרליק, אונ ווארט, וואָס וועט דער אונגאר זאָגנ.

באלד גיט דער זעלנער צו:

— אינ דײַטשלאנד זידט אונ קאָכט, אונ עס איז שוינ ניט ווײַט צו עסטרײַכ אויכ. די רעוואָליוציאָנ מארשירט,—זאָגט, ווי פאר זיכ, דער אונגאר, אונ עס קלינגט, ווי פונ אנ אויסגעלערנטנ שיר. ער פאלט פלוצימ ארײַנ אינ א העפטיקנ קאעס, הייבט אָנ עמיצנ צו זידלענ היימ אונ לײַדנשאפטלעכ. ער גייט איבער אפ אונגאריש. עס מאכט אימ איצט ניט אויס, וואָס די צוויי מיטגייער זײַנע פארשטייענ אימ ניט. אפ די ליפנ טרעט בא אימ ארויס שוימ, ווי בא אנ עפילעפסיע.

ער ווערט אווײַלע שטיל אונ הייבט אָנ עפעס זוכנ אינ הויזנ־קעשענע. ער שלעפט ארויס מיט צוויי פינגער א זשמענקע מאכאָרקע, שיט עס ארופ אפ דער דלאָניע פונ דער צווייטער האנט. ער זוכט לאנג אונ אומזיסט א שטיקל פאפיראָס־פאפיר אונ געפינט ניט.

אָרליק טוט א ווינק צו לעוונ. לעוו כאפט זיכ באלד, שלעפט אומבאמערקט פונ אונ־טער דער בלוזע ארויס א דינ בייגעלע פאפיר אונ גיט עס דעמ אונגאר.

דער אונגאר וויל אָפרײַסנ א שטיקל פאפיראָס־פאפיר פונעמ בלעטל, דערזעט ער, אז אפ איינ זײַט איז אפ דעמ עפעס אָפגעדרוקט.

פונדערהיימ נאָכ, דורכ מילכאָמע אונ אָקאָפעס, האָט ער דורכגעטראָגנ א מאָדנע אכטונג, קימאט א צערטלעכקײַט צו א געדרוקט וואָרט. ער קענ ווייניק לייענענ, אביסל אונגאריש, אויכ אביסל דײַטש, אָבער א געדרוקט אָס ברענגט אימ ארײַנ אינ א יאָנטעוו־שטימונג. עס כאפט אימ אָנ א דאָרשט צו וויסנ, וואָס דאָרט שטייט געשריבנ. דער מויעכ הייבט באלד אָנ אינטענסיוו צו ארבעטנ.

ערגעצ זוכט ער אפנ ראנד פונעמ בלעטל אָפ א ריינ שטיקל פאפיר. ער הייבט עס שוינ אָנ צו רײַסנ אונ דערווײַל כאפט ער א קוק אפ דער אויבערשטער שורע פונעמ זײַטל, וואָס איז אָפגעדרוקט מיט פעטנ שריפט.

— פראָ־לע־ע־ע־טא־א־רי־ע־ער!

ער דראפקעט זיכ איבער די לאטיינישע אויסיעס, לייגט צונויפ אנ אָס צו אנ אָס אונ שטאמלט ארויס פאר זיכ אינדערהייכ:

— פראָ־לעי־טא־ריער פונ אלע לענ־דע־ר־ר.

נאָכדעמ זײַנענ זיי א שטיקל צײַט ווידער געגאנ שווײַגנדיק. די זונ איז שוינ פארגאנ, ס׳איז צוגעפאלנ די נאכט. ביז צו דער שטאָט איז געבליבנ א קילאָמעטער דרײַ. דער זעלנער האָט פונווײַטנס דערזענ א לאָקאָמאָטיוו. אָנ איינ וואגאָנ איז דער לאָקאָמאָטיוו געווענ. ער האָט זיכ א ריר געגעבנ, אָנגעהייבנ שנײַדנדיק פײַפנ, געלעכערט די לופט. דער אונגאר האָט ארײַנגעשטעלט צוויי פינגער אינ מויל אונ א שארפנ פײַפ געטאָנ. פונ

אינעווייניק לאָקאָמאָטיוו האָט ארויסגעקוקט א קאָפּ. דער אונגאר האָט גענומען מאכן צו אים מיט די הענט, גענומען שרײַען. דער מאשיניסט האָט אָפּגעשטעלט דעם לאָקאָמאָטיוו. דער אונגאר האָט אָנגעהייבן אונטערלויפן, נאָכ אים—לעוו און אָרליק. אפן הינטערשטן טייל פון לאָקאָמאָטיוו האָבן ארויסגעשטארטשעט אײנציקע שטאפלעך. דער אונגאר האָט זיך ארופגעכאפט אפן מיטלסטן, לעוו און אָרליק פוןביידע זײַטן דעם זעלנערס. מער ווי איין פוס קען מען אפן שטאפל ניט האלטן. דער לאָקאָמאָטיוו צעיאָגט זיך האסטיק. אפן הינטערשטן טייל זײַנעם הענגען מיט איין פוס אפן שטאפל, מיטן צווייטן אינדערלופטן דרײַ מענטשן. דער לאָקאָמאָטיוו טראָגט זיך בליץ־שנעל אין דער נאָענטער שטאָט ארײַן.

ס'איז שוין טונקעלער אָוונט, ווען עס קומט צווישן אָרליקן, לעוון און דעם האלבפרעמדן אונגאר פאָר א מאָדנע געזעגעניש.

לעוו האָט שוין אראָפּגענומען פונעם לײַב די פאפירן. זיי ליגן שוין ווידער אין זעקעלע. עס זעט אויס, ווי א וואָרעקל קעז, וואָס די פויערטעס טראָגן ארויס אפן מארק פארקויפן. דאָס פעקעלע האָט אופגעהערט זײַן א פרעמדס, ס'איז געוואָרן היימיש, און דער אונגאר כאפט אלע מאָל א קוק צו דעם, צי עס איז דאָ. קוקנדיק אף דעם, בלאָנדזשעט ווי א לײַכט ווינטעלע אף זײַנע ליפן א היימישע מעלאָדיע, א סטראָפע פון א ליד, א לאנגפארגעסענע פונדערהיים נאָכ. די שורע הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„די רעוואָליוציאָן מארשירט איבער די שטראסן״...

ער זאָגט אין דער ווארעמער נאכט ארײַן:

— מ'דארף אהיים פאָרן—ס'וועט זײַן היים בא אונדז אין בודאפעשט.

אָרליקס וועג איז אײנינעם מיטן אונגאר. ביז טיף פוילן פאָרן זיי אײנײנעם, נאָכדעם פארקערעוועט אָרליק אף דער זײַט פון לאָדזש און פונדאָרט—ווארשע—פוילן—און ווײַטער.

דעם אונגארס וועג איז אסאכ א גלײַכערער: זײַן וועג איז—בודאפעשט, בודאפעשטער פאָרשטעט, וואָס באָדן זיך אין רויכ פון פאבריקן, וווּ עס ווארטן אויסגעליידיקטע צעכן אף מענטשן, בודאפעשטער פאָרשטעט—עס ווײַזט זיך אויס דעם אונגאר—די רעוואָליוציאָן מאשירט שוין איבער די שטראסן.

לעווס וועג איז דער קירצסטער—א פאָר געסלעכ פארבײַגיין, עטלעכע צענדליקער שטיבער איבערקומען און דאן אן אײנשטאָקיקע דירע מיט א קליין סעדל פונפאָרנט. דאָס אײנציקע פענצטער, וואָס גייט ארויס אין סעדל און פונדאָרט אין ווײַטן פעלד—איז צעזעס.

נאָכ הײַנט אין אָוונט וועט לעוו דערגרייכן זײַן ציל.

מ. טייפ

# סטעפּאַנ ראַזינ

(אַנ עסקיז צו אַ גרעסערער אַרבעט)

סטרוהעס גרינגינקע ווי בלעזעלעכ אַפּ כוואַליעס
אונ לידער האַריקע, אונ שווערע, אונ געדיכט
צו סטענקאַ ראַזינס פּליושענע כאַליאַוועס,
צו זײַנ קאַלעס דימענטענע שיכ.

לידער-וויקלענ זיכ ווי פּײַערדיקע סטענגעס,
וועסלעס ברעכנ בלויענ גלאָז פונ וואָלגע,
הײַנט באַנאַכט וועלנ באָיאַרנ טויטע הענגענ
מיט צעשניטענע צעהאַקטע גאָרגלענ.

הײַנט באַנאַכט וועט סטענקאַ ראַזינ בענקענ
נאָכ אַ קאָפּ אַפּ אופגעשפּיצטער פּיקע,
אינ שווערנ רויכ פונ טומלדיקנ שענקל
האָט סטעפּאַנ זײַנ קאָפּ פאַרשיקערט.

הוליענ יונגענ, יונגענ אינ לאַמפּאַסנ
אונ עס שפּאַרט אַ ליד פונ הייסע גאָרגלענ:
שנײַד באָיאַרנ אינ די הײַזער, אינ די גאַסנ
סטעפּאַנ ראַזינ הוליעט אַפּ דער וואָלגע!

גאָלד אונ זילבער. ווײַנ אונ האָניק פולע צעבער
ברענ אונ בראָט, אונ וואַרפּ אינ רויכ,
רײַסט אַרויס באַ זיי דעמ לונג אונ לעבער
אונ דעמ שמאַלצ פונ זייער בויכ.

פּערל, זײַד אונ רויטנ סאַמעט
שטיקער שנײַד אונ שיט אינ גאַס
„וואָלגע וואָלגע טרײַע מאַמע
נעמ אופּ ראַזינענ דײַנ גאַסט!“

זאָלן וויסן אַלע בערדיקע באָיארן,
אַז איך בין סטענקא פרייִער אַטאַמאַן
אַז אַלע זייִנען מיר אַ וואָלקנדיקע כמארע
און גייען מיר פון דאָן און פון קובאַן.

הוליען יונגען, יונגען אין לאַמפאַסן
און עס שפּאַרט אַ ליד פון הייסע גאָרגלען:
שנייִד באָיאַרן אין די הײַזער, אין די גאַסן
סטעפאַן ראַזין הוליעט אַף דער וואָלגע:

הייבן מיר די וועסלעס, בייגן זיך די שיפן,
בייגן זיך די שיפן
זינגען אַטאַמאַנען,
הײַנט וועט סטענקא הוליען, הײַנט וועט סטענקא שטיפן,
הײַנט האָט ער צעראַבעוועט
אַכצן קאַראַוואַנען.

שווימען קאַראַוואַנען
זינגען אַטאַמאַנען:

ווי אין שטאָט אין גרויסער וועלן מיר אַרײַנגיין
וועט מען אונדז באַגעגענען
מיט האָניק און מיט ווײַן
נאָר באָיאַרן בערדיקע וועלן מיר פאַרלאַנגען
ווי אין שטאָט אין גרויסער
וועלן מיר אַרײַן.

שווימען קאַראַוואַנען
זינגען אַטאַמאַנען:

הויך פּאַרצי אין לופטן לײַוונטע פליגלען
און פון זעגלען הויכע
זאָג אונדז אָן קאַזאַק,
צי מע הייבט ניט אויף אַף שווערע טויערן די ריגלען,
צי מע שלײַפט ניט אָן
אַף אונדז אַ האַק.

שווימען קאַראַוואַנען
זינגען אַטאַמאַנען:

סטענקא ראזינ אטאמאנ באטקא טימאָפּייִטש
הייבט די שווערע וועסלעס—
סטרוהעס זײַנענ שטײַפ,
אפ דער וואָלגע, אפ דער ברייטער שווימענ ראזינישע מייעס
שווימענ מייעס
מיט א טאנצ אונ מיט א פײַפ.

שווימענ קאראוואנענ
שלאָפנ אטאמאנענ...

כ. מאלטינסקי

# נאָכ דער ארבעט

פליט טראמוויי דורכ,
הילכט דאָס קלינגל
בינ איכ שוינ
א מינסקער יינגל.

נאָכ א פולנ טאָג מיט ארבעט
אינ אָוונט ליכטיק־קלאָרנ
פול געפאקט דער טראָטואר איז,
אָנגעפיקעוועט מיט פאָרנ.

נאָכ א פולנ טאָג מיט ארבעט
גיי איכ אויכ ארויס שפאצירנ
אינ אנ אָוונט ליכטיק־קלאָרנ
סטאם אזוי געשפרעכנ פירנ.

גוטע פענימער אנטקעגנ,
קלאנגענ נאָענטע זיכ טראָגנ,
אכ, וואָלט מענ דאָ לידער הערנ
מ'דארפ נאָר האָבנ וואָס צו זאָגנ.

ווי א היגער כ'שפאר זיכ דורכ שוינ
אונ איכ זוכ שוינ גלייכ באקענטע
אונ ס'ווערט נענטער מיר, אלצ־נענטער
דער ווייסרוסלענדישער צענטער.

ע. שעכטמאנ

# פאראקערטע מעזשעס

(קאפּיטלעכ פונעם צווייטנ בוכ).

III

וועגנ גרינעג:

הארבסט. אינ דאָרפראט פארנאכטלעכ־גרוי. איבער די צוויי נײַע פענצטער—א פארמורזעסטער הימל.

דער נײַער פאָרזיצער זיצט אינ א ווינקל. באם טיש זיצט ער. דעם קאָפּ פארוואָרפנ אפּ א דלאָניע. ער פּײַפּט פונ מידקײַט. די וויִעס קלעפּנ זיכ, ווי מע וואָלט זיי אָנגעשמירט מיט פּאטעקע. דער נײַער פאָרזיצער קאָסארענקאָ שמייכלט:

— ווענ מע קענ ארופלייגנ אפּ די אויגנ א פּאָר פּיאַווקעס, זיי זאָלנ אויסזויגנ דעם שלאָפּ...

אינ דאָרפראט שמעקט מיט דזעגעכצ.

קאָסארענקאָ פילט ניט דעם רייעכ. זײַנע מידע אקסלענ קנייטשנ זיכ:

— ניטאָ טאדעוש מיט לייבקענ?...

די וויִעס ציטערנ בא אימ. דער שלאָפּ ברעכט זיכ אינ די אויגנ:

— מיט גרינעגנ וועל איכ גאָרניט מאכנ... ער איז אויכ ניטאָ...

דורכ דער האלב־אָפענער טיר גייט פונ הארבסטיקנ שליאכ א ווינטל אינ דאָרפראט ארײַנ. דער ווינטל פלאָנטערט זיכ אינ קאָסארענקעס רוסיאַווע האָר. אונטער זײַנע וויִעס פאָרעט זיכ שוינ דער שלאָפּ. ער האָט שוינ אפילע ניט געהערט, ווי גרינ איז ארײַנגעהונקענ אינ דאָרפראט.

גרינ האָט זיכ אוועקגעזעצט אפּ דער לאנגער באנק. אויסגעצויגנ די קרומע פוס איבערנ שטוב. די האלב־ווינטערדיקע געקעסטלטע קעפּע האָט ער אוועקגעלייגט אפנ טיש. פארוויכערט דעם ציגאר, וואָס איז געלעגנ צווישנ דעם ווײַז־אונ גראָבנ פינגער.

א הוסט האָט פארטשעפּעט קאָסארענקעס אנ אויער. ער האָט זיכ אופגעכאפּט אונ דערזענ גרינעגנ:

— נו? וואָס הערט זיכ אפנ פראָנט?

גרינ האָט פארצויגנ שטארקער דעם ציגאר. גענומענ קלאפּנ מיט די פינגער איבער דער קני פונ דער קרומער פוס. זײַנ האָרבאטער נאָז פאלדעוועט זיכ שוינ צווישנ די אויגנ:

— איכ פארשטיי ניט... בא וועמענ זאָל מענ דאָ נעמענ ברויט? ס'איז דאָכ ניט דער מיליטערישער קאָמוניזמ...

גרינ האָט זיכ פאוואָליע אופגעהייבנ. ער הינקט שוינ איבערנ שטוב. זײַנ מיטלוווקסיקער גראָבלעכער קערפער וויגט זיכ צום פענצטער, וואָס גייט ארויס צום שליאכ. ער שפארט זיכ אָנ אפנ אונטער־פענצטער, פארשארט פונעם הויכנ אויסגעבויגענעם שטערנ די שוארצע האָר:

— אונ אויב סע איז פאראנ נאָכ בא די פויערים ברויט, וועט עס אוועק אפנ מארק... דער נעפ איז נאָכ ניט ליקווידירט...

בא זיכ האָט גרינ געטראכט:

— ייִדנ דארפנ דאָכ פונ עפעס לעבנ?

קאָסארענקעס אויגנ האָבנ זיכ אויסגעלײַטערט. אונטער זײַנע גרויע שארפע וואָנצעס איז דורכגעלאָפנ א שמייכל:

— הייסט עס, אז מער איז קיינ ברויט ניטאָ?

— ניטאָ!

— נו, גוט, אָט לאָמיר נעמענ דעמ ערשטנ באלעגופ—מיכיילאָ טאדאסקעס.

— וואָסער באלעגופ? גיי נאָר ארײַנ צו אימ אינ שטוב, ערשט נעכטנ איז בא אימ געפאלנ א בעהיימע...

— וועגנ דער בעהיימע ווייסנ מיר... אונ וויפל איז בא אימ געבליבנ?

— דאָס דאָרפ איז אָרעמ... דאָס גאנצע דאָרפ איז א פארדארטע סקאָרינקע.

קאָסארענקא האָט גענומענ פארשניצנ דעמ בלײַער:

— וואָסער דאָרפ?

גרינ האָט געלאָזט דורכ דער צעבראָכענער טאפליע א פארקלערטנ רויכ אינ טונקעלנ דרויסנ.

ער האָט געקוקט ווי אנטקעגנ—איבערנ שליאכ טשוכעט א בעהיימע דעמ האלדז אינ טויער, ער האָט געקוקט, ווי די רויטע בעהיימע מיטנ ווײַסנ פאָנעמ טשוכעט דעמ האלדז אונ ער האָט געטראכט, גרינ:

— מע דארפ צופאָרנ צו דעמ באראשיער דאָקטער, ארויסנעמענ א פאפירל, אז די פוס האָט זיכ בא מיר צעשפילט... אז איכ טאָר אינ דאָרפ ניט פארבלײַבנ... אינ דער צײַט דארפ איכ שוינ זײַנ אינ קרימ...

הײַנטיקס מאָל איז גרינ צופרידנ געווענ, וואָס ער פארמאָגט אזא פוס.

— א קרומע פוס,—האָט ער געטראכט,—איז הײַנטיקע צײַטנ אויכ א מאיאָנטעק...

נאָר ער האָט זיכ אויסגעדרייט אונ געזאָגט:

— שווער צו ארבעטנ! די פיס האָט זיכ צעהוליעט...

— דײַנ פוס איז ניט קיינ פויגל, זי וועט ניט אוועקפליִענ. מיר וועלנ א רעד־טאָנ וועגנ איר שפעטער... קיינ ברויט זאָגסטו איז ניטאָ? מיכײַלאָ האָט הײַאָר פארזייט פופצנ דעסיאטינעס קאָרנ, צענ דעסיאטינעס ווייצ אכוצ האָבער, רעטשקע, גערשטנ, וויקע, קאָניושינע...

— אָבער...

— יעדער דעסיאטינע האָט אימ הײַאָר געגעבנ נײַנציק פוד... האָסטו צוויי טויזנט צוויי הונדערט פוד ברויט. וווהינ האָט ער עס אהינגעטאָנ?

דער נידעריקער, דער ברייטפלייציקער קאָסארענקאָ האָט זיכ אופגעהייבנ. ער האָט געקוקט אפ גרינענ, וואָס שטייט לעבנ פענצטער מיט דער פלייצע צו דער שטוב. ער האָט

געקוקט אזוי, קאָסארענקאָ, ווי ער שטייט איצט בא דער טאָקער־מאַשינ, אונ די מאַשינ איז קאַליע געוואָרנ. ער ווייסט ניט, קאָסארענקאָ, צו מע וועט זי שוינ קענענ פאַריכטנ:

— יאָ, כאַווער גרינ. א צעבראָכענער וואָגנ פאַלט אפ א האַרטנ שליאַכ...

פאַרטאָג. גרינ איז נאָכ געלעגנ אפנ געלעגער, האָט ער מיט זיכ אָפגערעדט:

— קיינ סאַכ ניט ריידנ.

אָבער איצט? „א צעבראָכענער וואָגנ פאַלט אפ א האַרטנ שליאַכ"... די ברוינע אויגנ זײַנענ בא אים פאַרלאָפנ געוואָרנ. ער האָט זיכ צעטראָגנ. פונ צעטראָגנקײַט האָט ער ארײַנגעכאַפּט דעם פאַפּיראָס מיטנ פײַער אינ מויל ארײַנ... ער האָט אָנגעהייבנ ארומהינקענ ארום קאָסארענקענ. קאָסארענקאָ האָט געמיינט, אז גרינ זוכט אנ אָרט פונוואַנענ אָנפאַלנ אפ אים. נאָר גרינ האָט זיכ באַלד אוועקגעזעצט אפ דער באַנק אונ האָט שווער געדיכעט די האָרבאַטע נאָז האָט זיכ געהאַלטנ אינ איינ פאַלדעווענ צווישנ די אויגנ:

— מע ווייסט נאָכ ניט, ווער סע איז דער צעבראָכענער וואָגנ, כאַווער קאָ־סאַ־רענ־קאָ? איכ בינ א רויטער פאַרטיזאַנ... פאַר דער רעוואָליוציע האָב איכ אָפגעגעבנ א פוס... איכ בינ א מיטגליד פונ פאַרטיי פונעם נײַנצנטנ יאָר... מע קענ אזוי קיינ ברויט ניט נעמענ! די פאַרטיי וועט ניט דערלויבנ... מע דאַרפ העכערנ די פרײַזנ, וועט דער פויער אונדז אָפּגעבנ דאָס ברויט...

— וועלכער פויער? וואָס מעסטו אלע פויערים מיט דײַנ אַרשינ?.. העכערנ די פרײַזנ? זי יאָגנ נאָר די אָרעמ אזעפינערס? זיי קויפנ אופ עטלעכע טויזנט פוד ברויט. מיר דאַרפנ אופקויפנ צענדליקער מיליאָנענ... מיט וואָס ביסטו באַוואָרנט, אז פרילינג־צײַט וועלנ די באַלעגופים ווידער ניט פאָדערנ, מע זאָל זיי העכערנ די פרײַזנ אפנ ברויט?

אונ צו זיכ אליינ האָט קאָסארענקאָ א זאָג געטאָנ:

— יאָ, א צעבראָכענער וואָגנ פאַלט אפ א האַרטנ שליאַכ...

* * *

טאַדעוש מיט ליבקענ זײַנענ געווענ אינ דער קאָמונע „רויטע פאָלעסיע". נאָכנ טראַקטער פאַרנ פרישנ קאָלעקטיוו זײַנענ זיי געפאָרנ.

דער קאָלעקטיוו האָט זיכ אָרגאַניזירט פונ צענ באַלעבאַטישקײַטנ.

מיט זיי זײַנענ מיטגעפאָרנ: האַראַסימ, יוליע, אַנדריי דער ווײַסער.

אַנדריי דער ווײַסער איז אינ קאָלווירט ניט ארײַנגעטראָטנ:

— איכ וועל זענ, צי סע לוינט?

אינ קאָמונע ארײַנ איז ער פונדעסטוועגנ געפאָרנ:

— א קוק טאָנ מיט די אייגענע אויגנ, ווי זעט עס אויס?

די קאָמונע „רויטע פאָלעסיע" ליגט אינמיטנ וואַלד. דער וואַלד איז א געמישטער. סע פלעכטנ זיכ ראַבינע־ביימער מיט מילכיקע בעריאָזעס. רויטע, ברויגעזע אָליכעס מיט גאָלדענע סאָסנעס. געזונטע דעמבעס מיט שוואַכע אָסיקעס.

דער דרויסנ איז נאָכ געווענ בלוי, ווי עמיצער וואָלט אָפגעשמירט דעם דרויסנ מיט אולטראַ־מאַרינ. דער הויכער דאַרער קאַשטאַנ האָט געקנאָטנ מיט די קודלאַטע גראָבע פיס די וואַלדישע האַרבסט־בלאָטע. אינ רויש האָט זיכ געוויגט דער וואַלד. איבער זייערע קעפ האָבנ זיכ ארומגעדרייט געלע בלעטער. אינ וואַלד־טיפעניש האָבנ פייגלענ געזונגענ. דער וואַסערדיקער אולטראַ־מאַרינ פאַרטאָג איז א קאַלטער. די טויִקע קאַלטע צווײַגנ, וואָס הענגענ איבערנ וועג, שמײַסנ איבער זייערע פּנעמער.

יוליע האָט פּאַרפּלאָנטערט די האָר אין אַ צווײַג:

— שטייט! אָט בלײַב איך הענגען...

— טפּ־ר־ר־ר!

די קוילעס צעלויפן זיך איבערן וואַלד, ווי האָזן.

ווען דער קאַשטאַן האָט זיך ווידער אײַנגעאַרבעט, און דער וואָגן האָט זיך גערירט, איז אַ האָז איבערגעלאָפן דעם וועג; האַראַסים האָט אויסגעשפּיגן:

— טפו, טי ליכאַ האָדינאַ! אַ האָז... דו זעסט, דו זעסט, ווי ער האָט זיך אָנאָ אָפּגעשטעלט? אַ שלעכטער וועג וועט זײַן... אָט טי ליכאַ האָד...

אַ קנאַל האָט זיך צעשאָטן איבערן וואַלד. איבערן וואַלד קאַטשעט זיך שוין יוליעס הילכיקער געלעכטער.

דער האָז איז אונטערגעשפּרונגען, זיך פּאַרדרייט אַף איין אָרט און איז געבליבן ליגן.

— סע וועט שוין זײַן אַ גוטער וועג, — האָט יוליע אַרײַנגעלייגט צוריק אין װאָגן די צוויי רערנדיקע יעגער־ביקס, וואָס אַנדריי האָט מיט זיך מיטגענומען, — אָט וועל איך אײַך, דיאַדקאַ האַראַסימע, ברענגען די ליכאַ האָדינאַ...

זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן. גענומען דעם וואַרעמען האָז פאַר דער אונטערשטער פוס, אונטערגעטראָגן האַראַסימען אונטער דער נאָז:

— אָט איז די ליכאַ האָדינאַ! מיר וועלן שוין האָבן אַ גוטן וועג?

אַנדריי דער ווײַסער האָט גענומען דעם האָז צו זיך אַף די קני, אַ פּיר־געמאָן מיט דער האַנט איבער דער געל־גרויליכער פוכקער פעלכל און זיך אָנגעכמורעט:

— אַ טײַער פעלעכל... אַ גרויסער האָז. סע איז ווערט אַ קאַרבאָוואָנעץ... אָט אַ רויך, ניט קיין יוליע, כ׳האָב אַפילו ניט באַוויזן אַ פינטל טאָן מיט אַן אויג, האָט זי אויסגעשאָסן. דאָס פעלעכל ניט געפּאַטערט. צווישן די אויערן געטראָפן.

אַנדריי האָט גענומען שאַרן אין די קעשענעס, גלײַך ווי ער האָט נאַרוואָס פאַרלאָרן אַ קערבל.

— אַ קערבל פון די הענט אַרויסגעפלויגן, — האָט אַנדריי זיך געבייזערט, — נאָך מיט מײַן שרויט!

טאַדעוש איז געשלאָפן אין וואָגן. לייבקע איז געזעסן אַף דער דראַבינע. לייבקען האָט זיך געדאַכט: פונעם וואַלד וועט מען גאָרניט אַרויספאָרן. ס׳איז אים עפּעס אומעטיק געווען. פאַרדראָס אַף זיך אַליין; גלײַך, ווי ער איז אין דעם שולדיק, וואָס גרין איז נאָך אין פאַרטיי:

— מאָרדכע גרינס זון אין פאַרטיי?

לייבקע ווייסט:

— גרין איז געגאַן אין פאַרטיי אינעם נײַנצנטן יאָר, ווײַל באָלשעוויקעס האָבן געקעמפט מיט פּאָגראָמען... ער האָט, ווײַזט אויס, גרין, מוירע געהאַט, אַז די באַנדיטן זאָלן ניט אויסשנײַדן די טרעגער, און סע וועט ניט זײַן ווער סע זאָל אַרבעטן אַף זײַן טאַטן?.. ער האָט דערפאַר בעדײַ אָפּגעגעבן אַ פוס... איצט גייט ער אַרום גרין און טײַנעס.

— צו ווען טײַנעסטו עס אַזוי? לייבקאַ, וואָס מאַכסטו עס אַזוי מיט די הענט?

— ווער — איך?

— נו, יאָ דו, — האָט זיכ יוליע צעלאַכט, — דו זיצסט און רעדסט עפּעס און מאַכסט מיט די הענט. כ׳האָב געמיינט, אז דו ווערסט באלד אראָפּפאלנ פונעם וואָגנ..

לייבקע האָט א שמייכל געטאָנ:

— א שמועס מיט זיכ אליינ!

---

אָנגעקומענ זײַנענ זיי אהינ באטאָג.

דער הארבסט־טאָג האָט געהאלטנ איבער וואלד א זונ. א פולע זונ, נאָר אָנ־קויכעס. א מידע און קילע.

די פערד זײַנענ געשטאנענ אינ די שלייעס איבער לאנגנ זשאָלעב, און האָבנ מיט די ווייכע ליפּנ איבערגעקליבנ דעם האָבער.

דער בוהײַ, וואָס איז געשטאנענ צוגעבונדנ צו דעם סוקעוואטנ סטויפּ, האָט פלוצים א דריי־געטאָנ דעם האלדז, און ווי מע שלעפּט ארויס א נאָדל פונ א ווייכנ שטיקל געהאנט, אזוי האָט דער בוהײַ ארויסגעשלעפּט דעם סוקעוואטנ סטויפּ פונ דער ערד, אָנגעבונדנ דעם קאָפּ, פארדרייט דעם ווידל אפנ רוקנ און מיט א רעווערײַ זיכ געלאָזט לויפנ.

בעניע דער שמיד האָט פארשפּיליעט דעם קאמזויל אפנ אונטערשטנ קנעפּל, א וואָרפ געטאָנ די שינע און זיכ געלאָזט פארקערעווענ דעם בוהײַ. האָט זיכ דער בוהײַ אויסגעקערעוועט מיטנ פּאָנעם צו בעניענ, אָנגעבייגנ נאָכ שטארקער דעם קאָפּ, אָנגעהייבנ ריטשען און גראָבנ מיט די פאָדערשטע פיס די ערד.

לייבקע איז ארופגעשפּרונגענ צוריק אפנ וואָגנ:

— בעניע אנטלויפט! ער וועט פונ אײַכ באלד מאכנ האלב.,. ס׳איז אײַכ ניט בא אריינ אפנ בריס!

דער בוהײַ האָט זיכ אוועקגעשטעלט אפ די פאָדערשטע קני. די הערנער האָבנ זיכ געקושט מיט דער ערד. בעניע האָט געכאפּט זײַנע ברייטע פלייצעס, פלייצעס — ווו סע לייגנ זיכ א פינפ פודאָווער זעקל קאָרנ אינדערברייט, און איז צוגעלאָפנ צום וואָגנ:

— אכ. ס׳איז דו? נאָזשע דיר, לייבקע, א האנט... אריענ האָב איכ געהאט, און האָב איצט אוואדע נײַנ איילנ אינדרערד... און דער בוהײַ זאָל מיר פרווונ טשעפּענ? כ׳וועל אים דעם קאָפּ אראָפּדרייענ...

— וואָס מאכט איר עפּעס, בעניע? שוינ אײַכ לאנג ניט געזענ. איר האלט נאָכ אײַער קוזיניעלע?

בעניע האָט א קראַץ־געטאָנ אונטערנ שיטער־פּאָפּוליאטע בערדל:

— וואָסער קוזיניעלע? ווו האָביכ א קוזיניעלע? כ׳ארבעט שוינ דאָס דריטע יאָר אינ קאָמונע, מיט דער ווײַב מיטביידע זינ... איינ זונ האָט׳שענ אפילע כאסענע געהאט. גענ־מען א דײַטשקע... סע זײַנ זאכ... כ׳בינ א טשלענ פונ דער קאָמונע...; ארבעט בא דער ערד, ארבעט אינ דער קוזניע, וואָס דענ? קום ארײַנ צו מיר אביסל, לייבקע, וועסט זײַנ בא אונדז אנ׳אָנגעלייגטער גאסט... כ׳האָב וויפל מאָל גערעדט מיט מײַנ אלטער וועגנ דיר... דו האָסט געלערנט ביז איצט?

— ה... מ...

און איצט האָט מענ דיר ווידער געשיקט אינ די סטאווקעס?

— יאָ, בעניע, מע האָט מיכ צוריק געשיקט אינ די סטאווקעס...

---

דערנאָך איז לייבקע ארומגעגאנ איבערנ הויפ פונ דער קאָמונע „רויטע פאַלעסיע". עטלעכע קאָמונארנ זײַנענ געזעסנ אפנ גאנעק פונ דער סטאַלאָווקע. מע איז געזעסנ מיט די שיסלענ באָרשטש אפ די קני. פונעם באָרשטש האָט געשלאָגנ א געדיכטע פארע. לייבקע האָט געקוקט אפ די קאָמונארנ, אפנ הויפ, אפ די פערד, אפ די לאנגע בודינקעס. אונ זײַנע צעבויטעטע אייגעלעכ האָבנ זיכ געזשמורעט פונ קינע:

— ווענ וועלנ מיר אינ די סטאַווקעס שוינ האָבנ אזא קאָלעקטיוו?

הארא־סימענ האָט דער רייעכ פונעם באָרשטש א קיצל געטאָנ אינעם פליישיקנ געשטופלטנ נאָז. הארא־סימענ האָט געדאכט—עמיצער האָט אים פלוצים ארײַנגערוקט א שטרויענ נאָז אריין... עד האָט זיכ צוגערוקט נאָענט צו אנ אלטנ קאָמונאר, אונ ווי א הונ, וואָס קוקט מיט איינ אייגל אפ א קאָרשעק, וואָס דרייט זיכ ארום פונויבנ, אזוי האָט הארא־סימ איינ אויג געקוקט אינ באָרשטש אריינ.

דער אלטער האָט א פרעג געטאָנ:

— פונוואנענ איז א מענטש?

— וואָס, זיידע סאווא, איר האָט ניט דערקענט? פונ די סטאַווקעס!

— א־הא, אזוי... נאָכ וואָס זײַנט איר געקומענ צו אונדז?

— נאָכנ טראַקטאר, זיידע, מיר האָבנ אָרגאניזירט א קאָלווירט...

— ה... מ־מ, א ווילע זאכ...

הארא־סימ האָט א פיר געטאָנ מיטנ צונג איבער די ווינקלענ פונ מויל:

— ווי איכ זע, זיידע סאווא, איז בא אײַכ ניכ קיינ שלעכטער כארטש... בא אײַכ איז א גוטע באלעבאטישקײַט...

— די באלעבאסישקײַט אונדזערע וועסטו נאָכ באטראכטנ אונ דעם באָרשטש קענסטו שוינ פארזוכנ!

דער אלטער סאווא האָט אָנגענומענ א הילצערנע לעפל בוראקאָווע רויטנ באָרשטש, ארײַנגערוקט הארא־סימענ אינ מויל אריין. בא דעם אלטנ איז דער געלעכטער פארפאלנ געוואָרנ אינ די טיפע ראזאָרעס פונ זײַנ פארברענטנ פּאָנעם:

— איאָ, דער כארטש איז א פאָדכאָדיאטשער?

הארא־סימ האָט זיכ באלעקט:

— א פאָרכאָדיאטשער... דאָס הייסט א באָרשטש... הייסט עס, מע האָדעוועט אײַכ גוט?

— קיינער האָדעוועט ניט, מיר האָדעווענ זיכ אליינ... ע־הע אליינ.

אנדריי דער ווײַסער איז געשטאנענ בא דער זײַט. ער האָט געריוכערט דעם „קאָזליק", זיכ אײַנגעהערט, ווי דער אלטער טײַנעט. מיטאמאָל האָט ער זיכ צוגערוקט:

— וואָס האָט איר? איר אליינ וואָס האָט? א שיינע באלעבאטישקײַט בא אײַכ אלע. דאָס איז עמעס... בא אײַכ אלע... נאָר איר אליינ?

דער אלטער סאווא האָט אָפגעלעקט דאָס לעפל:

— דו ביסט א נאר. איכ האָב אלץ, וואָס איכ דארפ. עסנ האָב איכ? מײַנ אלטע האָט וואָס צו עסנ? אָנטאָנ גיט מענ אונדז ארויס? די ארבעט איז גרינגער? אונ אזא באָרשטש עסטו בא זיכ? אפ מײַנ פארדריפעט שטיקל ערד האָב איכ געגעסנ ברויט מיט ציבעלע! מיט צוויי פאָר הענט וועסטו גאָרניט אופטאָנ. אליינ איז נאָר גוט שלאָפנ מיט דער ווײַב, ניט באארבעטנ ערד... ערד האָט ליב אסאכ הענט די האָסט פרימערנאָ געפּאָלעט מיט דער אלטער דעם גאָרטנ. איז ביז דו האָסט אים דערפּאָלעט, איז ער שוינ צוריק פארוואקסנ געוואָרנ מיט מיסט־גראָז...

אַנדריי האָט געשאָקלט מיט דעם קאָפּ:

— דאָס איז אַן עמעס. וואָס סע איז אַן עמעס איז ניט קיין אווירע... ס׳איז טאַקע שווער. אָבער באַ זיך... אַליין אַ באַלעבאָס... באַ אונדז האָט מען אויך אָרגאַניזירט אַ קאָלווירט, איך וועל זען... זיבן מאָל מעסט, און איינמאָל שנייד...

איבערן הויף האָט זיך צעקלונגען אַ גלאָק.

אַנדריי דער ווייסער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— סע ברענט?

דער אַלטער סאַווואַ איז זיך פאַרגאַנגען אין געלעכטער ווי אַ קינד:

— דאָס קלינגט מען צו דער אַרבעט... שוין צייט אין פעלד אַריין. ס׳איז דיר ניט באַ זיך. ליגסט און וואַרטסט ביז די זון וועט אַראָפּגיין. דו האָסט מורע דאָס פערדל זאָל אין פעלד ניט פאַרברענט ווערן... דער טראַקטאָר האָט פאַר היץ קיין מורע ניט. פּויע אים אָן מיט אַ פּיר עמער וואַסער און פאַ־שאָ־ל!

און דער אַלטער סאַווואַ איז מיט די דריבנע טריטעלעך אַוועקגעלאָפן צום צווייטן עק הויף.

— דער בעסטער אַגיטאַטער, — האָט לייבקע באַגלייט דעם אַלטן מיט די אויגן. — מיט אַנדרייען פאַרשפּאָר איך שוין ריידן...

דער הויף האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעפּילט מיט ראַש. איבערן הויף דרייט זיך אַ רויך, אַ שטיקנדיקער בענזין־רויך. דער טראַקטער טאַ־ראַ־ראַכקעט.

וואַניאַ דער טראַקטעריסט זיצט באַם רול. זיינע ווייסע ציינער שמייכלען צו לייבקען, פונקט ווי וואַניאַ וואָלט פאַרשטאַנען:

— אָט דער „קיטייעץ" איז מיר מעקאַנע...

און מיטן שמייכל אָפּ די ווייסע מילך־ציין איז וואַניאַ אַרויסגעפאָרן פונעם הויף. דער טראַקטער האָט מיטאַמאָל אַ ריס־געטאָן די מיט־טאָגיקע שטילקייט, וואָס איז געלעגן איבערן זוניקן פּאָליעסער וואַלד. די וועגענער האָבן געשריגן. די פערד האָבן געהירזשעט, געפּריכעט. די קאָמונאַרן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין פעלד אַריין.

דער ראַש האָט זיך צוביסלעכווייז דערווייטערט, אין הייף איז געוואָרן שטיל.

אַנדריי דער ווייסער האָט אַ קראַץ געטאָן אין פּאַזעכע:

— דאָס געפעלט מיר אויך...



די פאַרוויאַנעטע זון האָט זיך געטשעפּעט פאַר די צווייגן פון די סאָסנע־ביימער. די אַטאַווע—לאָנקעס האָבן געשורשעט. אַ ווינט האָט דורכגעטראָגן אַ ביטערן פּאָלין־רייעך.

טאַדעוש מיט לייבקען האָבן זיך געערגערט:

— סע ווערט נאַכט...

— מיר קענען קיין צייט ניט פאַטערן!

— קאַסאַרענקאָ איז אַליין.

האָט יוליע געפרעגט:

— און וווּ איז גרין?

לייבקע האָט זיך אַ קנייטש געטאָן:

— גרין? ער שפּאַצירט מיט אַנגאַלינע פּעטראָוונאַ... הער, יוליע, נעם האַראַסימען און פאָר צוריק. אונדז וועט מיסטאָמע אויסקומען נעכטיקן... ווי מיינסטו, טאַדעוש? קאַסאַרענקאָ קען איצט אַליין ניט זיין...

... שוינ דרײַ טעג איז דער פאָרזיצער פונ דער קאָמונע ערגעצ אינ פעלד. מע האָט געוואַרט אפ אים יעדער רעגע. דער אגראָנאָם—א הייכער, א גרויער, מיט באקנבארדנ. די שטיוול זײַנען בא אים ביז די כאָליוועס אינ שטאל־מיסט, איז געזעסנ אפנ פלויט. געקראַצט די הענט אונ געקוקט אפנ הימל:

— די קאָמארעס בײַסנ... סע וועט גיינ א רעגנ.

אונ די זונ ליגט שוינ ערגעצ צווישנ די צווײַגנ. זי שפּילט מיט דער וועלט אינ זשמור־קעס. אונ פונ דער צווייטער זײַט—כמארעס. א כמארנער אָוונט רוקט זיכ.

ס'איז שוינ געווענ גרוי. ס'איז פארנאכט. אפ א גרויענ פערד איז ארײַנגעשפּרונגענ דער פאָרזיצער פונ דער קאָמונע. אָנגעטאָנ איז ער געווענ: א מיליטערישער קאָסטיום, א רעוואָלווער. אפ דער זײַט. ס'האָט געדאכט: ער פאָרט פונ א שלאכט. א ברודיקער שוויס איז גערונענ איבער זײַנ דארנ לאנגנ פּאָנעמ. אונטער די אויגנ—שווארצ. ער איז עטלעכע טעג געזעסנ אפנ פערד מיט אנ אראָפּגעבויגענעמ קאָפּ. דערנאָכ איז ער פּאמעלעכ אראָפּ פונעמ אָנגעזאָטלטנ נאסנ פערד, אָפּגעווישט מיטנ ארבל דעמ שוויס, אונ זיכ אָנגעשפּארט אָנ דער דראבינע פונ וואָגנ:

— האָ־פ־פ־ו. נו, האָבנ מיר זיכ אָנגעמאטערט... בא דעמ קליינעמ „פּאָרדזאָנ" האָבנ זיכ פארהאקט די טיסקעס. כאָטש קוילע אים, האָט ער קיינ טאָק ניט געוואָלט געבנ...

דער אגראָנאָם האָט רויִק געפרעגט:

— אונ איצט, דמיטרי באָריסיטש?

— ער גייט... ביז נאכט האָבנ מיר אופגעאקערט די ערד וואָס באמ טאָל.., אנאטאָלי גריגאָריטש,—האָט דמיטרי באָריסאָוויטש ארופגעלייגט זײַנ האנט אפנ אגראָנאָמס אקסל,—כאפּט זיכ ארופ אפנ גרויענ, פאָרט צו אינ פעלד ארײַנ, מע וועט הײַנט ארבעטנ א גאנצע נאכט... איכ וועל זיכ דורכריידנ מיט די כאווייריִמ, אונ זיכ אביסעלע אָפּרוענ... מיר ציט שרעקלעכ די רעכטע האנט. ווײַזט אויס געכאפּט א רעוומאטיזמ... געשלאָפנ דרײַ נעכט אינ פעלד...

בא טאדעושנ זײַנען די מאטעווע אויגנ אלעמאָל געוואָרנ גרעסער. אונ זײַנע אויגנ האָבנ אָנגעהייבנ ארומלייפנ איבער דמיטרי באָריסאָוויטשס פּאָנעמ. טאדעוש איז צוגעגאנ צו אים גאָר נאָענט. ער האָט אָפּגעזוכט, טאדעוש, דעמ רעכטנ אויער:

— יאָ, אונטערנ אויער איז פאראנ א שניט...

בא טאדעושנ האָט דאָס הארצ אופגעהערט קלאפּנ. ער האָט אויסגעשריִענ:

— מיטיא, דו דערקענסט מיכ?

דמיטרי באָריסאָוויטש האָט דערפילט א ציטער איבערנ לײַב. ער האָט געריבנ דעמ שטערנ. די גרויסע שווארצע אויגנ האָבנ געפינקלט:

— שטיי נאָר... ווארט!

— מיטיא, דו דערקענסט ניט?

— נ־י־י־נ... ווארט נאָר... קומ נאָר אהער...

— מיטיא!

— טאדעוש???

— איכ!!!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי האָבנ זיכ דאָס ערשטע מאָל אויכ צופעליק באגעגנט.

דאָס נײַנצנטע יאָר האָט געהוליעט איבער אוקראַיִנע. א רויטער טייל האָט שוינ עטלעכע טעג זיכ געפונענ אינ ארומרינגלונג. א רויטער טייל האָט זיכ געוואָרגנ לעבנ בעלאַקאָראָוויטשער וואלד. דער טייל האָט צוויי טעג ניט פארלאָשנ דאָס פײַער. די קוילנוואַרפערס האָבנ שוינ געשפיגנ מיט בלוט...

פארנאכט איז געוואָרנ שטילער. דער טייל האָט געוווּסט:

— מע וויל זיי נעמענ לעבעדיקערהייט.

לעבעדיקערהייט וועלנ זיי זיכ ניט אָפּגעבנ. די צוויי קוילנוואַרפער זײַנען געשטאַנען אפ הויכע גראָבע דעמבעס. די רויטע קעמפער זײַנען געזעסנ מיט די אָנגעגליטע ביקסן צעוואָרפנ איבער דיביימער.

פלוצים האָט דער אויסקוקער איבערגעגעבנ דעם קאָמאַנדיר דעם בינאָקל:

— מיר דאכט, אז אפ צאָפנ־זײַט צווישנ די ביימער וואָס אינ טאָל דרייט זיכ ארום א מענטש!

דער קאָמאַנדיר—דמיטרי באָריסאָוויטש האָט לאנג געקוקט אונ האָט גאָרניט געזענ. אָט דאָכ האָט ער באפוילנ:

— שיקנ א פּאָר כעוורע א קוק טאָנ.

סע האָט לאנג ניט געדויערט. מע האָט געבראכט א יונגע מיידל.

— פונוואַנענ ביסטו?—האָט דער קאָמאַנדירט געפרעגט.

— א היגע...

— פונוואַנענ?

— פונ בעלאַקאָראָוויטש...

— ווער איז דאָרטנ?

— פּעטליוראָווצעס...

— ווהינ גייסטו?

דאָס מיידל האָט זיכ צעוויינט:

— מײַנ מאנ... איז מיט די פארטיזאנער... גיי איכ אימ זוכנ... מײַנ טאטנ האָבנ די פּעטליוראָווצעס נעכטנ דערהארגעט... זיי האָבנ אימ אופגעהאנגענ פאר די פיס צווישנ צוויי ביימער, אונ מיט א שווערד אימ צעשפּאָלטנ אפ צווייענ... איכ בינ אנטלאָפנ...

— וועלכע פארטיזאנער זוכסטו?

— כ'ווייס ניט וויאזוי זיי הייסנ...

— פאר וועמענ שלאָגנ זיי זיכ?

— פאר די רויטע...

דער קאָמאַנדיר האָט געקוקט אפנ מיידל. זי איז געווענ א הויכע, א שלאנקע, אירע דינע ברעמענ מיט די גרויסע אויגנ, איר קנייטשנ מיט די דינע ליפּעלעכ האָבנ געזאָגט:

— זי איז ניט קיינ דאָרפיש מיידל.

— אלצ, וואָס זי רעדט, איז א ליגנ...

דער קאָמאַנדיר האָט זיכ אופגעהייבנ פונעמ שטאמ, זיכ אויסגעדרייט צומ „דאָרפישנ" מיידל מיט דער פּלייצע אונ א זאָג געטאָנ:

— פאר שפּיאָנאַזש... צעשיסנ!

דאָס מיידל האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צו זײַנע פיס:

— דו קענסט מיכ שיסנ... נאָר איכ זוכ די פארטיזאנער...

— דאָ זײַנען ניטאָ קיין פּארטיזאנער!
— а ей-бо

דער קאָמאנדיר האָט א שמייכל געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט. פונקט אזוי האָט א פויער בא אים אין שטעטל זיך געלערנט ריידן ייִדיש. און ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו איר:

— זאָג נאָכאמאָל а ей-бо!

דאָס מיידל האָט געשוויגן.

נאָר איידער דער קאָמאנדיר האָט באוויזן אויסריידן דעם וואָרט „צעשיסן", האָט דאָס מיידל, שטייענדיק אפ די קני, און קיינער האָט אפילע ניט באמערקט, ווי זי האָט ארויסגעכאפּט א פינישן מעסער, זיך א וואָרף געטאָן... דער מעסער איז ארונטער אונטערן אויער.

— ס'האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן—האָט די פרוי א קריץ געטאָן מיט די ציינער,—א שאָד...

דער קאָמאנדיר האָט מיט דער האנט צונויפגעקוועטשט דעם טיפן ווייטיק־שניט. דורך זײַנע פינגער איז גערונען א געדיכט־טונקל בלוט:

— ווער ביסטו?
— איך בין קעגן דיר!
— כ'וועל דיך ניט צעשיסן. זאָג מיר נאָר ווו שטייט דײַן טייל?
— אפ יענער וועלט וועט מען דיר זאָגן!
— כאווער קאָמאנדיר!—האָט דער אויסקוקער אויסגעשריִען,—נאָך א מענטש אפ יענעם אָרט!

נאָר ווען דער מענטש האָט דערזען, ווי דרײַען גייען אים אנטקעגן, אפ די ברוסטן בא זיי ברענען רויטע באנטן, האָט ער אויסגעשריִען:

— כאווײרים!

ווען דער מענטש איז צוגעגאנגען, האָט ער נאָכאמאָל אויסגעשריִען:

— כאווײרים, איר האָט „זי" געפּאקט... פון אונדז איז זי אנטלאָפן... עך, דו סטערוווע!
— שלאָג ניט,—האָט דער קאָמאנדיר א געשריי געטאָן אפן מענטשן—זי וועט אונדז צונוץ קומען... ווער ביסטו?
— איך בין דער אָנפירער פון א מאכנע פּארטיזאנער. מע רופט מיך טאדעוש!
— ווו זײַנען דײַנע כעווורע?
— אפ יענער זײַט וואלד!
— האָבן מיר זיך מיט אײַך דורכגעשאָסן א גאנצע נאכט?... נא דיר א האנט. מיך רופט מען מיטיא!... העלף מיר איבערבינדן דעם שניט!... און „זי" בינדט צו צו א בוים. און שטעלט אוועק לעבן איר א מענטשן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— טאדעוש,—האָט אים דער פאָרזיצער פון דער קאָמונע נאָכאמאָל אַרומגענומען,—קום ארײַן צו מיר, וועל איך אלץ דערציילן... פארשיט מיך ניט מיט פראגעס... יאָ, איך ארבעט דאָ ערשט דעם ערשטן כודעש...

לייבקע האָט שוין ניט געהערט. וואָס זיי ריידן. לייבקע איז געגאן אונטער זיי מיט דריבנע און פארקלערטע טריט. דער צעבוויטעטער אויג האָט זיך צענויפגעשנירעוועט:

— מענטשנ גייענ זיכ צונויפ... אָט באַ וועמענ ער דאַרפ זיכ לערנענ... מענטשנ האָבנ דורכגעמאַכט דעמ בירגער־קריג. זייערע הענט ליגנ אינ דער רעוואָליוציע... אונ זיי זייַנענ ניט אָפּגעקילט געוואָרנ... אונ איכ? כ'האָב נאָכ גאָרניט אופגעטאָנ פאַר דער רעוואָליוציע...

IV

די בלויע זעקעלעכ אונטער די גרינע אויגנ האָבנ געציטערט. גרינ האָט ניט געוווסט וואָהינ זיכ אהינטאָנ.

— געדאַרפט געווענ צופאָרנ צומ דאָקטער... ארויסנעמענ א פאַפירל...

— כ'וואָלט ארויס א ריינער...

ער האָט אריבערגעהונקענ דעמ בלאָטיקנ שליאַכ. זיכ אראָפּגעהוידעט פונעמ בערגל. ער האָט דערזענ: די לערערנ דרייט זיכ ארומ לעבנ טייַכ.

— כאַווערטע אנגאַלינא פעטראָוונא, איר דרייט זיכ ארומ לעבנ טייַכ, אונ דער רעגנ הענגט אייַכ איבערנ קאָפּ!

אנגאַלינא פעטראָוונא האָט ארופגעשלעפּט אפנ פולנ פּאָנעמ א טראַגישע מינע:

— וויפל אומעט ליגט אינ אזא הארבסטיקנ פאַרנאַכט? אלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקינ האָט אויכ זייער ליב געהאַט דעמ הארבסט... דער הארבסט פּאָרט זיכ זייער מיט מייַנע שטימונגענ, לעאָניד לוואָוויטש!...

גרינ איז געווענ צופרידנ. זי רעדט ניט מיט אימ. ער הייסט ארל. זייַנ טאַטע — מאָרוכע. זי רעדט עפּעס מיט איינעמ א „לעאָניד לוואָוויטש"... גרינ האָט ליב ליגנ באַ זיכ אינ צימער אונ ריידנ צו זיכ. נאָר זיכ פאַרבייַטנ דעמ נאָמענ. איצט האָט ער איר געזאָגט אז מע רופט אימ „לעאָניד לוואָוויטש", זאָל זי ריידנ ניט צו אימ, נאָר צו א צווייטנ...

זי איז געשטאַנענ באַמ ברעג ט כ, זי האָט געקוקט ווי א צעבראָכענער מולטער דרייט זיכ ארומ אפנ וואַסער.

— לעאָניד לוואָוויטש, גאַנצע טעג, גאַנצע שטיקער טאָג פאַרנעמ איכ זיכ מיט איינ ארבעט...

— מיט וואָס, אנגאַלינא פעטראָוונא?

— איכ טראַכט, לעאָניד לוואָוויטש!

— אויב איר טראַכט, איז... נו, יאָ, ס'איז א סימענ, אז איר עקזיסטירט.

באַ דער לערערנ האָט זיכ אראָפּגעגליטשט א שמייכל פונ די דינע ליפּנ:

— איר זייַט גערעכט, איכ עקזיסטיר... נאָר איכ לעב ניט...

זיי זייַנענ געגאַנגענ באַמ ברעג. א געל־זאַמדיקער ברעג לעבנ סטאַווקיער טייַכ. די אויסגעביגענע נאַקעטע ווערבע האָט זיכ געהוידעט איבערנ טייַכ. דער פאַרנאַכט — אַנ ערעוו־רעגנדיקער. גרינ האָט דערפילט א ווייטיק. די פוס האָט זיכ צעשפּילט, אינ אזעלכע רעגעס טראַכט גרינ וועגנ זיכ מיט א שמייכל:

— א קאַליקע... א קרומע פוס מיט א קרומער קאָפּ...

די לערערנ האָט זיכ אָפּגעשטעלט. זי האָט צוגעשאַרט א פאַרזשאַווערטע פּאָדקאָווע, וואָס האָט זיכ געוואַלגערט אפנ זאַמד:

— איר זעט, אָט דאָס וויל מענ פונ אונדז מאַכנ... פונ אונדז, אלטע אינטעליגענטנ... ס'איז דאָכ א פּאַראַדאָקס. געאָגראַפיע מיט פּאָליטיק... לייבקע וויל אזוי... אז איכ לערנ מיט די קינדער געאָגראַפיע, דאַרפ איכ זיי דערציילנ, אז די נעגערס ווערנ עקספּלואַטירט אינ אמעריקע... פּאַראַדאָקס.

גרינ האלט אויכ אזוי. נאָר ער וועט שוויַיגנ. זאָל ריידנ „לעאָניד לוואָוויטש" אונ גרינ גיט „אימ" דעמ „פרעמדנ" א וואָרט:

— איר זיַיט ניט גערעכט, כאוועריטע. מיר שעצנ די אלטע אינטעליגענצ, וואָס גייט מיט אונדז... מיר ווייסנ, אז סע איז זיי שווער זיכ איבערבויענ... מיר העלפנ זיי מיט... אונ ליבקע איז גערעכט. ס׳איז ניטאָ קיינ געאָגראפיע גלאט אזוי...

גרינ האָט א שמייכל געטאָנ צו „לעאָניד לוואָוויטשנ":

— איר רעדט אויסגעצייכנט!

די לערערנ האָט אימ דערלאנגט די האנט:

— איכ פיל זיכ איצט זייער שלעכט... זיַיט געזונט!

גרינ איז געבליבנ שטיינ לעבנ טיַיכ. ער האָט פאמעלעכ ארויסגעשלעפט דעמ זילבער־נעמ פאָרטסיגאר. דער פארנאכט איז שוינ געלעגנ אפנ זאמדיקנ ברעג טיַיכ. די כאטקעס איבערנ דאָרפ האָבנ געפינטלט מיט די קאָנעצלעכ. גרינ האָט געקוקט, ווי די וואסערנ לויפנ:

— א צעבראָכנער וואָגנ פאלט אפ א הארטנ שליאכ... ניינ, דער וואָגנ איז געווענ א גוטער, מע האָט אימ צעבראָכנ...

ער האָט א וואָרפ געטאָנ דעמ ניט פארויכערטנ פאפיראָס אפנ וואסער. ער האָט זיכ אויסגעדרייט מיט דער פלייצע צו דער רוישנדיקער טיַיכ. זיַינע ברוינע אויגנ זיַינענ ארומ־געלאָפנ איבער די כאטעס. אונ די אויגנ האָבנ זיכ אָפגעשטעלט אפ מיכיַילאָ טאדאסקעס שטוב מיטנ טשערעפיצענעמ דאכ:

— סארא אָרעמקיַיט אינ דאָרפ...

ער האָט זיכ דערמאָנט: באטאָג האָט ער געזענ דורכגיינ אריע יוזעפינער מיט א צע־ריסענעמ פידזשאק, מיט אויסגעדרייטע שטיוול.

— איסקאנטעוועט א ייִדנ... א ייִד האָט געהאט א שטיקל ברויט אינ דאָרפ... מיַינ טאטע קענ איצט אויכ ארומגיינ אזוי... יאָ, מע פאראקערט גוט די מעזשעס...

אונ שטייענדיק אזוי באמ טיַיכ, האָט גרינ באשלאָסנ:

— כ׳וועל צופאָרנ אפ כערסאָנער פעלדער... כ׳וועל נאָכ א קוק טאָנ, ווי האָבנ זיכ דאָרטנ ייִדנ איַינגעאָרדנט...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

אינ יענעמ אפדערנאכט איז אנגאלינא פעטראָוונא געזעסנ בא סטעפאנענ זיגערטנ. מע איז געזעסנ אינ דער צווייטער שטוב. די פענצטער פארהאנגענ מיט אָנגעקראָכמאליעטע רעדנעס. אפנ טיש האָט געברענט א גראָבע וועקסענע ליכט.

סטעפאנ זיגערט צו דער לערערנ:

— א רויִעכ זיצט אינ איַיכ!

אריע איז געזעסנ אינ ווינקל. אריע יוזעפינע זיפעט די פארזשאווערטע גרוילעכע באָרד. ער גלעט זי שוינ מער ניט ווי אמאָל. אריע זיצט שטיל. ער טראכט זיכ:

— כ׳האָב זיי אינ אינד׳רערד... נאָר גיי, אז די פארנאָסע איז אזא...

— כ׳וועל נאָר בא זיי אָפקוועטשנ דאָס ביסעלע ברויט, האָב איכ סטעפאנענ זיגערט אינד׳רערד...

אלעס—יאנקאָ דעמ מילנערס זונ, האָט זיכ אופגעהויבנ:

— וואָס שוויַיגט איר, פאני ארעל?

אריע האָט א בורטשע געטאָנ:

— איך האָב מוירע... דער רוּעך זאָל ניט ארויסשפּרינגען פאַר דער צײַט!
— עפּעס צו פיל האָט איר מוירע, פאַניע ארעל!
— סטעפּאַנע, דו ביזט נאָך אַפ קיין איין ניט געגאַנגען... איך בין שוין אַ גע־שטראָפטער...

אין יענעם אָפּדערנאַכט האָט אַנגאַלינאַ פּעטראָוונאַ גערעדט קורץ:
— פאַני ארעל, מע דאַרף אײַך ניט לערנען וואָס צו טאָן. יאַנקאַ מיט מיכײַלען דאַרפן זײַן אָפּן מאָרגנדיקן „סכאָד". סטעפּאַן איז גערעכט. מע דאַרף, אַז עטלעכע באַבעס זאָלן נעמען די קינדער אַפ די הענט און זיך אָוועקלאָזן אין ריִאָן אַרײַן גלײַך צום פּאַרטײ־קאָמיטעט. סע דאַרפן זײַן די סאַמע אָרעמסטע קאָמנעזאַמאָוצעס... זיי דאַרפן אַרײַן מיט אַ געוויין, אַז זייערע קינדער גייען אויס פון הונגער. מע נעמט צו דאָס לעצטע ברויט... סטעפּאַן, דו דאַרפסט נאָך הײַנט זײַן באַ דײַן באַטראַטשקע, באַ אַנטאָנינען... זי דאַרף דאָס דורכפירן... איצט, פאַני זיגערט, פירט מיך אָפּ אַהיים...

* * *

אריע יוזעפינער מיטן צעריסענעם פּידזשאַק. מיט די אויסגעדרייטע שטיוול איז הײַנט פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג אינדערהיים.
אריע וווינט באַ בענציען.
ער האָט אַ גאַנצן טאָג געראַמט די קאַמער. ער האָט פאַרמויערט דאָס פענצטערל, וואָס קוקט מיט איין טאַפּליעלע אין בערעזעווע וואַלד אַרײַן. געעפנט אַ שמאָל טירל אין שטוב. דאָס טירל פאַרשטעלט מיט אַן אַלטער שאַפע.
אריע האָט געזאָגט צו מיכײַלען טאַדאַסקעס, וואָס איז געזעסן אַפ דער שטוב־טיר:
— איצט ווערט, דאַכט זיך, זײַן גוט. מע וועט עפענען די שאַפע, וועט מען אַרײַן גלײַך אין קאַמער.
אריעס ליכטיק־בלויע אויגן זײַנען טונקל געוואָרן:
— אַז מע דאַרף, פאַני מיכײַלאָ, האָבן הײַנטיקע צײַטן אַ מיניסטערישע קאָפּ.
מיכײַלאָ האָט אַ זיפץ געטאָן:
— מע נעמט אַראָפּ מיניסטערישע קעפּ אויך, פאַני ארעל!
אריע שווײַגט. אַ גרויסן אָפּשניט־צײַט האָט אריע געשוויגן. ער איז ארומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעבייגענעם קאָפּ. זײַן אונטערשטע צעטראַסקעטע ליפּ האָט זיך באַ אים שטענדיק געהוידעט. די אונטערשטע ליפּ וויגט זיך. ער רעדט צו זיך אַליין. מיט פראַנקען זיגערט האָט ער געקענט ריידן. סטעפּאַנען פאַרשטייט ער ניט... פלעג ער זיך ארומדרייען מיטן רויטן שאַליקל איבערן הייפּ און טראַכטן:
— אַפ אַזעלכע טעג האָב איך זיך ניט געריכט...
— וואָס וועט זײַן דער טאַכלעס פונעם שווײַגן?
— אַ געבונדענער פּרווּוט זיך אויך צעבינדן...
אריע איז געשטאַנען אַנטקעגן מיכײַלען. מיכײַלאָ זיצט מיט צעשפּרייטע פיס אַפן שוועל. ארום אים פליִען די יאַדער־שאָלעכץ ווי שוואַרצע פליגן. דער אויסגערונענער גע־שוואָלענער אויג קוקט אַפ אים:
— נו, פאַני ארעל? מע וועט דאָס ברויט ניט צונעמען?
— אַז מע וועט זיי לאָזן, וועלן זיי נעמען .. נאָר אַ שטעקן האָט צוויי עקן...
— וואָסושע דאַרף מען טאָן?

— אָט דאָס אָ!...

אריע האָט געכאפט דעמ זאסטעפ, צוגעלאָפנ צומ ווינקל אונ אָנגעהייבנ גראָבנ. דער זאסטעפ האָט זיכ אָפּגעשלאָגנ אינ א שטיינ. א קלאנג האָט זיכ צעשאָטנ איבער דער פינצטערער קאמער.

— זאָל עס פארפוילט ווערנ אָט אָ דאָ. אינ די שטאלנ דארפ מענ פארגראָבנ, אינ די שטאלנ, אינ די וועלדער... זאָל בעסער די כודאָבע פישנ אפ דער טווע... ניט אונדז, ניט זיי. זיכ ארויסנעמענ איינ אויג, אבי זיי ביידע... אונדזער איַיז, פאני מיכײַלאָ, האָט געבראָכנ, אז די קרירע גייט, קענ מענ קיינ הרעבליע ניט פארהאטענ...

— מיר וועלנ פארהאטנ!

— מיר וועלנ ניט פארהאטנ... מיר דארפנ מיטהעלפנ די קרירעס. מע דארפ צעהאטענ אונדזער הרעבליע. אבי סע זאָל אראָפּטראָגנ זייערע בריקנ... אונדזערע וועלנ מיר נאָכדעמ אופשטעלנ.

בא מיכײַלאָ טאדאסקעס האָט דאָס אויסגערונענע געשוואָלענע אויג געשמייכלט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

* * *

אפנ גרויסנ דעמבאָוונ טיש האָט געברענט דער לאָמפּ. מיט א שפיצ האָט ער געברענט דער לאָמפּ. דאָס גלעזל איז געווענ פארויכערט. א טונקעלע שײַנ האָט זיכ געדרייט פאר די אויגנ. ווײַסע פלעקנ זײַנענ ארומגעלאָפנ איבער די ווענט. ס'האָט זיכ געהייצט דאָס אײַזערנע פליטקעלע. די טרוקענע האָלצ האָט זיכ געבראָכנ. פונ די ברענענדיקע סאָסנאָווע האָלצ האָט זיכ געקאטשעט איבערנ דאָרפראט א סמאָלע־רייעכ.

די פראקציע איז געזעסנ ארומ טיש.

גרינ שטייט לעבנ פליטקעלע. ער רויכערט. דאָס אָנגעגליטע אויוועלע סארפעט אימ דאָס פּאָנעמ, אינ קאָפּ—א ווינט. אימ דאכט זיכ, גרינענ, ער איז שיקער. שטייט ער מיט פארמאכטע אויגנ. דער רויכ פונעמ פאפיראָס ווערגט זיכ אינ האלדז. ווי שטענדיק, ציטערנ בא אימ די בלויע זעקעלעכ אונטער די אויגנ.

די צײַטונג ליגט בא אימ אינ קעשענע. נאָר גרינענ שטייט זי פאר די אויגנ. די אויגנ פינטלענ. ער לייענט:

„דער כאוועր גרינ אפ דער ברויט־פארגרייטונג“.

ער זעט: ס'איז אויסגעמאָלט א באלעגופ. אונ ער, גרינ, מיט א גרויסער נאָז באהאלט זיכ אונטער דעמ באלעגופס פלייצעס.

אונטערגעשריבנ איז די נאָטיצ:

ל. באטראק.

גרינס קאָפּ—א ווינטמיל. ער איז צוגעלאָפנ צומ טיש, א וויש געטאָנ דעמ פארפאליעטנ פּאָנעמ. ארויסגעכאפּט די צײַטונג, א פּאָכע געטאָנ מיט איר אינדערלופטנ, אונ מיטנ צוגעלעגערטנ קאָל אויסגעשריִענ:

— כאוויירימ, ס'איז ניט דערלאָזבאר!

סאדעוּש האָט אימ אָפּגעשטעלט:

— כאוועור גרינ!

גרינ איז שוינ געשטאנענ לעבנ לייבקענ:

— איך בינ דער באפולמעכטיקטער פונ ריַ־פארטקאָם... אז מע שריַבט, דארפ מענ זיַנ פאראנטוואָרטלעך.

לייבקע האָט זיך אופגעהייבנ. מיט די קליינע אייגעלעך דורכגעלאָפנ גרינס צעפּאָרענעם פּאָנעם, אונ רויִק געזאָגט:

— איך בינ פאראנטוואָרטלעך.

— כאווער וואָלינער,— האָט אים גרינ איבערגעשלאָגנ, אונ סע האָבנ אָנגעהייבנ פינען בא אים די ווינקלענ פונ מויל.— איך בינ א מיטגליד פונ פארטיי פונ ניַנצנטנ יאָר... איך בינ א רויטער פארטיזאנ... איך האָב פארלאָרנ א פוס אינ דער רעוואָליוציע...

לייבקעס אייגעלעך האָבנ זיך אָנגעצונדנ:

— אונ מיר? איך, טאדעוש, קאָסארענקאָ, יוליק, ראָמאנ אונ טראָכים,— זיַנענ ניט פאראנטוואָרטלעך פאר דער פארטיי?

— מיר זיַנענ אויך רויטע פארטיזאנער,— האָט ראָמאנ ארופגעצויגנ העכער די סוויטקע אפ די אקסל, אונ פארצויגנ שטארקער דעם ציגאר מאכאָרקע,— אויב דו ווילסט, וועל איך דיר דערציילנ, ווי מיר האָבנ זיך געשלאָגנ אונטער זוואעל... ווי מיר האָבנ געצונדנ פּריִשע גיטער... טאק, טאק, וויל דערציילנ אונדז מיַסעס...

ראָמאנ האָט אָפּגעשארט פונ דער סיוועր באָרד דעם אש, וואָס האָט זיך אָנגעטרייסלט פונעם ציגאר אונ א מאך געטאָנ מיט דער האנט:

— יאָ, סע זיַנענ געווענ מענטשנ, וואָס האָבנ אונדז דעמלט געהאָלפנ... געווענ, דארפנ מיר זיי היַנט לאָזנ אונדז שטערנ?...

— ווער שטערט?— האָט גרינ א קלאפּ געטאָנ איבערנ טיש.

— דו שטערסט,— איז יוליק ארויסגעקראָכנ פונעם ווינקל,— דו ריַסט ארונטער די ברויט־פארגרייטונג.

— איך בינ פאראנטוואָרטלעך פאר דעם...

— כאווער גרינ,— האָט אים קאָסארענקאָ אָפּגעשטעלט,— לייבקע האָט שוינ דיר געזאָגט, אז מיר אלע זיַנענ פאראנטוואָרטלעך...

— נו, צו וואָס די רייד,— האָט טראָכים א קראצ געטאָנ דעם וויַסנ קאָפּ,— מיר זיַנענ נאָך מיט דער ברויט־פארגרייטונג ניט דורכגעפאלנ.

— דו האָסט דאָך וויַסע לעבערלעך,— איז אָלעק אינקאעס געוואָרנ.

— כאוויירים,— האָט זיך קאָסארענקאָ אופגעהייבנ, רויִק, נאָר רויִק, אלצ דארפ זיַנ אָרגאניזירט... טאדעוש, לייענ איבער דאָס פּאפּירל פונ פארטקאָם!

— דער פארטיי־קאָמיטעט לייגט פאָר דעם סטאוּוקיער פארט־קעמערל טייקעפ אָנעמענ די געהעריקע מיטלענ, אז די ברויט־פארגרייטונג זאָל אויסגעפילט ווערנ צודערציַט. דעם כאווער גרינ פארבײַטנ...

— איר האָט אונטערגעפירט דעם פארטיי־קאָמיטעט,— האָט גרינ אויסגעשריִענ.— בא איַך זיַנענ לינקע קנייטשנ... איר זיַט פארסאמט מיט טראָצקיזם... אָרעמע פויערים מאכט איר פאר באלעגופים...— אונ ער האָט אָנגעהייבנ ארומלויפנ איבערנ שטוב.

— כאוויירים, רויִק, אלצ דארפ זיַנ אָרגאניזירט... — קאָסארענקאָ האָט א שמייכל געטאָנ,— ווערט קאליע א שריַפל אינ מאשינ, צוגעמאכט אנ אנדער שריַפל, אבי די מאשינ איז גאנצ... אונדזער מאשינ איז גאנצ... אלצ דארפ זיַנ אָרגאניזירט... דער כאווער גרינ באשולדיקט אונדז אינ טראָצקיזם, וועגנ דעם וועלנ מיר ריידנ אינ ריַ־פארטקאָם, איצט, זעצ פאָר, טאדעוש.

— צעטיילן דאָס דאָרף אין רײַאָנען. אָרגאניזירן בריגאדעס. פאר יעדער בריגאדע דארף זײַן פאראנטוואָרטלעך א כאווער. צונויפרופן א פארזאמלונג פונעם קאָמנעזאם מיטן מיטל־פויערטום, ארויסרופן אין דאָרפראט די, וואָס ווילן ניט געבן דאָס פארקאָנטראקטירטע ברויט...

— מאָרגן,—האָט קאָסארענקאָ ארופגעלייגט זײַן האנט אף לײבקעס פלייצע,— דארפסטו צונויפרופן א פארמאכטע קאָמיוגישע פארזאמלונג, טאדעוש וועט אויך זײַן, שטעלן שארף די פראגע, אז יעדער קאָמיוגיסט דארף אין א מעשעך פון פיר שאָ ארײַנטראָגן דאָס ברויט, וואָס סע קומט פון זײַן באלעבאטישקײַט... נאָר אלץ דארף זײַן אָרגאניזירטערהייט... אין דרײַ טעג ארום דארף זײַן גרייט דער ערשטער רויטער אָבאָז...

אין צימער איז געוואָרן שטיל. א ווינט האָט זיך געדרייט אונטערן פענצטער מיט א פײַפערײַ. דער לאָמפ האָט זיך שוין געטוקט אין מאכאָרקע־רויך. פונעם אויהעלע איז ארויסגעפאלן א קויל און סע האָט זיך געטשאדעט א שמאטע, נאָר קיינער האָט עס ניט געפילט.

— נו איצט,—האָט טאדעוּשעס קאָל איבערגעריסן די שטילקײַט,—ווער וויל א וואָרט?

גרין איז געשטאנען לעבן פענצטער. פון דער אנטקעגנדיקער כאטע לויפט ארום אי־בערן שליאך א פײַערל. איבערן אויסגעשטערנטן הימל האָט זיך צעגאָסן דער מילך־וועג ווי סטאווקיער טײַך פרילינג־צײַט. אפן האָריזאָנט מינען זיך שטערן. אפן מילך־וועג פאָרט ארום דער גרויסער וואָגן...

גרין קוקט אפן וואָגן. אפן מילך־וועג. און טראכט וועגן זיך:

— און עפשער?... און עפשער בין איך א צעבראָכענער וואָגן?... און ער איז געדעכט קאָסארענקאָ, א צעבראָכענער וואָגן פאלט אף א הארטן שליאך...

גרין האָט זיך דערפילט קליין. צעבראָכן. א ראכמאָנעס־געפיל אף זיך אליין: לייבקע איז הויך ביז דער סטעליע... סארא פריילעכער פאָנעם בא אים... און איך, גרין? אז איך האָב קיינעם ניט אונטער מײַנע פלייצעס...

גרין האָט באמערקט אף לייבקעס פאָנעם א שמייכל. און סע האָט זיך גרינען געדאכט אז לייבקעס שמייכל זאָגט אים, גרינען:

— דו האָסט אונטער דײַנע פלייצעס א צענדליק צעבראָכענע יידן אין שטעטל...

גרין האָט אָנגעטאָן די קעפע, פארשפיליעט דעם מאנטל אף אלע קנעפ, אופגעשטעלט דעם קאָלנער, און איז ארויסגעהונקען פון דאָרפראט.

צום פופציק יאָריקן יובילײ


יאנקא קופאלא

יאנקא קופאלא

# ניט כאווער זיך

ניט כאווער זיך מיט פריצים,
אָרעמער פויער,
ניט כאווער זיך מיט רײַכע,
גרויס איז דײַן טרויער.

אין פאלאצן ווײַסע
וועסטו ניט זײַן.
דאָרט אַן אוילעם א זאטער
מיט לידער און שײַן.

דאָרט גיסן זיך וויַינען
מיט א שוימיקן שטראָם
און פון עסנס די טישן
בייגן זיך אָן.

און בא די טישן זיצן
די פריצים אין רו,
פענימער פעטע,
דייַן אָרט איז ווו?

שטייסטו באַם שוועל נאָר,
דאָס היטל פארוקט.
מיט פארלאָשענע אויגן
אפ די פריצים דו קוקסט.

דערקענסטו שוין, ברודער,
ניט אהער דארפסטו גיין,
ניט דאָ איז דייַן אָרט דאָך,
ניט דאָדערט, ניין!

1907 י.  יִדיש—ז. אקסעלראָד.

# אָוונט

מיַין אָוונט ווייס איך דאָך איז נאָענט, נאָענט,
פאראַן א פרי—דארף אויך אַן אָוונט זיַין.
ניט אומברענגענע וועט מיך דער גורל גראָער,
כ'וועל לעבן נאכט און פרי—טאָג אויס, טאָג איַין.

דער ערד און זון וועל איך זיך נידעריק פארנויגן,
איך בין א זון פון ערד—דער זונס א פריַיער זון,
ווי א פריַינט—דעם ווינט א קוק טאָן אין די אויגן
און ווי א ברודער אויסקושן אים שטום.

דעם טרויער אייביקן אפ א שטול באזעצן,
ער האָט פארדינט שוין לאנג זיַין טראָגן אליין.
ארופלייגן א קרוין מיט טרערן זי באנעצן—
א קרוין אזא איז טיַיערער פון יעדער קרוין...

די איינזאמקייַט דאָ פאר א וועכטער שטעלן.
ווי דער דינער בעסטער וועט זי היטן טריַי,

אונ די געדאנקענ מײַנע װעלנ זיך צעהעלנ,
אײַנער נאָכנ צװײטנ אלע אפ דער פרײַ.

אונ עפענענ מײַנ הארצ, מיט לידער זיך באזאָרגנ—
מיט הארצ אונ ליד—די גאנצע װעלט איז מײַנס.
זאָל מײַנ לעבנ װאך זײַנ אינ פרימאָרגנס.
זאָל מײַנ אָװנט מיטנ לעבנ זײַנ באשײַנט...

4/II 1915 ײדיש—ז. אקסעלראָד

# א דערטרונקענער שװימט איבער װײַסל

אונ ס'יאָנטעװט די פריצישע װארשע.
די שרעקנ אינ שיקרעס פארװײַסט זי.
שװימט די װײַסל מיט בלוטיקע מארשנ
— א דערטרונקענער שװימט איבער װײַסל.
אונ ס'גלאנצנ מונדירנ, פאָלעטנ,
אונ ס'בליאסקענ די פריצישע הערצער,
מיט ארבעטער־בלוט איז געזעטיקט
די גאסנ, די געסלעך אונ פלעצער.

אונ ס'יאָנטעװט די פריצישע װארשע,
די קסיאָנדזנ מיט קײנדלעך זיך װענדנ:
דער טאָג־סײדער הײַנט איז אזא שײנ
— פארײניקונג פונ אינטערװענטנ!
די פריצים, פאריזשער מארקיזנ
מיט רומענער באָיארנ אינ כעװרע
פ.ס.ס.ר. אפ קרײצנ צעשפּיזנ
פארטראכטנ זײ טויזנט מאנעװרעס.

אונ ס'יאָנטעװט די פריצישע װארשע
די „מענטשלעכקײַט" ניט צו פארגעסנ,
פונ פרי ביז שפּעטער נאכט שײנ
אונטערזוך נאָך אונטערזוכונג
אינ די „פרײַע" „פוילנס" קרעסנ.
אויסגעטאָנ ביז לעצטער העמד דאָ
דעמ װײַסרוס אונ אוקראַינער,
טרײַבט מענ זײ ארומ װי פרעמדע
אינ דער שלאכטישער מעדינע.

אונ ס׳יאָנטעווט די פריצישע ווארשע,
א ווירקלעכקייט שווארצע צעגאָסנ
דער דראנג פונ די פערד די זשאנדארמישע
אפ מענטשלעכע קעפ איז פארמאָסטנ.
די טפיטעס מיט לעבנס פארפולטע,
עס רייסט זיכ נעקאָמע פונ טיפ דאָרט
אונ אינ בעלוועדער שרייט מענ ווי דולע
„זאָל לעבנ פוילנס דעפענזיווע"

—

אונ ס׳יאָנטעווט די פריצישע ווארשע,
די שרעקנ מיט שיקרעס פארווייסט זי
שוימט די ווייסל מיט בלוטיקע מארשנ—
א דערטרונקענער שווימט איבער ווייסל...

ידיש—ז. אקסעלראָד 10/IV 1931

אל. קוטשער

# דער פאָלק-פּאָעט יאנקא קופאלא

(צו זײַן פופציקיאָריקן יובילײ)

קופאלא איז דער פּאָפּולערסטער פּאָעט בא די ארבעטער און פויערים-מאסן פון דעם סאָוועטישן ווײַסרוסלאנד. די באדײַטונג פון קופאלא, ווי א פּאָעט, ווי א קינסטלער, גייט ווײַט איבער די גרענעצן פון אונדזער רעפּובליק. ער איז באוווּסט צווישן די ארבעטנדיקע פון סאָוועטנפארבאנד, צווישן די ארבעטנדיקע אריבער דער גרענעץ.

יאנקא קופאלא איז אינדערעמעסן דער טאלאנטפולסטער פאָלק-דיכטער פון ווײַס-רוסלאנד.

און אָט, ווען מיר גייען אריבער צו דער אָפּשאצונג פון א גרויסן דיכטער, שטעלט זיך די פראגע, אין וואָס באשטייט די אידייִשע, סאָציאַלע קראפט פון דעם דיכטער, וואָס פאר א באציִונג האָט דער דיכטער געהאט צו דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אפּ זײַן גאנצן וועג פון זײַן שאפן, וואָס פאר א שײַכעס האָט ער געהאט צו דעם זיג פון דער רעוואָליוציע אונטער דער אָנפירונג פון דעם ארבעטער-קלאס.

דער פארעטער און דינער פון דער פוילישער דעפענסיווע, א. לוצקעוויטש, רופט אָן יאנקא קופאלא „דער נאָווי פון ווײַסרוסישן רענעסאנס („בעלארוסקי זוואָן"), ער סטארעט זיך צו באווײַזן, אז יאנקא קופאלאס שאפונג איז די שטים פון דעם ווײַסרוסישן נאציאָנא-ליזם. מיט קאָלערלײ מיטלען סטארעט זיך דער נאציאָנאל-פאשיזם פארבינדן די שאפונג פון יאנקא קופאלא מיט דעם גורל פון דער ווײַסרוסישער קאָנטר-רעוואָליוציע.

קופאלאס בײַקומען זײַנע אמאָליקע נאציאָנאליסטישע פעלערן, זײַן אלץ מער און מער אקטיווע אונטערשטיצונג די פלאטפאָרם פון דער סאָוועטנמאכט, זײַן אָנטייל אין דער סאָציאליסטישער בויונג, זײַן דערנענטערן זיך צו די פּאָזיציעס פון דעם סאָציאליסטישן פּראָלעטאריאט, זײַנע אָפענע טיפע סינע און פײַנטשאפט, וועלכע דער דיכטער ווײַזט ארויס צו די נאציאָנאל-שאָוויניסטישע הענדלער מיטן גורל פון די ארבעטנדיקע פון מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד, רײַצט אוף די לוצקעוויטשעס, די קסיאָנדזן, סטאנקעוויטשעס און אָסטראָווסקעס.

וויאזוי זשע שאצט אָפּ דער פּראָלעטאריאט די שאפונג פון יאנקא קופאלא?

יאנקא קופאלא איז דער מער שטארקערער און דעמאָקראטישער פאָרשטייער פון דער פּראָגרעסיוו-נאציאָנאל-באפרײַערשער באוועגונג—דער אויסדריקער פון די מיליאָנען מאסן פון ווײַסרוסישן פאָלק, וואָס איז געווען אונטערדריקט פון דעם פעאָדאל-פריצישן צאריש רוסלאנד.

דער 27-יאָריקער ליטעראַרישער וועג פון יאנקא קופּאלא איז געווען פול מיט גוואלדיקע רעוואָליוציאָנערע אופשטײַגן און שוואכקײַטן, מיט אָדלער-געפלי און מיט פאלן קוירים צו דער ערד—מיט אונטערגעבן זיך די שטארקע.

דערדאָזיקער וועג איז א קרומער און ניט קיין זיכערער. אפ דעמדאָזיקן וועג זײַנען געווען שווערע איבערגאנגען, וועלכע דער דיכטער האָט ניט שטענדיק געקענט בײַקומען.

עס איז געווען אן אופשטײַג צו דער ראָלע פון א גרויסן טריבון פון דער נאציאָנאל-באפרײַערישער באוועגונג און א דערנידערונג צו דער שטופע פון בורזשואַז-נאציאָנאליסטישער באגרענעצטקײַט, עס איז געווען אן אופשטײַג צו דער שטופע פון א דעמאָקראטישן פאָרשטייער פון מיליאָנען מאסן פארוואָרלאָזטע פויערים און א דערנידערונג צו דער שטופע פון פארטיידיקן דעם פארמעגלעכן פויער. עס איז געווען אן אופשטײַג פון א רעוואָליוציאָנער און באגײַסטער פון רעוואָליוציאָנערן קאמף און א דערנידערונג צו דער שטופע פון א ליבעראַל-מעסיקן נאשאניווישן מאגיד. פון דיכטונג, וואָס איז פול מיט פײַנטשאפט צום צאר, צום פּאָרעץ, צארישן טשינאָווניק, פון א רוף צום רעוואָליוציאָנערן קאמף—צו דיכטונג—ניטזיכערער, קרענקלעכער, מיסטישער, וועלכע האָט אויסגעדריקט א פאכער פארן לעבן און האָט אויסגעקליבן דעם קיווער פאר דער איינציקער אויסלייזונג פון דעם מענטשן. פון דעם אקטיוון רופן צום קאמף אינדערצײַט פון דער רעוואָליוציע פון יאָר 1905—צו פּאציפיסטישע טפילעס אינדערצײַט פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע אין יאָר 1914. פון ריכטיקן פארשטיין די איינהײַט פון די סאָציאַלע און נאציאָנאלע אינטערעסן אינעם קאמף פון די ארבעטנדיקע אפן עטאפּ פון דער פּראָגרעסיווער נאציאָנאל-באפרײַערישער באוועגונג—צום אָנזאָגן דורך זײַן שאפן בורזשואַז-נאציאָנאליסטישע לאָזונגען „ווײַסרוסלאנד פאר ווײַסרוסן".

יאנקא קופּאלאס שאפונג-וועג איז רײַך מיט וויכטיקע בלעטלעך פון רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישן קאמף און מיט פעלערן, אָפּווײַכונגען צום באגרענעצטן נאציאָנאליסטישן ליבעראַל.

און אָט, דורכגייענדיק דעמדאָזיקן גרויסן שווערן וועג, באקעמפט יאנקא קופּאלא איצט אנטשיידן דאָס ערגסטע אפ זײַן שאפונג-וועג. ער באקעמפט די נאציאָנאליסטישע פעלערן פון זײַן שאפונג, ער פארבינדט זײַן גורל מיט די דעראָבערונגען פון דער סאָציאַליסטישער בויונג פון פ.ס.ס.ר., מיטן גורל פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע. א וועג צו דער פארגאנגענהײַט קאָן קופּאלא ניט האָבן, און וואָס מער קופּאלא אקטיוויזירט זיך אפ זײַנע נײַע וועגן, אלץ מער רופט ער ארויס צו זיך גרעסערע פײַנטשאפט מיצאד דעם נאציאָנאל-פאשיזם.

---

יאנקא קופּאלא איז אופגעקומען אפ די כוואליעס פון דער בורזשואַז-דעמאָקראטישער רעוואָליוציע און האָט ארויסגעשטעלט דורך זײַן ליטעראַרישן שאפן יענע פאָדערונגען, האָט דורכגעפירט יענע אידעאַלן, וועלכע דאָס רעוואָליוציאָנערע פויערטום האָט געשטעלט אין 1905 יאָר. וואָס זײַנען עס געווען פאר א פאָדערונגען? דאָס פויערטום האָט געשטרעבט „צו ערד און פרײַהײַט,—שרײַבט לענין,—וואָס פאר א באדײַטונג וועט האָבן דער פולשטענדיקער זיג פון דערדאָזיקער באוועגונג? דערשלאָגנדיק זיך צו פרײַהײַט, וועט עס פארניכטן די פריצים און טשינאָווניקעס אין דער אָנפירונג פון דער רעגירונג. דערשלאָגנדיק זיך צו ערד, וועט עס איבערגעבן די ערד פון די פריצים צו די פויערים".

לעניג רופט אָנ דידאָזיקע באַוועגונג פונעמ פויערטומ א בורזשואַז־דעמאָקראַטישע.

„פאַרוואָס איז די איצטיקע פויערישע באַוועגונג א דעמאָקראַטיש־בורזשואַזע באַוועגונג? דערפאַר, וואָס פאַרניכטנדיק די רעגירונג פונ די טשינאָווניקעס אונ פריצימ, שאַפט עס א דעמאָקראַטישע אָרדענונג פונ דער געזעלשאַפט, ניט פאַרענדערנדיק די בורזשואַזע יעסוידעס פונ דעררדאָזיקער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט" (לעניג).

אינ יאַנקא קופאַלאַס שאַפונג פונ דעמ ערשטנ עטאַפ פונ איר אַנטוויקלונג, האָבנ געפונענ זייער אויסדריק די ביטערע דאָליע פונ דעמ פויער, זײַנ רעכטלאָזיקײַט, די שווערע שטײַערנ, דער טשינאָווניקישער יאָכ, דער נאַציאָנאַלער דרוק פונ ווײַסרוסישנ פאָלק, ווי א נאַציע. יאַנקא קופאַלאַס שאַפונג רופט צומ אופשטאַנד, צומ קאַמפ מיט די פריצימ פאַר ערד, פאַר פרײַהײַט.

אפנ ערשטנ עטאַפ פונ זײַנ שאַפונג פאָרמולירט יאַנקא קופאַלא גאַנצ קלאָר די נאַציאָנאַל־באַפרײַערישע פאָדערונגענ. דאָס צאַרישע רוסלאַנד איז געווענ דער וועכטער אינ דער ערשטער ריי פונ דער גרויסמעלוכישער, גרויסרוסישער בורזשואַזיע אינ דער אונטערדריקונג פונ די קליינע נאַציעס.

עס פאַרשטייט זיכ, אַז אַרויסטרעטנדיק ווי א רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער שרײַבער, האָט זיכ יאַנקא קופאַלא ניט אופגעהייבנ אונ האָט זיכ ניט געקענט אופהייבנ צו פאַרשטיינ די אופגאַבנ, וועלכע זײַנענ געשטאַנענ פארנ פראָלעטאַריאַט, פארנ אַוואַנגאַרד פונ דעמדאָזיקנ פראָלעטאַריאַט. ער האָט זיכ ניט אופגעהייבנ צומ פאַרשטיינ די אופגאַבנ פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, ער איז פאַרבליבנ דער אויסדריקער פונ די אינטערעסנ פונ דער דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע אונ ניט פונ דער סאָציאַליסטישער. זײַנע פאָזיציעס אינ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ זײַנענ געווענ דואַליסטישע, ווי די פאָזיציעס פונ דעמ פויערטומ.

---

דער צווייטער פעריאָד פונ יאַנקא קופאַלאַס שאַפנ איז פאַרבונדנ מיט זײַנ טעטיקײַט אינ דער ליבעראַל־בורזשואַזער „נאַשאַ ניוואַ", כאָטש אפילע מע קענ ניט טאָנ אַזוי,—ווי עס טוענ דאָס אייניקע—שטעלנ א גלײַכצייכנ צווישנ די רעאַקציאָנערע פאָזיציעס פונ „נאַשאַ ניוואַ" מיט דער שאַפונג פונ יאַנקא קופאַלא אינ דעמדאָזיקנ פעריאָד. די רעאַקציאָנערע „נאַשאַ ניוואַ", דער נאַציאָנאַל־רענעסאַנסיזמ האָט פאַרשמעלערט דעמ אַלגעמיינעמ אידייענ־יעסאָד פונ דער שאַפונג פונעמ גרויסנ דיכטער. דאָכ אָבער פאַרבלײַבט יאַנקא קופאַלא אפ אַלע עטאַפנ פונ זײַנ שאַפנ, האָבנדיק אפילע זייער גרויסע אָפנייגנ אונ געפינענדיק זיכ אינ געוויסע פעריאָדנ אינ געפענקעניש פונ בורזשואַזנ נאַציאָנאַליזמ, א רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער פאָעט, א פאָעט פונ דער נאַציאָנאַל־באַפרײַערישער באַוועגונג.

ווירקונגענ פײַנטלעכע, בורזשואַזע, האָבנ זיכ אַרויסגעוויזנ אינ יאַנקא קופאַלאַס שאַפונג אינ די יאָרנ 1910־1912, אינ די יאָרנ 1905־1907 פאַרבלײַבט יאַנקא קופאַלא פעסט אפ זײַנע פאָזיציעס פונ רופנ צומ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ, פונ רופנ צו דעמדאָזיקנ קאַמפ אפילע נאָכ דער מאַפאָלע פונ דער ערשטער רעוואָליוציע, אינ די באַדינגונגענ פונ דעמ צארישנ רוסלאַנד, ווענ אינ דער ליטעראַטור האָבנ זיכ גענעסטעט די סימוואָליסטנ, ווענ די „יערידע־שטימונגענ", פאַרקויפטקײַט אונ פאַרטערישקײַט פונ דער אינטעליגענצ האָט געהאַט אַנ אָרט אומעטומ. אינ דידאָזיקע יאָרנ זײַנענ אינ דער גאַנצער ליטעראַטור פונ דעמ געוועזענעמ צארישנ רוסלאַנד פאַרבליבנ טרײַ די אידעאַלנ פונ דער רעוואָליוציע נאָר איינצלנע שרײַבער, אַזוינע ווי דער שרײַבער פונ פראָלעטאַריאַט, מאַקסימ גאָרקי אונ אַנד. אָט אינ

די יאָרן באַקומט יאַנקאַ קופּאַלאַס פּאָעזיע אַן אַלרוסלענדישע באַדײַטונג. ער איז אַ מעכטיקער טריבון פון רעוואָליוציאָנערן פּויערטום, אַ פאַרבינדעטער פון פּראָלעטאַריאַט, אײנער פון די פּראָטעסט־אויסדריקער פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן פון דעם צאַרישן רוסלאַנד.

אָבער שוין אין די יאָרן 1908־1909 און שפּעטער הייבט אָן יאַנקאַ קופּאַלאַ אַראָפּנידערן פון זײַנע רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע הייכן צום מעסיקן ליבעראַליזם.

אין קופּאַלאַס צווייטער זאַמלונג „הוסליאַר“ זײַנען דורך דער קינסטלערישער קאָנקרעטער פאָרם אויסגעדריקט מיסטיציזם, יענע פילאָסאָפיע פון יערידע און פּעסימיזם, וועלכע האָט געפונען איר פאַרגאַנצונג אין די פּאָעמעס „סאָן נאַ קורהאַניע“ און „אַדוועטשנאַיאַ פּעסניאַ“.

אָבער דאָס זײַנען ניט נאָר באַזונדערע מאָמענטן פון דעם דיכטערס שווערע שטימונגען, דאָ הייבט ער אָן פילאָסאָפיש באַגרינדן די אידייען פון אומקום פונעם מענטשן, פונעם אומקום פון דער אַלוועלט. פולשטענדיקער איז זי אויסגעדריקט אין די לידער „זניאַמאַהאַ“, „זאַ האָדאַם האָד“, „דומקאַ“ און אַנד.

די פילאָסאָפיע פון אידעאַליזם, פון מיסטיק, פון יערידע הייבט אַלץ מער און מער אָן צו פאַרנעמען דעם אָרט אין יאַנקאַ קופּאַלאַס שאַפונג און דערגייט ביזן אַפּאָגיי אין דער דראַמע „סאָן נאַ קורהאַניע“.

קופּאַלאַ, וועלכער האָט אין דער רעוואָליוציע פון 1905 יאָר גערעדט מיט אַ פולער און מעכטיקער שטים אין נאָמען פון פּויער, הייבט זיך איצט אָן אָפּקערן פון פּויער. קופּאַלאַ, וואָס האָט געהאַלטן דעם פּויער פאַר זײַן לײַבלעכן ברודער, באַשולדיקט איצטער דעם פּויער אין דעם, וואָס ער איז גאָרניט פאַרינטערעסירט אין דער פראַגע וועגן קאַמף פאַר דער פרײַהײַט, נאָר דײַגעט מער וועגן דעם „וויפל רענדלעך דו וועסט אים געבן“, ער באַשולדיקט דעם פּויער אין דעם, וואָס ער, דער פּויער, פאַרשטייט ניט דעם דיכטער, וואָס ער וויל ניט פאַרשטיין דעם דיכטער. דערבײַ האָפט דער קינסטלער אָפּ אַ הימלישער, געטלעכער קראַפט.

אין 1917, אינדערצײַט פון רעוואָליוציע, שטעלט קופּאַלאַ קעגן די אינטערעסן פון דער נאַציאָנאַלער באַפרײַונג די אינטערעסן פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, די אינטערעסן פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

די פולשטענדיקע און קאָנסעקוועטנע לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע דורך דער פּאַרטיי און פּראָלעטאַריאַט אין אונדזער לאַנד, האָבן געמאַכט אַ ווירקלעכן איבערברוך און דער שאַפונג פון דעם שרײַבער. דאָך גיט קופּאַלאַ נאָך אַפילע אין 1922 יאָר, שטייענדיק דעמלט אַף נאַציאָנאַליסטישע פּאָזיציעס, אַ שאָוויניסטישע דראַמע „טוטיישיע“.

אין די יאָרן פון נעפּ, ווען די בורזשואַזע ווירקונגען אין דער ליטעראַטור און באַזונדערס אַף קופּאַלאַן זײַנען געווען שטאַרק, שרײַבט דער פּאָעט זײַנע לידער „בעזנאַזאָוונאַיע“, ווו ער פאַרשטייט ניט דעם טאָג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. יאַנקאַ קופּאַלאַ רופט אין דיראָזיקע לידער צעניפזאַמלען זיך אין וו.ס.ס.ר. אַלע ווײַסרוסן אָן אונטערשייד פון זייערע קלאַסן־סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס.

אָבער אויך אַן אַנדער טענדענץ פאָרמירט זיך אין דער שאַפונג פון יאַנקאַ קופּאַלאַ נאָך דער רעוואָליוציע פון 1917, די טענדענץ פון ריכטיקן באַזינען די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע, די טענדענץ פון דערנעענטערן זיך צו דער פּאָזיציע פון דעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט. בולעט דריקט זיך דאָס אויס אין קופּאַלאַס לידער פאַרן יאָר 1921, „אַפּנ.

טויט פון סטעפאַן בולאַט". די געזונטע טענדענץ גייט דורך די לידער „אָרליעניאַטאַם", „דזווע סיאַסטרי" און אַנד.

דעריקער איז, וואָס אין די אָנגערופענע לידער הייבט קופּאַלאַ אָן צו פאַרשטיין דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון אונדזער רעוואָליוציע. מיט די שאַפונגען שטעלט זיך קופּאַלאַ אַפּ דעם וועג פון באַקעמפן זײַנע נאַציאָנאַליסטישע פעלערן, אַפּ דעם וועג פון איבער־בויען זײַן שאַפונג.

מיטן אָנהייב פון דעם פאַנאַנדערגעוויקלטן סאָציאַליסטישן אָנגריף, מיטן צעשטערן די אָפענע און פאַרמאַסקירטע סאָנים פון דעם פּראָלעטאַריאַט, מיטן צעשטערן אין ו.ס.ס.ר. דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, הייבט זיך אָן די איבערבויונג פון קופּאַלאַס שאַפן.

די איבערבויונג אין יאַנקאַ קופּאַלאַס שאַפונג קומט פאָר פאַרהעלטניסמעסיק לאַנגזאַם, אָבער אָרגאַניש און אַפּ אַ הויכן אידייִשן און קינסטלערישן יעסאָד. מיט דער גאַנצער זיכערקייט באַשטעטיקן מיר, אַז די לידער פון יאַנקאַ קופּאַלאַ „סיכאַדיש וויאַסקאַ ז יאַס־נאַיאַ יאַווי", „דיקטאַטוראַ פּראַצי" און „אַ אַז וויסליע פּלאַוואַיע טאָפּעליעץ"—זײַנען די בעסטע און טאַלאַנטפולסטע דערגרייכונגען פון אונדזער הײַנטיקער סאָוועטישער ליטעראַטור.

פאַר אַ פאָלק־דיכטער מאַכן יאַנקאַ קופּאַלאַ יענע מער דעמאָקראַטיש־רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון זײַן שאַפן, וווּ דער פּאָעט האָט געקענט פאַראַלגעמיינערן אין דער פּאָעזיע די טיפסטע שטימונגען פון פאָלק, אויסדריקן זײַנע ליידן, אומגליקן, ווען ער האָט גערופן צום קאַמף, צו דער פרײַהײַט. פאַר אַ פאָלק־פּאָעט מאַכן יאַנקאַ קופּאַלאַ יענע עלעמענטן פון זײַן שאַפן, וווּ ער טרעט אַרויס ווי אַ רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער דיכטער פון פאָלק, פון די גרונט־מאַסן פון פויערטום, וועלכער האָט אויפגעהייבן די פאָן פון קאַמף אַפּ די באַריקאַדן פון דער רעוואָליוציע אין יאָר 1905. פאַר אַ פאָלק־פּאָעט מאַכן יאַנקאַ קופּאַלאַ יענע עלעמענטן פון זײַן שאַפן, וווּ ער טרעט אַרויס ווי אַ דיכטער פון דער נאַציאָנאַל־באַפרײַערישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג.

---

נ. בוכוואלד.

# שטריכן פון אמסטערדאמער אנטימילכאָמע־קאָנגרעס

אין דעם אופנעם־צימער פון דער „רײַ״־געבײַדע איז א גערודער. איבערן קאָפּ הענגט די גאנצע וועלט אפ שטריקלעך. די וועלט איז נאָך אײַנגעטיילט אין באזונדערע מעדינעס, און פון די באזונדערע מעדינעס זײַנען געקומען ארבעטער און אינטעליגענץ זיך צונויפריידן וועגן מאכן א סאָף צו מילכאָמעס. זײַנען איבערן צימער אָנגעצויגן שטריקלעך און אפ די שטריקלעך הענגען צעטלעך מיט אופשריפטן, שטיקער וועלט: ענגלאנד, פראנקרײַך, דײַטשלאנד, אמעריקע, יאפאָניע, כינע און נאָך און נאָך און נאָך און נאָך. אונטן זײַנען די גרענעצן ניט אָנגעצייכנט: די דײַטשישע דעלעגאציע וואקסט אריבער איר שעטעך און פארפלייצט א טייל יאפאָניע צי איטאליע. בא די טישן איז א טומל און א געדרענג, דעלעגאטן לעגיטימירן זיך, קריגן זייערע אײַנטריט־קארטלעך. דער פאָדער־צימער זשומעט אפ אלערליי שפראכן. די האָלענדישע כאווירים שמײַען ארום און ריידן מיט די דעלעגאטן אפ אלע דרײַ „אָפיציעלע״ שפראכן — דײַטש, פראנצויזיש און ענגליש. פאר א פרעמדן איז שווער זיך מיטאמאָל צו אָריענטירן אין דער געאָגראפיע פון דער „רײַ״־געבײַדע. ס'איז ניט קיין געבײַדע. נאָר א הויפ מיט געבײַדעס. ס'איז דער פאלעץ פון דער אוטאָמאָביל־אינדוסטריע. א גרויסער קאָרפּוס מיט פליגלען. טירן פון דרויסן ארײַן, טירן פון איין זאל צום צווייטן. טירן און קאָרידאָרן און דורכגאנגען. בא די טירן — האָלענדישע כאווירים מיט רויטע בענדער ארום די ארבל. „קאָנטראָל״. א, וואָס וויל ער? אָ, יאָ, קאָנטראָל, דעלעגאטן־קארטל. אָט איז עס. ביטע.

ס'איז ערעוו קאָנגרעס. די דעלעגאציעס האלטן אָפּ באראטונגען אין דעם גרעסערן פון די צוויי ריזיקע זאלן פון דעם „רײַ־כעבאוי״, ווי די האָלענדער ריידן דאָס ארויס. אין דעם צווייטן גרויסן זאל וועלן פאָרקומען די זיצונגען. דער גרעסערער זאל איז לויטער שעטעך און קאָלאָנעס. די לאנגע, געדעקטע טישן קוקן אויס ווי קינדער־מעבל אין אָט־דעם ריזיקן זאל. בא די זײַטן טוליעט זיך א בופעט, פונדערווײַטנס — אדמיניסטראציע־ביוראָס. דער דיל איז א מין לעבעדיקע דיאגראמע פון דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באַוועגונג אפ דער גאנצער וועלט. איר זעט דאָרט אין יענעם ווינקל דעם מאסן־מיטינג מיט דעם רעדנער, וואָס שטייט אפ א טישל? — דאָס איז די דײַטשישע דעלעגאציע. און אָט זיצט אין א צווייטן ווינקל א אינטימע גרופּע און שמועסט — די אמעריקאנער דעלעגאציע. נאָך

א מאסנ־מיטינג—די פראנצויזנ. נאָכ גרופנ און גרופקעס, מיטנ אויג קאָנט איר זיי אלעמענ ארומנעמענ און אפ איינ בליק קאָנט איר אופכאפנ די פראָפאָרציאָנעלע גווורע פונ דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־באוועגונג אינ יעדנ לאנד.

ס'איז אָבער ניט קיינ גענויע דיאגראמע. לאָזט זיכ ניט פארפירנ. די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ אינדיע באטרעפט מער ווי דריי דעלעגאטנ און די קליינע פוילישע דעלעגאציע איז ניט קיינ מאָס פונ רעוואָליוציאָנערנ פוילנ. פאראנ אנדערע ווייזערס פונ וועלט־רעוואָליוציע, ווי די צאָל דעלעגאטנ צום אמסטערדאמער קאָנגרעס. גדענקט: די סאָוועטישע דעלעגאציע איז דאָ אינגאנצנ ניטאָ. די האָלענדישע רעגירונג האָט דעמאָנסטראטיוו אוועקגעשטעלט א שוימער מיט א ביקס, ער זאָל ניט ארייַנלאָזנ גאָרקינ. גאָרקי איז געפערלעכ, ער איז א סאָוועטישער, שווערניק און די אנדערע זייַנענ אויכ סאָוועטישע, קאָנענ זיי ניט ארייַנקומענ. דאָס איז געווענ דער אָפיציעלער טערעצ. אויב סאָוועטישע איז געפערלעכ, זייַנענ הונדערטער דעלעגאטנ פונ אנדערע לענדער פארהאלטנ געוואָרנ אפנ גרענעצ און ניט ארייַנגעלאָזט געוואָרנ נאָר דערפאר, וואָס אפ זייערע פאספאָרטנ איז געווענ געשטעמפלט אויכ א סאָוועטישע וויזע. אויב עמיצער איז שוינ געווענ אינ סאָוועטנפארבאנד, טאָר מענ אימ ניט צולאָזנ צום קאָנגרעס קעגנ מילכאָמע. און פאר דער באשיצונג פונ סאָוועטנפארבאנד. ס'איז א געפערלעכ לאנד. פאָרט עמיצער ארייַנ אהינ, אזוי שטעקט ער זיכ אָנ מיט עפעס א פיבער, וואָס פארצערט די סאמע „מאָראלישע יעסוידעס“ פונ דער „ציוויליזירטער וועלט“. האָלאנד איז ניט אליינ. זי שטייט אפ דער וואכ פונ די וועלט־אינטערעסנ פונ קאפיטאליזמ. א קליינע מעדינע האָלאנד, א גענעצ, אָבער אינ אירע קאָלאָניעס ווערנ אומגעבראכט אומצאָליקע לעבנס אפנ מיזבייעכ פונ האָלענדישנ אימפעריאליזמ און אינ יאווא טליענ פייַערנ פונ נאציאָנאלער רעוואָליוציע. האָלאנד איז א שוטעפטע צו דער וועלט־באלעבאטישקייַט, וואָס פלאָדיעט מילכאָמעס, און די האָלענד'שע רעגירונג ווייסט, אז די מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ פארמאָסטנ צו מאכנ א סאָפ צו מילכאָמעס, האָבנ זיכ פארמאָסטנ אויסצורייַסנ די מילכאָמע־נעפאר מיטנ וואָרצל. שטייט דער שוימער מיט־דער ביקס אפ דער גרענעצ פונ האָלאנד און לאָזט ניט ארייַנ.

אינ דער זיצונג־זאל ציענ זיכ ריזיקע לענטעס. אינ אלע ריכטונגענ, און אפ אלע לענטעס, די רויטע און בלויע, די גרינע און געלע, איז אופגעשריבנ מיט א געלייַטערטער פאשטעס דער רוף פונ דער האָרעפּאשנער מענטשהייַט: קריג דעמ קריג. דער גאנצער זינ און אינהאלט פונ קאָנגרעס איז קאָנצענטרירט אינ דעמ לאָזונג, וואָס איז אופגעשריבנ אפ דער וואנט הינטער דעמ פרעזידיומ: „קעמפט צוזאמענ מיט אונדז קעגנ דעמ אימפעריאליסטישנ קריג“.

אינ פרעזידיומ זיצנ בראווסטע קעמפער פונ דער האָרעפּאשנער מענטשהייַט און אירע בעסטע שעפערישע גייַסטער, און פונ זיי גייט דער רוף צו דער גאנצער וועלט, צו אלע קאָרבאָנעס פונ דער אָרדענונג, וואָס צינדט מילכאָמעס—פונ זיי קומט דער פאָשעטער, מוירעדיקער קלאָרער רוף: „קעמפט מיט אונדז קעגנ אימפעריאליסטישנ קריג“.

און אָט זיצנ צוויי טויזנט מיט צוויי הונדערט דעלעגאטנ בא דער דערעפענונג פונ אמסטערדאמער קאָנגרעס, און אלע קומענ זיי אנטקעגנ דעמדאָזיקנ רוף מיט איינ דראנג, מיט איינ ווילנ: קאמפ קעגנ קריג. ווער זייַנענ זיי, אָט די מענטשנ פונ פארשיידענע לענדער און שפראכנ? וואָס האָבנ זיי געבראכט צום קאָנגרעס אויסער זייער ווידערווילנ צו מילכאָמע?

* * *

ס'איז א וויכטיקע פראגע, ווײַל די פארטיידיקער פון דעם וועלט־אימפעריאַליזם און
די רענעגאטן, וואָס סאבאָטירן דעם קאמפּ קעגן מילכאָמע, האָבן אָנגערעדט אלערליי בייזע
רעכילעסן וועגן דעם קאָנגרעס, נאָך איידער ער האָט זיך דערעפנט. עס האָט געהייסן, אז
דער קאָנגרעס איז, קוידעמקאָל, א „קאָמוניסטישע מאכערײַקע", אן אסיפע פון פראָפעסיאָ־
נעלע פּראָפּאגאנדיסטן, פון „מאָסקווער אגענטן", וואָס האָבן זיך פארמאָסטן, אונטער דעם
אָנשטעל פון קאמפּ קעגן מילכאָמע, צו פארשפרייטן „געפערלעכע פּראָפּאגאנדע" און סטאם
מאכן סקאנדאלן דער „ציווילאיזירטער וועלט". דאָס איז געווען די אָפיציעלע העצע קעגן
אמסטערדאמער קאָנגרעס. דאָס איז געווען די מאָטיווירונג פון דער שווייצארישער רעגי־
רונג, ווען זי האָט אָפּגעזאָגט צו דערלויבן, אז דער קאָנגרעס זאָל געהאלטן ווערן אין
זשענעווע. די סאָציאַל־פאשיסטן, די פירער פון צווייטן און פון אמסטערדאמער אינטער־
נאציאָנאל, האָבן מיט אן אנדער פראזעאָלאָגיע און מיט אנדערע אָנשטעלן געשפּרייט דיזעל־
ביקע העצע: דער אמסטערדאמער קאָנגרעס איז, הייסט עס, ניט קיין אופריכטיקער פארזוך
צו קעמפן קעגן מילכאָמע, נאָר א „מאנעוור" פאר א פארייניקטן פראָנט. דאָס ווילן די
קאָמוניסטן צעקריגן די סאָציאַל־דעמאָקראטישע מאסן מיט זייערע פירער, דאָס וויל מאָס־
קווע אונטערשטעלן א פיסל דעם צווייטן אינטערנאציאָנאל. דאָס—און מער גאָרניט. דערי־
בער, האָבן די סאָציאַל־פאשיסטישע גדוילים געברײַעט, טאָרן זיך די מאסן ניט באטייליקן
אין דעם קאָנגרעס, ווײַל דאָס וואָלט געהייסן—שטיצן „מאָסקווער מאנעוורעס". און איר
ווייסט דאָך, אז לויט דער טוירע פון צווייטן אינטערנאציאָנאל איז ניטאָ קיין וועזנטלע־
כער אונטערשייד צווישן מאָסקווע און טאָקיאָ, צווישן יאפּאַנישן אימפעריאַליזם און
„רויטן אימפעריאַליזם". כאָטש קאַשען האָט גאָרניט מײַסע דזשענטעלמען פארעפנטלעכט
דעם אינהאלט פון די געהיימע דעבאטן צווישן די פירער פון צווייטן אינטערנאציאָנאל
איבער דער בארימטער רעזאָלוציע פון „סאָלידאריטעט" מיטן סאָוועטנפארבאנד. אין יענע
דעבאטן האָבן די „קעפּ" פון סאָציאַל־פאשיזם זיך דערעדט צו דעם טעזיס, אז אויב יאַ־
פּאַניע זאָל צעשמעטערן דעם סאָוועטנפארבאנד, וואָלט דאָס ניט געווען קיין שטערונג
פארן אלוועלטלעכן סאָציאַליזם! זיי האָבן זיך דאָרט דערעדט צו דעם אנטיסאָוועטישן הע־
צערישן אויספיר, אז די סאָציאַליסטן זײַנען פונקט אזוי וויניק גרייט צו שטיצן אן אָנ־
פאל פון סאָוועטן־פארבאנד אף יאפּאַניע, ווי פון יאפּאַניע אפן סאָוועטן־פארבאנד! די
וואָרענונג פון די „לינקע" סאָציאַל־פאשיסטן, אז די מאסן וועלן סײַווי פארטיידיקן דעם
סאָוועטן־פארבאנד, צי דער צווייטער אינטערנאציאָנאל וועט זיי דערלויבן, צי ניט, האָט גע־
האט א ווירקונג, און דער אויספיר־קאָמיטעט פון צווייטן אינטערנאציאָנאל האָט אין זײַן
בארימטער מײַ־רעזאָלוציע פארמאסקירט זײַן־אנטי־סאָוועטישע, פּראָ־אימפעריאַליסטישע
שטעלונג דורך א היפּאָקריטישן אָנשטעל פון „סאָלידאריטעט".

די אלע רעכילעסן האָבן געהאט דעם דאָפּלטן ציל ארונטערצורײַסן די קאמפּאניע ערעוו
דעם קאָנגרעס, און אויב דאָס וועט זיך ניט אײַנגעבן—דיסקרעדיטירן דעם קאָנגרעס גופע
און סאבאָטירן די מאָביליזאציע פון די מאסן פארן אָרגאניזירטן מאסן־קאמפּ קעגן מיל־
כאָמע.

דעריבער איז עס ניט גלאט א פראגע פון נײַגער, נאָר ס'איז א פונדאמענטאלע פּאָלי־
טישע פראגע—צו באטראכטן דעם צוזאמענשטעל פון קאָנגרעס, זײַנע סאָציאַלע באשטאנד־

עלעמענטן, זײַנע פּאָליטישע גרופּירונגען און אידעאָלאָגישע שטרעמונגען. איז—לאָמיר זען, ווער ס'איז געקומען צום אמסטערדאמער קאָנגרעס און צוליב וואָס.

* * *

די מײַסע, אז דער קאָנגרעס איז געווען אן אינטעליגענטישער, ווערט קלאָר אָפּגעלייקנט דורך די ציפערן פון דער מאנדאט־קאָמיסיע: 1865 ארבעטער, 249 אינטעלעקטואלן און זעלבשטענדיקע באשעפטיקונגען, 72 פויערים. די טײַנע, אז דער קאָנגרעס איז געווען א ריין א קאָמוניסטישע אסיפע, א „מישפּאָכע־איניען" ווערט צעשמעטערט דורך די ווײַטערדיקע ציפערן פון דער מאנדאט־קאָמיסיע: 830 מיטגלידער פון קאָמוניסטישע פּארטייען און קימאט צוויי מאָל אזוי פיל אומפּארטייִשע און סאָציִאַל־דעמאָקראטישע דעלעגאטן. לויט די אָנגאבן אין די מאנדאט־אנקעטן זײַנען אפן קאָנגרעס געווען 322 סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע דעלעגאטן, צווישן זיי—בלויז 24 לינקע. אינדערעמעסן איז די צאָל סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע קאנדידאטן געווען גרעסער. אסאך פון די דעלעגאטן האָבן שוין אין דער פאר־קאָנגרעס־קאמפּאניע באַ זיך אָפּגעמאכט, אז אידעאָלאָגיש און מאָראַליש געהערן זיי נית צו די סאָציִאַל־דעמאָקראטישע פּארטייען, כאָטש זיי זײַנען מיט זיי פארבונדן אָרגאניזאציִאָנעל. דעריבער האָבן זיי אין די אנקעטן זיך אָנגעגעבן ווי אומפּארטייִשע. די רעזאָליוציע פון די סאָציִאַל־דעמאָקראטישע דעלעגאטן צו באקעמפן יעדן פּרווו פון די סאָציִאַל־דעמאָקראַטישע פירער צו פארפאָלגן אָדער אויסשליסן די מיטגלידער פון דעם צווייטן אינטערנאציִאָנאל, וואָס האָבן זיך באטייליקט אין דעם קאָנגרעס, איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון איבער פיר הונדערט דעלעגאטן.

ניט געקוקט אפן אָפיציִעלן פארבאָט, וואָס פריצ אדלער און די אנדערע „קעפּ" פון צווייטן אינטערנאציִאָנאל האָבן ארויסגעגעבן קעגן באטייליקן זיך אין דעם קאָנגרעס; ניט געקוקט דערופ, וואָס אפ די ערטער האָבן די סאָציִאַל־פאשיסטישע פירער געארבעט מײַסים, אז די לאָקאלע אָרגאניזאציעס זאָלן ניט ווײלן קיין דעלעגאטן צום קאָנגרעס, האָבן צענדליקער קלענערע און גרעסערע סאָציִאַליסטישע לאָקאלן אין פראנקרײַך, אין דײַטשלאנד, אין עסטרײַך, אין טשעכאָסלאָוואקיע, אין דער שווייצ געווײלט דעלעגאטן איבער די קעפ און ניט געקוקט אפ די סטראשונקעס פון די סאָציִאַל־פאשיסטישע פירער און די רעפאָרמיסטישע פראָפאריין־ביוראָקראטן.

ווען מע זאָל וועלן אורטיילן לויט די פעסטגעשטעלטע מאנדאט־ציפערן ווענן דער מאָס דערפאָלג, וואָס די קאמפּאניע פאר א פאראייניקטן פראָנט פונונטן האָט פארצייכנט אין פארבינדונג מיט דעם אמסטערדאמער קאָנגרעס, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אז ס'איז שוין געמאכט געוואָרן אן אָנהייב און ס'איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן א שטײַגנדיקע טענדענצ פון א מאסנהאפטן פאראייניקטן פראָנט פון די האָרעפּאשנע שיכטן פאר אן אלוועלטלעכן אָרגאניזירטן מאסן־קאמפּ קעגן דער אימפּעריִאַליסטישער מילכאָמע און קעגן דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג, וואָס צינדט מילכאָמעס. אָבער די ציפערן אליין דערציילן נאָך ניט די גאנצע געשיכטע. ווער ס'איז געווען אפן אמסטערדאמער קאָנגרעס און האָט צוגעזען די מאניפעסטאציעס פון אייניהײַטלעכן מאסן־ווילן פאר דעם קאמפּ קעגן מילכאָמע; ווער ס'האָט געהערט די שטורעמדיקע אפּלאָדיסמענטן און אָוואציעס, וואָס ס'האָבן געקראָגן פון דער מאסע די פירנדיקע טוער און רעדנער, וועלכע האָבן גערופן צו מאסן־קאמפּ קעגן מילכאָמע—דער וועט קומען צום אויספיר, אז ס'האָט זיך ענדלעך אָנגעהייבן א מאסן־אופברויז קעגן מילכאָמע און אז אפן באָדן פון קאמפּ קעגן מילכאָמע

זײַנען זיך צונויפגעקומען פארטרעטער פון אלערליי פאָליטישע און ריכטונגען אידייִשע שטרעמונגען.

דער אָנגענומענער מאניפעסט גיט א באגריף וועגן דער געמיינשאפטלעכער באזע, אפ וועלכער ס'האָבן זיך פאראייניקט אלע שיכטן אָרנטלעכע מילכאָמע־קעגנער. די געמיינשאפטלעכע באזע איז אויסגעהאמערט געוואָרן אפן קאָנגרעס גופע, און ס'האָט זיך געפאָדערט אסאך מי, אסאך ארגומענטאציע, אסאך לײַדנשאפטלעכע רעדנער־קראפט אפ גויוער צו זײַן די פארשיידענע פאציפיסטישע איליוזיעס און אײַנריידענישן, וואָס זײַנען געשטאנען אין וועג פון פאראייניקטן פראָנט און אן איינהײַטלעכער פראָגראם אין דעם קאמפ קעגן מילכאָמע.

אפן קאָנגרעס האָט יעדער דעלעגאט געקאָנט קריגן א היפשע בראָשור, וואָס איז געווען געדיכט געדרוקט און האָט אנטהאלטן די ליסטן פון אָרגאניזאציעס און פראָמינענטע יעכידים פון יעדן לאנד, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער קאָנגרעס־באוועגונג. אין יענער בראָשור קאָנט איר געפינען הונדערטער אויסגעשפראָכן־פאציפיסטישע קערפערשאפטן, און נאָך הונדערטער מאסן־אָרגאניזאציעס, וואָס שטייען, געוויינטלעך, אויסער דער ווירקונג־ספערע פון די קאָמוניסטישע פארטייען.

דאָס, וואָס גאָרקי האָט אויסגעדריקט אין זײַן נאָר־וואָס פארעפנטלעכטער „ניט־געהאלטענער רעדע צו די דעלעגאטן פונעם אנטי־מילכאָמע־קאָנגרעס“, איז אין אלערליי וואריאנטן געהערט געוואָרן אין די רעדעס פון די פארשיידענע דעלעגאטן, און ווען מיר ציטירן דאָ שטעלן פון גאָרקיס ניט־געהאלטענער רעדע, ציטירן מיר דעם זין און אינהאלט פון א צאָל רעדעס, וואָס זײַנען יאָ געהאלטן געוואָרן אפן קאָנגרעס:

„איך וואָלט געוועזן זייער צופרידן צו גלויבן, אז דערדאָזיקער פראָטעסט אײַער וועט א וואקל טאָן דעם בייזן ווילן פון די פײַנט פון דער מענטשהײַט, ווײַל זיי זוכן פונדאָסנײַ צו פארפירן א צווישנפעלקערלעכע שכיטע. אָבער די פארגאנגענהײַט גיט ניט קיין האָפענונג, אז די קראפט פונעם וואָרט בא די פאציפיסטן זאָל זײַן פייִק זיגרײַך צו באקעמפן די צעשטערונג־קאוואָנעס פון דער קאסטע מענטשן, וואָס אין צאָל איז זי א נישטיקע... אָבער וואָס קאָמאנדעוועט נאָך אלץ מיטן לעבן און מיטן ווילן פון דער נאציע.

„איר אלע געדענקט געוויס, אז נאָכדעם ווי פרײַסן האָט צעקלאפט עסטרײַך און פראנקרײַך האָט דער פאציפיזם אין פארלויף פון 43 יאָר קעסיידער געפריידיקט, און אז צווישן אנדערע איז דער באוווסטער בוך פון בערטא פאָן זוטנער „אראָפ דאָס געווער“, געלייענט און אָנגענומען געוואָרן פון דער אינטעליגענץ אין דער גאנצער וועלט. אָבער ניט דערדאָזיקער בוך און ניט לעוו טאָלסטויס פריידיקונג און ביכלאל קיינער האָט ניט געקאָנט שטערן די קאפיטאליסטן צו פארניכטן מיליאָנען מענטשן אין קאמפ פאר באהערשן קאָלאָניעס, פאר אײַנאָרדענען דעם מארש אפ פעקין און בארויבן די הויפט־שטאָט פון כינע, קיינער האָט ניט געקאָנט שטערן דעם אויסברוך פון די באלקאנישע מילכאָמעס און דער אלגעמיין־אייראָפּייִשער שענדלעכער שכיטע.

דידאָזיקע שכיטע האָט ניט געדארפט פארכאפן די פאציפיסטן פון אייראָפע אומגעריכט, אָבער זי האָט לײַכט פארכאפט די הומאניטאריער, זי האָט זיי אוועקגעשטעלט איינעם קעגן אנדערן מיט געווער אין די הענט אין די רייען פון אומוויל־

קע מיליאָנען מערדער, און די שאָלעם־פריידיקער האָבן איינער דעם אנדער פארניכטעט מיטן מוט פון ווילדע מענטשן.

„עס איז זייער שווער זיך פאָרצושטעלן וויאזוי ס'וועלן זיך אופירן די פאציפיסטן אין די טעג, ווען עס וועט אופלאקערן די אומפארמײַדלעכע און די לעצטע מילכאָמע, וואָס וועט פארניכטן די מעגלעכקײַט עס זאָלן אופקומען נאציאָנאלע מילכאָמעס. עס איז באוווסט, אז די גאנצע קראפט פון האס בא די נאציאָנאליסטן איז געווענדעט אפן סאָוועטנפארבאנד. עס איז אויך קלאָר, אז אויב די קאפיטאליסטן וואָלטן געגלויבט, אז אלץ, וואָס דער ארבעטער־קלאס פונעם סאָוועטנפארבאנד שאפט, איז בלויז א „ניטגעלונגענער עקספערימענט", וואָלטן זיי ניט געהאט צוליב וואָס אזוי ווילד צו האסן די מענטשן פון דעם סאָוועטן־לאנד... אָבער דער עקספערימענט איז א בוילעט־געלונגענער, און זיי הייבן שוין אָן אליין אפן קאָל צו ריידן וועגן דעם איינער מיטן צווייטן.

„אפ וויפל איך פארשטיי איז די אופגאבע פונעם איצטיקן סאָנגרעס—אויסגעפינען פאָרמען פון קעגנשטעלן זיך דידאָזיקע קאוואָנעס (פון מילכאָמעס קעגן סאָוועטנפארבאנד). דאָס איז א בעקאָוועדיקע אופגאבע. אין דער פראגע וועגן דער קאמפ־פאָרם קעגן די אָרגאניזאטערס פון דער נײַער מאסן־אויסראָטונג פון דער מענטשהײַט... דענק איך ניט, אז א פראָפעסיאָנעלן מערדער זאָל מען קאָנען איבערדערציִען. ווירקנדיק אפ אים מיט ווערטער... ווענדנדיק זיך צום פראָלעטאַריאט פון אלע לענדער (אײַנשליסנדיק אינעם באגריפ „פראָלעטאריאט" אויך די ערלעך־דענקענדיקע מענטשן פון אינטעלעקטועלער מי), ווינשט איך די פראָלעטאריער, זיי זאָלן וואָט גיכער פארשטיין, אז יעדע מילכאָמע פון די קאפיטאליסטן איז א מילכאָמע קעגן די ארבעטער, קעגן דעם ארבעטנדיקן פאָלק, קעגן דער קולטור, און פארשטייענדיק דאָס—אָנווענדן אלע באמיִונגען, זײַן גאנצע קראפט צו אָרגאניזירן די לעצטע און אנטשיידנדיקע שלאכט קעגן דעם קלאסן־פײַנט, וואָס צעשטערט די קולטור, די געשאפענע דורכ דוירעס־לאנגע אָנשטרענגונגען פון די טוער פון פיזישער און גײַסטיקער מי".

די פאציפיסטן אליין האָבן אפן קאָנגרעס געפילט די נעבעכדיקײַט, די אומבאהאָלפנקײַט פון זייערע רעצעפטן, „פון זייער אָפשפרעכן א גוט אויג" דער מילכאָמע־געפאר.

די רייד וועגן אָפזאָגן זיך פון מיליטער־דינסט האָבן געהאט ווייניק האפט און האָבן געווונען ווייניק אָנהענגער. א באזונדערער אָפצווײַג פון פאציפיזם איז געווען פארטראָטן פון דעם געוועזענעם פרעזידענט פון אל־אינדישן נאציאָנאלן קאָנגרעס, וואלאבהײַ פאטעל. אָבער די פראקטיק פון דער נאציאָנאלער באפרײַונג־באוועגונג אין אינדיע נעמט ארויס פאטעלס לערע פון „פאסיוון ווידערשטאנד" פון דער קאטעגאָריע פאציפיסטישע אילויזיעס וועגן אינדיווידועלן פראָטעסט קעגן גוואלד־מאכט און מילכאָמע. אפ זײַן שטייגער איז פאטעל געווען „רעוואָליוציאָנער". ער האָט גערופן די גאנצע וועלט צו פארייניקן זיך אין קאמפ פאר דער באפרײַונג פון אינדיע און פאר דער שטירצונג פון ברִיטישן אימפעריאַליזם. אין זײַנע ארייסטרעטונגען האָט ער ארויסגעשטעלט צום פאָדערגרונט ניט דעם מאָמענט פון „פרידלעכע" מיטלען, נאָר דעם מאָמענט פון אלוועלטלעכן קאמפ קעגן בריטישן אימפעריאַליזם. זײַנע פארדאמונגען פון דער בריטישער הערשאפט אין אינדיע און פון די היפאָקריטישע „שאָלעם" ־ מאנעוורעס פון דער פעלקער־ליגע האָבן ניט געקלונגען פאציפיסטיש.

אפן קאָנגרעס האָט פאטעל געשאפן אסאך „שטימונג”. זײַן אויסזען אליין האָט געמאכט א טיפן אײַנדרוק אף די דעלעגאטן. ער איז געווען געקליידעט אין ווײַסן, מיט שמאָלע, ענג־געפאסטע הויזן און מיט א ווײַס־מיצל אפן קאָפּ. זײַן ווײַסע באָרד האָט נאָך טונקעלער געמאכט די ברוינע הויט פון זײַן ערנסטן, ענערגישן פּאָנעם. די אינטעליגענץ האָט, אָן ספק, באווירקט דעם קאָנגרעס, אָבער זי איז דאָרט ניט געווען קיין באשטימטער פּאָליטישער אָדער אידעאָלאָגישער צאד. אז אנרי באַרביוס האָט דאָמינירט איבער זיי אלעמען, איז איבעריק צו זאָגן. אָבער באַרביוס האָט זיך דערוואָרבן די פּאָזיציע פון פירערשאפט ניט בלויז מיטן צויבער פון זײַן נאָמען, נאָר אויך און הויפּטזעכלעך מיט זײַן געזונטן, פּראקטישן צוגאנג צום איניען אנטי־מילכאָמע־אקציע. ער האָט געבראכט צום קאָנגרעס זײַנע דורכגעטראכטע, דורכגעליטענע אויספירן וועגן דער מילכאָמע־געפאר, וועגן די גרונט־סיבעס פון מילכאָמע און וועגן רעוואָליוציאָנערן מאסן־קאמף, ווי דעם איינציקווירקזאמען מיטל קעגן מילכאָמעס. אין טאָך איז זײַן רעדע צוזאמענגעפאלן מיט דער פּראָגראם פון רעוואָליוציאָנערן קלאסנקאמף און פון א ברייטן פאראייניקטן פראָנט פון די האָרעפּאשניקעס און אינטעלעקטואלן קעגן מילכאָמע און פאר דער באשיצונג פון סאָוועטנפארבאנד. אנדערע אינטעלעקטואלן, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אף דער ווענדונג פון גאָרקי, באַרביוס און ראָלאן, און זײַנען געקומען צום קאָנגרעס, האָבן מיט זיך עפּשער ניט געבראכט באַרביוסעס קלאָרן באוווסטזײַן וועגן דער פראגע פון מילכאָמע און קאמף קעגן מילכאָמע; דערפאר האָבן זיי אָבער געבראכט זייער אופריכטיקן ווילן מיטצוקעמפן אין דעם וועלט־געפעכט קעגן מילכאָמע און סעמיילע קעגן קאפּיטאליזם. די אינטעלעקטואלן האָבן זיך געפילט, ווי כאָשעווע מיטגלידער אין דער פארזאמלונג פון די אנטי־מילכאָמע קעמפער. די איניציאַטיוו פון גאָרקי, באַרביוס און ראָלאן, דער אָנטייל פון איינשטיין, היינריך מאן, טעאָדאָר דרייזער, א. א. וו. אין צוגרייטן און סטימולירן די פאר־קאָנגרעס־באוועגונג, — דאָס האָט שוין סעמיילע געוואָרפן א גינסטיקע שײַן אף אלע אָנגעזעענע אינטעלעקטואלן אפן קאָנגרעס, אפילע אויב איניקע פון זיי האָבן געלויכטן בלויז מיט דער אנטנומענער ליכט פון די גרויסע גײַסטיקע פירער.

* * *

וועגן דער פּאָזיציע פון די קאָמוניסטן אף דעם אמסטערדאמער קאָנגרעס איז בא קיינעם פון די דעלעגאטן ניט געווען קיין צווייפל. די קאָמוניסטן האָבן ניט מאסקירט זייער פּאָזיציע און האָבן געוואונען דעם צוטרוי פון אלע עלעמענטן אפן קאָנגרעס (ניט דורך „מאנעווורעס”, נאָר פונקט פארקערט, — גראָר דורך אָפענער, עמפאטישער דערקלערונג. קעגן די פאציפיסטישע רעצעפטן און אינטעלעקטועלער מעליצע האָבן די פירנדיקע קאָמוניסטן ארויסגעשטעלט א פּראָגראם פון רעוואָליוציאָנערער קלאסן־אקציע. מארסעל קאשען האָט אין זײַן פּראָגראם־רעדע געזאָגט:

„קעדיי צו באקעמפן דעם אימפעריאַליזם, מוזן מיר דעם אימפעריאַליסטישן קריג פארוואנדלען אין א בירגערקריג. קעדיי ארויסצוקומען זיגרײַך אין דעמדאָזיקן בירגערקריג, מוזן מיר טאָן אלץ צו אנטוואָפענען די בורזשואזיע און באוואָפענען דעם ארבעטער־קלאס. מיר מוזן געווינען די סאָלדאטן אף אונדזער זײַט. פון דעמדאָזיקן שטאנדפונקט איז די פראגע פון מאָביליזאציע א פּראקטישע פראגע. דער, וואָס שרײַבט אונטער דעם מאָביליזאציע־באפעל, באשטימט דערמיט, אז די ארבעטער זאָלן ארײַן אין די קאזארמעס, זאָלן ווערן סאָלדאטן און זאָלן נעמען געווער אין האנט.

די, וואָס שטעלן זיך קעגן מיליטער־דינסט אָן שום ווײַטערדיקע פאָדערונגען, שאפן נאָר שטערונגען, אז דער פראָלעטאריאט זאָל קאָנען נעמען געווער אין האנט. גראָד די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער מוזן ארײַן אין די ארמייען, קעדיי צו פירן די באַוואָפנטע פראָלעטארישע מאסן אין קאמף קעגן דער בורזשואזיע און זיי געווינען אף אונדזער זײַט. דידאָזיקע טאקטיק... איז די זיגרײַכע טאקטיק פון די באָלשעוויקעס אין 1917 י. די פארוואנדלונג פון דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע אין א בירגערקריג האָט געבראכט פרײַהײַט די ארבעטער און פויערים פון סאָוועטנפארבאנד... דעריבער פאָדערן מיר, אז אין דעם אויסוואל פון אנטי־מילכאָמע־וואפן זאָל אויסגענוצט ווערן די דערפארונג פון אונדזערע רוסישע ברידער. געווינען אף אונדזער זײַט די ארמיי און דעם פלאָט, שאפן א פארייניקטן פראָנט פון האָרעפאשניקעס און זיי לערנען צו באנוצן געווער — דאָס איז אונדזער כויוו, אויב מיר ווילן פירן דעם פראָלעטאריאט צו א בעסערן מאָרגן".

זיכער זײַנען די קאָמוניסטן נית געווען גענארט וועגן דעם פאקט, אז דערווײַל איז דער קאָנגרעס נאָך נית קיין גאראנטיע פאר א פארייניקטן מאסן־פראָנט קעגן דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. נית געקוקט דערויף, וואָס אין דעם קאָנגרעס האָבן זיך באטייליקט דעלעגאטן פון 40 לענדער, פון טויזנטער אָרגאניזאציעס מיט א מיטגלידערשאפט פון דרײַסיק מיליאָן מענטשן; נית געקוקט דערויף, וואָס ארום פיר הונדערט סאָציאל־דעמאָקראטישע דעלעגאטן זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן צום קאָנגרעס קעגן דעם באפעל פון די סאָציאל־פאשיסטישע פירער; נית געקוקט דערויף, וואָס דער מאניפעסט האָט געשאפן א געמיינשאפטלעכע באזע פאר אלע אָרנטלעכע קעגנער פון מילכאָמע, איז אָבער דער קאָנגרעס דערווײַל געווען נית מער ווי א דעמאָנסטראציע פאר אן אנטי־מילכאָמע־אקציע און א סיגנאל צו אן אלוועלטלעכן מאסן־קאמף קעגן די אימפעריאליסטישע מילכאָמעס. פאר די אינטעלעקטואלן איז די דעמאָנסטראציע גופע געווען א מין גײַסטיקע, עטישע אופלעבונג. זיי האָבן געקראָגן א געוויסע באפרידיקונג אין דער דערהויבונג, אין דעם אנטי־מילכאָמע אײפער, וואָס דער קאָנגרעס האָט צום לעבן געבראכט. די קאָמוניסטן זײַנען אָבער פראקטישע קעמפער און זיי האָבן נית אופגעהערט צו האמערן אף דעם פונקט, אז דעמאָנסטראציע אליין איז נית גענוג, אז דער דערפאָלג פון קאָנגרעס איז נאָך נית קיין פולשטענדיקע גאראנטיע פון ווירקזאמער אנטי־מילכאָמע אקציע, אז דער פארייניקטער פראָנט דארף נאָך ערשט אויסגעשמידט ווערן און אז דער מאניפעסט איז בלויז דער סיגנאל און די באזע פאר אָט־דעם פארייניקטן פראָנט פון קאמף קעגן מילכאָמע און פאר דער באשיצונג פון סאָוועטנפארבאנד.

ווילי מינצענבערג האָט אין זײַן לײַדנשאפטלעכער רעדע קלאָר ארויסגעבראכט אָט־דעם מאָמענט:

„די היסטאָרישע אופגאבע פון אמסטערדאם, — האָט ער געזאָגט, — איז אויסצואַרבעטן א קאָנקרעטע טאקטיק בענעגייע מילכאָמע און צוגרייטונג צו מילכאָמע... אונדזער מאניפעסט וועט פרווון שאפן אזא קלאָרקײַט. אָבער פאפיר בלײַבט פאפיר, ווען הינטער דעם שטייט נית קיין לעבעדיקע באגײַסטערטע לײַדנשאפט פון די מאסן. ... מיר דערקלערן זיך גרייט צו גיין אין געשלאָסענע רייען אף א געמיינזאמען וועג מיט אלע, וואָס זײַנען גרייט מיטצוקעמפן ביזן לעצטן טאָג... מיר ווייסן, ווי שווער דער וועג איז, אָבער מיר קעמפן אין דעם גײַסט פון לעניג און ליבקנעכט".

אז דער צווייטער און אמסטערדאמער אינטערנאציאָנאַלן שטייען אין וועג פון ווירקזאמער אנטי־מילכאָמע־אקציע איז קלאָר ארויסגעבראכט געוואָרן אפן קאָנגרעס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעלעגאטן האָבן באשטעטיקט דעם פארניכטנדיקן באשולדיקונג־אקט, וואָס די כאווײרים קאטאיאמא, קאשען, מינצענבערג און אנדערע האָבן ארויסגעשטעלט קעגן די סאָציאַל־פאשיסטישע פירער. פאר די אינטעלעקטואלן און יענע אומפארטייִשע, וואָס קאָנען זיך עפשער אזוי גרינג ניט פאנאנדערקלייַבן אין דער לויפנדיקער פראָ־אימפעריאַליסטישער פּאָליטיק פון דעם צווייטן אינטערנאציאָנאַל, איז אָבער באקאנט די געשיכטע פון דעם פאראט פון צווייטן אינטערנאציאָנאַל אין דער לעצטער וועלט־מילכאָמע. ס'האָבן זיך דעריבער ניט געהערט קיינע דערווידערונגען קעגן דעם פונקט אין דעם מאניפעסט, וואָס וואָרנט די מאסן קעגן דער ווידערהאָלונג פון אזא פאראט. אויב די קאָמוניסטן האָבן ניט דערווידערט קעגן דער עטוואָס־פארשטעלטער שפראך פון דער וואָרענונג, איז דאָס דערפאר, וואָס דער זין פון דער וואָרענונג איז דאָך קלאָר. אָט איז דער פונקט:

„ער (דער קאָנגרעס) וואָרנט די עמעסע סאָנים פון מילכאָמע קעגן די פּאָליטישע קאָמפּראָמיסן פון געוויסע פירער פון ארבעטער־אָרגאניזאציעס מיט דער הערשנדיקער אָרדענונג,— א קאָרפּעראציע, וואָס קאָנסאָלידירט די איצטיקע סיסטעם און פאראט די זאך פון קאמף קעגן מילכאָמע. די שטעלונג פון די פירער פון צווייטן אינטערנאציאָנאַל אין אויגוסט 1914, וואָס איז ארויסגעבראכט געוואָרן בוילעט דורך דער געשיכטע פון דער לעצטער מילכאָמע, דינט אין דער באוועגונג פאר מענטשלעכער באפרייַונג, ווי א מערקבארע איליוסטראציע פון עפּעס אזוינס, וואָס דארף בלייַבן אין דער פינצטערער פארגאנגענהייַט און טאָר ניט פארייביקט ווערן אָדער נאָכאמאָל זיך איבערכאזערן אין דער איצטיקער סיטואציע. עס איז ניט נייטיק צו האָבן נאָכאמאָל אָט די ברוטאלע ווידערשפרוכן צווישן טעאָריעס און פאקטן".

א פּאָר אויסצוגן פון דער פייַערלעכער שווּע, מיט וועלכער דער מאניפעסט פארענדיקט זיך, וועלן עפשער זייַן גענוג אפ צו מיטיילן דעם טאָן און דעם סטיל פון דעם גאנצן מאניפעסט:

„מיר שווערן, אז מיר וועלן ניט דערלויבן, אז די איינהייַט, וואָט איז דאָ געשלאָסן געוואָרן צווישן די מאסן עקספּלואַטירטע און פארפאָלגטע מענטשן, זאָל נאָכאמאָל געבראָכן ווערן.

„מיר שווערן צו קעמפן מיט אלע אונדזערע קויכעס, און מיט אונדזער גאנצן ווילן און מיט אלע אונדזערע מיטלען קעגן דעם קאפּיטאליזם, וואָס פארשפרייט שכיטעס.

„מיר שווערן צו אייניקן זיך מיט אלע אונדזערע קויכעס, מיט אונדזער גאנצן ווילן און מיטלען צו די באלדיקע און דרינגענדיקע אופגאבעס, וואָס שטייען פאר אונדז: קעגן באוואָפענונגען, קעגן מילכאָמע־צוגרייטונגען און—הייסט עס—אויך קעגן אונדזערע רעגירונגען.

„קעגן מילכאָמע־ביודזשעטן, וואָס שטימען פאר זיי איז א שאנד און א פארברעכן; קעגן האלוואָעס און שטייַערן, וואָס די מאסן מוזן טראָגן אפ צו צאָלן פאר באוואָפענונגען.

„קעגן די פּראָפּאגאנדע־קאמפאניעס און ליגנס קעגן סאָוועטנפארבאנד, וואָט בויט א סאָציאַליסטישע געזעלשאפט און וואָס מיר וועלן ניט דערלאָזן דאָס צו שטערן.

„מיר שווערנ צו קעמפנ מיט אַלע אונדזערע קויכעס קעגנ דער אָנקומענדיקער קאטאסטראָפע".

* * *

די גוואַלדיקע ערנסטקייט פונ די דעלעגאטנ איז געווענ איינער פונ די פאַ־כאַפּנדיקע שטריכנ פונ קאָנגרעס. דידאָזיקע ערנסטקייט האָט זיכ אויסגעדריקט סײַ אינ דער געשפאַנ־טער אויפמערקזאַמקייט, מיט וועלכער די מאסע דעלעגאטנ האָט זיכ צוגעהערט צו די פירנ־דיקע רעדעס אונ צו די איבערזעצונגענ פונ די רעדעס, אונ סײַ אינ דעם טיכטיקנ אָנטייל, וואָס די דעלעגאטנ האָבנ גענומענ אינ די באראטונגענ פונ זייערע אייגענע דעלעגאציעס. דאָסראָוו דעלעגאטנ זײַנענ פארשטייט זיכ, ניט געקומענ צום וואָרט, כאָטש אפנ קאָנגרעס האָבנ גערעדט צענדליקער פארטרעטער פונ מאסנ־אָרגאניזאציעס, אונ גערעדט האָבנ ניט בלויז די „גדולים" נאָר די ריי־אונ גליד־דעלעגאטנ. פונדעסטוועגנ האָבנ זיכ אַלע דעלעגאטנ געפילט גוואַלדיק באשעפטיקט מיטנ קאָנגרעס. ווענ זיי וועלנ אהיימ קומענ, וועט יעדער איינער פונ זיי זײַנ א מאָביליזאטער פונ די בעסטע עלעמענטנ מילכאָמע־קעגנער.

די אויפנאמע, וואָס די פראָמינענטע דעלעגאטנ האָבנ געקראָגנ, זײַנענ געווענ א ווײַזער פונ דער מאסנ־שטימונג. די אָוואציע פאר דעם בראווונ יאפּאַנישנ רעוואָליוציאָנער דעמ אַלטנ כאַווער סענ־קאטאיאמא, איז עפשער געווענ דער הערלעכסטער מאָמענט אפנ קאָנ־גרעס. זײַנ נאָמענ באוויזט א צויבער־קראפט, אונ ווי נאָר כ' קאטאיאמא איז געמאָלדנ געוואָרנ צום וואָרט, זײַנענ די דעלעגאטנ אויפגעשפרונגענ אונ דער „אינטערנאציאָנאַל" האָט פארפלייצט דעמ זאַל מיט רויטער שטורעמ־פרייד. די דײַטשישע דעלעגאטנ האָבנ אָנ־געהייבנ אונ אַלע האָבנ אויפגעכאפּט דעמ דרײַמאָליקנ „ראָט־פראָנט"־סאַליוט. געוויינלעכ איז דאָס אפנ קאָנגרעס געווענ דער שלוס פונ א באגריסונג צו א פראָמינענטנ דעלעגאט אָדער א פארטרעטער פונ א באקאנטער קאמפ־אָרגאניזאציע. אָבער אינעמ פאַל פונ קאטאיאמא, האָט זיכ דאָ די אָוואציע ערשט אָנגעהייבנ. ווידער האָבנ די דעלעגאטנ געזונגענ דעמ „אינטערנאציאָנאַל" אונ ווידער האָט געדונערט דער „ראָט־פראָנט"־סאַלוט. קאטאיאמא איז געשטאַנענ אפנ רעדנער פאָדיומ, האָט געפרווט ריידנ אונ ניט געקאָנט. די דעלעגאטנ האָבנ אימ געגריסט אַלצ הייכיקער, מיט אַלצ מער ברענ. אונ ווי עס פאסירט אינ אזעלכע פאַלנ, איז די מאסע אליינ פארכאפּט געוואָרנ פונ איר אייגענער היסלאַיַוועס אונ די היס־לײַוועס איז געוואקסנ אונ געוואקסנ. דער פאָרזיצער (טאָמ מאנ), כאווער מינצענבערג אונ כ' וואיאנ קוטוריע (פראנצויזישער פראָלעטארישער שרײַבער) האָבנ נאָכ מער אויפגעהייבנ די שטימונג מיט זייערע קורצע, אָבער פײַערדיקע רעדעס לעקאָווער דעמ בראווונ יאפּאַ־נישנ רעוואָליוציאָנער. אונ ס'האָט זיכ געפילט: פאר די דעלעגאטנ שטייט דאָ ניט בלויז קאטאיאמא דער פירנדער רעוואָליוציאָנערער קעמפער, נאָר סע שטייט א פארטרעטער אונ א סימוואָל פונ דעמ יאפּאַנישנ פראָלעטאריאט,— שטייט גרייט צו מארשירנ אינ די ערשטע רייענ אינ קאמפ צו באשיצנ דעמ סאָוועטנפארבאנד, שטייט גרייט אויסצוקירעווענ דאָס געווער פונ דער אימפעריאַליסטישער יאפּאַניע געגנ יאפּאַנישנ אימפעריאַליזמ. אינ דער אָוואציע פאר קאטאיאמענ האָט זיכ געפילט א דונערדיקער אויבער־טאָנ פונ קאמפ־גרייט־קייט אונ קאמפ־ווילנ צו באשיצנ דאָס פאָטערלאנד פונ אינטערנאציאָנאַלנ פראָלעטאריאט. אונ נאָכ עפּעס: ס'האָט זיכ געפילט א זיכערקייט, אז דער יאפּאַנישער פראָלעטאריאט וועט סאָפקאָלסאָף אויסקירעווענ דאָס געווער קעגנ זײַנ בורזשואזיע אונ אז דאָס וועט ענדגיל־טיק לייזנ די סיטואציע אפנ ווײַטנ מיזרעכ.

די טיפע אופמערקזאמקייט, מיט וועלכער די דעלעגאטנ האָבנ זיכ צוגעהערט צו כאַווער קאשענס רעדע, האָט צו זיכ קיינ גלייכנ ניט געהאט אפנ קאָנגרעס, מיט איינ אויסנאם. דער אויסנאם איז געווענ כאַווער ווילי מינצענבערג. זיינ רעדע האָט געמאכט א רוישעמ, וואָס לאָזט זיכ גאָרניט איבערגעבנ. אָבער מינצענבערג איז א מייסטערהאפטער רעדנער. זיינע פאָרמולירונגענ באזיצנ דעמ מאגנעטיזמ פונ פאָפוליאריטעט אונ טרעפלעכקייט אונ זיינ אויפנ פונ באצווינגענ א צוהערער־מאסע, פארמאָגט אינ זיכ עפעס פונ א געניאַלנ שוישפילער. קאשענ איז אנדערש. דער אינהאלט פונ זיינע רייד איז דער הויפט־קויעכ. דער אוילעמ האָט באלד פונ אָנהייב דערפילט, אז קאשענ רעדט מיט דער גאנצער ווירדע, אכרייעס אונ קאָמפעטענצ פונ א וואָרט־פירער פונ די קאָמוניסטנ אפנ קאָנגרעס. די אופמערקזאמקייט צו קאשענס רעדע האָט אויסגעדריקט דעמ טיפנ ערנסט אונ דעמ טיפנ צוטרוי, מיט וועלכנ די דעלעגאטנ האָבנ זיכ באצויגנ צו דער קאָמוניסטישער פירערשאפט.

צו די אינטעלעקטואלנ האָבנ זיכ די דעלעגאטנ באצויגנ מיט א באזונדערער ווארעמקייט. ס'האָט זיכ אינ דער מאסע דעלעגאטנ געפילט א מינ דאנקבארקייט אונ אכטונג צו די אופריכטיקע אינטעלעקטואלנ, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט אפ איינ פלאטפאָרמ מיט די ארבעטער אינ קאמפ קעגנ מילכאָמע. עס פארשטייט זיכ, אז בארביוס האָט געקראָגנ א גאָר ווארעמענ אופנעמ יעדנ מאָל, ווענ ער איז ארויסגעטראָטנ. אונ ארויסגעטראָטנ איז ער עטלעכע מאָל. ער איז בעעמעס געווענ איינער פונ די לייכטנדיקע גייסטער פונ קאָנגרעס אליינ האָט ער טאקע אויסגעזענ ווי א גייסט, א געשפענסט. א הויכער, א דארער, אנ איינגעבויגענער, מיט אנגסטלעכער מידקייט אפ זיינ טונקעלנ פאָנעמ, מיט טיפ איינגעזונקענע אויגנ, האָט ער אויסגעזענ ווי א לעבעדיקע סטאטוע פונ צאר. קיינ רעדנער איז ער ניט, אָבער די טיפע ערנסטקייט פונ זיינ טאָנ, זיינ אויפנ פונ פיינלעכנ זוכנ דאָס געהעריקע וואָרט — דאָס אלצ ווירקט אפ די צוהערער מיט עפעס אנ אומהיימלעכער מאגנעטישער קראפט.

אנדערע פראָמינענטע אינטעליגענטנ זיינענ אופגענומענ געוואָרנ מיט ווארעמקייט אונ אכטונג, אָבער קיינער האָט אזוי ניט מיטגעריסנ די דעלעגאטנ ווי מארטינ אנדערסענ נעקסע. זיינ רעדע איז אָפטמאָל איבערגעריסנ געוואָרנ מיט אפלאָדיסמענטנ, ער האָט אזוי ווי אויסדיסטילירט אינ זיינע רייד דעמ געמיט פונ אלע אָרנטלעכע אינטעלעקטואלנ. אָט איז אנ אויסצוג פונ זיינ רעדע:

„מיר לעבנ איצט איבער די גרעסטע פעלקער־וואנדערונג אינ דער געשיכטע 90 פראָצענט פונ דער מענטשהייט זיינענ אפ דעמ וועג צו מענטשלעכקייט. דער ציל פונ דערדאָזיקער פעלקער־וואנדערונג איז א לאנד, וואָס הייסט סאָוועטנפארבאנד. דער מיירעוו־אייראָפּייִשער קאפיטאליזמ איז פארורטיילט צומ טויט אונ וויל מיטשלעפנ אינ קייווער אריינ אלצ, וואָס לעבט. ווער עס גלויבט ניט, אז מיירעוו־אייראָפּע איז טויט, דער דארפ פאָרנ אפ אכט טעג אינ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ דאָרטנ א קוק טאָנ אפ מיירעוו־אייראָפּע, וועט ער שוינ גלויבנ. נאָר די פראָלעטארישע מאסנ קאָנענ מאכנ א סאָפ צו די קאפיטאליסטישע מייסימ. די אייראָפּייִשע ארבעטער זיינענ ניט קיינ נאראָנימ, אז זיי זאָלנ בלויז אָפשניידנ די נעגל דעמ טיגער אונ אימ דערנאָכ ווידער פריי לאָזנ. ווענ זיי וועלנ שוינ כאפנ דעמ טיגער, ד. ה., דעמ קאפיטאליזמ, וועלנ זיי אימ טויטנ".

אינ זיינ אָפּוועזנהייט איז מאקסימ גאָרקי געווענ איינער פונ די שטארקסטע גייסטיקע פירער פונ קאָנגרעס. די דעלעגאטנ זיינענ געווענ אופגעצאָרנט קעגנ דער האָלענדישער

דעגירונג און צווישן די מאסאָווע דעלעגאַטן האָט מען געקאָנט הערן רייד וועגן א פּראָ־טעסט־מארש אפן האַאג. גאָרקיס באגריסונג צום קאָנגרעס איז אופגענומען געוואָרן מיט א גוואלדיקן ענטוזיאַזם. אפן די אינטעלעקטואַלן און אומפּארטייִשע האָט די האנדלונג פון דער האָלענדישער רעגירונג געמאכט א טיפן איינדרוק. ס'איז בעעמעס געווען א לעבעדיקע אילוסטראַציע פון דער שטעלונג מיצאד די אימפּעריאַליסטן צום סאָוועטנפארבאנד.

די באזונדערע קאָנפערענצן האָבן ארומגענומען קימאט אלע דעלעגאַטן. עס זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצן פון דאָקטוירים און לערער, פון פּראָפאריין־טוער און קינסטלער, פון יוגנטלעכע ארבעטער און מילכאָמע־וועטעראַנען. פון יעדן שטאַנדפּונקט איז באטראַכט געוואָרן די נייטיקייט צו ראנגלען זיך קעגן אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, און פון יעדן פאַכ־שטאַנדפּונקט איז ארויסגעבראַכט געוואָרן דער אורטייל, אז מע מוז דעם „טיגער“ אומברענגען, קעדיי די מענטשהייט זאָל מער ניט דארפן מוירע האָבן פאר דעם בלוטיקן מאָרגן, ווען דער טיגער וועט פארצערן די שעפערישסטע קויכעס פון דער מענטשהייט.

---

דאָס איז דער קורצער סאַכאַקל פון אמסטערדאַמער קאָנגרעס. פאר איינעם, וואָס איז דאָרט געווען און האָט מיטגעלעבט די דריי געשפּאַנטע טעג, איז אומעגלעך ניט צו גלויבן, אז די וועלט־מילכאָמע קעגן מילכאָמע האָט זיך אָנגעהייבן. ווילי מינצענבערג האָט אויס־געדריקט די פּאָזיציע פון די קאָמוניסטן אפן גאָר דער וועלט אין פאָלגנדיקע פּראָסטע ווער־טער: „מיר דערקלערן היינט, אז מיר זיינען גרייט צוזאַמען צו מארשירן מיט אלע ער־לעכע קעמפער קעגן קריג“. די שטימונג פון די דעלעגאַטן האָט אָבער געוויזן, אז די מאסן ווילן האָבן דעם קאָמינטערן ניט בלויז, ווי א מיטמארשירער, נאָר ווי א פירער, ווי דעם איינציקן פירער, וואָס וויים דעם וועג צום טיגערס נאָרע און די מיטלען אים צו פאנגען און טויטן.

י. שניידער

# דער קולטור-קריזיס אין פאשיסטישן פוילן

אינדערצייט, ווען מיר האָבן בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד און ביפראט אין וו.ס.ס.ר. קאָלאָסאלע דערגרייכונגען אין דער שולבויונג, לעבט דאָס שול־וועזן אין פאשיסטישן פוילן דורך א טיפן קריזיס. אין צוזאמענהאנג מיטן נייעם שול־יאָר ווערן ליקווידירט אסאך שולן. די ארמיי ארבעטלאָזע צווישן די לערער איז אומגעהויער גרויס. דאָס אלץ איז א רעזולטאט פון דער פאשיסטישער פּאָליטיק.

די הערשנדיקע פּילסודסקי־קליקע וויל זיך ראטעווען פון קריזיס אין מילכאָמע־אוואנטיורעס קעגן סאָוועטנפארבאנד. דער מעלוכע־בּיודזשעט פארגרעסערט די אויסגאבן אף מילכאָמע־צוגרייטונגען און עס ווערן פארקלענערט די אויסגאבן אף קולטור. אין 31/1932 י. זיינען אף מילכאָמע־צוגרייטונגען אויסגעגעבן געוואָרן איבער איין מיליארד זלאָטעס, אין דערזעלבער צייט זיינען די אויסגאבן אף בילדונג פארקלענערט געוואָרן אף 24 מיליאָן זלאָטעס.

אינדערצייט, ווען פון יאָר צו יאָר וואקסן די אויסגאבן אף קאָסטיאָלן, ווערן אלץ מער פארקלענערט די אויסגאבן אף שולן.

נאָכמער זיינען פארקלענערט געוואָרן די אויסגאבן אף אויסערשול־שול־בילדונג. לויט אָפיציעלע סטאטיסטישע מאטעריאַלן האָבן זיך די אויסגאבן פארקלענערט אין אזא ריכטונג:

| יאָר | אסיגנירט | סטיפענדיעס |
|---|---|---|
| 31/1930 | 1.150.000 | 901.431 |
| 32/1931 | 1.000.000 | 807.000 |
| 33/1932 | 357.500 | 350.000 |

(„אָשוויאטא פּאָלסקא" נום. 4 פון 1931 יאָר, זייט 253).

אזא קאטאסטראָפאלע פארקלענערונג אף קולטור־אויסגאבן ווערט דורך דער פאשיסטישער פרעסע באהאלטן. דער פוילישער בילדונג־מיניסטער יענדזשעיעוויטש האָט אין א רעדע אונטערגעשטראָכן, אז צוליבן קריזיס, וועלכער הערשט אין פוילן, איז די רעגירונג געווען געצוווּנגען צו פארקלענערן די אויסגאבן אף בילדונג. די אויסגאבן אף בילדונג זיינען אפן 1932 יאָר פארקלענערט געוואָרן אף 97 מיליאָן זלאָטעס, ד. ה. קימאט אף 25 פראָצ. עס זיינען פארקלענערט געוואָרן די אויסגאבן פאר די הויכשולן. עס זיינען ליקווידירט געוואָרן 17 קאטעדרעס, עס זיינען באפרייט געוואָרן 124 פּראָפעסאָרן און אסיסטענטן. די אויס־

גאבן פאר די לאבאָראטאָריעס זײַנען פארקלענערט געוואָרן אפ צוויי דריטל און פאר די אוניווערסיטעטישע קליניקעם—אפ 50 פראָצ.

די פאָלקשולן ווערן פארקלענערט פון יאָר צו יאָר, ניט געקוקט דערויף, וואָס עס קומען צו מער קינדער פון שול־עלטער. אין 23/1922 יאָר זײַנען געווען אין גאנץ פוילן 27.384 פאָלקשולן, און אין 28/1927 האָט זיך די צאָל פארקלענערט ביז 26.575, ד. ה. די צאָל שולן האָט זיך פארקלענערט אפ 80 פראָצ. אין דערזעלבער צײַט האָט זיך די צאָל קינדער פארגרעסערט פון 2.972 טויזנט אפ 3.576 טויזנט. ווי מיר זעען, גייט א ליניע פון פארקלענערן די אויסגאבן אפ שולן דורכן פארמאכן שול־לאָקאלן, פארקלענערן די צאָל לערער, און די נײַע קינדער, וועלכע קומען אָן אין די שולן, ווערן ארײַנגעזעצט אין די אזוי אויך שוין איבערפולטע שולן. די צאָל קינדער אין איין קלאַס דערגרייכט ביז 60—70. דער היגיִענישער צושטאנד פון שול איז שוין פארשטענדלעך אָן קאָמענטארן.

אין ווילנער קאנט זײַנען א גאנצע רײ זיבניאָריקע שולן פארוואנדלט געוואָרן אין פיריאָריקע. אפן שטעכ פון ווילנער שול־קוראטאָריזם (קימאט גאנצ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד) וועלן פון נײַעם שול־יאָר ליקווידירט ווערן א גאנצע רײ שולן און עס וועלן באפרײַט ווערן פון ארבעט 296 לערער פון פאָלקשולן און 96 פון מיטעלע שולן.

דידאָזיקע פאָליטיק ברענגט דערצו, אז א גרויסער פראָצענט קינדער האָבן ניט די מעגלעכקײַט אפילע אָנצוקומען אין דער אָנפאנג־שול און בלײַבן אנאלפאבעטן.

ווי עס וואקסט דער פראָצענט קינדער, וואָס בלײַבן אויסער דער שול, ווײַזט אונדז בוילעט דער פאקט, אז פון 130 טויזנט קינדער פון שול־עלטער אין ווארשע, לערנען זיך אין די פאָלקשולן ניט מער, ווי 109 טויזנט, און אויסער דער שול געפינען זיך 21 טויזנט קינדער. אויב דאָס איז אין צענטער, אין ווארשע, איז זיך שוין גרינג פאָרצושטעלן, וואָס עס קומט פאָר אין דער פראָווינצ.

לויט ווי עס גיט איבער דער סאָציִאל־פאשיסטישער „ראָבאָטניק" זײַנען אויסער דער שול געווען אין גאנצן לאנד אין 1929 יאָר—5 פראָצ. פון אלע קינדער פון שול־עלטער, אין 1930 יאָר—8 פראָצ. און אין 1931 יאָר—19 פראָצ. און אין שול־יאָר 32/1931—גאנצע 25 פראָצ. קינדער.

דאָסזעלבע איז אויך נעגייע די מיטל־שולן. עס ווערן פון יאָר צו יאָר פארקלענערט די צאָל שולן און עס פארקלענערט זיך אויך די צאָל שילער. וויאזוי עס פארקלענערט זיך פון יאָר צו יאָר די צאָל שילער אין די שולן, ווײַזט אונדז פאָלגנדיקע טאבעלע:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין | 23/1922 | י. געלערנט זיך | 129.722 | שילער |
| " | 24/1923 " | " | 221.092 | " |
| " | 25/1924 " | " | 219.978 | " |
| " | 26/1925 " | " | 216.552 | " |
| " | 27/1926 " | " | 215.740 | " |
| " | 28/1927 " | " | 209.194 | " |
| " | 29/1928 " | " | 203.939 | " |
| " | 30/1929 " | " | 203.367 | " |

די טאבעלע ווײַזט אונדז, אז פון 1922 י. ביז 1930 י. האָט זיך די צאָל שילער בלויז אין די מיטל־שולן פארקלענערט אפ 23.742. מיר וועלן איצט ברענגען די צאָל מיטל־שולן, וועלכע זײַנען ליקווידירט געוואָרן אין די יאָרן פון 27/1926 י. ביז 30/1929 י.

| וואַיעוואָדסטווע | 27/1926 | 30/1929 | צאָל ליקווידירטע שולנ |
|---|---|---|---|
| וואַרשעווער . . . . | 58 | 48 | 10 |
| לאָדזשער . . . . | 79 | 73 | 6 |
| לובלינער . . . . | 46 | 42 | 4 |
| ביאַלעסטאָקער . . . | 37 | 34 | 3 |
| ווילנער . . . . | 50 | 43 | 7 |
| נאָוואָגראָדער . . . | 14 | 12 | 2 |
| פאָלעסער . . . . | 19 | 18 | 1 |

פונ דער טאַבעלע זעענ מיר, ערשטנס, אַז אינ גאַנצ פוילנ קומט פאָר אַ סיסטעמאַטישע ליקווידירונג פונ דער מיטל־שול. דערביי באַמערקט זיכ דאָס זייער שאַרפ אינ מערעוו־ווייסרוסלאַנד, ווו די צאָל מיטל־שולנ איז ביכלאַל אַ ביז גאָר קליינע, ווייל דער פוילישער אָקופּאַנט אינ מערעוו־ווייסרוסלאַנד דערלאָזט ביכלאַל ניט עפענענ קיינ ווייסרוסישע מיטל־שולנ, אונ אויכ די, וועלכע עקזיסטירנ, ווערנ פאַרמאַכט.

די אויבנגעבראַכטע אָפיציעלע סטאַטיסטיק איז ווייט פונ דערווירקלעכער לאַגע. אַז די געבראַכטע ציפערנ זיינענ ווייט ניט פול, ווייזנ אונדז פאָלגנדיקע פאַקטנ: לויט דער מעלוכישער סטאַטיסטיק קומט אויס, אַז אינ גאַנצ ווילנער וואָיעוואָדסטווע זיינענ פאַרמאַכט געוואָרנ 7 מיטעלע שולנ. ווענ מיר נעמענ אָבער די געבראַכטע ציפערנ פונ דעם סטאַטיסטישנ יאָר־בוכ פונ דער שטאָט ווילנע, זעענ מיר פאָלגנדיקנ בילד:

אינ ווילנע זיינענ אינ 1926 יאָר געווענ 36 גימנאַזיעס, אינ 30/1929—31, אונ אינ 31/1930—29 גימנאַזיעס.

ווי מיר זעענ פונ דידאָזיקע ציפערנ, איז די צאָל מיטל־שולנ פונ 28/1927 ביז 31/1930 פאַרקלענערט געוואָרנ אַפ 7 בלויז אינ דער שטאָט ווילנע, אונ לויט דער אַלגעמיינער מעלוכישער סטאַטיסטיק קומט אויס, אַז אינ גאַנצ ווילנער וואָיעוואָדסטווע זיינענ פאַרמאַכט געוואָרנ 7 שולנ. די סטאַטיסטיק האָט ניט פאַררעכנט אַ ריי פּראָווינציעלע שולנ, וועלכע זיינענ ליקווידירט געוואָרנ אינ מעשעכ פונ די לעצטע יאָרנ.

ווענ מיר ריידנ וועגנ די פּוילישע מיטל־שולנ, דאַרפ מענ געדענקענ, אַז די פּוילישע מיטל־שול איז טיילווייז אַ מעלוכישע אונ טיילווייז אַ פּריוואַטע, ד. ה. די שילער דאַרפנ צאָלנ פאַרנ לערנענ זיכ. אַפ אויסהאַלטנ די מיטל־שולנ האָט די מעלוכע אַרויסגעגעבנ פאַרנ לעצטנ יאָר 28.237.000 זלאָטעס, אינ דער צייט, ווענ די שילער האָבנ געמוזט צאָלנ פאַרנ לערנענ 48.339.000 זלאָטעס. דאָס אויסהאַלטנ אַ שילער אינ דער מיטל־שול האָט געקאָסט אינ מעשעכ פונ 28/1927 י. דער מעלוכע 112,3 זלאָטעס, דעם שילער — 188,2 זלאָטעס, די שטאָט־פאַרוואַלטונגענ — 5,5 זלאָטעס, שול־אָרגאַניזאַציעס — 7,9, אַנדערע — 18,1, צוזאַמענ 332 זלאָטעס.

ווי מיר זעענ, ליגט די מעלוכע אַרופ די אויסגאַבנ אַפ בילדונג אַפ די שילער גופע. פאַרשטייט זיכ, אַז בא אַזא לאַגע האָבנ די אַרבעטער אונ אָרעמקייט ניט קיינ מעגלעכקייט צו שיקנ זייערע קינדער אינ די מיטל־שולנ.

אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ קריזיס זיינענ אַ גאַנצע ריי פּריוואַטע מיטלשולנ ליקווידירט געוואָרנ, אינ 25/1924 יאָר האָבנ זיכ אינ די ייִנגערע קלאַסנ פונ די מיטל־שולנ געלערנט 96.153 קינדער, 29/1928—נאָר 66.364 ד. ה. אַ פאַרקלענערונג אַפ איינ דריטל. איצט האָט זיכ די צאָל נאָכמער פאַרקלענערט.

אויך די הויכשולן האַלטן אין איין פאַרקלענערן זיך. אין דעם טיפּ העכערע שולן מאַטעמאַטישע און נאַטורוויסנשאַפטלעכע, זעען מיר אַזאַ פּראָצעס:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין 25/1924 | צאָל קלאַסן | 807, | צוהערער | 24,333 |
| „ 26/1925 | „ „ | 759 | „ | 22.209 |
| „ 29/1928 | „ „ | 642 | „ | 18.334 |
| „ 30/1929 | „ „ | 630 | „ | 16.372 |

פון דער טאַבעלע זעען מיר, אַז אין משך פון 6 יאָר האָט זיך די צאָל קלאַס פאַרקלענערט אויף 187 און די צאָל שילער אויף 7.916. די גרעסערע צאָל סטודענטן, וועלכע ענדיקן יעדן יאָר די אוניווערסיטעטן, בלײַבן אָן וועלכער עס איז באַשעפטיקונג. די קענטענישן, וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר עטלעכע יאָר לערנען, האָבן זיי ניט וווּ אָנצוווענדן. די אַרמײַ אַרבעטלאָזע צווישן דער אינטעליגענץ וואַקסט.

אַלץ אָפטער הערן זיך שטימען אין דער פּוילישער פּרעסע וועגן פאַרמאַכן טעכנישע און אַנדערע אינסטיטוטן, ווײַל ס'איז אַ איבערפּראָדוקציע פון אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן א. א. וו. אין דער ווילנער מאָנאַרכיסטישער צײַטונג „סלאָוואָ" נומער 169 פון 1931 יאָר לייענען מיר:

„פון צײַט צו צײַט באַווײַזן זיך אין דער פּרעסע מיינונגען פון פאַכלײַט וועגן דעם, אַז מיר האָבן צופיל אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, לערער, אינזשעניערן א.א.וו. וועגן ביוראָ־אָנגעשטעלטע איז שוין אָפּגערעדט, ווײַל דער איבערוווּקס פון אונדזער ביוראָקראַטיע איז אַ געפערלעכער.

מיר האָבן צופיל פאַכלײַט און גלײַכצײַטיק וואַרפן די מיטל־שולן אַרויס יעדן יאָר טויזנטער אַבסאָלווענטן, וועלכע קומען אָן אין די אוניווערסיטעטן, קעדיי נאָכן ענדיקן דערקלערן, אַז די סטודיעס גיבן גאָרניט".

די סיבעס פון אַזאַ לאַגע זײַנען פאַרשטענדלעך. דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס רוינירט דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן. די פּאָליטיק פון פּוילישן פאַשיזם, וואָס דערפירט דאָס עקאָנאָמישע לעבן צו אַ פולשטענדיקער קאַטאַסטראָפע, קען ניט נאָר ניט געבן קיין אַרבעט די נײַע אינזשעניערן, נאָר אויך די אַלטע ווערן איבעריק. פאַרמאַכטע פאַבריקן דאַרפן ניט קיין אינזשעניערן. און אַלץ מער און מער פאַבריקן פאַרמאַכן זיך, אַלץ מער אינזשעניערן בלײַבן אָן אַרבעט, פון יאָר צו יאָר ווערט אַלץ קלענער די צאָל וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן, מיטל־שולן און אָנפאַנג־שולן.

## די ליקווידירונג פון די שולן פון די נאַצמינדערהײַטן.

ווען מיר באַטראַכטן דעם קריזיס פון שול־וועזן אין פּוילן אין אַלגעמיין און ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דער לאַגע פון שול־וועזן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן און אונטערגעדריקטע פעלקער, זעט מען ביז גאָר בולט דעם כאַראַקטער פון דער פאַשיסטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פונעם פּוילישן פאַשיזם דריקט זיך אויס אין אונטערדריקן די נאַציאָנאַל־באַפרײַערישע באַוועגונג, ניט לאָזן אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטורן און מיט בלוטיקן טעראָר דורכפירן די צוואַנג־פּאָלאָניזאַציע. די פּאָלאָניזאַטערישע פּאָליטיק פונעם פּוילישן פאַשיזם ווערט אַלץ מער פאַרשטאַרקט. עס ווערט אונטערדריקט די נאַציאָנאַל־באַפרײַערישע פּרעסע. דער ערשטער נומער פון דער ווײַסרו־

סישער צײַטונג „דאָס ווײַסרוסישע לעבנ“ איז גלײַכ קאָנפיסקירט געוואָרנ. די אוקראַיִנישע צײַטונג „דילאָ“ ווערט קעסיידער קאָנפיסקירט, אונ אויב זי דערשײַנט, איז זי מיט גרויסע ווײַסע פלעקנ, אפ וועלכע ס'זײַנעִנ פאראנ קלײנע אופשריפטנ: „קאָנפיסקירט“. ס'ווערט אלצ שווערער צו דרוקנ ביכער אינ דער ווײַסרוסישער אונ אוקראַיִנישער שפּראַכנ. עס ווערנ מאסנווײַז פארמאכט ביבליאָטעקנ.

לויט דער אָפיציעלער מעלוכישער סטאטיסטיק זײַנעִנ אינ גאנצ מײַרעוו־ווײסרוסלאנד פאראנ נאָר 48 ביבליאָטעקנ מיט 7967 ביכער. לויט דער פאשיסטישער סטאטיסטיק מאכט אויס אײנ בוכ אפ 132 מענטשנ, אָנעמענדיק, אז אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד זײַנעִנ פאראנ 1.060.237 ווײַסרוסנ, אָבער אינ דערווירקלעכקײַט זײַנעִנ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד פאראנ איבער 2 מיליאָנ ווײַסרוסנ, אזוי, אז 1 ווײַסרוסישער בוכ קומט אויס אפ איבער 250 אײַנוווינער. אויב אינ 1929 י. זײַנעִנ אָפגעדרוקט געוואָרנ 70 ווײַסרוסישע ביכער, איז אינ 1930 יאָר אָפגעדרוקט נאָר 26 ביכער. אזוי זעט אויס די „קולטור־פאָליטיק“ פונעמ פוילישנ אָקופאנט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אונ אינ מײַרעוו־אוקראַיִנע. דידאָזיקע אונטערדריקער־פאָליטיק דערפירט צו דעמ, אז אינ נאָוואָגרודקער וואָיעוואָדסטווע זײַנעִנ 58 פראָצ. פונ דער באפעלקערונג אנאלפאבעטנ אונ אינ פאָלעסער וואָיעוואָדסטווע דערגרײכט דער פראָצענט אנאלפאבעטנ צו 71—אפ 100 אײַנוווינער. דאָס איז לויט דער אָפיציעלער מעלוכישער סטאטיסטיק. דער פוילישער אָקופאנט שטײַגט נאָכ אריבער די אונטערדריקונג־פאָליטיק פונעמ צאריזמ. ער האָט אויסגעטראכט נײַע „ראציאָנאליזאטרישע“ מעטאָדנ פונ דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג, וועגנ וועלכע דער צאריזמ האָט אפילע ניט געוווּסט.

די אונטערדריקונג־פאָליטיק פונעמ פוילישנ פאשיזמ צו די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ ווײַזט זיכ בוילעט ארויס, ווענ מיר באטראכטנ דעמ שול־וועזנ. דורכ ניט דערלאָזנ קײנ שולנ אינ דער מוטער־שפּראַכ פונ קינד, וויל דער פאשיזמ צווינגענ די קינדער צו באזוכנ די פּאָלאָניזאטערישע שולנ. אינ די פּאָלינִיזאטערישע שולנ וויל דער פאשיזמ דערציִענ דעמ יונגנ דאָר, אלס „לאָיאלע פוילישע בירגער“. דער באקאנטער אונטערדריקער פונ דער נאצבאפרײַערישער באוועגונג, דער פאשיסט האָלוווקאָ, האָט אָפנ אונטערגעשטראָכנ, אז נאָכ עטלעכע יאָר דארפ דער ווײַסרוסישער יונגער דאָר ניט וויסנ פונ קײנ אנדער שפּראַכ אונ פונ קײנ אנדער קולטור, אויסער דער פוילישער, אז די ווײַסרוסישע נאציִע דארפ ארײַנוואקסנ אינ דער פוילישער. די אונטערדריקונג־פאָליטיק, די צוואנג־פּאָלאָניזאציִע ווערט דורכנ פוילישנ פאשיזמ געפירט סיסטעמאטיש.

אָט ווי עס גײט דער פראָצעס פונ ליקווידירנ די אוקראַיִנישע שולנ: אינ 1919 י.—1388 אוקראַיִנישע שולנ אינ גאנצ מײַרעוו־אוקראַיִנע, אינ 1926—917, אינ 1927—855, אינ 1928—700, אינ 1929—651 שולנ.

איצט זײַנעִנ פונ אָט די אלע שולנ געבליבנ אײנצלנע אונ אינ דער גרעסטער מערהײַט זײַנעִנ דאָס פריוואט־שולנ. ווענ מיר נעמענ בלויז די וואָלינער וואָיעוואָדסטווע, זײַנעִנ אינ 1923 י. געווענ 421 אוקראַיִנישע שולנ אונ אינ 1928/29 י. איז פונ זײ געבליבנ בלויז 4. די איבעריקע שולנ זײַנעִנ ליקווידירט געוואָרנ אונ אפ זײער אָרט זײַנעִנ אָרגאניזירט געוואָרנ 381 צווישנשפּראַכיקע שולנ (אוקראַיִנישע אונ פוילישע שפּראַכ). די צווישנשפּראַכיקע שולנ דארפנ זײַנ די מאסקע, אונטער וועלכער עס קומט פאָר די צוואנג־פּאָלאָניזאציִע פונ די אוקראַיִנישע קינדער. דורכ אָט די צווײשפּראַכיקע שולנ קומט פאָר די פולשטענדיקע ליקווידאציִע פונ די שולנ פונ די אונטערדריקטע פעלקער.

דעמזעלבנ פראָצעס פונ ליקווידירנ די אוקראַיִנישע שולנ זעענ מיר מיט די ווײַסרו־סישע שולנ. אינ 1919 יאָר, זײַנענ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד געווענ איבער 400 שולנ. ווענ דער פוילישער אָקופּאנט פארכאפּט מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, ווערנ אלע שולנ ליקווידירט. אינ דער צײַט פונ „מיטל־ליטע“ ווערנ צוריק געעפנט 186 נײַע ווײַסרוסישע שולנ, אָבער ווענ „מיטל־ליטע“ ווערט ליקווידירט אונ ווערט פארעכנט צו פוילנ, הייבט זיכ אָנ א סעריע מאקאָנעס קעגנ די ווײַסרוסישע שולנ. פונ 186 שולנ בלײַבנ איבער ניט מער ווי 86 אונ אינ 1925 י. ניט מער ווי 20 שולנ. אינ 1926 יאָר ווערנ אָנגעגעבנ אינ ווילנער וואָיעוואָד־סטווע 10.864 דעקלאראציעס אפ 19.472 קינדער, וואָס האָט געגעבנ די רעכט צו עפענענ 345 שולנ. די פוילישע אָקופּאנטנ רעכענענ זיכ אָבער ניט מיט די פאָדערונגענ אונ באדער־פענישנ פונ די מאסנ פונ די אונטערדריקטע פעלקער. בלויז אינ 1927־1928, אונטערנ דרוק פונ רעוואָליוציאָנערנ מאסנ־קאמפ, וואָס עס האָט אָרגאניזירט די קאָמוניסטישע פארטיי פאר א שול אינ דער מוטער־שפּראכ פונ קינד, זײַנענ די אָקופּאנטנ געווענ געצוווּנגענ צו עפענענ עטלעכע ווײַסרוסישע שולנ אונ 29 צווייִשפּראכיקע שולנ. דאָס עפענענ די שולנ האָט אָבער ניט געהייסנ, אז דער פוילישער אָקופּאנט ענדערט זײַנ פּאָליטיק צו די אונ־טערדריקטע ווײַסרוסישע מאסנ. די פּאָלאָניזאטערישע פּאָליטיק ווערט ווײַטער פאָרגעזעצט. אינ שול־יאָר 1930־1931 ווערט ווײַטער פארשארפט דער טעראָר צו די ווײַסרוסישע שולנ. עס ווערנ אָפיציעל ליקווידירט 3 שולנ. ווײַטער ווערט ארויסגעגעבנ א דעקרעט פונ מעלוכע־פּרעזידענט, וועלכער זעט פאָר ניט צו דערלויבנ אינ משעכ פונ 7 יאָר צו עפענענ קיינ איינ ווײַסרוסישע שול.

די פאשיסטישע פּרעסע, וועלכע פירט אנ אגיטאציע קעגנ די ווײַסרוסישע שולנ, שרײַבט, אז ס׳איז ביכלאל נימ נייטיק עס זאָלנ עקזיסטירנ ווײַסרוסישע שולנ, ווײַל די ווײַסרוסנ אליינ ווילנ זיי קלוימערשט ניט האָבנ אונ נייטיקנ זיכ ניט אינ זיי. דער באקאנטער וויל־נער פאשיסט סטודניצקי האָט געשריבנ אינ דער מאָנארכיסטישער צײַטונג „סלאָוואָ“ נומער 153 פונ 1932 י. פּאָלגנדיקעס: „וועגנ די ווײַסרוסנ קענענ מיר מיט א ריינעמ געוויסנ, מיטנ גאנצנ עמעס דערקלערנ, אז די ווײַסרוסישע מאסנ האָבנ ניט קיינ באדערפעניש אינ א ווײַס־רוסישנ שול־וועזנ אונ מיטל־שול־וועזנ“ אונ ער קומט שוינ צו א פארשטענדלעכנ אויספיר, אז „די ליקווידאציע פונ ווײַסרוסישנ לערער־סעמינאר האלטנ מיר פאר א ריכטיקנ שריט“. וועגנ די ווײַסרוסישע גימנאזיעס שרײַבט ער: „מיר האָבנ צוויי ווײַסרוסישע גימנאזיעס, מיר האָבנ געהאט דרײַ, איינע פונ זיי אינ קלעצק, האָט זיכ אויסגעצייכנט מיט איר נידע־ריקנ לערנ־ניוואָ. די ליקווידירונג האָט געדארפט פאָרקומענ שוינ לאנג, אָבער יעדנפאלס איז גוט, וואָס די ליקווידאציע איז שוינ פאָרגעקומענ. די איבעריקע צוויי גימנאזיעס זײַנענ אויכ פונ שטאנדפּונקט פונ לערע אונ דערציִונג זייער נידעריק. דער פּראָיעקט פונ פאריייניקנ די צוויי ווײַסרוסישע גימנאזיעס אינ ווילנע צו א פוילישער, דארפנ מיר באגריסנ מיט דער גרעסערער אנערקענונג“. פונ דעמ נײַעמ לערניאָר 1931־32 זײַנענ טאקע ליקווידירט געוואָרנ די לעצטע צוויי גימנאזיעס אונ עס עפנט זיכ אינ דער פוילישער גימנאזיע אינ ווילנע א קליימערשטע ווײַסרוסישע אָפּטיילונג, מיטנ נאצ־פאשיסט אָסטראָווסקי אינ דער שפּיצ.

אינ א גאנצער ריי ערטער, ווו דער פוילישער אָקופּאנט לאָזט ניט לעגאל אָרגאניזירנ ווײַסרוסישע שולנ, ווערנ אָרגאניזירט אומלעגאלע ווײַסרוסישע שולנ. דידאָזיקע שולנ ווערנ דורכ דער פּאָליציי טעראָריזירט. ווו עס ווערט נאָר אופגעדעקט אזא שול, ווערנ די לערער ארעסטירט. די ווײַסרוסישע לערערנ מאריע בעלאָוס, וועלכער מע האָט ארעסטירט פאר

אָנפירנ מיט אנ אומלעגאלער ווײַסרוסישער שול, איז באשטראָפט געוואָרנ מיט 20 זלאָטעס אונ 7 כאדאָשימ ארעסט.

צוגלײַכ מיטנ אָפענעמ בלוטיקנ טעראָר צו די מאסנ פונ די אונטערדריקטע פעלקער, נעמט דער פאשיזמ אָנ א ריי מאנעוורעס, לויט וועלכע דער פוילישער אָקופאנט שטעלט זיכ גאָר אינ דער ראָלע פונ א „פארטיידיקער" פונ די נאציאָנאלע מינדערהײַטנ. דער מאנעוור פונעמ פוילישנ אָקופאנט באשטייט אינ דעמ, וואָס מיט דער הילפ פונ די נאציאָנאל־פאשיסטנ ווערנ געשאפנ אינ דערפער אָרגאניזאציעס (אגענטורנ פונ פילסודסקעס פארטיי) אזוי־גערופענע „קאָלאָ רעגיאָנאלע", אונטערנ מאנטל פונ נאציאָנאלע, אָרטיקע קולטור־אינטערעסנ ווערט דורכגעפירט די פּאָלאָניזאטערישע פּאָליטיק. די נאציאָנאל־פאשיסטנ נעמענ א דירעקטנ אָנטייל אינ דער ארבעט פונ דידאָזיקע אָרגאניזאציעס. זיי נעמענ אנ אקטיוונ אָנטייל אינ דער אונטערדריקונג־־פּאָליטיק פונ פוילישנ אָקופאנט לעגאבע די ווײַסרוסישע מאסנ. אינ אנ ארטיקל אינ „קוריער ווילענסקי" ווערט וועגנ די צילנ פונ דערדאָזיקער פּאָליטיק געשריבנ פּאָלגנדיקעס:

> „אינ אומאָפּהענגיקנ פוילנ איז דער רעגיאָנאליזמ געוואָרנ די אייל, וועלכע פארלײַכטערט נאציאָנאלע רײַבונגענ אפ די קרעסנ. דער רעגיאָנאליזמ איז אנטשטאנענ אלס א מיטל אײַנצופירנ אינ די מיזרעכ־רײַאָנענ די פוילישע קולטור אינ א ווינציקער אָפענער פאָרמ. אינ קליינע דאָזעס ווערט עס אונטערגעטראָגנ אונטערנ נאָמענ אָרטיקע" קולטור" פונ דעמ געוועזענעמ ליטווישנ פירשטנטומ".

פונ דער ציטאטע זעענ מיר, ווי דער פוילישער פאשיזמ נעמט אָנ אלערליי מיטלענ, אָפענע אונ באהאלטענע, קעדיי פּאָלאָניזירנ די אונטערדריקטע פעלקער, קעדיי פארעכענענ אפ אזא אויפנ די פארכאפּטע טעריטאָריעס פאר פוילישע. צו דעמ צוועק ווערנ ליקווידירט די לעצטע איבערגעבליבענע ווײַסרוסישע אונ אוקרײַנישע שולנ. עס ווערט ניט דערלאָזנ פירנ קיינ שומ קולטור־ארבעט אינ דער מוטער־שפראכ פונ די אונטערדריקטע פעלקער. אזוי איז ליקווידירט געוואָרנ די ווײַסרוסישע קולטור־אָרגאניזאציע ט. ב. ש., וועלכע האָט געפירט א ברייטע אויפקלער־ארבעט צווישנ די ווײַסרוסישע מאסנ.

פאר דער לעצטער צײַט ווערט אויכ פארשטארקט דאָס אונטערדריקנ די ליטווישע שול־אָרגאניזאציע „כיטאס", עס זײַנענ ליקווידירט געוואָרנ 10 ליטווישע שולנ אונ עס זײַנענ אָפּגעוואָרפנ געוואָרנ די ביטעס פונ דער ליטווישער באפעלקערונג וועגנ עפענענ אינ נײַעמ שול־יאָר נײַע 16 ליטווישע אָנפאנג־שולנ. עס באמערקט זיכ אויכ א פארקלענערונג פונ דײַטשישע שולנ אינ אויבערשלעזיע אונ אינ פּאָמערנ.

ס'איז פארשטענדלעכ, אז אויב דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט שטארק געווירקט אפ דער פארקלענערונג פונ קולטור־אויסגאבנ אינ אלגעמיינ, האָט זיכ די פארקלענערונג מער פונ אלצ געלייגט אפ די נאצמינדערהײַטנ. בא דער נאצמינדערהײַט איז דער קולטור־קריזיס נאָכ שארפער — דאָס איז דער רעזולטאט פונ נאציאָנאלער אונטערדריקונג פונ פוילישנ פאשיזמ. קעגנ דער נאציאָנאלער אונטערדריקונג פירט די קאָמוניסטישע פארטיי פונ פוילנ, מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, אוקרײַנע א שארפנ קאמפּ, אָרגאניזירנדיק די ארבעטער אונ די ברייטע מאסנ פונ די אונטערדריקטע פעלקער.

ו. וויטקינ

# וועגנ מ. ליפשיצעס „מיט הייסנ טראָט"

אינ דעמ ביכל לידער „מיטנ הייסנ טראָט", וואָס איז ארויס אינ 1932 יאָר, זײַנענ ארײַנ א טייל פונ די בעסטע לידער פונ ערשטנ ביכל אונ אויכ נײַע לידער. מיר וועלנ ריידנ נאָר וועגנ די נײַע לידער. מע דארפ אָפּמערקנ, אז אינ דעמ ביכל לידער האָט דער פּאָעט קינסטלעריש אָפּגעזאָגט זיכ פונ אייניקע פעלערנ, וואָס זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר זײַנ ערשטנ ביכל לידער.

קימאט דאָס גאנצע ביכל „מיט הייסנ טראָט" איז געווידמעט דעמ בירגערקריג. דאָס זײַנענ באזונדערע לידער, אָבער דאָרט זײַנענ שוינ פאראַנ סימאָנימ אפּ א פּאָעמע. דער פּאָעט קומט דאָ ניט אָפּ מיט אבסטראקטע טעמעס וועגנ בירגערקריג, ווי אינ זײַנ ערשטנ ביכל לידער „מײַנע אונ אײַערע לידער", ער פּרוווט זיכ שוינ צוגיינ קאָנקרעט צו דער טעמע. דאָ קעמפנ קאָנקרעטע ווײַסע טיילנ מיט די רויטע. ער פּרוּווט זיכ באווײַזנ קאָנקרעט דעמ קאמפ צווישנ די ווײַסע אונ רויטע, ער פארקערפּערט אינ אימ א גאנצע ריי בילדער. ער זעט דעמ באלעגופ, דעמ קלאַסנ־סוינע, וואָס העצט דאָס דאָרפ קעגנ דער סאָוועטנמאכט, ער זעט די אָנפירנדיקע ראָלע פונ פּראָלעטאריאט אונ פונ זײַנ באָלשעוויסטישער פּארטיי אינ דער רעוואָלוציע. אינעמ צווייטנ ביכעלע קערט ער זיכ ווידער אומ צו די פּאָגראָמענ, אָבער איצט זײַנענ זיי שוינ ניט איזאָלירט פונ קלאַסנקאמפּ אונ זײַנע־שיינ ניט אזוי צוקראָכנ־הומאניסטיש.

דער פּאָעט שפּירט דאָ נאָכ נאָכ דעמ אופּוואכנדיקנ רעוואָלוציאָנערנ געפיל בא די מאסנ. פונ א געהאָרכזאמענ פויער, וואָס „האָט ניט געוואגט דעמ טראָט אינ וואָר, נאָר אינ געדאנק צו שטעלנ" (15 ז.) ביז אנ אקטיוונ קעמפער אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פּארטיי פאר דער פּראָלעטארישער רעוואָלוציע. דער פּאָעט באווײַזט דאָ אונדז דעמ אופּוואכנדיקנ געפיל פונ די „גרויע מענטשעלעכ" קעגנ זייערע אָפּיצערנ, זיי הייבנ אָנ פארשטיינ, אז זיי זײַנענ מענטשנ, אָבער מע באגייט זיכ מיט זיי, ווי מיט כלאָפּעס.

„מיר זײַנענ מענטשנ, אדער כלאָפּעס?..
אונ ס'גיסנ אָנ זיכ מיט א בליצ
די הערצער טונקעלע פונ יונגענ". (27 ז.).

אינ די לידער האָט מ. ליפשיצ באוויזנ, אז ער קאָנ באקעמפנ זײַנ סכעמאטישנ אבסטראקטנ צוגאנג צו דער טעמע, אז ער קענ שוינ קאָנקרעטער באנעמענ זי.

די לידער זײַנענ דורכגעדרונגענ מיט סינע צו די ווײַסע טיילנ, צו די באלעגופימ.

איבערגעגעבנקײַט דער רעוואָלוציע, ניט געקוקט אפּ אלע שוועריקײַטנ (הונגער, פאר־מאטערטקײַט, פארלײַזיקטקײַט א.א.וו.)—דאָס איז דער געפיל, וואָס דאָמינירט בא די רויטע אונ וואָס שטעקט אונדז אויכ אָנ.

ערטערווייַז דערמאָנענ די לידער אָנ פאָלקלידער. אָט ווי עס געזעגנט זיך דער האמויג מיט די רויטארמייער, וואָס פאָרנ אפ די פראָנטנ:

„פארבלייַבט געזונט
און פאָרט געזונט,
און קעמפט געזונט“. (ז. 6).

נאָר די לעצטע שורע „און קעמפט געזונט“ טראָגט אריַינ דעם אָטעם פונ בירגערקריג אינ דעם אויסגעדראָשענעם ווערטער־באַנוצ. ביכלאל דארפ מענ זאָגנ, אז מ. ליפשיצעס לידער צייכענענ זיך אויס מיט א נאַיוו־טמימעסדיקנ כיינ.

אינ דער נייַנטער ליד פרווט אָבער דער פּאָעט ווידער ארויס מיט זייַנ צארטקייַט־פּראָבלעם, ווי אינ זייַנ ערשטנ ביכל לידער. ער דערציילט, אז ער האָט קינדיש געשמייכלט, נאָר די וועלט האָט אים געלערנט זייַנ בייז, אים פארדריסט, וואָס ער מוז, נעבעכ, זייַנ בייז און ער האָט טייַנעס צו דער וועלט, דאָ ווערט ווידער איבערגעכאַזערט אינ אנ אנדער פאָרם דער צעקראָכענער הומאניזם און די צארטקייַט־„פּראָבלעם“. ווער דארפ עס האָבנ?

אינ דעם ביכל גייענ נאָכ אריַינ עטלעכע לידער אפ פּאָליטישע טעמעס. מ. ליפשיצעס צווייטער ביכל באַווייַזט, אז ער הייבט זיך אָנ צו באפרייַענ פונ דעם אבסטראקטנ, סכעמאטישנ, אָפּט קליינבירגערלעכנ באַנעמענ דעם ארום און אז ער פרווט זיך ענגער פארבינדנ מיט אונדזער קאָנקרעטער ווירקלעכקייַט. עמעס, ער איז נאָכ ניט אינגאנצנ פרייַ פונ די פעלערנ אינעם ערשטנ ביכל (אבסטראקטקייַט, און סטאַמ־„פילאָסאָפיע“), אָבער זיי ריידנ וועגנ א באַדייַטנדיקנ וווּקס פונעם דיכטער. ער איז אויכ אינ דעם ביכל נאָכ ניט אינגאנצנ פרייַ פונ ניט ריכטיקנ באַנעמענ לעבנ־דערשייַנונגענ. אזוי צ. ב. באַקומט זיך בא אים אינ דער ליד „שטייַגן!“ אז אלע, כוצ אים, זייַנענ קליינלעכ מעקאַנע.

„באָר בא עלטערע און קינדער,
אינ די בלוטנ רינט נאָר קינע
ס׳טרעפט, אז איינער שטייַגט אריבער.
ניט מע בענטשט אים, — מע פארגינט ניט.
איכ פונ קינדווייַז בינ געווינט
ליבנ דעם, וואָס גייט אפריַער,
פרייַנט, דו שטייַגסט — אזוי אינ שייַנ,
כ׳וועל איבערשטייַגנ דיכ אינצווייענ“. (152 ז.).

פארוואָס זעט ניט מ. ליפשיצ דעם סאָצגעוועט, די שלאָגלער, וואָס לעבנ ניט מיטנ געפיל פונ קינע, נאָר מיט דעם געפיל און פארלאַנג כאַווערישע העלפנ איינעם דעם צווייטנ אינ דער ארבעט.

מ׳דארפ אָפּמערקנ, אז אויכ אינ דעם ביכל לידער מייַדט נאָכ דער פּאָעט אויס די טעמאטיק וועגנ דער קאָנקרעטער סאָציאַליסטישער בויונג. דאָס איז איינער פונ די גרעסטע כעסרוינעס אינ מ. ליפשיצעס שאפונג. ער דארפ געדענקענ זייַנע אייגענע שורעס:

„און ווער עס ברעכט און בויט,
דער זינגט די גרעסטע לידער“.

נ. קאבאקאָוו

# מער אכטונג דער רויטארמייִשער טעמאטיק

„רויטע ארמיי"—זאמלבוכ. מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד, ייִרסעקטער, 1932 י.

אוואדע איז די ייִדישע סאָוועטישע פּראָזע אונ פּאָעזיע א גרויסער באַלכויוו דער רויטער ארמיי, אוואדע האָט נאָכ ביז איצט אינ דער ייִדישער ליטעראטור ניט נאָר פונ וו.ס.ס.ר, נאָר אויכ פונ גאנצ פ.ס.ס.ר. ניט פארנומענ דעמ געהעריקנ אָרט די טעמע „שוצפייקייט פונעמ סאָוועטנפארבאנד". עס איז א בלויז אונ א גרויסער בלויז. אונ דאווקע איצט, ווענ מיט א באזונדער שארפקייט טרעט ארויס די געפאר פונ א מילכאָמע קעגנ פ.ס.ס.ר., דאווקע איצט, ווענ די מילכאָמע־געפאר איז באזונדערס גרויס, פאָדערט זיכ מער אופמערקזאמקייט דעמ לעבנ פונ דער רויטער ארמיי אונ פלאָט.

דעריבער דארפ באזונדער באגריסט ווערנ דער ערשטער זאמלבוכ „רויטע ארמיי", וועלכנ עס האָט ארויסגעגעבנ די ליטעראַרישע פאריייניקונג פונ דער רויטער ארמיי אונ פלאָט אינ וו.ס.ס.ר.

דער זאמלבוכ „רויטע ארמיי" איז געווידמעט דעמ 12־טנ יאָרטאָג, זינט וו.ט.ס.ר. איז באפרייט געוואָרנ פונ דער ווײַסגווארדייִשער פּוילישער אָקופּאציע.

די ערשטע מײַלע פונעמ זאמלבוכ איז שוינ דאָס אליינ, וואָס ער איז געבויט לויט א געוויסנ פלאנ. ער הייבט זיכ אָנ מיט אנ אָפּטייל—11־טער יול—(דער טאָג, ווענ ווײַסרוסלאנד איז באפרייט געוואָרנ פונ די ווײַספּאָליאקנ), דערנאָכ גייט אנ אָפּטייל—די רויטע ארמיי הײַנט, דער דריטער אָפּטייל — בירגערקריג, — דער פערטער — לאנדשוץ. אפּ אזא אויפנכאפט ארומ דער זאמלבוכ א גאנצנ קאָמפּלעקס טעמעס, וואָס דארפנ אָפּשפּיגלענ דעמ העראָישנ קאמפּ פונ דער רויטער ארמיי פאר דער דיקטאטור פונ פּראָלעטאריאט, כאָטש אויכ צו דעמ, וויאזוי די אָפּטיילנ זײַנענ געבויט, קענ מענ האָבנ געוויסע טײַנעס. צומ בײַשפּיל פארוואָס איז דער אָפּטייל: „11־טער יול—12־טער יאָרטאָג" ניט דאָסזעלבע, וואָס דער אָפּטייל „בירגערקריג", מיט וואָס איז נ. ווײַנהויזס „אונטער דער פאָנ ווערט אונדז קיינער ניט באזיגנ" ניט א פראגמענט פונ בירגערקריג, פונקט ווי זײַנ צווייטע זאכ („וועטעראנ פונ בירגערקריג"), וואָס איז געדרוקט אינעמ זעלבנ זאמלבוכ, אָדער פארוואָס האָט סאָרע קאהאנס ליד „צו מײַנ ברודער דעמ רויטארמייער" ניט געקענט זײַנ אָפּגעדרוקט אינ אָפּטייל „די רויטע ארמיי הײַנט", נאָר ניט דאָס איז דער איקער.

די צווייטע מײַלע פונ זאמלבוכ איז דאָס, וואָס אינ אימ זײַנענ צונויפגעקליבנ געוואָרנ ווערק אפּ מיליטערישע טעמעס פונ אונדזערע ייִדישע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד אונ אזוי ארומ באקומענ מיר א קאָנצענטרירטנ בילד פונ אונדזערע דערגרייכונגענ, פונ דעמ קער צו דער רויטארמייִשער טעמאטיק, וועלכנ מיר האָבנ פארנ לעצטנ יאָר.

פון די לידער, וועלכע זײַנען געדרוקט אין זאמלבוך, זײַנען די שטארקסטע איזי כאַריקס אויסצוגן פון דער פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס״, אקסעלראָדס און גאָלדמאנס רויטארמייִשע לידער.

כאריק האָט באוויזן אין קורצע עמאָציאָנעל־אָנגעזעטיקטע שורעס איבערגעבן די העראָישקײַט, דעם שטארקן גלויבן אינעם זיג פון פּראָלעטאריאט פון די הייסע יונגע־קאָמיר־גיסטן, וועלכע זײַנען געגאנגען

אפ פויל, אפ פריצים און אפ שליאכטע.

אקסעלראָדס רויטארמייִשע לידער זײַנען כאראקטעריסטיש מיט דער מונטערקײַט, מיט דער לעבנסלוסטיקײַט, וועלכע פילט זיך אין יעדער שורע. און דאָס ווילן מיר באזונדער אונטערשטרײַכן, ווײַל אפ וויפל א געוויסע צײַט האָט אקסעלראָד איינגאנצן געשוויגן. אקסעלראָדס רויטארמייִשע לידער טיילן זיך אויס כוצדעם מיט זייער ריטמישקײַט, קלינגעוודיקײַט.

אין דער ליד „א רויטארמייִשער שאבעסניק״ לייענען מיר:

.. ס׳איז דער צוואנציקסטער מארט,
הויל איז פון ברוק שוין דער שטיין
און ס׳איז פעסטער דער טראָט,
און ס׳הילכט אָפ אונדזער גיין,
און די אײַזנדלעכע קלינגען אזויווי אין טאצן.
מיר האָבן בא הונדערט געריײניקט דעם שניי
און מיר זינגען אזוי,
און מיר שפּאנען אזוי
אז די סאָנים אין גאס וועלן פּלאצן...

אין אקסעלראָדס לידער האָבן מיר אינטערנאציאָנאלע מאָטיוון:

אין גרויען הארבסט מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן
אין רייען רויטארמייִשע מיט ליבע אויסגעשמירט.
כאווײרים אלע—פון מײַרעוו, דאָרעם און פון צאָפן,
כאווײרים אלע—א רוס, א טאָטער און א ייִד.

ניט קיין שלעכטע ליד איז אײַזיק קאהאנס „אפן קליאָן פארשריבן״. די ליד איז אָנגעזאפּט מיט האס צו די ווײַספּאָליאקן, וועלכע האָבן אפ יענער זײַט בעריאָזע געהארגעט א מאמען און אירן א זון א רויטן קאָמאנדיר. מע דארף אָבער אָנווײַזן, אז קאהאנ האָט נאָך ניט באוויזן אין דער ליד צו באהערשן ווי געהעריק די טעכניק.

אָס האָט איר עטלעכע שורעס, ווו איר פילט גלײַך, אז דער פּאָעט האָט זיך שטארק „געמאטערט״ און האָט דעריבער אָנגעפיקעוועט יעדער שורע מיט אַן „און״.

פּאָליאקן,
און א מאמע יײַלעט (?!)
און א מאמע וויינט
און מע שלעפּט זי אום,
און פון ווײַסן ליגט
א נעבונדענער איר זון.

די רויטארמייִשע לידער פונעם דיכטער טאלאלײַ זײַנען סאָציאל אָנגעזעטיקט און שטעקן אָן דעם לייענער מיט ליבע צו דער רויטער ארמיי, מיט האס צום קלאסן־סוינע.

באָטוויניקס ליד „רויטע אָבאָזן״—די מאנעווערס געווידמעט—לאָזט איבער אַן אײַנדרוק, מאָביליזירט צו פארשטארקן די שוצפייִקײַט. דאָסזעלבע דארף מען אויך זאָגן וועגן באר־

סוקס „אליארם" מע דארף אָבער אָנווײַזן, אז די כאווײרים דארפֿן זיך נאָך פיל לערנען בא די עלטערע דיכטער.

די פראָזע פון זאמלבוך איז אסאך שוואכער פאָרגעשטעלט, ווי די פּאָעזיע. דובראָוויצקעס „עפּיזאָד פון טויזנטער", „לי דערציילט" און נ. ווײַנהויזס עטיודן „אונטער דער פאָנע" אונדז קײנער ניט באזינגען" און „וועטעראנ פון בירגערקריג" גיבן אונדז איבער זיכרוינעס פון בירגערקריג, אינטערעסאנטע פאקטן, וועלכע זײַנען קינסטלעריש ניט דערהויבן געוואָרן. די העלדן אנטפּלעקן זיך ניט דורך זײערע מעשים, דעריבער הערשן דאָ דער דיאלאָג און מאָנאָלאָג („לי דערציילט", — דובראָוויצקי, „וועטעראנ פון בירגערקריג" — ווײַנהויז).

געלונגענע איז אויסגעקליבן געוואָרן א פראגמענט פון קולבאקס „זעלמעניאנער", ווי עס ווערט באשריבן, וויאזוי קוסטארן גײען באגעגענען די טײלן פון דער מאנעווירנדיקער רויטער ארמײ. עליע קאהאנס סקיצע „די זיגער אין געפענקעניש" איז אָנגעשריבן געוואָרן אין זײער א לעבעדיקער הומאָריסטישער שפּראך און לײענט זיך זײער לײַכט.

אין זאמלבוך זײַנען דאָ אײניקע עפּיזאָדן פון אראָנעסעס פּיעסע „פּארטיזאנער", וועלכע איז געגאנגען אין יידישן מעלוכע־טעאטער פון ווײַסרוסלאנד. די עפּיזאָדן, וועלכע זײַנען ארײַן אין זאמלבוך, גיבן אונדז א בילד פון פּארטיזאנישן קאמף פאר דער סאָוועטנמאכט. מיר האָבן דאָ פארענדיקטע טיפּן פון רויטע פּארטיזאנער, ווי עסטרין, אורעמעלע הויקער. אין די עפּיזאָדן זײַנען אויסגענוצט געוואָרן כאַיִם גילדינס דערציילונג „קוקורוזע" און אנד. שרײַבער).

ס'דארפן אָפּגעצײכנט ווערן האָראָדאָקערס פּאָליטישע פעליעטאָנען אף דער טעמע פון לאנדשוץ. האָראָדאָקערן גיט זיך אײַן מיט שארפע געגראמטע שורעס אָנרירן זײער וויכטיקע פּאָליטישע טעמעס.

* * *

דער זאמלבוך באווײַזט, אז מיר האָבן א געוויסן איבערברוך אין זין פון א קער טאָן די סאָוועטישע יידישע שרײַבער מיטן פּאָנעם צו די טעמעס פון לאנדשוץ, צום לעבן פון דער רויטער ארמײ. מע דארף, אז אף ווײַטער זאָלן אונדזערע שרײַבער שענקען מער אופמערקזאמקײַט דער לאנדשוץ־טעמאטיק, ענגער פארבינדן זיך מיט דער רויטער ארמײ און אָפּשפּיגלען איר לעבן און העלדישקײַט אין גרויסע קינסטלערישע לײַוונטן.

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק
רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטײן, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיִק, ל. ראָזענהויז, שווידעל.

דרוקערײַ א. נ. סטאליב באשטעלונג 2420. גלאווליטבעל 1739.

